

שלום. (איסר מוסקאוויטש.)

תלוש

# דער ים רוישט

## דערצעהלונגען און סקיצען

מיינע עלטערן
שלמה און חיה מוסעלעוויטש
געווידמעט.

פארלאג „קולטור"
ניו יארק, 1921.

# אינהאַלט פאַרצייכנים :

## ערשטע אָפּטיילונג



## צווייטע אָפּטיילונג



## דריטע אָפּטיילונג

# דער ים רוישט

.1

פריה זיינען פאריבער די ווינטערדיגע רעגענס, די ווינטען זיינען אנשוויגען געווארען און דער ים האט זיך בארוהיגט נאך די אופאויפהערליכע שטורעמס. אוועגט האט די יוגענט גענומען שפאצירען אויפ׳ן ברעג ים, פארהילכענדיג די וויסטע וויית מיט געלעכטער, פרייד־געשרייען און ליבע לידער.

עס איז אנגעקומען שבת. א גאנצען טאג האט העל געלויכטען די זון. אין אוועגט איז זי געגאנגען אפרוהען, ווערענדיג דער־טרונקען אין די בלוטיג־רויטע וואלקענס מיט משונה׳דיגע קאנ־טורען. אויפ׳ן ברעג איז געווען אן אומאויפהערליכער טומעל פון א גרויסען המון, און אין דעם איטאליענישען קאפע אויף דער אפענער טעראסע האבען עטליכע מוזיקאנטען געשפילט אן אלטען טרויעריגען וואלץ. און די מעלאדישע טענער פון דער פלייט האבען דערמאנט דאס באקלאגען זיך פון א קראנקען מיידעל אויף אומעט און איינזאמקייט.

ניט ווייט פון קאפע אויף צוואוארפענע שטיינער איז געזעסען א גרופע ארבייטער. זיי זיינען געווען זעקס מאן, אלע פון רוס־לאנד. דריי פון זיי — דער רויטער, העסליכער סענדער מיט די דיקע ליפען און נידריגען שטערען, דער כיטרער, מאגערער יאנקעל מיט די גנבה׳שע אויגען, און דער שלאנקער, שעמעוודיגער דוד, — זיינען אין רוסלאנד אויך געווען ארבייטער. די איבעריגע — דער שמאלברוסטיגער שווינדזיכטיגער העשעל, דער ריהרעוודי־גער חיים און דער סיבירער אינגעל בנימין מיט דעם צארטען מיידעלשען געזיכט, — זיינען געווען קינדער פון פארמעגליכע על־טערען, און זיינען געקומען אין פאלעסטינא ארבייטען אויפ׳ן לאנד.

אַט די קליינע אַרטעל פֿון טאַטשעטשניקעס האָט שטענדיג זיך געהאַלטען אָן אַ זייט פֿון די אַנדערע אַרבייטער און האָט זעהר ניט גערן אַריינגענומען װעמען אין זייער גרופּע. איצט האָבען די טאַטשעטשניקעס געשפּאַסט, געלאַכט און האָבען װי אונגערן פֿאַרטשעפּעט די מיידלעך, װאָס האָבען פֿאַרװייז שפּאַצירט פֿאַר זיי, װי אויף אַן אויסשטעלונג.

— זעהט, קינדער, װער עס געהט! האָט געשמייכעלט דער העסליכער סענדער, אָנװייזענדיג מיט דער האַנט אויף אַ שלאַנקע אַרבייטערין, װאָס האָט שפּאַצירט מיט אַ שװאַרץ־װאָנציגען װעכטער פֿון גליל. זי איז געװען זאַפטיג, װי אַ רייפער פרוכט און האָט געטראָגען אַ בלויע בלוזע מיט אַ ברייטען אויסשניט אויף דער הויכער אָפּגעברענטער ברוסט. — זעה נאָר, װי געזונט איז דאָס געװאָרען!

דער װעכטער באַגריסט די טאַטשעטשניקעס פריינדליך מיט דער האַנט און מורמעלט עפּעס דער מיידעל. זי לאַכט שעמעװדיג און קוקט בגנבה אין זיין שעהן געזיכט. ניט אָפּטרעטענדיג פֿון זיי, געהען נאָך, װי שאָטענס צװיי אַראַבער — קריסטען אין רייכע שװאַרצע אַבאַיעס (אַראַבישע פּלעדען) און רויטע פעסקעס. זיי קוקען אויף דאָס מיידעל מיט זשעדנע בליקען, און עס דוכט זיך אויס, אַז אָט־אָט װעלען זיי אויף אַלעמנעס אויגען דער׳הרג׳נען דעם בחור און אויף װילדע פערד אװעקרייטען מיט איהר אין דער װייטער מדבר.

— פֿאַר־אַ־יאָהרען, אָנהויב פריהלינג, — הויבט אָן חיים, נאָכקוקענדיג דער אַרבייטערין, האָב איך צוזאַמען מיט איהר געאַרבייט אין אַ מאַנדעל גאָרטען, הינטער דער קאָלאָניע, מיר האָבען אויפגעאַקערט די ערד אַרום די בוימער. און די בוימער זיינען געשטאַנען אין װייסער בליהונג װי כלות, און האָבען צוגאָסען װייט אַרום כװאַליעס דופט. איינמאָל אין דער פריה זיינען מיר געבליבען אַליין אין גאָרטען. פּלוצלונג האָט זי אָפּגעװאָרפען אָן אַ זייט איהר אייזען, און ליידענשאַפטליך אויסבויגענדיג איהר יונגען בויגזאַמען קערפּער, האָט זי זיך צוגאָסען אין אַ הילכיגען געלעכטער.

— װאָס איז מיט דיר, דבורה? — האָב איך געפרעגט,

ווערענדיג אָנגעשטעקט מיט איהר געלעכטער. האָט זי נאָך שטאַרקער זיך צולאַכט און גענומען פאַרוואַרפען מיך מיט די ווייסע דופטיגע בלומען וואָס זי האָט הויפענווייז אַראָפּגעריסען פון די בוימער.

— אָט נאַ דיר, נאַ דיר!

דאָס בלוט האָט מיר אַ שטראָם געטאָן אין קאָפּ, און איך האָב זיך געוואָרפען צו איהר, אָבער זי האָט מיך פלינק אָפּגע־שטויסען און איז אַוועקגעלאָפען איבער די אַלעע, אַ שטאַרקע און אַ רייצענדע, אינגאַנצען באַשפריצט מיט די גאָלדענע פלע־קען פון דער זון.

— נו, און מיט וואָס האָט זיך דאָס געענדיגט? — האָט גע־פרעגט סענדערפּ בליצענדיג מיט די אויגען.

— מיט גאָרניט. ביז איצט קען איך ניט פאַרשטעהן, וואָס מיט איהר איז דאַן געווען. און איך בין נאָכדעם ווי אַ שיכור'ער ארומגעגאַנגען אַ גאַנצען טאָג...

— גאָר אַזוי! — האָבען די טאַטשעטשניקעס זיך צולאַכט.

עס געהען פאַרביי צוויי גימנאַזיסטינס מיט זייער לעהרערין. ארומגענומען שפּאַצירען זיי ביידע ביים וואַסער און זינגען. און הינטער זיי געהט לאַנגזאַם מיט זיין זוהן דער שבת'ניק אבראַם, אַ ברייטפּלייציגער ערד ארבייטער פון דער וואָלגאַ מיט אַ גרויסער טונקעל־בלאָנדער באָרד און נאַאיווע קינדישע בלויע אויגען. דער שלאַנקער דוד פאַרטשעפּעט דעם יונג מיט אַ שפּאַס. יענער לאַכט גוטמוטיג, דראָהט איהם מיט'ן פינגער און ענטפערט אין אַ געבראָכענעם העברעאיש:

— וואַרט נאָר, וועסט שוין כאַפּען פון מיר.

אָט איז פאַרבייגעריטען אַן אַראַבער אויף אַ ווייסען דאַרפי־סיגען קעמעל. די מאַסע קוקט איהם נאָך, און די אינגלאַך לויפען נאָך מיט פרייד געשרייען:

— יאַלאַ, יאַלאַ! (שנעלער).

די זון זינקט אַראָפּ אַלץ נידעריגער... זי האָט געפאַרבט דעם הימעל און דעם ים אין אַ בלייך־ראָזען קאָליר, און ווייט הינטער'ן האַפען, אויפ'ן באַרג אין דעם אַראַבישען טייל פון דער אַלטער שטאָדט האָט זי אין גאָלד באַצירט די קליינע פענ־

סטער פון די מעטשעטעס און די שלאַנקע מינאַרעטען, פון וועל־
כע עס דערטראָגט זיך דאָס טרויעריגע זינגען פון די מועזינען,
וואָס רופען די גלויביגע צו טאָן תפילה.

פון א שטילען געסעל האָט זיך באוויזען א הויכער, שלאַנ־
קער יונגערמאַן פון א יאָהר דריי און צוואַנציג, אָהן א הימעל,
מיט געדיכטע טונקעל־ברוינע האָר און א גוטען אָפענעם פּנים.
דערזעהן די פארשידענאַרטיגע באַלעבטע מאַסע, האָט דער
בחור מיט פרייד געשמייכעלט און האָט גענומען זוכען מיט די
אויגען באַקאַנטע אין אַלע זייטען. פּלוצלונג האָט ער באַמערקט
די טאַטשעטשניקעס און איז צוגאַנגען צו זיי.

סענדער האָט זיך אויפגעשטעלט איהם אַנטקעגען.

— שלום, דניאל!

די פריינט האָבען זיך פעסט געדריקט די הענט. און דניאל
האָט גענומען דערצעהלען ווי ער איז א גאַנצען טאָג געגאַנגען פון דער
ווייטער וואלד קאָלאָניע, וואָס ליגט ביים גרענעץ פון גליל. דער וועג
איז געווען א ווייטער, און איהם האָט זי געוואָלט נאָך פאר אווענט
זיין אין שטאָט. ער איז דורכגעגאַנגען דאָס קליינע געסעל פון דער
קאָלאָניע, פארביי דעם בית עולם און אונטערן וואלד, האָט ער
זיך א לאָז געטאָן איבער די וויסטע פעלדער, וואָס זיינען פאר־
וואקסען מיט ווילדען שטעכיגען גראָז, רויטען מאָן און פעלד־
בלומען. אויפ'ן הארצען איז געווען לייכט און פרעהליך. אויף די
בערג פון יהודה האָט זיך אויפגעהויבען די זון, צוגיסענדיג א
ים מיט ליכט. ער איז געגאַנגען און געזונגען דאָס
באַצויבערענדע ליד פון מ א נ ע, „די פריהלינגס זון", אין
וועלכען דער פּאָעט האָט אויסגעגאָסען אַזוי פיל בענקשאַפט
נאָך דער היימאַט, דער הייליגער ערד. און אין דער ווייט האָט
דער עווקאליפּטען וואלד גערוישט מיט זיינע שפּיצען, ווי ער וואָלט
איהם געשיקט זיין לעצטען גרוס. אויפ'ן וועג האָט ער באַגעגענט
יונגע, שעהנע אראַבערינס, און זיי האָבען איהם ליב צוגעשמיי־
כעלט, ווייזענדיג זייערע ווייסע צייהן און געקלונגען מיט
די מטבעות אין די האָר. אין איין אָרימען דערפעל, וואָס איז גע־
ווען ארומגערינגעלט מיט קאַקטוסען, האָט אַן אָרימע פרוי איהם

אָנגענומען פאַר אַ הייליגען און האָט צו איהם אַרויסגעטראָגען איהר קינד, וואָס האָט געהאַלטען ביים שטאַרבען פון אַ ביס פון אַ שלאַנג.

— אַ הייליגער וואַנדערער,—האָט זי געוויינט— אַללאַה אַליין האָט דיך אַהער געשיקט. דו וועסט רעטען מיין קינד.—ער האָט זי געטרייסט און דערצעהלט, אז ער געהט אין מעקאַ קניהען פאַר דעם גרויסען נביא. אַ שלאַנקע מיידעלע מיט אַ דינעם טונקעלען העלזעל האָט איהם געבראַכט אַ קרוג מיט קאַלטען וואַסער און האָט זיך באַהאַלטען אין שאָטען פון אַ פייגענבוים. און ווען ער איז אַוועק ווייטער, האָט די אָרימע פרוי מיט דעם שטאַרבענדען קינד איהם נאָכגעקוקט, מיינענדיג, אַז ער איז אַ הייליגער...

— מיין גאָט, ווי אומעטיג דאָרט אין וואַלד איז געווען, — האָט דניאל זיך דערמאָנט.

— גוט, אין אָווענט וועלען מיר געהן צו די אַשעראַווסקים, — האָט פאָרגעשלאָגען סענדער. דאָרט וועט מסתמא היינט זיין פרעהליך. דאָרט וועט זיין געזעלשאַפט, טענץ, דאַן וועט מען זיך זעצען אין אַ קרייז, און ווער עס איז וועט דערצעהלען אַ מעשה'לע, ווי אַלעמאָל שבת אָווענט.

— מיט פאַרגעניגען, — האָט דניאל צוגעשטימט. — מיר ווילט זיך אַזוי שטאַרק זעהן מענשען...

אביסעל שפּעטער זיינען די פריינד אַוועק אין אַ רעסטאָראַן עסען. דער ברעג איז געוואָרען ווידסטער. די זון איז שוין פאַרגאַנגען. מיט אַמאָל זיינען די וואָלקענס געוואָרען טונקעל אָנגע'ברוגז'ט. פון צפון איז אָנגעקומען די פינסטערניש, און נאָך אין מעריב האָט נאָך געברענט אַ גאָלדענער פּאַס פון דער אָווענט־רויט. דער ים האָט זיך אָנגעטאָן אין דעם טרויער פון די אָווענדיגע שאָטענס. און אין דעם איטאַליענישען קאַפע האָט די מוזיק אַ קלאַפּ געטאָן עפּעס פרעהליכעס אויף אַ אבשיד. די פאַר'שיכור'טע טענער האָבען געשאַלט אין דער טונקעל ווערענדער לופט, ווי בחורים, באַרוישטע פון ליבע און וויין, אויף אַן אָווענט, אין דער צייט, ווען מען שניידט די ווייַנטרויבען...

.2

דער בעל הבית פון הכנסיה, דער דיקער, גוטמוטיגער מאל־קאוו, מיט דער רייכער גאָלדענער באָרד האָט באגריסט דניאל'ן זעהר פריינדליך.

— שלום, שלום, — האָט ער געזאָגט, אויסשטרעקענדיג צו איהם צוויי פינגער — ווידער ביי מיר. אין סענדער'ס צימערל שטעהט א לעדיגע בעט. דאָרט וועסטו קענען שלאָפען.

— גוט, — האָט דניאל איינגעשטימט.

ער האָט ליב געהאט דאָס אָרימע גאסטהויז און טראַקטיר. דאָ זיינען אַלעמאָל געווען א סך יונגע לייט, און צווישען זיי האָבען זיך געפונען אינטערעסאנטע בחורים. מיט צוויי יאָהר צוריק האָט מען איהם אהער אריינגעפיהרט פון שיף. עס איז געווען ווינטער. א שטורעם איז געווען אויפ'ן ים, און דער דאמפּפער האָט אַלץ ניט געקענט לאַנדען די פּאסאַזשירען. ענדליך איז דער ווינט שטיל געוואָרען, און אייניגע יונגע טרוימער האָט זיך איינגעגעבען אראָפּצוקומען אויפ'ן ברעג און ארויפצוטרעטען אויף דאָס הייליגע לאַנד וועגען וועלכען זיי האָבען אזוי פיל געטרוימט... אויסגע־מאטערט פון דער לאַנגער רייזע אויפ'ן ים, איז ער מיט וואַ־קעלדיגע טריט נאָכגעגאנגען מאלקאָוו'ען, וואָס האָט איהם גע־רופען צו זיך, צוזאָגענדיג איהם צימערען, וואָס זיינען ריין ווי גאָלד, און גוטע עסען. אריינגעקומען איז ער אָבער אין אן אַלטע פינ־סטערע געביידע מיט פּאררויכערטע, שמוציגע ווענט, מיט א פאַר־שטיקטער לופט, אין וועלכער עס איז געווען שווער צו אָטע־מען. א הויכער, שעהנער אַלטער מיט א ביבלישען געזיכט, אין א לאַנגער שווארצער קאַפּאָטע און א יאַרמולקע, איז לאַנגזאַם אויפגעשטאַנען פון טיש און האָט איהם אויסגעשטרעקט די צי־טערענדע האנד. אויפ'ן שוועל פון א דערבייאיגען צימער האָט זיך באוויזען א קרענקליכע אידענע מיט גרויסע צושראָקענע אוי־גען. אונטערשפּארענדיג מיט דער לינקער האנט די באַק, און מיט דער רעכטער האַלטענדיג די לינקע ביים עלענבויגען, האָט זי גע־שטאַרט עפּעס אויף איין פּונקט אויף דער קעגענאיבערדיגער וואנט. נאָכדעם איז אריינגעקומען א זעהר בלייכע דיקע מיידעל און האָט

איהם געבראכט א גלאָז מוטנעם טיי. און אין די טונקעלע שויבען האָט בייז געקלאַפּט דער רעגען, און עס האָט זיך געהערט ווי דער ים רוישט טרויעריג. און דאָס אלץ האָט דאן אויסגעוויזען דניאל׳ן ווי א שווערער, פיינליכער חלום...

אין עטליכע טעג ארום, באקענענדיג זיך נעהענטער מיט די איינוואוינער פון דעם גאסט־הויז, האָט דניאל זיך דערפיהלט היי־מיש אין דער נייער אומגעבונג. ער האָט זיך דערוואוסט, אז מאלקאָוו איז אין דער היים געווען א מילנער, האָט געוואוינט אין דאָרף און גוט געלעבט מיט די פויערים, וואָס פלעגען אפילו קומען צו איהם נאָך עצות. אָבער אָט האָבען זיך אָנגעהויבען די פּאָג־ראָמען. מען איז אויף איהם אויך אָנגעפאלען, מען האָט צו־טראָגען און צורויבט זיין הויז, און זיין פרוי האָט מען געפייניגט אויף א שרעקליכען אופן. פון דאן אָן איז זי קראנק, האָט מורא צו בלייבען אליין אין הויז, און ביינאכט קרעכצט זי און ווארפט זיך, ווי א פויגעל מיט אונטערגעשלאָגענע פליגלען...

דניאל האָט זיך ארומגעוואשען, איבערגעטאָן און געזעצט צום טיש עסען מיט די טאטשעטשניקעס. אנטקעגען זיי איז געזע־סען ביים טיש דער שעהנער אלטער רב משה, וואָס האָט ביי מאל־קאָוו׳ן פארנומען א קליין צימערעל. ער האָט דאָ דערלעבט זיינע טעג שטיל און רוהיג, אויפ׳ן חשבון פון די קינדער, וואָס האָבען גע־שיקט געלט פון אמעריקא. דער אלטער האָט ליב געהאט יונג־ווארג, האָט גערן צוגעהערט זייערע דיספוטען, וויצען און לידער, און אמאל האָט ער ארויסגעהאָלפען ווען עס איז פון די ארבייטס־לאָזע. די באזוכער פון טראַקטיר זיינען זעהר צוגעוועהנט גע־וואָרען צו איהם, און ווען דער אלטער האָט זיך ניט גוט גע־פיהלט, פלעגען אלע פרעגען:

— וואָס איז, רב משה איז ווידער קראנק?

מיט דניאל׳ען איז דער אלטער געוואָרען באזונדערס פריינד־ליך. אין די ווינטערדיגע טעג, ווען עס האָט גערעגענט אָהן אויפ־הער, און דער ים האָט געברומט מיט צאָרן, פארגיסענדיג די ברע־גען, פלעגען זיי זיצען ביי א גלאָז טיי און פיהרען אן אינטימען שמועס. מיט א פארבארגענער בענקשאפט האָט רב משה דער־

צעהלט וועגן זיינע קינדער, וואָס געהען אויף פאַלשע וועגן און פארגעסען אָן גאָט...

— רייזע! — האָט סענדער א געשריי געטאָן צו מאַלקאָוו'ס טאָכטער, — גיב שנעלער עסען און עטליכע פלאַשען וויין.

דאָס בלייכע מיידעל האָט געענטפערט פון קיך.

— מיר'ן וואַרטען אביסעל, דער קאַרטאָפעל איז נאָך ניט פארטיג.

אויפ'ן שוועל פון דערבייאיגען צימער האָט זיך באוויזען מאַלקאָוו'ס פרוי אין איהר שטענדיגער פאָזע מיט'ן שטאַרען בליק. מאַלקאָוו האָט די טאַטשעטשניקעס געגעבען וויין, און זיי האָבען גענומען טרינקען.

— איך טרעט ווידער אריין אין אייער אָרטעל, בחורים, — האָט דניאל געזאָגט. — איך האָב אייך דאָך נאָר פארלאָזען אויף א צייט.

— נו, וואָס פאר רייד! — האָט סענדער אונטערגעכאַפּט. — אָט לאָמיר בעסער אויסטרינקען.

ביז עס איז אָנגעקומען דאָס עסען פון קאַרטאָפעל און גע־האַקטען פלייש, זיינען שוין די יונגען געווען אביסעל שיכור'לעך.

דער ביטרער יאנקעל האָט א וואונק געטאָן חיים'ען, און סענ־דער'ס גלאָז איז ווידער אָנגעפילט געוואָרען מיט וויין.

— פארוואָס טרינקסטו ניט? — האָט איהם געפרעגט דער שלאַנקער דוד. — טרינק!

ווען סענדער פלעגט זיך אָנטרינקען, פלעגט ער אָנהויבען טומלען. די טאַטשעטשניקעס פלעגען זיין צופרידען מיט אזא געלעגענהייט און האָבען שוין געוואוסט, ווי אויפצורייצען איהם. פלעגט טרעפען, די גאַנצע אָרטעל זיצט ביים טיש. דער טיש איז פול מיט געטראַנקען. ווי נאָר מען באַמערקט, אַז סענדער איז שיכור'לעך, נעהמט יאנקעל, ווי גאָרניט מיינענדיג, פארפיהרען א געשפּרעך וועגן דעם ווי די רוסען הוליען.

— ווען די בורלאַקעס אויף דער וואָלגא צוהוליען זיך! — הויבט ער אָן.

און חיים רייצט נאָך מעהר:

— דער טייוועל וויים, וואָס דאָס איז! מיר זיצען, ווי שלאָ־

פע זקנים. איז דען אזוי ביי אנדערע, ווען זיי טרינקען אוים? וואָס פאר א ברייטקייט, שוואונג! דער וויין שטראָמט טייכענ־ווייז. ארום קלינגען די פלעשער, באקאלען, די פרעהליכע טענער פון לידער. און אויף אונז טוט דאך וועה א קוק צו טאָן. וואָלט כאָטש אימיצער זיך צוטאנצט!

— וואָס איז דאָ צו רעדען! — זיפצט יאנקעל טרויעריג.

— מיר זיינען קינדער פו זא טויטען פאָלק. ניט אומזיסט שטעהט ערגעץ געשריבען: „ניט פרעה זיך, ישראל". — אליין ווינקט ער צו זיין שכן: ווארט נאָר, באלד וועט ער אָנהויבען. און סענדער הויבט אָן. פלוצלונג גיט ער א זעץ מיט'ן פויסט אין טיש, אז דאָס געשיר שפרינגט אונטער, און א געשריי:

— מאלקאָוו, א טוץ פלעשער וויין!

דער ארטעל כאפט אונטער מיט פרייד:

— הורא, סענדער!

און די ביליגע טעלער און גלעזער פליהען אויף דער ערד און צוברעכען זיך אויף שטיק־שטיקלאך. אויסגעבראָכען געגוג גע־שיר, לאָזט זיך סענדער אריין אין א חסיד'ישען טאנץ, זעצט זיך קאָמיש אראָפ און פיהרט מיט די הענט. און די טאטשעשטי־קעס שטעהען ארום און פליעסקען צו.

איצט האָבען יאנקעל און חיים ווידער געוואָלט אָנ'שיכור'ען סענדער'ן, אָבער דניאל האָט ניט דערלאָזען.

— מען דארף מעהר ניט טרינקען, — האָט ער געזאָגט, איז אויפגעשטאנען פון טיש און מיטגערופען סענדער'ען.

אביסעל שפעטער איז דניאל ארויסגעגאנגען, קלייבענדיג זיך געהן צו די אָשעראָווסקי'ס. סענדער האָט זיך צוגעלעגט אויף עטליכע מינוט, איז אָבער באלד פעסט איינגעשלאָפען.

## .3

די שוועסטער אָשעראָווסקי, קינדער פון א קאָלאָניסט אין גליל, וואָס האָט געשטאמט פון רוסלאנד, האָבען געוואוינט אין אן אלטען אראבישען הויז, אויפ'ן ברעג ים. די עלטערע, לאה, האָט זיך גערעכענט פאר איינע פון די בעסטע ארבייטערינען אין

יהודה. זי האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַ גרויסער פיזישער קראַפט און פלינקייט אין ארבייט. פון איהר גאַנצער גרויסער בויגיגער פיגור און אָפּגעברענטען געזיכט מיט שווארצע אויגען, ווי פלוימען, האָט געוועהט דער דופט פון גראָז אין דער סטעפּ. קוקענדיג אויף איהר האָט זיך פארגעשטעלט אַ זומערדיגער טאָג אין פעלד, וואו די שניטער מיט קאָרנבלומען אין די האָר ציהען לאַנגזאַם אַן איינטאָניג ליד, זאַמלענדיג די תבואה. איצט האָט זי שוין לאַנג געהאט פארוואָרפען די פעלד ארבייטען און האָט געדינט אין אַן אַפּטייק. אין די אָווענטען האָט זי געלעהרענט און געטרוימט וועגען אַוועקפאָהרען אין דער שווייץ שטודירען. די אינגערע, נחמה, אַ יאָהר זעכצעהן אַלט מיט אַ דיקען שווארצען צאָפּ און ליבע חן־גריבעלעך אויף די פולע ראָזע באַקען, האָט זיך פארפערטיגט צו ווערען אַ לעהרערין אין קינדערגארטען. זי האָט אויסגעזעהן נאָך כמעט ווי אַ נאאיוו קינד. אַ זאָרגלאָזע, האָט זי אַלעמאָל אַ סך געלאַכט, און אַלעמען איז געווען לייכט און אַנגענעהם צו הערען איהר פרעהליכע פלוידעריי און זעהן ווי עס שמייכלען די גריבעלעך אויף איהרע פרישע באַקען.

דניאל האָט אַ קלאַפּ געטאָן אין טיר.

— אריין! — האָט ער דערהערט לאה'ס באַקאַנטע ברוסטשטים.

דניאל איז אריינגעקומען. די מיידלעך זיינען געזעסען ביים אווענט־עסען. אויפ'ן טיש האָט געברענט אַ קעראָסין לאָמפּ מיט אַ פּאַפּירענעם אבאַזשור, באַלויכטענדיג אַלץ מיט אַ ווייכען בלייכען ליכט.

— זעה! האָט אַ געשריי געטאָן נחמה און האָט פאר פרייד געפּאַטשט מיט די הענט, — וואו זייט איהר פארפאַלען געווארען אזוי לאַנג?

— אין וואַלד געלעבט, — האָט דניאל געענטפערט, דריקענדיג די הענט די שוועסטער און דערפרעהט פון נחמה'ס צערטליכער באַגריסונג. — איך האָב אָבער גענומען בענקען נאָך אייך, בין איך געקומען.

— נו, געוויס נאָך אונז, — האָט לאה געלאַכט. — איהר ווילט טיי? איך וועל אייך אָנגיסען און איהר וועט מיר דער־

צעהלען, צי אין חדרה זיינען פאַראַן אַ סך נייע אַרבייטער. קיי־נער איז נים קראַנק געוואָרען אויף געלען פיבער?

— דער שמיד איז געשטאָרבען. איהר געדענקט איהם מסתמה: אַזאַ הויכער, שוואַרצאַויגיגער, אַלע האָבען איהם ליב געהאַט. אין צוויי טעג איז ער פאַרברענט געוואָרען. עס איז אַזוי שווער געווען צוצוזעהן, ווי די אַלטע מוטער האָט איהם באַוויינט.

— און ער איז געשטאָרבען? דאָס איז שרעקליך. אַזאַ יונגער און שטאַרקער.

מען האָט אַ ווײַלע געשוויגען.

— וואָס פאַר אַ גוטער מענש דאָס איז געווען! — האָט לאה ווידער אָנגעהויבען רעדען וועגען דעם, — אַן אמת'ער אידעאַליסט. די טיר פון זיין קליינער כאַטקע איז שטענדיג געווען אָפען. ווער עס האָט געוואָלט איז געקומען עסען, שלאָפען. פאַר אַלעמען איז אויפ'ן טיש געווען ברויט.

פון דער גאַס האָבען זיך פלוצלונג דערהערט שטימען. די טאַטשעטשניקעס מיט דער מאַגערער לעהרערין זיינען אָנגעקומען. די לעהרערין איז געווען אַן אנעמישע פערזאָן פון אַ יאָהר דרייסיג מיט אַן איינגעפאַלענער ברוסט און אַ געלבליכען געזיכט, שטענדיג אַן אונצופרידענע און בייזע. אין רוסלאַנד האָט זי באַזוכט עפּעס העכערע קורסען, שפּעטער אָבער האָט זי געוואָרפען די וויסענשאַפט און איז אַוועקגעפאָהרען אין פּאַלעסטינאַ אין דער האָפנונג דאָ חתונה צו האָבען. איהרע טרוימען זיינען אָבער נים פאַרווירקליכט געוואָרען, און זי האָט געמוזט פיהרען אַן אָרים לעבען אָהן האָפנונגען און פריידען.

אין קליינעם הויז איז געוואָרען פרעהליך. דער שלאַנקער דוד האָט געשפּאַסט מיט נחמה'ן, און חיים האָט גענומען איינרעדען לאה'ן זיך ווידער צו נעהמען פאַר ניצליכער אַרבייט.

— נו, צו וואָס דאַרפסטו האָבען די ביכלאך? זיי וועלען דאָך אינגאַנצען אויסזויגען דיין בלוט. וואַרף אַלץ און קום אין גליל אַקערען די ערד. גאָט מיינער, מיט אַזאַ געזונטער מיידעל קען מען דאָך אַ לעבען אָפּלעבען זינגענדיג.

— טשעפּע זיך אָפּ! — האָט לאה זיך געבייזערט. — וואָס ביזטו צוגעשטאַנען!

שטיל איז אריינגעקומען דער באוואוסטער שרייבער בנימין כאינים. ערצויגען אין דער ישיבה, א טיפּיש קינד פון דעם ענגען תחום, מיט א שמאָלער איינגעפאַלענער ברוסט האָט ער פונדעסטוועגען געהאט א פול, ברייט געזיכט, וואָס האָט דערמאָנט אין א קליינשטעטדטעלדיגען קרעמער. דערפאַר אָבער האָבען זיינע קלאָרע קינדערשע אויגען געשטראַהלט מיט א מערק־ווירדיגען בלויליכען ליכט, ווי רובינען, און עס האָט אויסגעווי־זען, ווי אין זיי וואָלט געווען אזוי פיל געהאָרכזאַמען ווייזען טרויער און גייסטיגער שעהנקייט.

א געוועזענער אנארכיסט און שטארקער געגנער פון ציוניזם, איז ער עפעם צופעליג אריינגעפאלען אין פאלעסטינא און האָט אָנגעהויבען חיים פּרעדיגען, אז דאָס אידישע פאָלק דאַרף ווידער אויפלעבען אויף זיין אייגענער ערד. און איצט האָט כאינים רע־דאגירט אַן ארבייטער זשורנאל, „די מאָרגענרויט”, וואָס א היי־פעל אידעאליסטען האָבען ארויסגעגעבען.

— שלום, מיינע העררען, — האָט כאינים זיך געגריסט, — איך בין אהער געגאנגען מיט אָרא׳ן. אָבער אויפ׳ן וועג האָט מען זיי פארהאלטען. זי וועט מסתמא באלד קומען.

— זי וועט דאָ באלד זיין! — האָט נחמה זיך דערפרעהט. — אָט דאָס איז פיין.

אָרא, א ספרדישע, איז, ווי מען האָט גערעדט, געוועזן א זעהר באגאבטע אקטריסע. זי איז ניט לאַנג צוריק געקומען פון עגיפּ־טען. דער יפו׳ר דראמאטישער קרייז, „די אידישע ביהנע”, האָט זי איינגעלאדען צו שפּילען אין יעקב גאָרדינ׳ס „יתומה”.

כאינים איז צוגעגאנגען צו נחמה׳ן.

— נעכטען אוועגט, שטיפעריין, בין איך ווי א בעטלער גע־שטאנען אונטער דיין פענסטער, — האָט ער געזאָגט, — געקלאפּט, געקלאפּט, און קיינער האָט ניט געענטפערט. איך בין אזוי מיט אַן אראָפּגעלאָזענעם קאָפּ אוועקגעגאנגען.

— ליבער כאינים, — האָט דאָס מיידעל געלאכט, — איך האָב גאָר ניט געהערט. מיר האָבען זיך געלעגט פריה שלאָפען.

מען האָט אָנגעקלאפּט אין טיר, און אָרא איז אריינגעקומען.

— וואָס פאַר אַן אונערטרעגליכער קאוואַליער איהר זייט

דאָס, הערר כּאינים, — האָט זי געשמייכעלט, — לאָזט מיך איבער אליין מיט א פרוי, וואָס האָט צעהן מאָס רייד, און אליין געהט ער זיך רוהיג אוועק. ווי קען מען אזוי? — זי האָט דאָס ארויסגע־זאָגט מיט אן אשכנזי'שער אויסשפּראַך, פּלאַנטערענדיג ווערטער און אויסדרוקען, און איהרע רייד זיינען צוליב דעם געווען אזוי קאָמיש און ליב. און די אביסעל ניט רעגעלמעסיגע געזיכטס־ציגען און די גרויסע גרויע אויגען, ווי ביי עגיפּטישע פרויען, האָ־בען אָנגענומען אזא ליכטיגען אויסדרוק, אז זי איז אין יענער מי־נוט געווען שעהן.

— ער איז אַלעמאָל אזא, — האָט באַמערקט לאה, און צו־געהענדיג צו איהר האָט זי צוגעגעבען: — איך שטעל אייך פאָר די לעהרערין ציליע און אונזערע בחורים טאַטשעטשניקעס.

— פרעהט מיך זעהר, — האָט אָרא געלאכט, דריקענדיג זיי די הענט.

פלוצלונג האָט זי געוואָרפען א פארוואונדערטען בליק אויף דניאל'ן, האָט לייכט א ציטער געטאָן און האָט, צוגעהענדיג צו איהם געזאָגט אין א נידעריגען טאָן:

— איך קען דאָך אייך. לערנער האָט מיר וועגען אייך א סך דערצעהלט. איך האָב אין קאַאירא געזעהן ביי איהם אייער בילד.

— איהר קענט מיין פריינד לערנער? — האָט זיך דניאל גע־וואונדערט, — וואָס מאַכט ער איצט?

אָבער זי האָט כמעט ניט געהערט זיין פראגע און האָט ווייַ־טער גערעדט שטיל, קוקענדיג אויף איהם מיט לויכטענדע אויגען:

— זייט איהר דאָס דניאל? ווי זאָנדערבאר! אמת, לערנער האָט מיר געזאָגט, אז איהר זייט אין פּאַלעסטינא, אָבער ער האָט ניט געוואוסט גענוי וואו. און פלוצלונג זעה איך אייך דאָ.

זי האָט בלייך געשמייכעלט, וועלענדיג באהאַלטען די אונאויס־שפּרעכליכע פרייד פון דער אונערוואַרטעטער באַגעגעניש. אזוי ווי אין א חלום. אָט איז דער יונגערמאַן, וועמעס געשטאַלט זי האָט אזוי אָפט געזעהן אין איהרע מיידעלשע טרוימען, ווען זי איז געזעסען אליין ביים פענסטער דאָרט, אין לאַנד פון די ספינקסען. און ער איז ווירקליך שעהן, ווי לערנער פלעגט דערצעהלען. שלאַנק,

ברייט־פּלייציג, גוטע געזיכטסציגע, האָט גערדיכטע און געקרויזטע האָר, און די בלויליכע אויגען שמייכלען שטיל.

— אָט האָט איהר באַגעגענט אַ באַקאַנטען, — האָט כאַינים געזאָגט, — מיר וועלען פיין פאַרברענגען דעם אָווענט.

— איך האָב שוין געהערט, ווי פרעהליך איהר פאַרברענגט די שבת'דיגע אָווענטען, — האָט געענטפערט אָרא. — איהר הוליעט אָפּט ביז אין דער פריה.

עס האָבען זיך דערהערט פרעהליכע שטימען. עס זיינען אריינגעקומען בחורים און מיידלעך. איינע האָט געהאט זומער־שפּרינקלעך אויפ'ן געזיכט, פייער־רויטע האָר און אַ ווייסען, שלאַנ־קען האַלז. אַן אַנדערע איז געווען אַ תימנ'ער, אַ טונ־קעלע, דאַרע און גראַציעזע, ווי אַן אַראַבערין, אין אַ לאַנגען בלויען קלייד מיט אַ ראָזען גאַרטעל.

עס האָבען זיך דערהערט די טענער פון אַ גיטאַר, און מען האָט גענומען זינגען. מען האָט אַרויסגעטראָגען פון צימער דעם טיש, צושטעלט די שטולען ביי די ווענט און גענומען טאַנצען. אָפּט האָט געקלונגען נחמה'ס הילכיגער געלעכטער. מען האָט זי אָפט געלאַדען טאַנצען, און דאָס האָט זי אויפגערעגט, און איהר געזיכט האָט געלויכטען פון גליק. און לאה האָט אומגעלומפּערט זיך געדרעהט מיט חיים'ען, צוקלאַפּענדיג שטאַרק מיט איהרע גרויסע מענערשע פיס. די תימנ'ער האָט געטאַנצט מיט דוד'ן. האַלטענדיג איהם פאַר דער האַנד, האָט זי געשוואומען, גראַציעז אַנבויגענדיג איהר טונקעל קאָפּ מיט דעם פאַרקלערטען אויסדרוק אויף איהר ליבען פּנים. די גרויסע זילבערנע אוירינגען אין די קליינע אויערען האָבען זיך געטרייסעלט און געגלאַנצט ווי לויכ־טענדע שטיינדלאַך.

אָט האָט דוד וואויל־יונגעריש אַ טופּ געטאָן מיט'ן פוס, אַרומגענומען דאָס מיידעל, און זיי האָבען זיך אָוועקגעטאָרגען. די תימנ'ער איז ווי פאַר'שיכור'ט געוואָרען און האָט ליידענשאַפטליך פאַרמאַכט די אויגען.

אין אַ זייט ביים פענסטער זיינען געזעסען כאַינים מיט דער לעהרערין און האָבען געפירט אַ שטילען דיספּוט. זי האָט ניט לאַנג איבערגעלעזען זיין ערצעהלונג פון פּאַלעסטינער לעבען,

וואָס האָט אויף איהר געמאכט אַ שווערען איינדרוק. נאָך איהר מיינונג האָט דער אויטאָר אַלץ געמאָלען אין צו טונקעלע פארבען, צווינגענדיג זיין העלד נאָר צו וויינען און פיהלען זיך, ווי אַ פאַר־לאָרענער.

— אָבער אייער העלד איז בלייך. דאָס איז אַן אמת׳ער גלות־מענש—האָט זי גע׳טענה׳עט.—קיין איין שטארקער פארלאַנג. פארוואָס האָט איהר אונז ניט דערצעהלט וועגען אונזערע שומרים, וואָס קענען אַזוי שעהן לעבען און שטארבען פאר זייער אייגענער ערד.

— דאָס איז ניט אַזוי, — האָט כאַינים פאַרענטפערט. דער דיספוט האָט איהם שוין גענומען דערעסען. — לאָמיר מעהר וועגען דעם ניט רעדען.

— ניין, איך וויל וויסען אייער מיינונג וועגען אונזער נייעם לעבען, — איז באַשטאַנען די לעהרערין, ווערענדיג בייזלעך.

דערווייל זיינען דניאל מיט אָרא׳ן ארוים אופי׳ן גאַניק און האָבען זיך געזעצט אויף די שטיינערנע טרעפּלאַך. ארום איז גע־ווען זעהר פינסטער. פון ים האָט געבלאָזען אַ פייכטער ווינט. וועגען עפּעס געהיימניספולעס האָבען גערוישט די וועלען. מינו־טענווייז האָבען זיך פון חושך דערטראָגען שטימען און אַ קלינגען פון גלעקלאַך. דאָס האָט מסתמא אַ קאראוואַן געצויגען ערגעץ־וואו מיט׳ן ברעג. אָרא האָט גענומען דערצעהלען וועגען לערנער׳ן, וועמען דניאל האָט באַגעגענט מיט עטליכע יאָהר צוריק אין דער שווייץ. לאַנג האָבען זיי גערעדט, דניאל האָט שווייגענדיג צוגעהערט, וואָס אָרא האָט איהם דערצעהלט וועגען דעם אונרוהיגען פריינד, אַ דאַנק וועלכען ער איז איצט אין פּאַלעסטינאַ. און עס האָט זיך איהם פאָרגעשטעלט, ווי ער געהט איינמאָל אין הערבסט איבער די גאסען פון אַ שטאָט אין דער שווייץ. דער שארפער ווינט רייסט אראָפּ די פאַרטריקענטע בלעטער פון די קאַשטאַנען בוימער, וואָס וואַקסען ביי די טראָטואַרען. די זון טונקט זיך אין די וואָלקענס. אָט באַ־לויכט זי אַלץ מיט אַ גאָלדיגען העלען שיין, און די בלעטער, ווי אויפגעלעבטע און לאַכענדע, לויפען שטיפעריש אוועק פון ווינט; און אָט ווערט דער הימעל אָנגע׳ברוגז׳ט, און ארום ווערט קאַלט און אונהיימליך. ער פיהלט אַ דריקענדע איינזאַמקייט. באַלד

קומען אָן רעגענדיגע טעג און לאַנגע פינסטערע נעכט. דער רעגען וועט אומעטיג און מאָנאָטאָן קלאַפּען אין פענסטער פון זיין קליינעם צימערל, און געהן איז ניטאָ וואוהין. שוין לאַנג האָט איהם דערעסען דאָס לעבען פון דער אָרטיגער קאָלאָניע פון פּאָליטישע אימיגראַנטען, מיט זייערע אונענדליכע פּארטיי קריגערייען און רכילות און אַזוי געהט ער אום א גאנצען טאָג און געפינט זיך קיין אָרט ניט. און לעבען ווילט זיך אזוי. עס ווערט טונקעל און מיט רויטען גאָלד ברענט אין מערב א פּאס פון האסטיגען זון אונטערגאנג. אין גרויסען קאפע הויז ביים וואסער נעהמט שפּילען דער אָרקעסטער און אזוי פול מיט צארטקייט זיינען די טענער פון וויאָלאָנטשעל, ווי זי וואָלט זיך געמאטערט פון ליבע, פון מענשליכער ליידענשאפט... ער האָט זיך אָנגעלעהנט אָן א בוים און געהאָרכט. און ארום זיצען ביי טישלעך שעהנע פרויען, און אזוי פיל ליידענשאפט איז צוגאָסען אין זייערע פוילע באוועגונגען און רופענדע בליקען...

א טרויעריגער און מידער געהט ער אהיים. אויפ'ן וועג רעכענט ער אריינצוגעהן אין די רוסישע ביבליאָטעק, אפשר זיינען אָנגעקומען נייע רוסישע זשורנאלען. איצט איז דאָרט געוויס קיינער ניטאָ און ער וועט קענען רוהיג לעזען. אָבער פון דאָרטען דערטראָגט זיך א געשפּרעך פון עטליכע מענשען, ווייזט אויס, אז מען רעדט ווידער וועגען עפּעס א פּראָגראם, — קלעהרט ער מיט פאַרדרוס, אריינקומענדיג.

מיט אַן אָפענעם אידישען בוך אין האנט זיצט אַן אונבאַקאַנטער יונגערמאַן און באווייזט עפּעס און ארגומענטירט מיט אנדערע יונגע לייט, וואָס האָבען איהם ארומגערינגעלט. ער בליצט מיט די אויגען און רעדט וועגען א נייעם פרייען לעבען פון אידישען פאָלק אין פּאלעסטינא, וועגען שטילע, בליהענדע קאָלאָניען, געזונטע ערד־ארבייטער, שולען, וואו מען לערענט אויף דער שפּראך פון די נביאים. און עפּעס אייגענס, וואָס איז נאָר צייטווייליג פארגעסען געוואָרען, ערוואכט ווידער אין דניאל'ס נשמה, ווי א וואונדערליכע מעשה'לע שטעלט זיך איהם פּלוצלונג פאָר דאָס לאַנד פון זיינע ליכטיגע קינדערשע טרוימען. ער איז ווידער א אינגעל. אָוועט ; שטיל און פרידליך איז אין קליינעם

שטערטעל אין דעם וואַלגאַ געגענד. אין הויז איז גוט און וואַרים, אין דרויסען פאַלט אַ שניי. דער וואַלד ביים טייכעל שטעהט ווי פאַר־כישופ'ט אין אַ זילבערנעם טרוים. און ער מיט דעם אַלטען רבי'ן זיצט איבער'ן חומש. אויף דער ברייטער קאַנאַפּע זיצט די מוטער. זי שטריקט אַ זאָק, און מיט פרייד און שטאָלץ הערט זי צו, ווי איהר אינגעל לערענט גאָט'ס וואָרט.

„איז רבקה אַרויס מיט'ן קרוג אויפ'ן אַקסעל", — מורמעלט דער רבי, און וואונדערליכע לעגענדעס טראָגען אוועק דעם אינגעל ווייט־ווייט איבער ימים אין לאַנד פון ישראל. ער זעהט, ווי דאָס מיידעל איז צוגעקומען צום קוואַל, האָט אָנגעפילט איהר קרוג און איז אַרויפגעקומען. אַנטקעגען איהר לויפט אברהם'ס קנעכט און זאָגט:

— לאָז מיר טרינקען פון דיין קרוג.

און רבקה ענטפערט:

— טרינק, מיין האַר, און דיינע קעמלען וועל איך אויך אָנ־טרינקען.

און אַט איז יצחק אַרויס אוועקט־צייט אין פעלד, האָט אויפ־געהויבען זיינע אויגען און דערזעהן: קעמלען געהען. און רבקה האָט אויפגעהויבען איהרע אויגען און דערזעהן יצחק'ן. זי איז אַראָפּ פון קעמעל און האָט געפרעגט ביים קנעכט: „ווער איז דער מענש, וואָס געהט אונז אַנטקעגען:" און דער קנעכט האָט געענטפערט: „דאָס איז מיין האַר". און רבקה האָט זיך פאַר־שעהמט, האָט גענומען אַ צודעק און זיך פאַרדעקט...

— — — — — — — — — — —

און דער אונבאַקאַנטער יונגערמאַן אין לעזע־צימער האָט אַלץ געערדט... דניאל האָט מיט איהם פאַרפיהרט אַ שמועס. אויפ'ן וועג האָט ער זיך דערוואוסט, אַז לערנער קומט פון פּאַלעסטינאַ און וועט באַלד ווידער פּאָהרען אַהין. ער האָט געזונגען דניאל'ן נייע אידישע לידער. באַלד האָט ער פאַרלאָזען די שווייץ און איז אוועקגעפאָהרען אַרבייטען אין פּאַלעסטינאַ.

פּלוצלונג האָט אימיצער אַ געשריי געטאָן אין צימער:

— אָראַ, איך לאַד אייך איין אויף אַ קאַדריל!

— אנאנדערש מאָל, אַ דאנק, — האָט אָרא געענטפערט און איז אויפגעשטאנען.

אביסעל שפּעטער האָט מען אריינגעטראָגען צוריק דעם טיש און מען האָט זיך געזעצט. נחמה האָט געבראכט קאָרטען. מען האָט גענומען שפּילען אין „נארען". כאינים איז עטליכע מאָל געבליבען דער נאר. אלע האָבען הארציג געלאכט, און ער האָט מיט אַ טרויעריגען אויסדרוק אויפ'ן געזיכט געזיפצט:

— אָי, עס געהט מיר ניט היינט.

דניאל האָט געקוקט אויף כאינים'ן און־געטראכט:

— ווי איינפאך און ליבליך עס איז אָט דער טיפער שרייבער מיט דער קראנקער נשמה און טרויעריגען לעבען. איהם האָט זיך דערמאָנט, ווי זיי האָבען זיך באקאנט אויפ'ן דריטען טאָג נאָך דניאל'ס אָנקומען אין הייליגען לאנד. מען איז געזעסען און געהערט, ווי אַ לעהרער האָט דערצעהלט וועגען זיין לעבען אין אַ קליינער קאָלאָניע אין די בערג פון אפרים. דניאל האָט דערקאָנט דעם שרייבער נאָך אַ פאָטאָגראפיע, וואָס איז געווען געדרוקט אין אַ רוסיש־אידישען זשורנאל צוזאמען מיט אַן איבערזעצונג פון זיין בעסטען ראָמאן „אין הערבסט". שפּעטער איז דניאל צוגעגאנגען צו כאינים'ען און האָט איינפאך געזאָגט:

— עס פרעהט מיך אזוי אייך צו דריקען די האנט.

כאינים האָט געשמייכעלט, איהם געדריקט די האנט און געבעטען זיצען. ער האָט איהם געגעבען טהעע, געפרעגט פון וואַנען ער קומט, ווי אלט ער איז און וואָס ער רעכענט צו טאָן. דניאל האָט איהם געגעבען דערצעהלט וועגען זיינע פּלענער. דער שרייבער האָט פריינדליך איהם געקוקט אין די אויגען און אלץ געזאָגט:

— אזוי, אזוי, זעהר גוט.

ווען דער שפּיל אין „נארען" האָט דערעסען, האָט אָרא גענומען אין דער הויך דערמאָנען די טעג פון איהר קינדהייט. אלע האָבען געשוויגען. זי האָט גערעדט מיט באגייסטערונג, לויכטענדיג מיט עפּעס אַ גרויסער אינערליכער פרייד. זי איז געבאָרען געוואָרען אין ירושלים, אין אַ זעהר אָרימער פאמיליע. ווען זי איז נאָך געווען זעהר קליין, האָט מען זי אָפּגעפיהרט צו איהר עלטערען ברודער, אַ קאָלאָניסט אויפ'ן אינזעל ציפּערן. דאָרט אונטער דער זון

און ווינטען איז זי געוואקסען ווי א בוימעל אין פעלד. ווען זי איז געוואָרען זעקס יאָהר אַלט, האָט זי שוין געפּאַשעט צוויי ציגען און האָט גאַנצע טעג זיך געוואַלגערט אין דופטיגען גראז. אין די לאַנגע ווינטער אָוועגטען, ווען דער ווינט האָט געבלאָזען אין גארטען ארום הויז, איז זי געזעסען ביי דער שפּין מאשין, הערענדיג די מעשיות פון דער אַלטער שפּאַניאָלער אם. יענע האָט דער־צעהלט וועגען ריזיגע שלאַנגען, וואָס רעדען א מענשליכע שפּראַך, וועגען בלויע פויגלען, וואָס פליהען יעדען פריהמאָרגען צום כסא הכבוד, צו זינגען שירה צו גאָט...

צו פערצעהן יאָהר איז זי שוין געווען א גרויס מיידעל, אַן אָפּגעברענטע און א ווילדע, ווי א גאזעל.

איינמאָל זומער אין צייט פון שניט האָט זיך צו זיי פּאַרדונ־גען אויף ארבייט א יונגער שעהנער גריך. ער האָט געהאַט שווארצע אויגען, און איז אַלעמאָל געווען פרעהליך. זיי פלעגען ביידע געהן אין פעלד. ער האָט געשניטען, און זי איז איהם נאָכ־געגאַנגען און געקליבען די זאַנגען.

— דו, אָרא, ביזט א ים נימף, — פלעגט דער גריך איהר זאָגען, — דיך האָט אויפ'ן אינזעל ארויסגעווארפען א בלויע כוואַליע.

און שפּעטער האָט מען איהם געפונען אין פעלד א טויטען, — האָט טרויעריג געענדיגט אָרא. — עס איז געווען א שטורעם. ער איז געלעגען אויף דער ערד לעבען אַן אַלטען פלוימען־בוים, וואָס דער שטורעם האָט אויסגעריסען מיט'ן וואָרצעל.

אָרא איז אנשוויגען געוואָרען. הערענדיג זי רעדען, האָט כאַי־נים זיך דערמאָנט אָן די טעג פון זיין אייגענער טונקעלער קינד־הייט. אין דער עראינערונג איז אויפגעשטאַנען א שמאָל, שמו־ציג געסעל אין א שטעדטעל אין אידישען תחום. זיי וואוינען אין א קעלער פון א מויער, אין פינסטערען ווינקעל שטעהט דער קראַנ־קער פאָטער איינגעוויקעלט אין א טלית, און דאַווענט, זיפצענדיג און הוסטענדיג פון צייט צו צייט. אין אַנדערער ווינקעל, אויס־געצערט פון נויט און זאָרגען, האָט די מוטער זיך אָנגעבויגען איי־בער'ן וויגעל פון הונגעריגען קינד און זינגט אהם וועגען א וויי־סען ציגעלע, וואָס איז געפאָהרען האַנדלען מיט ראָזשינקעס און

מאנדלען און וועט דעם קינד ברענגען א סך גוטע זאכען. ער איז שוין א גרויסער אינגעל. ער שטעהט אין מיטען צימער, ווייס ניט וואס צו טאָן און וואוהין צו געהן. אין חדר איז אומעטיג. דער רבי איז בייז און בעט יעדען טאָג שכר לימוד. און דער פאָ־טער זיפצט אַלץ און קרעכצט:

— אך, פאָטער אין הימעל, גאָט מיינער!

אין צימער איז שטיל געוואָרען. ווי א ליכטיגער, גוטער מלאך וואָלט פלוצלונג דורכגעפלויגען און באַריהרט מיט זיינע אט־לאסנע פליגלען די הערצער פון די צוהערער, און זיי וואָלטען א קלעהר געטאָן וועגען טויט, וועגען דער לערקייט פון לעבען און וואָלטען באדויערט עפּעס, וואָס איז גוט, ליב, וואָס איז פארגאנגען און וועט שוין קיינמאָל ניט צוריקקומען...

אימיצער האָט גענומען זינגען פון ביאַליק'ען: „נעהם מיך אונטער'ן פליגעל..." דאָס איז געווען כאַינים'עס באליבטע ליד, און די ווערטער וואו דער פּאָעט פרעגט, וואו זיין יוגענד איז, פלעגט איהם ביז וועהטאָג צוזאמענדריקען זיין הארץ. אויך זיין איי־גענע יוגענד איז פארוועלקט געוואָרען אין די שטיקענדע ווענט פון דער ישיבה, אין קליינעם שטעטעל. נאָך איידער זי האָט זיך צו־בליהט, האָט זי שוין פארוועלקט אָהן זון און בלומען, אָהן פרויען צערטליכקייט. אין אומעט און בענקשאַפט האָט זי געלעבט מיט נדבות און האָט ווי א פארוואונדעטער פויגעל זיך געשלאָגען אין די נעגעל פון נויט. און אזוי פריהצייטיג זיינען צובראָכען גע־וואָרען איהרע פליגלען, די ברייטע ווייסע פליגלען, באַשפּריצט מיט הייליגע ריינע טרעהרען. „מיין נשמה ווערט פארצערט אין פלאַם", — האָט כאַינים טרויעריג געזונגען, און זיין שטים האָט געציטערט פון פארשטיקטע טרעהרען.

אביסעל שפּעטער איז דניאל אליין געקומען מיט'ן ברעג אהיים.

---

ער האָט ניט געקענט איינשלאָפען. ער האָט געקלערט וועגען זיין כלה דינה. וואָס איז איצט אין רוסלאַנד. זי איז אוועק־געפאהרען פלוצלונג. איין ווינטערדיגען זוניגען טאָג איז ער געקומען צו איהר הויז און האָט ווי געוועהנליך זי גערופען שפּאַ־

צירען. זי איז ארוים אויפ'ן באלקאָן, נאָר אָנשטאָט איהר גע־וועהנליכען ענטפער, האָט זי טרויעריג געזאגט:

— איך האָב באקומען א דעפעש. מיין מוטער איז גע־פעהרליך קראנק און וויל מיך זעהן. מיט דעם ערשטען דאמפער מוז איך אָפּפאָהרען אהיים.

אין צוויי טעג ארום האָט זי דניאל באגלייט. עס איז גע־ווען א רעגענדיגער טאָג. ביים האפען זיינען זיי געשטאנען אין א טומעלדיגער מענגע און געווארט אויף א שיפעל, וואס דארף זיי אָפּפיהרען צום דאמפער. ענדליך האָט דער הויכער שיפער, אן אראבער אין א רויטען לייבעל, גערופען די אפּפאָהרענדע. דניאל האָט אויפגעציטערט ווי אין א פיבער.

— זיי געזונט, מיין ליבער, פארגעס מיך ניט, — האָט דינה געזאָגט, און איהרע אויגען האָבען זיך אָנגעפילט מיט טרעהרען. ער האָט זי ארומגענומען און א קוש געטאָן צום לעצטען מאָל. ער האָט פלוצלונג דערפיהלט א שארפע בענקשאפט נאָך די גליק־ליכע טעג פון זיין שטילער ליבע, וואָס זיינען אפשר אויף אייביג פארשוואונדען. לער איז געווארען זיין לעבען, און קאלט איז איהם געווארען, ווי אין א הערבסטיגען גאָרטען, וואו דער ווינט רייסט אראפּ טויטע בלומען און בלעטער.

— זיי געזונט. אויף ווידערזעהן, — האָט געמורמעלט דניאל און איז ווי אין חלום איהר נאכגעגאנגען צום שיפעל. איבער דעם וויסטען שטורמיגען ים האָט זיך צום דריטען מאָל דערהערט דער טרויעריגער פייף פון דעם דאמפער, און ער איז פארשוואונדען אין נעבעל.

איצט האָט דניאל אנגעצונדען א לאָמפּ און גענומען ווידער לעזען דינה'ס לעצטען בריף. די כלה האָט איהם געשריבען, אז שוין צעהן טעג, ווי זי איז אין דער היים, און דער מוטער איז בעסער. די דאָקטוירים האָפען, אז זי וועט אינגאנצען געזונט ווערען. נעכטען אָוועגט האָט זי אלץ דערצעהלט דער מוטער וועגען איהר ליבע. די מוטער האָט זי ארומגענומען, און ביידע האָ־בען געוויינט פאר פרייד. אלע קרובים און פריינד ווייסען שוין אז זי איז א כלה און ריידען נאָר וועגען דעם. און דער פריהלינג געהט. מען האָט שוין אירויסגענומען די ווינטערדיגע פענסטער. די לאבענ־

דיגע זון שטראהלען און דער פרעהליכער רויש פון צוגעהענדען שניי רייסען זיך אריין. אלץ לעבט אפ און יובעלט ארום. זאל ער ניט בענקען. באלד קומט פאר זיי אן אומאויסשפרעכליך גליק, דאס לעבען צוזאמען אין דער שטילער קאלאניע, אויף דער הייליגער ערד.

אין דער פריה האט זיך גע'חלום'ט דניאל'ן, אז ער איז ווידער אין די שווייצער בערג און שליטעלט זיך. דער פראסט קנאקט, און דער שניי און זונען־שטראהלען בלענדט די אויגען. שנעל אראפלאזענדיג זיך פון א הויכען בארג, פיהלט ער א שטורמיגע פרייד. און ביי די זייטען לויפען פארביי און לאבען גוגגע בוימלעך, געקליידט אין ווייסען.

4.

שוין צוויי וואכען, ווי דניאל ארבייט אין דעם ארטעל פון טאטשעטשניקעס אין א נייעם שטעדטעל. ארום קאכט, פון אין דער פריה ביז זונען אונטערגאנג קלאפען הונדערטער מענשען מיט די האמערען די שטיינער, גראבען רינעס, שלעפען קלעצער און זינגען לידער אויף אלערליי שפראכען. אט ארבייטען, זינגענדיג אומעטיגע מאטיוון, תימנ'ער מויערער אין העל רויטע פעסקעס, פון אונטער וועלכע עם טרייסלען זיך לאנגע שווארצע פאות. אביסעל ווייטער, זיינען בחורים אין רוסישע בלוזעס. זיי בויען א גאס, לויפען אום מיט די טאטשקעס אנגעפילטע מיט זאמד און ציהען די „דובינושקא", אזוי ווי די בורלאקעס אויף דער וואלגא.

אין אווענט, נאך דער ארבייט, פלעגט דניאל אמאל ארויסגעהן צום ים. אמאל פלעגט ער אריינגעהן אין ארבייטער קלוב, טרינקען דארט טיי, אביסעל שמועסען מיט חברים, און דאן געהן שלאפען. אריא'ן האט ער ניט באגעגענט און האט וועניג וועגען איהר געקלערט. אזוי האבען זיך געצויגען די טעג.

עס איז געקומען פסח. ערב יום־טוב זיינען אין שטאדט אנגעקומען א סך מענשען פון אלע עקען לאנד. עס האבען גע־דארפט פארקומען צוזאמענפאהרען פון צוויי פארטייען — „פועלי

ציון" און „הפועל הצעיר", און אין די רעסטאָראַנען און גאַסט־הייזער איז שוין געווען טומעלדיג. יעדערער האָט געוואָלט באַ־ווייזען, אַז נאָר זיין פּאַרטיי איז גערעכט און וועט האָבען ער־פאָלג אין דער אַרבייט. און קוקענדיג אויף די אויפגערעגטע יונגע פּנים'ער, האָט אויסגעזעהן, אַז אימיצער רייצט דאָס זיי אַן איינעם אויף דעם אַנדערען, און אַליין באַהאַלט ער זיך, מאַכט גרימאַסען און לאַכט...

בנימין כאַינים האָט געמאַכט ביי זיך דעם ערשטען סדר און איינגעלאַדען זיינע בעסטע פריינט און אַ צוויי־דריי באַקאַנ־טע. לאה, אָרא און נחמה האָבען פון אין דער פריה אָן געקאָכט און צוגעקליבען דעם צימער. כאַינים איז דעם גאַנצען טאָג גע־זעסען ביים ים און האָט געלעזען דאָסטאָיעווסקי'ן, ביי וועמען ער האָט אָפט געשעפּט שטימונג פאַר זיינע שווער־מוטיגע ערצעה־לונגען. די מיידלעך האָבען איהם שטרענג פאַרבאָטען צו קומען אהיים איידער עס וועט פינסטער ווערען. די זון האָט זיך אַראָפּגעלאָזען אַלץ נידעריגער, און די אָווענטיגע קיהלקייט איז שוין אָנגעקומען. כאַינים שטעהט אויף און נעהמט אומגעהן ביים ברעג.

— יע, יע, — קלערט ער. זיין לעבען פאַרגעהט אָהן פרייד. באַלד וועלען אַלע קומען צום סדר. אין זיין אומעטיגען צימער וועט זיין פרעהליך, וועט הילכען נחמה'ס געלעכטער, ווי גלעק־לעך קלינגען. זי וועט שטיפען מיט איהם, ווי אַ קינד און איהם וועט אַזוי פאַרדריסען, פאַרוואָס ער איז ניט קיין איינפאַכער געזונטער בחור, וואָס לעבט זאָרגלאָז, ניט קלערענדיג וועגען שווערע, אָנגעווועהטאָגטע פראַגען. דער אָוועגט וועט אַוועקגעהן, און ער עט ווידער בלייבען אַליין מיט זיין בענקשאַפט. דאָס באַאומטזיין, אַז ער איז ניט שעהן, שרעקענדיג, אַז ער האָט אַ פּנים פון אַ נאַרישען קרעמער, וועט איהם ווידער מאַטערען ביז טרערען. דאַן וועט זיך ציהען אַ לאַנגע, שלאָפלאָזע נאַכט, פאַר איהם וועלען אויפשטעהן רופענדע פרויען־געשטאַלטען, און זיין קערפּער ,געמאַטערט פון ליידענשאַפט וועט זיך אָנצינדען ווי אין פייער.

— אָ, גאָט, ווי שווער דאָס איז אַלץ, — קלערט כאַינים,

געהענדיג אהיים. זיין צימער האָט ער גאָר ניט דערקענט. אין מיטען איז געשטאַנען א גרויסער טיש, באדעקט מיט א ריינעם ווייסען טישטוך. אויפ׳ן טיש שטעהען געשיר, פלעשלעך און א פארפאַרענע וואזע מיט געלער שמעקענדיגער אקאציע.

— אי, אי, — האָט כאַינים געשמייכעלט, זיך געזעצט ביים אָפענעם פענסטער און גענומען זינגען מיט א גמרא ניגון. די טיר האָט זיך פלוצלונג געעפענט, און אַרא איז אריינגעקומען, א פרעהליכע, אָנגעטאָן אין א רויטער בלוזע, מיט א דינער גאָל־דענער קייטעל אויפ׳ן האלז.

— שלום, הער כאַינים, — האָט זי געזאגט, אָפגעשטעלט זיך און טיף פארנייגט. — געפעהלט אייך איצט אייער צימער? וויפיל איך האָב דאָס געמוזט ארומקלויפען, איידער איך האָב גע־קראָגען די וואזע מיט דער אקאציע. טע... זאָגט נאָר קיינעם ניט אויס, דער טישטוך האָב איך שטילערהייט צוגענומען ביי דער מאמען. איך וועל שוין האָבען פון איהר, ווען זי וועט זיך דער־וויסען. און דער סדר וועט ביי אונז זיין א גרויסאַרטיגער. אָבער פארוואס זייט איהר אזוי טרויעריג, אזוי פאַרקלערט? — האָט גע׳טענה׳עט כאַינים.

אין די שולען האָט מען שוין געהאלטען ביים סוף דאַוונען. די געראָפענע געסט האָבען גענומען צונויפקלייבען זיך. אָט זיי־נען געקומען לאה און נחמה אין זייערע ווייסע שבת׳דיגע קליידער מיט די בלויע בענדלעך אין די געדיכטע שווארצע האָר. נחמה איז באלד צוגעגאנגען צו אַרא׳ן, און ביידע ארומגענומען זיינען אומגעגאנגען איבער׳ן צימער. און לאה האָט אָנגעטאָן א פארטוך און איז אוועק אין קיך העלפען דער בעל הבית׳טע. דאַן זיינען געקומען די טאַטשעטשניקעס, מענדעל, דוד און יעקעל, דער האָט לכבוד יום טוב זיך אויסגעפוצט אין זיין בלויער בלוזע און אָפגעפוצט די גרויסע סאלדאטען־שטיוועל.

— אַן אמת׳ער קאצאַפּ, — האָט איהם פריינדליך באגריסט כאַינים. זיי זיינען געווען אלטע פריינט. געקומען אויף איין שיף, זיך געוואַלגערט אונטען, דאַן געשלעפט די גרויסע זעק מיט זייער באַגאַזש, און שפּעטער שוין אין ארץ ישראל צוזאמען געאַר־בייט אין א וויינגאָרטען. זינגענדיג עפּעס איז אריינגעקומען דער

מאָהלער הררי מיט אַ לאַנגען געזיכט און זומער שפּרינקלעך און ארויסגעסטארטשטע אויגען. אַ פּאָרטרעטיסט, וואָס האָט געענדיגט די ירושלים׳ער קונסט שוהל „בצלאל״, איז הררי גע־ ווען נאָך באריהמט מיט זיין גרויסען זכרון און האָט ליב געהאט צו ציטירען רוסישע און אידישע שרייבער.

— איהר זייט אויך דאָ, אָרא? — האָט ער זיך דער־ פרעהט, — אָך, וואס פאר א טיפּישע קעפּעל פון א ספרדישער מיידעל. איך מוז אייך מאָהלען, — און ער האָט גענומען פאר־ ווארפען זי מיט קאָמפּלימענטען.

— נו, גענוג, — האָט אָרא געלאכט, — אין ירושלים זיינען פאראן ספרד׳קים שעהנערע פון מיר.

— ניין, אין אייך איז פאראן עפּעס אוממגעוועהנליכעס, ביבלישעס, — האָט דער מאָהלער ניט נאָכגעגעבען, דרעהענדיג זיך אַרום איהר.

שטיל און שעמעוודיג איז אריינגעקומען א מיטעל־יאָהריגע פרוי אין טרויער, די אלמנה פון א זשורנאליסט, וואס האָט צו־ זאמען מיט כאינים׳ען ארויסגעגעבען א מאָנאטליכען זשורנאל, זי האָט געלעבט זעהר אָרים. איהר מאן האָט זי געהאַלטען פאר א גרויסען שרייבער, און האָט נאָר ווער עס איז פאר איהר דערמאָנט זיין נאָמען, פלעגט באלד די פרוי מיט טרעהרען און זיפצען אָנהויבען דערצעהלען א לאנגע געשיכטע, ווי איהר מאן פלעגט שאפען זיינע אומשטערבליכע ווערק, וואס די אידישע ליטעראטור האָט נאָך ניט אפּגעשאצט.

כאינים האָט זי אוועקגעזעצט ביים טיש. זי האָט מיעד אראָפּגעלאָזט די הענט אויף די קניע און האָט אָנגענומען א פּאָזע פון א טרויסטלאָזער אלמנה. דער לעצטער איז געקומען דניאל. אָרא האָט איהם מיט פרייד באגעגענט, און ניט ארויסלאָזענדיג זיין האנט, האָט זי מיט א צערטליכער פאָרוואורף געזאגט:

— וואס פאר א שלעכטער איהר זייט! וואו זייט איהר דאָס אזוי לאנג פארפאלען געווארען? און איך האָב אייך געזוכט.

— ער איז אלע מאָל אזוי! פארשווינדט פּלוצלונג און

געה זוך איהם, — האָט באַמעאַרקט נחמה, שמייכלענדיג מיט איהרע ליבע חן־גריבעלעך.

מען האָט גענומען זעצען זיך צום טיש. כאַינים האָט גע־פרעגט, ווער פון די מיידלעך וויל זיין די מלכה פון סדר.

— זאָל אָרא זיין די מלכה! — האָט דער מאהלער א גע־שריי געטאָן.

אַלע האָבען אונטערגעכאַפּט: אָרא, אָרא! עס איז פרעה־ליך געוואָרען. אפילו אויף דער אלמנה׳ס געזיכט האָט זיך באַ־וויזען א שמייכעל.

— זעץ דיך אוועק, מלכה מיינע, לעבען מיר, — האָט כאַי־נים געזאָגט פייערליך, ווענדענדיג זיך צו אָרא׳ן.

דער סדר האָט זיך אָנגעהויבען. נאָך דער ערשטער ברכה האָבען אַלע אויסגעטרונקען זייערע כוסות. דאַן האָט מען אַראָפּ־גענומען פון שיסעל אן איי, א ביין און געבראָטענע פלייש, און מען האָט אויפגעהויבען א כוס מיט די ווערטער: „אָט איז דאָס ברויט פון די ליידענדע, דאָס ברויט, וואָס אונזערע אבות האָבען געגעסען אין לאַנד מצרים״.

די מיידלעך האָבען שווייגענדיג צוגעהערט, ווי די מענער זאָגען די הגדה. אָרא האָט בגנבה געקוקט אויף דניאל׳ן, און ווען זייערע בליקען האָבען זיך באַגעגענט, האָבען איהרע אויגען געלויכטען מיט א מערקווירדיגען ליכט. די אלמנה האָט שטיל געזיפצט, דערמאָנענדיג, מסתמא, איהר מאַן און די סדרים אין איינגענעם הויז. נחמה, די איינגסטע פון אַלעמען, איז אויפגע־שטאַנען און האָט געפרעגט די פיר קשיות.

אביסעל שפּעטער האָט מען גענומען געבען עסען. די מייד־לעך זיינען געלאָפען אין קיך העלפען דער ווירטין. נאָכ׳ן פיש און עטליכע באַקאַלען גוטען וויין איז דער מאהלער, ניט קענענדיג טרינקען, שוין געוועזן שיכור. ער האָט אויך גערעדט, האָט גע־מאַכט מיט די הענט, געוואָרפען ארום זיך דאָס געשיר און פאַר־זיכערט די מיידלעך, אז אַזעלכע קניידלעך האָט ער אפילו ביי זיין אייגענער מוטער ניט געגעסען. אָרא איז געוועזן אַנטציקט. דער שעמעדיגער דוד האָט, קוקענדיג אויף איהר, ניט אויסגע־האַלטען און האָט מיט א פלאַנטערענדער צונג געזאָגט איהר

עפעס א קאמפלימענט. זי האט זיך צולאכט און האט אין שפאס איהם א קלאפ געטאן מיט דער סערוועטקע איבער'ן האנט.

ביים סוף עסען זיינען די מענער געווען שיכור. וועלענדיג אלעמען אריבערשרייען, האט דער מאהלער מיט א הייזעריגער שטימע גענומען באווייזען דניאל'ן, אז אין מאהלעריי און סקולפ־טור וועלען נאך די אידען ווייזען וואס זיי קענען.

— אנטאקאלסקי און לעוויטאן זיינען נאך גאר נים, — האט ער געשריען, אויסשטעלענדיג אויף דניאל'ן זיינע גרויסע אויגען און אנכאפענדיג איהם ביים קנעפעל פון פידזשאק, — ביי אונז וועלען זיך נאך באווייזען אזעלכע געניאלע קינסטלער, וואס וועלען ערשטוינען די וועלט מיט זייערע וואונדערליכע ווערק. און דאס אלץ וועט זיך אנהויבען דא אין פאלעסטינא, אין אייגענעם לאנד. עס וועלען קומען נייע פאעטען, און זייערע לי־דער וועלען זיין דופטיגער און פארבענרייכער פון שיר השירים. נייע נביאים וועלען אויפשטעהן מיט פייעריגע ווערטער פון אמת אויף די ליפען. זיי וועלען ווידער דערמאנען דער וועלט אן דער פארברידערונג פון פעלקער, אן דער שעהנקייט און גרויסקייט פון דעם איינציגען גאט. יע, דאס וועלען זיין נביאים ווי ישעיהו און ירמיהו. א נס וועט געשעהן מיט אונזער פאלק. מיר וועלען ווידער אויפלעבען און ווערען יונג און שעהן ווי אמאל. דאס אלטע פאלק, וואס האט געגעבען דער וועלט א גאט וועט אויפשיינען, ווי די מארגען־רויט אין פריהלינג, און וועט ברענגען דער גאנצער מענשהייט ליכט און פרייד. ווארט, דו שמייכעלסט... און איך זאג דיר, אז א גרויסער נס וועט געשעהן. האסטו אין חדר געלערענט די נביאים? ווייניג, זאגסטו? איז הער! ... גאט האט אוועקגעשטעלט יחזקאל'ן אין מיטען א פעלד, וואס איז געווען באדעקט מיט ביינער. די ביינער האבען זיך באדעקט מיט פלייש, און פון פיר זייטען האט גאט אין זיי אריינ־געבלאזען א גייסט, און זיי האבען אויפגעלעבט. און זיי זיינען געווארען א גרויסע מחנה. און גאט האט געזאגט צו יחיזקאל'ן: „אט די ביינער באדייטען דאס הויז ישראל, זיי זאגען: אונזערע ביינער זיינען פארטריקענט געווארען, און אונזער האפנונג פאר־לארען געווארען, און אפגעזונדערט איז אונזער טייל. איז זאג

דיין נביא׳יש וואָרט צו זיי: אזוי זאָגט יהוה, איך וועל עפענען אייערע קברים, מיין פאָלק, און וועל אייך ארויסברענגען פון די קברים און אייך אריינפירהרען אין לאַנד פון ישראל״. — איצט פארשטעהסטו? — האָט פאָרטגעזעצט דער קינסטלער מיט פאַ־טאָס. אזוי וועט זיין מיט אונז. מיר וועלען ארויסקומען פון די קברים, און גאָט וועט אריינבלאָזען אין אונז אַ נייַ לעבען, און רייך וועט זיך צובליהען אונזער פרייד און אויסערגעוועהנליך שעהן וועט זיין אונזער נייער פריהלינג...

דער מאָלער האָט מיט אמאָל זיך מיד אראָפּגעלאָזען אויף אַ שטול און האָט שטיל צוגעגעבען:

— ניט דאָס זאָג איך. דער טייוועל וויים מיר. כ׳האָב שרעקליך ליב צו לייגען. אַלץ, ברודער, איז נארישקייטען, לאָמיר בעסער אויסטרינקען, דניאל. אין דיר איז פאַראן עפּעס גוטס, ברייטס, ווי די רוסישע סטעפּ, באַדעקט מיט בלומען. מען זאָגט, דו ביזט געבאָרען געוואָרען ביי דער וואָלגאַ. און אפשר גאָר ניט קיין איד אויך? ניט עהנליך עפּעס צו אונזעריגע. ס׳אַרא פּלייצעס, און דער פּנים איז אזוי גוט... נו, גיב מיר נאָך וויין. נאָר ניט קיין זיסען. פון איהם ווערט ניט גוט.

און ביים אַנדערען עק טיש האָט כאַינים געזונגען הויך און טרויעריג, צונויפדריקענדיג דעם קאָפּ מיט די הענט. דאָס איז געווען אַ ליד פון טרויער, פּיין און זיפצען, פון לאַנגע דורות אין גלות, פון לאַנגע שווארצע נעכט אין ישיבות און אָרימע שולען.

נחמה איז געשטאַנען לעבען כאַינים׳ען און זעהענדיג טרערען אין זיינע אויגען, האָט זי געבעטען.

— מען דאַרף דאָס ניט זינגען, מען דאַרף ניט...

אימיצער פון די מאַנסבילען האָט דערמאָנט, אַז עס איז צייט צו עפענען די טירען פאַר אליהו הנביא. אַלע זיינען אויפ־געשטאַנען. מען האָט געעפענט די טירען. כאַינים האָט אויפ־געהויבען אַ באַקאָל און געזאָגט „שפוך חמתך״. דערנאָך האָ־בען די מיידלאַך גערעדט, אַז זיי האָבען געהערט דעם שאָרך פון די ווייסע אטלאַסנע פליגעל פון נביא און אייניגע מינוטען זיינען זיי געווען פאַרטראַכט און שטיל.

נאָכ'ן עסען האָט מען גענומען זיך דרעהען אין קאַראַהאָד. די אַלמנה איז געזעסען אין ווינקעל, און ווי אַ שאָטען פון אומ־ענדליכען טרויער האָט זי ווי געזאָגט: „טאַנצט, טאַנצט, אַזוי לאַנג ווי איהר זייט יונג. באַלד וועט קומען אַלטקייט, און צו־זאַמען מיט איהר קראַנקהייטען און איינזאַמקייט. דער טויט וועט אָהן דערבאַרעמונג צונעהמען ביי אייך אייערע ליבע און נאָהענטע און אייער לעבען וועט ווערען פוסטער ווי אַ קבר. אָ, גאָט!"

— הו! הא! — האָבען די בחורים געטופּעט מיט די פיס צום טאַקט פון קאַראַהאָד־מאָטיוו. כאַינים איז שנעל מיר גע־וואָרען און איז געפאַלען אויפ'ן סאָפע שווער אָטעמענדיג. איהם איז געוואָרען ניט גוט, און ער האָט דערפיהלט דאָס אָנקומען פון דעם אָנפאַל פון נערוועזימעט. איהם האָט אויסגעוויזען, אַז ווען ער וועט צורייסען אויף זיך דאָס העמד, וועט איהם לייכטער ווערען. אַלץ האָט זיך גענומען דרעהען אין אַ נעבעל, די שטי־מען האָבען זיך ווי פון דער וויים דערטראָגען, און ארום זיינען געשפּרונגען מאָדנע שאָטענס. פּלוצלונג האָט כאַינים אַ געשריי געטאָן און איז געפאַלען אויפ'ן דיל ווי אַ דער'הרג'עטער.

אביסעל שפּעטער איז ער ווידער געלעגען אויפ'ן סאָפע. און קוקענדיג אויף אַלעמען מיט בלאַנזשענדע אויגען, האָט ער זיך באַקלאָגט מיט אַ מידער שטימע. ער קען אַזוי לענגער ניט לעבען. עס ווילט זיך איהם כאָטש איין טראָפּען גליק. וואָס איז איהם דער ליטעראַרישער רוהם? אַ בעטלער, אַ קאַליקע, וואָס איז געליבט פון אַ פרוי, איז דאָך גליקליכער פון איהם. ער איז אָבער איינזאַם. דאָס האַרץ ווערט איהם צוריסען פאַר וועהטאָג.

— ליבער, ליבער כאַינים, — האָט נחמה געמורמעלט, — מיר ליבען דאָך אייך אַלע. און דער מאָהלער, שטעהענדיג אין מיטען צימער מיט'ן באָקאַל אין האַנט, האָט זיך געבעטען מיט אַ שיכור'ער שטים:

— געהט פון איהם אַוועק. דאָס קרעכצט אַ קראַנקע אידי־שע נשמה, וואָס איז נאָך פון קינדהייט פאַרוואונדעט געוואָרען פון גרויזאַמען לעבען. גיט איהם וויין, זאָל ער טרינקען. „גיט וויין צו דעם אומגליקליכען און טרויעריגען, זאָל ער טרינקען און

פארגעסען זיין אָרימקייט און ניט געדענקען מעהר זיין וועה", —
האָט געזאָגט די קלוגע מוטער פון קעניג לימאל. מיר לעבען אין
טרויער און בענקשאפט. און וואָס איז דאָס לעבען ? — האָט ער
אָנגעהויבען פילאָזאָפירען — רויך, שטויב, א ווינט אין פעלד,
וואָס וויגט די גראָזען, און מעהר גאָר ניט. איהר, מיינע ליבע,
געהט אוועק און לאָזט מיר זיך הארציג דורכריידען מיט איהם.
דאָס איז א מערקווירדיגער מענש.

דער מאהלער האָט זיך אראָפּגעלאָזען אויפ'ן דיל ביי כאַינים'ן צוקאָפּענס און האָט ווידער גענומען רעדען וועגען דער נישטיגקייט פון מענשליכען לעבען, ציטירענדיג אָהן אויפהער קהלת און אנדערע ספרים. באלד האָט מען גענומען זיך פאנאנדערגעהן. דניאל איז געבליבען מיט כאַינים'ען, מוראהאָבענדיג צו לאָזען איהם אליין. ער איז ארויסגעגאנגען אויף דער טעראסע. עס איז געווען א לבנה־נאכט. פון דערווייטען האָט זיך געזעהן דער ים אין א וואונדערליכען זילבער־שיין. ער האָט געזעהן ווי זייער גאנצע קאָמפּאניע איז געגאנגען צום נייעם שטעדטעל, און האָט נאָך לאנג געהערט נחמה'ס געלעכטער און די שטים פון דעם מאלער, וואָס האָט געבעטען אלעמען צו זיך צו הוליען ביז אין דער פריה. ענדליך איז אלץ שטיל געוואָרען. דניאל האָט זיך אָנגעשפּארט אָן א שטיינערנער קאָלאָנע און זיך פארטראכט. דאָ איז ער פאר־א־יאָהרען געזעסען מיט דינה'ן. דאָס איז געווען נאָך אָן אָוועגט ביי כאַינים'ען. אויך דאן האָט די לבנה געשיינט. דאָס מיידעל איז אינגאנצען געווען אין ווייסען, האָט גערעדט מיט א ווייכער שטים, האָט איהם געצערטעלט, און אזוי אומשולדיג זיינען געווען איהרע שעהנע סאמעטענע אויגען...

פלוצלונג האָט זיך דערהערט א שווערער לאנגער קרעכץ. דניאל האָט געאיילט צוריק אין צימער. כאַינים'ס אָפענע אויגען האָבען געוואנדערט ווי ביי א גייסטיג־קראנקען.

— איך וויל טרינקען, — האָט ער געזאָגט. באלד איז ער ווידער אנשלאָפען געוואָרען. דורכ'ן פענסטער האָט אריינגעשיינט די לבנה.

.5

אויפ'ן דריטען טאָג פסח האָט זיך געעפענט דער צוזאַמענ־פאָהר פון „פועלי ציון" און „הפועל הצעיר". דניאל האָט ניט געהערט צו קיין פאַרטיי. אָבער וועלענדיג טרעפען חברים פון די ווייטע קאָלאָניעס פלעגט ער באזוכען אלע פאַרזאַמלונגען.

צום סוף פון צוזאַמענפאָהר איז דניאל איינמאל ארויס פון א האלב פינסטערען, פאַרשטיקטען צימער פון א שמוציגען גאַסט־הויז, וואו די יוגענט איז הייזעריג געוואָרען דיסקוטירענדיג און ארויסשרייענדיג שעהנע פראַזען וועגען סאָציאַליזם, דעם אידישען פאָלק און דעם אלוועלטליכען פראָלעטאַריאַט. אויפ'ן גאַס האָט ער ערלייכטערט אָפגעאָטעמט און איז לאַנגזאַם א פאַרטראַכטער אוועק מיט א שטילען געסעל. אין די אויערען איז נאָך געווען דער טומעל פון די רעדען. באזונדערס אומערטרעגליך איז געווען דאָס פיסטשען פון א ניט שעהנער מיידעל אין ברילען מיט אונטער־געשאָרענע האָר, איינע פון די אָנגעזעהענסטע מיטגלידער פון דער פאַרטיי „פועלי ציון".

— גאָט מיינער, וואָס פאַר אַן אומאַנגענעמע פערזאָן, — האָט דניאל געקלערט.

פלוצלונג האָט ער באַמערקט ארא'ן. זי איז געגאַנגען איהם אַנטקעגען מיט א בוך און א העפט אין האַנט.

— אָט זעה איך אייך ווידער, — האָט זי געזאָגט מיט א שוואַכען שמייכעל.

זי האָט אויסגעזעהן מיד און אויסגעמאַטערט. אונטער די אויגען זיינען געווען בלויע רינגען, ווי זי וואָלט געווען קראַנק און געליטען פון שלאָפלאָזיגקייט.

— פון וואַנען קומט איהר? — האָט דניאל געפרעגט.

— געווען אויף א רעפעטיציע. אלץ געהט שלעכט. איך קען נאָך ניט מיין ראָל, און די פאָרשטעלונג דאַרף שוין באַלד זיין. שווער איז פאַר מיר די שפּראַך, און איך קען ניט פאַרשטעהן גוט העברעאישע ווערטער. איך קען דאָך ניט רוסלאַנד. מיט איין וואָרט, עס וועט זיין א פאָלשטענדיגער דורכפאַל.

— און איך האָב געהערט פאַרקעהרט, אַז איהר שפּילט

אויסגעצייכענט. אפילו כאינים זאגט, אז איהר האט א גרויסען טאלאנט. ער איז דאך גאנץ קארג אויף לויב־געזאנגען.

אַרא׳ס געזיכט האט אביסעל אויפגעשיינט.

— גאר אזוי! און מיר האט ער וועגען דעם קיין ווארט ניט געזאגט, — האט זי זיך געוואונדערט. קומט אָבער צום ספעקטאקעל דניאל. איך וועל זעהן צו שפּילען גוט. מיט מיר טרעפט אָפט, אז פּלוצלונג לאזען זיך אראפּ די הענט, און איך הער אויף צו גלויבען אין מיינע קרעפטען. אָבער איך דאַרף נאָר ארויסגעהן אויף דער ביהנע, און מיין הארץ ווערט גלייך מוטיג.

זיי זיינען געשטאַנען ביים טירעל פון אן אראבער הויף. פון א פענסטער האט אויף זיי געקוקט א יונגע מוטער מיט א זויג־קינד אויף די הענט. פון ערגעץ האט זיך צו זיי דערטראָגען א טרויעריגער מאָטיוו פון אן אראבער, וואס פאַר־קויפט קאלטע געטראַנקען.

— מאָרגען גלייך אין דער פריה געה איך מיט א קאָמפּאַניע אוועק אויף א שפּאציר, — האט דניאל געזאגט.

— וואוהין?

— אין יריחו און צום ים המלח.

— און מיידלעך געהען אויך מיט אייך?

— ניט איינע וועט מסתמא געהן.

— גאָט מיינער, ווי וואָלט איך אויך געוואָלט געהן! — איז אַרא טרויעריג געווארען. — אָבער צוליב דער רעפּעטיציע וועל איך מוזען בלייבען אין דער שמוציגער שטאָדט. נו, אויפ׳ס ווי־דערזעהן. זייט אויף דער פארשטעלונג.

— איך וועל אייך אביסעל באגלייטען, — האט דניאל פאר־געשלאָגען.

— קומט!

אין אָוונט איז דניאל געשטאַנען ביים אָפענעם פענסטער פון זיין צימער. ער האט זיך געפיהלט ניט זעהר גוט. אנטקעגען מאלקאוו׳ס גאסט־הויז איז געווען אן ארימע אראבישע קאפע. ביים שוועל, מיט די פיס אונטער זיך, זיצט דער שטענדיג שלעפעריגער דיקער בעל הבית אין זיין האלב־זיידענעם כאלאט, עהנ־

ליך צו א כענעזישען אפגאט. און אונטער דעם דרויסענדיגען דאך רויכערען קאליאן עטליכע בעדואינער אין ברוינע אבאיעס. איינעם פון זיי קען דניאל. דאס איז א באוואוסטער רויבער, דער אטאמאן פון דער גאנצער באנדע פון איבער דעם ירדן. אט איז ער אויפגעשטאנען, א שלאנקער און דינער, האט זיך לאנג־זאם ארומגעקוקט מיט זיינע גרויסע טרויעריגע אויגען, און צו־דריקענדיג די הענט צום הארצען, — א צייכען פון זעגענען זיך מיט'ן בעל הבית, — געהט ער רוהיג אוועק. און אט געהט דער הויקערדיגער אראבער, א בארוועסער, אנגעטאן נאר אין א לאנ־גען לייוונטענעם העמד. דאס איז א היגער „אבומאסארי", — א גרויסער עושר, דער באזיצער פון רייכע אפעלסינען גערטנער. ער איז א מיטגליד פון א הייליגער מוסולמאנישער חברה. אויף לויות איז ער אלע מאל דער ערשטער. דניאל זעהט איהם אפט אין פראצעסיעס. ער געהט פאראויס און זינגט טרויעריגע תפלות...

פלוצלונג דערהערט דניאל באקאנטע שטימען. כאינים קומט צו מיט אראַ'ן. פון וואנען געהען זיי, קלערט ער, וואו זיינען זיי געווען? אפשר זיינען זיי געזעסען ביים ים, און ער האט זיך פאר איהר באקלאגט אויף זיין איינזאמקייט, און זי האט איהם געטרייסט? איבעריגענס, ניט זיין זאך, וואו זיי זיינען גע־ווען. מען דארף בעסער געהן שלאפען. מארגען אין דער פריה דארף מען דאך אוועקגעהן.

ביינאכט האט זיך דניאל אפט אויפגעכאפט. ער האט אלץ מורא געהאט צו פארשלאפען. אפט האט ער אנגעצונדען דעם לאמפ און געקוקט אויפ'ן זייגער. ענדליך האט אנגעהויבען צו טאגען. אויפ'ן הויף האט געקרעהעט א האן. דניאל האט זיך אנגעטאן און איז ארויס אין גאס. עס איז געווען קאלט. אין הימעל האבען זיך אויסגעלאשען די שטערען. ער האט אויפ־געציטערט, א קוק געטאן צום מזרח און האט זיך דערמאנט א וואונדערליכען חלום, וואס ער האט געזעהן די נאכט. ער איז געווען אויף דער וואלגא, אין זיין אייגענעם שטעדטעל. עס איז געווען פריהלינג און אלץ האט געבליהט. ער איז געלעגען אויפ'ן גראז אין וואלד און האט געקלערט, ווי גוט דאס איז צו זיין

מיט אייגענע נאָך לאַנגע וואַנדער־יאָהרען. אַט געהט צו איהם צו זיין שוועסטער. זי איז אין א העלען קלייד מיט רויטע בלו־מען אין די האָר, און זי איז אַזוי אויסגעוואַקסען און שעהן. קום אהיים, זאָגט זי, די מוטער וואַרט אויף דיר. דו וועסט דאָך מאָרגען אין דער פריה ווידער פון אונז אוועקגעהן. — אין דער פריה האָט די זון געשיינט, ווען ער האָט זיך געזעצט אויפ׳ן דאַמ־פער. ביים האפען שטעהען א סך מיידלעך אין בונטע קאָסטיו־מען. — ברודער, ווי גליקליך דו ביזט! פאָהרסט אין ירושלים, — זאָגט די שוועסטער. — ער פאָהרט צו דער כותל מערבי, — מור־מעלט די מוטער. — ער וועט דאָרט בעטען פאַר אונז...

אויף דעם גאסט־הויף, וואו די קאָמפּאַניע דאַרף זיך צו־נויפקלייבען, איז נאָך קיינער ניטאָ. דניאל זעצט זיך אויף א ביינקעל, פאַרמאַכט די אויגען, און איהם חלום׳ט זיך: ער איז אליין אין א טויטער שטאָדט, וואס איז איינגעהילט אין אייביגער פינסטערניש. די הייזער ארום זיינען ליידיג, אומזיכטבאַרע שאָ־טענס באַוואוינען זיי. אַלץ איז שטיל. נאָר דער ים רוישט, רוישט...

דניאל כאַפּט זיך אויף, שטימען הערען זיך. דאָס קומט צו דער מאַהלער הררי מיט א מיידעל.

— ביזט אליין?

— ווי דו זעהסט, — ענטפערט דניאל, — אונזערע בחורים האָבען זיך פאַרשפּעטיגט.

— אָבער אָט קומען זיי אָן. עס קומט דער עלטערער קאַפּ־לאַן. מען דערצעהלט וועגען איהם, אַז ער האָט פאַרלאָזען א פאַ־מיליע, האָט געוואָרפען א רייך לעבען און איז אוועק אין פּאַלעס־טינא אַרבייטען פון טאָג. ער איז קליין, מאָגער, טראָגט א באָרד, וואָס איז ערטערווייז שוין גרוי, אָבער פון זיין גאַנצער קליינער פי־גור וועהעט עפּעס א נאָכגיביגקייט און פרידליכקייט. — די אַנ־דערע קומען אָן פרעהליכע מיט זעקלאָך אויף די אַקסלען און שטע־קענס אין די הענט. א הויכע אַרבייטערין, וואָס מען רופט „קאַ־זאַק" פאַר איהר קראַפט, איילט אַלעמען צו: „שוין צייט! באַלד געהט אויף די זון" און א ברייט־פּלייציגער בחור כאַפּט זי אַרום ביי דער טאַליע און פרעגט:

— נו, קאזאק, זיך גוט אויסגעשלאָפען?

זי שטויסט איהם אָפּ. נעהמט ארויס פון קעשענע אַ קליינעם רעוואָלווער און דראָהעט איהם אין שפּאס:

— אוועק, איך וועל דיך דערשיסען!

— אַזוי! — לאַכט דער בחור, — אָט דאָס איז אַ מיידעל!

אַן א זייט, ניט וועלענדיג מען זאל זי באמערקען, האלט זיך די מאָגערע נייטערין, וואָס הוסט אין פויסט. די חברים האָבען זי געוואלט אפּרעדען פון באטייליגען זיך אין דיזען שווערען שפּאציר, אָבער איהר ווילט זיך אזוי זיין אין אַ פרעליכער קאָמפּאניע, אויף דער פריי. שווער דאָך צו זיצען א גאנץ לעבען איינגעבויגען מיט דער נאָנדעל אין האנט איבער פרעמדע קליידער...

די קאָמפּאניע ריהרט זיך צום מארק, געהט פארביי אַן אלטע טערקישע געפענגנים מיט אַ הויכען פינסטערען טורעם און איז באלד אויפ'ן ברייטען סולטאנער וועג, וואס פיהרט צו ירושלים. אין מזרח, איבער די בערג פון יהודה, געהט אויף די מארגענרויט. דורך די דורכזיכטיגע ראָזע וואָלקענדלאך רויטלען זיך אין הימעל וואונדערליכע טולפּאנען און ברענען, ווי זיי וואָלטען אָנגעגעצונדען געווארען פון די אומזיכטבארע פייערדיגע פיילען פון דער זון...

און דער וועג ווערט ביסלעכווייז באלעבט. פון די דערבייאיגע דערפער איילען צום מארק מיט קערב אויף די קעפּ פעלאשקעס. עס ציהען זיך קעמלען און עס קלינגט דאָס הירזשען פון יונגע אייזלען, אָנגעטריבען פון אראבער אינגלעך. און ווייטער אויף די ברייטע פעלדער זעהען זיך די אָנגעבויגענע פיגורען פון אראבערינס, וואס רייסען אויס ווילדע גראזען, מאָן, געל־ווייסע רומאשקעס. דאָ, אין פעלד זיינען זייערע טונקעלע געזיכטער מיט דער בלויער טאטואירונג אינגאנצען אָפען, און מיט נייגעריגקייט באטראכטען זיי די פארבייגעהער און באגריסען זיי מיט הויפענס בלומען.

אין עטליכע שעה ארום קומט די קאמפּאניע אַן אין אַ קליין אראביש שטעדטעל און געהט אריין אין אַ אידישען גאסט־הויף.

דער בעל־הבית, וואס שטאמט פון פוילען, מיט לאנגע פאות, ווערט אויפגעלעבט, דערזעהענדיג די געסט.

— חיה, שטעל גיכער דעם סאמאָוואר!

מען בייסט צו און מען באשליסט אפצורוהען און געהן ווייטער, ווען די בייטאָגיגע היץ וועט אריבערגעהן.ביים טיש רעדט מען וועגען די לעצטע ארבייטער צוזאמענפאָהרען. דאן געהט מען איבער צו די פאלקס־פארוויילונגען, וואָס ווערען געמאכט יאָהרליך פסח־צייט אין איינער פון די קאָלאָניען פון יהודה.

דניאל איז אריין אין א זייטיגען צימער און האָט זיך צוגעלייגט. אין ווינקעל ביים פענסטער אויף א קליינעם טישעל איז געשטאַנען אַן ארימער ארון קודש. דניאל האָט צוגעמאכט די אויגען און געגומען איינשלעפערען, פיהלענדיג אַן אנגענעהמע מידקייט אין גאנצען קערפער. און ווען ער האָט זיך אויפגעכאפט, איז שוין קיינער אין הויז ניט געווען. די קאָמפאניע איז נאָר וואס אוועק. אויפ׳ן הויף ביים ברונעם אויף א שטיין איז געזעסען דער מאהלער און האָט זיך געשפּילט מיט דעם בעל הבית׳ס אינגעל.

— עס מאכט ניט אויס, מיר וועלען זיי דעריאָגען, — האָט געענטפערט דער מאהלער. — ס׳ארא וואונדערליכע שטילקייט. הער זיך נאָר איין! און ווי געפעהלט דיר אָט דער בחור? קוק נאָר אויף זיין ליבען פּנים, — דער מאהלער האָט אָנגענומען מיט ביידע הענט דעם אינגעל׳ס קאָפּ און איהם אומגעדרעהט צו דניאל׳ען. אויגען ווי ביי א ווילדען אדלער. און וועט ער אויסוואקסען, וועט ער עפענען א קרעמעל און האנדלען מיט הערינג אָדער גאָר מיט אלטע הויזען. און דאָס זיינען דאָס די אור־אייניקלאך פון די באריהמטע מכבים, — האָט דער מאהלער אפגעזיפצט.

— פון וואנען ווייסטו? — האָט דניאל געפרעגט, — אפשר וועט פון דעם אינגעל אויסוואַקסען א גוטער ערד־אַרבייטער, וואָס האָט ליב די ערד?

— וואס פאר אַן ערד־ארבייטער! קוק נאָר אָן זיין פּאָטער — האָט דער מאהלער א מאך געטאָן מיט דער האנט.

דניאל האָט געגעבען דעם אינגעל א מעטאלענע מטבע, האָט

איהם א קוש געטאָן, און די פריינד האָבען גענומען געהן. זיי זיינען פארבייגעגאנגען אן אלטען גריכישען קלויסטער מיט א מעשענעם קופּעל, וואס האָט העל געשיינט אויף דער זון. דאן זיינען זיי פארבייגעגאנגען אן אומעטיגען אראבישען בית עולם, צווישען די קברים האָט זיך געזעהן אן איינזאמע פיגור אין שווארץ, וואס איז ווי פארגליווערט געלעגען איבער א שטיין.

— די קאָמפּאניע איז שוין מסתמא ווייט אוועק. — האָט געזאָגט דניאל, ווען זיי זיינען ארויס אויפ'ן סולטאנער וועג.

— זאָלען זיי געהן, — האָט געזאָגט דער מאהלער, באטראכ־טענדיג די וויסטע געגענד ארום, — זאלבאנאנד איז עפּעס בעסער צו געהן.

אין דער ווייט האָבען זיך געוויזען צוויי רייטער אויף ווייסע פערד. דאָס זיינען געווען בעדואינער אין ברייטע אבאיעס און רויטע שטיוועל. זייערע קעפּ זיינען געווען באדעקט מיט העלע טיכלאך מיט דיקע שווארצע שנורען אויבען.

באגעגענענדיג זיך, האָבען זיי זיך באגריסט, און איינער פון די רייטער האָט געפרעגט:

— ווער זייט איהר און וואוהין געהט איהר?

— מיר זיינען אידען, — האָט געענטפערט דער מאהלער, וואָס האָט פריי גערעדט אראביש, — און מיר געהען אין ירושלים.

— אָ, יענע שטאָדט ליגט ווייט הינטער די בערג, — האָט דער בעדואין א שמייכעל געטאָן, באווייזענדיג זיינע שעהנע ווייסע צייהן, — געהט אין פרידען. — און זיי זיינען זיך פאנאנ־דערגעגאנגען.

— אָט וואָס מיט מיר איז געווען מיט א יאָהר צוריק, — האָט אָנגעהויבען דניאל, ווען די רייטער זיינען אפּגעפאהרען, — עפּעס א קאָלאָניסט האָט מיך אנגעדונגען צו פיהרען שטיינער פאר'ן אלטען שאָסעי. אין דער פריה האָט דער בעל הבית איינ־געשפּאנט זיינע צוויי פערד, און מיר זיינען אָוועקגעפאהרען. לעבען גאסט־הויף איז געלעגען א גרויסער הויפען קליינע שטיינד־לאך. מען האָט די שטיינער געדארפט צו־פיהרען צו די ערטער, וואס האָבען געדארפט פאררירכט ווערען. איך האָב זיך א גאנצען טאָג אפּגעמאטערט מיט די קראנקע פערד. נאָך דער ארבייט

האָב איך באַשלאָסען צו זאָגען דעם בעל הבית, אַז איך קען מעהר ניט. ער האָט אויף דעם גאַר ניט געענטפערט און נאָר געגעבען אַן עצה:

— בלייב דאָ נעכטיגען. מאָרגען איז אַן אַראַבישער יום־טוב, און פון אַלע דערפער קומען אַהער אַן מענשען. וועט מען דיך טרעפען אין וואַלד, וועט מען דיך צושלאָגען.

איך האָב געוועהנליך ניט געפאָלגט. דער בעל הבית האָט מיר געגעבען דריי בישליקס. איך האָב גענומען אַ דין, בוּיגיג צווייגעל און בין געגאַנגען צוריק אין קאָלאָניע. עס איז שוין געווען טונקעל. באַלד בין איך געווען אין וואַלד. איך געה אַזוי פאַרטיפט אין טרויעריגע געדאַנקען וועגען לאַנג פאַרגאַנגענע צייטען. פּלוצלונג הער איך: דין־דין. און דאָ איז שוין געוואָרען פינסטער. איך האָב איבערוועלטיגט מיין שרעק און בין מיט פעסטע טריט געגאַנגען אנטקעגען דעם גלעקעל. אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָבען זיך פון הינטער די בוימער באַוויזען צוויי אַראַבער, איינער אויף אַ פערד און אַן עלטערער אויף אַ קליינעם אייזעל. זיי האָבען זיך אָפּגעשטעלט און געבעטען ביי מיר פּאַפּיראָסען.

— איך רויכער ניט, איך האָב ניט קיין פּאַפּיראָסען, — האָב איך געענטפערט.

דער יונגער האָט מיט אַ שרעקליכער גרימאַסע מיר אַ שמיץ געטאָן מיט'ן בייטש איבער'ן רוקען. איך האָב אַ געשריי גע־טאָן פאַר גרויס וועהטאָג און האָב אָנגעכאַפּט דעם פערד פאַר'ן צוים. דאָ האָט דער עלטער זיך אַ לאָז געטאָן אויף מיר. ווען איך בין געקומען צו זיך, זיינען זיי שוין געווען ווייט. ווען איך בין אָנגעקומען אין קאָלאָניע, בין איך אַראָפּ אין ווייַן קעלער. אין דער פינסטער און שמוץ זיינען דאָרט געלעגען תמינ'ער. איך האָב זיי דערצעהלט די געשיכטע און געוויזען די בלויע צייכענס. אַ דאַרע פרוי אין שמאַטעס האָט זיך צואווינט און האָט גענו־מען דערצעהלען:

— אָט די גזלנים האָבען דאָך מיין מאַן דער'הרג'עט און מיך איבערגעלאָזען אליין מיט קליינע קינדער. און ער איז געווען אַזוי יונג.

דניאל איז אנשוויגען געווארען.

— יע, מיט די אראבער וועלען מיר נאך האבען א סך צו טאן, איידער מיר וועלען זיי אביסעל ציוויליזירען, — האט באמערקט דער מאהלער.

די חברים קומען צו צו א קליין דערפעל. אנטקעגען זיי לויפען עטליכע נאקעטע קינדער מיט שעהנע אויגעלאך און בעטען נדבות. ביים ברונעם זיינען פאראן עטליכע מיידלאך און פרויען. אייניגע פון זיי האבען אנגעפילט די קרוגען, און לאנגזאם און גראציעז געהען זיי מיט'ן שטעג צום דערפעל. און ווייטער אין פעלד שלעפט זיך אן ארימער פעלאך. אין זיין אוראלטע סאכע איז איינגעשפאנט אן אלטער קעמעל. די גאנצע צייט ציהט ער א טרויעריגען ניגון און ארום און ארום שווייגען די שטיינערנע בערג פון יהודה.

אין צוויי שעה ארום לייגען זיך די חברים שלאפען אין שאטען פון די בוימער ביי דער אלטער אראבער קרעטשמע. פאר־ביי האבען זיך געצויגען צו ירושלים רוסישע פילגרימען. דניאל האט זיך פריינדליך געגריסט מיט די קריסטליכע דאוונער און זיי האבען געענטפערט:

— גאט זאל דיך באשיצען, טייערער!

די זון פארגעהט. און ווידער א וויסטער וועג, שטיינערנע בערג. ווידער זעהט זיך אן ארים דערפעל מיט א קליינער וויי־סער מעטשעט איבער וועלכער עס שטעהט אן איינזאמע פאלמע. שטיל און טרויעריג איז ארום. עס דאכט זיך, ווי די בערג וואל־טען גע'חלומ'ט וועגען דער גוטער פארגאנגענער צייט, ווען איבער זייערע שפיצען האבען זיך אויף די ווילדע פערד געטראגען די מעכטיגע קריגער פון יהודה, פארפאלגענדיג די פלישתים. עס דוכט זיך, ווי די בערג וואלטען געבענקט נאך די דערפלאך פון יהודה, וואו עס איז אמאל געווען פרעהלאך, און וואו די טונקעל־הויטיגע טעכטער פון ישראל האבען מיט געזאנג גע־טאנצט אין קאראהאד ביים זון אונטערגאנג.

---

אין ירושלים זיינען די חברים אנגעקומען אין אווענט. זיי זיינען אוועק אין פאלקס הויז. ביים אריינגאנג זיינען געשטא־

נען צוויי הויכע טאַפּאָלען, ווי זיי וואָלטען וועמען געהיט. די גאַנצע קאָמפּאַניע איז שוין דאָרט געווען. אין דעם גרויסען גראַמען צימער האָט מען גערעדט אָהן אויפהער. מען איז געזעסען אין קליינע גרופּען און געפּלוידערט וועגען אַלץ אין דער וועלט. מען האָט געטרונקען טיי, געשפּילט אין „דאַמקעס" און שאַך, געדרעהט זיך ארום די מיידלאַך.

נאָכ'ן טיי האָט זיך דניאל אויסגעצויגען אויף אַ באַנק. דער מאהלער, נאָך ניט קיין אפּגערוהטער, האָט זיך שוין אַרומגערינגעלט מיט בחורים און מיידלעך און האָט זיי גענומען דעקלאַמירען ליבע לידער פון טשערניכאָווסקי און אויסצוגען פון שיר השירים. ער איז געווען גוט אויפגעלייגט, און זיינע גרויסע, ארויסשטאַרצענדע אויגען האָבען געלויכטען מיט פרייד. „ביזט שעהן, מיין פריינדין, ביזט שעהן, דיינע אויגען זיינען טויבען־אויגען", — האָט זיין שטים זיך געהער.

לעבען דניאל'ען איז געזעסען דער עלטערער קאַפּלאַן מיט עפּעס אַן אפּגעריסענעם ארבייטער. ער האָט דערצעהלט וועגען דעם געוועזענעם שמש פון פאָלקס־הויז, וואָס איז ניט לאַנג צוריק באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. די טרויעריגע געשיכטע האָט שוין דניאל געוואוסט. אַ יונגער ארבייטער, אַן אַנאַרכיסט נאָך זיינע איבערצייגונגען, איז געווען אין רוסלאַנד פאַראורטיילט אויף אייביגע קאַטאָרגע. אויפ'ן וועג אין סיביר איז איהם געלונגען צו אַנטלויפען, און ער איז געקומען אין פּאַלעסטינא, וואו עס האָט געוואוינט זיין ברודער, אַ וועכטער. די ברידער האָבען עפּעס ניט געקענט שטימען און זיינען זיך צוגאַנגען. דער שמש איז איבערגעגאַנגען פון קאָלאָניע אין קאָלאָניע, האָט אָפט געהונגערט און איז ענדליך קראַנק געוואָרען. אפּזייענדיג צוויי מאָנאַטען אין דעם יפו'ער האָספּיטאַל, איז ער פון דאָרטען ארויסגעקומען אַ שוואַכער. ער איז אין ירושלים געוואָרען דער שמש פון פאָלקס־הויז פאַר פערציג פראַנק אַ מאָנאַט.

ער האָט געלעבט איינזאַם און האָט זעלטען מיט וועמען זיך באַפריינדעט, כאָטש אין קלוב זיינען אַלעמאָל געווען יונגע־לייט. ער איז ווידער קראַנק געוואָרען, אָבער אין שפּיטאָל האָט מען איהם ניט צוגענומען. דאַן האָט ער אָנגעשריבען צום

דאָקטאָר א דראָהענדען בריעף, פאָדערענדיג פון איהם עטליכע הונדערט פראנק. דער דאָקטאָר האָט זיך איבערגעשראָקען. ער האָט צונױפגערופען די פארטרעטער פון ארבײטער פארטײען און זײ געזאגט: „זעהט, וואס פאר א רויבער און עקספּראָפּריאטאָרען עס האָבען זיך באװיזען צווישען דער אידישער יוגענד". מען האָט באשלאָסען צו כאפּען דעם אנארכיסט און איהם איבערגעבען צום רוסישען קאָנסול. מען האָט דאָס באאױפטראגט צו טאָן דרײען. באוואפענט מיט רעוואָלווערען און שטעקענס, ווי אויף א שלאכט מיט ווילדע בעדואינער, האָבען זײ זיך אין אָוונט באַהאלטען הינטער בוימער, און ווען דער שמש איז ארויסגעקומען פון פאָלקס-הויז, זײנען זײ אויף איהם אָנגעפאלען, איהם שטארק צושלאָגען און א געבונדענעם אָפּגעפיהרט אין קאָנסולאט. דאָ האָט מען איהם צעהן טעג אפּגעהאלטען פארשפּארט. דאן האָט מען איהם אפּגעפיהרט אין יפו און ארויפגעזעצט אויף א רוסישען דאמפער. אין עטליכע שעה ארום איז געקומען צולויפען א שי־פער אין אידישען רעסטאָראן און האָט דערצעהלט, אז דער יונגער „יהודי" אויפ'ן דאמפער האָט זיך אויפגעהאנגען. זאָל מען צו־נעהמען זײן קערפּער.

— איך האָב איהם געקענט, — האָט טרויעריג געענדיגט דער אָפּגעריסענער ארבײטער. — איך האָב געזעהן זײן קערפּער. ער איז געווען שרעקליך. דער קאָפּ איז געווארען בלוי צובלאָזען, די אויגען זײנען געווען גרויסע, גלעזערנע. די רויהע צונג האָט זיך ארויסגערוקט, און א פײנליכער אויסדרוק פון אומערטרעגלי־כען וועהטאָג איז געלעגען אויפ'ן געזיכט...

דניאל האָט אויפגעציטערט. אין דעם אנדערען עק צימער האָט דער מאהלער דעקלאמירט פון שיר השירים. דניאל האָט צוגעמאכט די אויגען. ער האָט געקלערט וועגען דעם טויטען שמש, און א קעלט איז איהם אריבער איבער'ן לײב. ער איז אײנגעשלאָפען, און א שווערער קאשמאר האָט איהם גענומען דריקען. א מיאוס'ע אלטע מיט פינסטערע לעכער אָנשטאָט אוי־גען, מיט א נאקעטען שארבען האָט זיך מיט איהר גאנצען העס־ליכען, בײנערדיגען קערפּער ארויפגעלײגט איהם אויפ'ן ברוסט

און ארומגעכאפט זיין האלז און זיך איינגעגעסען מיט איהרע שארפע נעגעל.

דניאל האט זיך אויפגעכאפט. עס איז געווען האלבע נאכט. די ארבייטער זיינען געשלאפען אויף די בענק און אויפ'ן דיל. דניאל האט טרויעריג געקוקט אויף זיי און געקלערט, אז שווער איז דאס לעבען פון אט די בחורים און מיידלאך. א סך פון זיי האבען אוועקגעווארפען א פארזיכערט לעבען אין רוסלאנד און געקומען אהער מאטערען זיך און הונגערען.

דאס מיידעל „קאזאק" האט זיך אויפגעכאפט און א געשריי געטאן:

— קינדער, שטעהט אויף! שוין צייט צו געהן!

אביסעל שפעטער איז די קאמפאניע אוועק אויפ'ן וועג צו יריחו. הינטער אלעמען זיינען געגאנגען דניאל מיט'ן מאהלער. די אלטע שטאדט איז געשלאפען. פון די טונקעלע, געהיימניס־פולע געסלאך האבען זיך געזעהן די איינזאמע פיגורען פון די וועכטער — אראבער איינגעהילט אין אבאיעס.

אין דער פריה איז די קאמפאניע אנגעקומען אין יריחו. מען האט אפגערוהט אין א אידישען גאסט־הויז, און ווען עס איז גע־ווארען קיהלער, איז מען אוועק דורך דעם מדבר צום ים המלח.

עס איז געווען שווער צו שפאנען איבער'ן הייסען זאמד פון מדבר וואס, האט זיך געצויגען אהן א סוף. קליינע שטיינדעלעך האבען געפינקעלט אויף דער זון ווי אלמאזען. פון די בערג פון אונטער'ן ירדן האט געבלאזען א טרוקענער ווינט און דער דורשט האט געמאטערט. די קאמפאניע איז געגאנגען פאמעלאך, פאנאנ־דערגעווארפען. דניאל פלעגט זיך אומקוקען אויף צוריק. דארט איז געלעגען דאס ארימע דערפעל יריחו. נעבען די עטליכע לייי־מענע באטקעס און א צעהנדליג שווארצע ביידלאך האבען זיך געבלאנקעט האלב נאקעטע פאסטוכער און עס האבען זיך געפי־טערט ציגען און שעפעלאך.

— איך קוק אלץ אויף ירוחן — האט געזאגט דניאל צום מאלער, — סאר'א ארימקייט.

— יא, האט זיך ווי אויפגעכאפט פון זיינע געדאנקען דער מאלער. אין דער מדבר האבען געלעבט די וואונדערבארע שטע־

לע אשיים. אזוי זעה איך זיי. אַט גנהען זיי ארום אין זייערע לאנגע ווייסע קליידער, אין דעם שטילען ליכט פון שטאַרבענדען טאָג און קלערען וועגען גאָט. דערנאָך איז אהער געקומען יוחנן. ס'ארא צייטען עס זיינען דאן געווען, און וואס פאר א מעכטיגע מענשען עס האָבען דאן געלעבט אויף דער ערד. ווייסט, איך קלער אמאָל, גאנץ ארץ ישראל דארף מען ארומצוימען מיט א גרויסער וואנט, און זאָל דאָס לאנד אייביג בלייבען, פארלאָזען און ווילד, ווי א אור־אלטער בית־עולם, פארוואקסען מיט גראָז און בלומען. אזוי אָבער וועלען זיך אנלויפען אהער זשעדנע געשעפטסלייט, וועלען בויען פאַבריקען, הויכע שווארצע קוי־מענס וועלען זיך ציהען אין הימעל אריין, מען וועט דורכפיהרען אייזענבאהנען, און דאן וועט אויף אייביג פארשווינדען גאָט'ס בענקענדער גייסט, וואס שוועבט אויף דער הייליגער ערד. דאָס לאנד אָבער דארף בלייבען א טרייסט פאר דער גלויבענדער מענש־הייט.

דניאל האָט גאר גישט געענטפערט. דער מאָלער האָט איהם נישט איין מאָל ארויסגעזאגט אזעלכע געדאנקען, נאָר ער פלעגט מיט איהם ניט איינשטימען. ס'האָט זיך באַוויזען א ברוינע ביידעל, פון דאָרט האָט ארויסגעקוקט אן אראבער מיט בליש־טשענדע אויגען. די קאָמפּאניע לעבט אויף. אביסעל שפּעטער געהען זיי שוין צום ירדן, וואָס זילבערט זיך פון ווייטער, ווי א העלער פאַס אויף דער זון.

— ניט אמת, דניאל, האָט דער מאָלער אנגעהויבען, — אָט דאָס טויטע וואסער דערמאָנט א פאר'כישופ'טע פּרינצעסין. זי ליגט אונטער א גרויסען גלאנציגען סאַמעט, וואס איז באַצירט מיט בלויע בלומען און פּורפּור אוזאָרען און איהר וואונדערליכער שלאָף איז פול מיט שעהנע חלומות.

דניאל האָט פארטראכט געקוקט אין הימעל און גארניט גע־ענטפערט. איהם האָט זיך אויסגעוויזען, אַז הויך, הויך אין דעם בלויען רוים זינגט א פארבאָרגענע לערך.

אָפּגערוהט, האָט די קאָמפּאניע גענומען געהן צוריק. דער מאָלער איז אוועק מיט א מיידעל און דניאל איז נאָכגעגאנגען אליין פון הינטען. די זון האָט זיך געזעצט. דניאל האָט אויס־

געטרונקען דעם לעצטען זופּ וואסער פון זיין פלעשעל, האָט גע־נומען געהן שנעלער, וועלענדיג דעריאָגען די קאָמפּאניע, נאָר ער האָט מיט אמאָל דערפיהלט א שטארקע מידקייט און האָט אָנגע־הויבען געהן לאנגזאמער.

— אך, א טרונק, — טראַכט ער, און כאפּט זיך ווידער פאר דער פלאש, נאָר עס איז א טראָפּען וואסער ניטאָ.

— הררי, ווארט אויף מיר! — רופט ער דעם מאלער, נאָר קיינער ענטפערט נישט. די קאָמפּאניע איז שוין אוועק ווייט פאָראויס. דער טונקעלער בין השמשות ווערט געדיכטער און מאָדנע שטיל איז אין דער מדבר. אָט, וואקסט איינזאם א וויל־דער שטעכעדיגער דאָרן. דניאל לאָזט זיך אראפּ אויף דער ערד און פארמאכט פון מידקייט די אויגען. אין מויל איז איהם טרוקען און עס ווילט זיך אזוי טרינקען. ער דערמאָנט זיך, ער האָט ערגעץ געלעזען, אז די, וואָס שטרבען פון דורשט, זעהען אין די לעצטע מינוטען וואונדערבארע אָאזיסען. זיי חלום'ען פון פליסענדע וואסערען, פון א שטיל ווינטעל, אין די שאָטענס פון גרינע בוימער, און פון גרויסע, פולפארביגע צארטע בלומען באדעקטע מיט טוי.

דניאל איז אויפגעשטאנען און האָט זיך אוועקגעשלעפּט ווייטער. פון ירוחן האבען געפינקעלט צוויי־דריי פייערלאך, ער איז געגאנגען זיי אנטקעגען, נאָר אביסעל שפּעטער האָט ער זיך ווידער דערזעהן ביים דאָרן און ער האָט זיך ווידער אראפּגעלאָזט אויף דער ערד. מיט אמאָל האָט זיך איהם אויסגעדוכט, אז אונ־טער'ן דאָרן רוישט א וואסערעל, און זיין פּנים איז באלויכטען געוואָרען מיט גליק.

— וואסער, וואסער!

אין א האלבער שעה ארום האָבען די ארבייטער און צוויי מיידלאך, וואָס האָבען זיך אומגעקערט פון ירדן, ארומגערינ־געלט דניאל'ן.

---

אין דער פריה, ווען די קאָמפּאניע איז געגאנגען צוריק אין ירושלים, זיינען דניאל און דער מאהלער ווידער אפּגעשטאנען פון די אַנדערע און האָבען זיך אראפּגעלאָזען אין א טאָל. דאָרט

האָט זיך געפונען אין אלטער רוסישער מאנאסטיר אונטער אַ גרויסען פעלז. אריבעגעהענדיג א קליין בריקעל איבער א פליי־סיגען טייכעל, זיינען זיי איבער א שמאָלען, געדרעהטען שטעג צו־געקומען צום מאָנאסטיר א הויכער, דארער מאָנאך אין א שוואר־צען מאנטעל איז זיי געקומען אנטקעגען.

— פון וואנען? — האָט ער געפרעגט מיט אַ פריינדליכען שמייכעל.

— געגאנגען צום ירדן. געהען איצט צוריק אין ירושלים. — האָט דער מאהלער געענטפערט.

— בעטען גאָט?

— ניין, — האָט דניאל געענטפערט. — מיר זיינען אידי־שע ארבייטער און וואוינען אין פאלעסטינא שוין לאנג.

— איהר זייט ווילקאָמען, — האָט דער מאָנאך געזאָגט. — מיר זיינען אלע קינדער פון איין גאָט.

ביים אריינגאנג איז געזעסען דער גרויער איהומען און האָט זיך געוואָרימט אויף דער זון. די פריינט זיינען אריינגעקומען אין א גרויסען, קיהלען צימער מיט א שטיינערנעם דיל און האָבען זיך געזעצט ביי א לאנגען טיש. דער מאָנאך האָט געבראכט א ברויט, אָליווען און אביסעל בראנפען אין א ראזען גראפין.

— בייסט צו, — האָט דער איהומען געזאָגט פריינדליך, — איהר האָט נאָך דריי שעה גאנג ביז ירושלים.

זיי האָבען אביסעל גערעדט, דערמאָנט רוסלאנד, דאן האָט דער איהומען ארויסגענומען א דיק, אלט בוך און האָט געבעטען דניאל'ן און דעם מאלער אנצואווייזען אדרעסען פון גוטע מענשען, וואָס וואָלטען פון רוסלאנד געקענט צושיקען דעם מאָנאסטיר געלט.

— מיר לעבען אין גרויסער אָרימקייט, — האָט דער אלטער אָפגעזיפצט. — אפשר וועט עמיצער העלפען די הייליגע ברידער...

ווען די פריינט האָבען שפעטער פארלאָזען דעם מאָנאסטיר, איז דער הויכער מאָנאך געלעגען אויפ'ן גראָז ביים קבר פון א היי־ליגען, און, בענקענדיג נאָך די ענדלאָזע סטעפּעס פון ווייטען רוסלאנד, האָט ער מיט אַ טרויעריגער שטים געזונגען: דאָלינאַ, מאָיאַ דאָלינאַשקאַ...

* * *

אויפ׳ן וועג צוריק אין ירושלים איז דניאל אריין אין א קאָ־לאָניע וואו עס האָט געדאַרפט פאָרקומען א פאָלקס יום־טוב. דער מאָלער האָט זיך אומגעקעהרט אין יפו. דניאל איז אין קאָ־לאָניע אָנגעקומען אין דער פריה. אלץ האָט שוין געהאַט א יום־טוב׳דיגען אויסזעהן. ד קליינע, שעהנע געסלעך מיט די ווייסע הייזלעך זיינען געווען פול מיט קאָלאָניסטען אין שבת׳דיגע קליי־דער. באַקאַנטע באַגריסען איינער דעם אַנדערען מיט „שלום״ און צוקושען זיך.

דער פעסט האָט זיך אָנגעהויבען נאָכמיטאָג. פון דער שול איבער דער הויפט גאַס איז א גרויסע מענגע געגאַנגען מיט מו־זיק און ווייס־בלויע פאָהנען.

ביי די זייטען האָבען געריטען די אידישע שומרים אין ווייסע ברייטע אַבאַיעס. ווייטער ביי די הייזער, אין א שאָטען פון בוי־מער, זיינען געשטאַנען אַראַבער און אַראַבערינס און האָבען צוגע־קוקט די „פאַנטאַזיע״. זיי האָבען אויסגעדריקט זייער פרייד און אַנטציקונג מיט הויכע אויסגעשרייען און באַוועגונגען מיט די הענט.

אָט האָט זיך די מאַסע אָפּגעשטעלט ביי דעם הויז פון ועד. אויפ׳ן באַלקאָן, וואָס איז געווען באַצירט מיט קליינע פאָהנען און ווייסע בלומען, באַווייזט זיך א הויכער אַלטער מיט א לאַנגער גרויער באָרד. דער עולם נעהמט איהם אויף מיט פרייד־געשרייען. מיט א ציטערענדער, אָבער נאָך שטאַרקער שטים רעדט דער אַל־מער וועגען וואוקס פון דער קאָלאָניע און דער פאַרוויקליכונג פון די טרוימען פון די אייביגע וואַנדערער. נאָך איהם רעדט א יונגער אַרבייטער. די יונגע לייט אַפּלאָדירען, און די מיידלאַך באַוואַרפען איהם מיט בלומען. ענדליך קומט אַרויס דער הויכער, ברייט־פּלייציגער דירעקטאָר פון דער יפו׳ער גימנאַזיע, מיט א שוואַרצער געקרייזעלטער באָרד און ברענענדיגע אויגען. זיין גאַנצע פיגור דערמאָנט אָן אַלטען אידישען קריגער פון די צייטען פון די מכבים. ער רעדט מיט א הילכיגער שטים, און זיין באַגריי־סונגס־רעדע פליסט ווי די וועלען פון א גרויסען, טיפען טייך...

די מאַסע געהט צום גרויסען, ברייטען פלאַץ, וואו עס פלע־גען פאָרקומען די לויפען אויף פערד. דאָ רייט שוין אַרום דער

יונגער ראובן, וואָס האָט יעדעס יאָהר באַקומען אַ פּרייז פאַר רייטען. ער איז באַריהמט אַפילו צווישען די בעדואינער, וועלכע האָבען ניט איינמאָל מיט אנטציקונג צוגעקוקט, ווי ער טראָגט זיך ווי אַ ווינט אויף זיין דינפּיסיגען פערד און וואַרפט און כאַפּט די לאַנגע, פאַרשפּיצטע פּיקע. לעבען איהם דרעהען זיך שוין אַנדערע רייטער, עטליכע שומרים, צוויי קאָלאָניסטען און איין אַראַבער.

די מאַסע האָט זיך פאַנאַנדערגערוקט אויף ביידע זייטען. די אויגען ביי ראובן'ען האָבען זיך צוברענט, ווי ביי אַ ווילדען יונגען אָדלער, און זיין פערד האָט מיט אונגעדולד געקלאַפּט מיט די קאָפּיטעס אָן דער ערד.

— ווייז וואָס דו קענסט אויך איצט, — האָבען ראובן'ען צוגעשריען בחורים און מיידלאַך, אנטציקטע פון זיין בראַווקייט און שעהנקייט.

די פערד האָבען זיך אויסגעשטעלט אין אַ רייה. אָן אַלטער קאָלאָניסט האָט אויסגעשאָסען, און די פערד האָבען זיך אַ לאָז געטאָן ווי אַ וויכער. אויף אַ מינוט זיינען די פערד פאַרשוואונדען אין דעם וואָלקען שטויב, און דאַן האָבען אַלע מיט אנטציקטע בליקען דערזעהן ראובנ'ען פאָראויס, און נאָך איהם דעם אַראַבער... אין עטליכע מינוט איז ראובן, ווי אַלע מאָל, צוריקגעקומען אַ זיגער. אַלע האָבען איהם ארומגערינגעלט און גראַטולירט, און ער, מיט זיין גוטען, אָפּגעברענטען געזיכט, האָט געשמייכעלט און אַלץ געגלעט זיין מידען פערד.

ווען די זון האָט גענומען פאַרגעהן, איז זיך דאָס פאָלק ביסלאַכווייז צופאָהרען, און די קאָלאָניע האָט צוריק אָנגענומען איהר פרידליכען אויסזעהן, און די ווייסע הייזלעך מיט די בוימער אונטער די פענסטער זיינען געשטאַנען פאַרקלעהרטע אין דער טונקעלבלויער נאַכט.

.6

עס איז געווען אין מיטען פריהלינג. די קאַקטוסען, מאַנדעלבוימער, אקאַציען, גראַנאַטען, וויינטרויבען און טייטעל־בוימער

האָבען געבליהט, און די פעלדער האָבען זיך באַדעקט מיט נייע בלומען. די טעג זיינען געווען הייסע, די נעכט ווייכע, סאמע־טענע, מיט ריינע, אויסגעשטערנטע הימלען — נעכט פול מיט צאַרטקייט און ליבע. גאַנצע טעג ביים ים האָט ניט אויפגעהערט דאָס רוישען פון די קינדער, וואָס האָבען זיך געשפּילט אין די וואַרימע בלויע וועלען. און פאַרנאַכט, איינגעהילט אין בלויען בין השמשות פלעגען זיך דאָ באָדען מיידלאך אין בונטע קאָסטיומען. זיי פלעגען שטיפען, ווי נימפען, אוועקשווימען ווייט, באַשפריצען זיך מיט פערל כוואַליעס, וואָס פלעגען ווייך און בגנבה לאַשטשען זייערע יונגע לייבער, לייגען זיך אויפ׳ן רוקען און רופען די פריינ־דינען מיט הילכיגע אויסגעשרייען פון פרייד.

איצט פלעגט דניאל זיך זעהן מיט אָרא׳ן יעדען טאָג. געוועהנ־ליך פלעגען זיין אין אווענט שפּאַצירען ביים ים.

אין איטאַליענישען קאַפע שפּילט די מוזיק. ביים ברעג זיצט אַן אָרימער אַראַבער און ציהט אַן אווענט־ליד אָהן ווערטער, וואָס איז פונקט אַזוי טרויעריג ווי זיינע פעלזיגע בערג און וויסטע סטעפּעס.

דניאל געהט מיט׳ן ברעג. אָט קומט אָן אָרא מיט איהר אַלטער מוטער. דערזעהענדיג דניאל׳ן, זאָגט זי דער אַלטער:

— געה, מוטער! איך וועל מיט איהם שפּאַצירען. דיין זון איז דאָך שוין פאַרגאַנגען.

דניאל מיט אָרא׳ן זיינען אוועק ווייט פון קאַפע. דער ברעג איז דאָ באַשטאַנען פון בערגלאך און איז געווען באַדעקט מיט פיל־פאַרביגע שטיינדלאך. פון צייט צו צייט האָט דאָס שטילע ווינטעל דערטראָגען די ווייכע קלאַנגען פון מוזיק, און דער ים האָט טרויעריג גערוישט, ווי ער וואָלט געזעגנען אַן אבשידס־ליד דעם פאַרגעהענדען טאָג.

— עס וועט אַריבער אַ צעהנדליג יאָהרען, — האָט דניאל גע־נומען אין דער הויך אַרויסזאָגען זיינע געדאַנקען — און פון אונ־זער גאַנצען וויסטען לאַנד וועט אפשר ווערען איין בליהענדער גאָרטען. אַרום וועט רוישען דאָס רייכע, בונטע לעבען, און פון אַלע עקען וועלט וועלען אהער אָנקומען אונזערע אָרימע ברידער.

זיי וועלן דאָ אָפּרוהען, אָנזאַמלען קרעפטען און אָנהויבען א נייַ לעבען.

— לאָמיר זיך זעצען — האָט געזאָגט אַראַ, ניט פארשטעהענ־דיג פאַרוואָס ער האָט עפּעס פּלוצלונג אָנגעהויבען רעדען וועגען פּאַלעסטינא און די אָרימע ברידער.

זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף א נידעריגען בערגעל.

— איהר זייט אָבער זעהר א הייסער ציוניסט — האָט זי געזאָגט — און איך וואָלט געוואָלט נאָר פאָהרען אין אייראָפּא און ווערען א באַוואוסטע אַקטריסע. מיר ווילט זיך רייכטום און רוהם. איך געדענק, ווי איך האָב אין קאַירא צום לעצטען מאָל געשפּילט „סאַפּהא". דער עולם האָט מיר ווילד אַפּלאָדירט. נאָכ־דעם בין איך עטליכע טעג געווען אין א וואונדערליכען חלום און אומגעגאַנגען ווי אין א נעבעל.

דניאל האָט געשוויגען און וועגען עפּעס געקלערט. עס איז געוואָרען פינסטער. זיי האָבען זיך אויפגעהויבען און זיינען גע־גאַנגען צוריק. דער ברעג איז געווען לעער. נאָר דער אָרימער אַראַ־בער האָט נאָך אַלץ געצויגען זיין טרויעריג ליד. אביסעל שפּעטער זיינען זיי געשטאַנען אין א שטילען געסעל ביי א קליינעם הויז, וואו אַראַ'ס עלטערען האָבען געוואוינט.

— האָט ניט מורא פאַר מיין מוטער — האָט אַראַ זיך צו־לאַכט. זי זעהט נאָר אויס בייז, אָבער זי האָט א גוט האַרץ. איך ווייס ניט פאַרוואָס זי האַלט אַלע לאַנג־האָריגע פאַר אפּיקורסים. איך האָב איהר געזאָגט, אַז איהר דאַווענט דריי מאָל א טאָג, ווי א גוטער איד. קומט אַריין!

אין הויז איז געווען ליכטיג. עס האָט געשמעקט מיט טרו־קענעם גראָז און מיט אַלערליי געווירצען, פון וועלכען די אַלטע האָט געמאַכט פאַרשידענע רפואות. מיט די פיס אונטער זיך איז די אַלטע געזעסען אויפ'ן דיל און שאָקלענדיג זיך לאַנגזאַם, גע־רויכערט שמעקענדיגען קאַליאַן, פאַרזונקען אין רינגען פון בלויען רויך. אַראַ איז מיט דניאל'ן אַריין אין אַנדער צימער און האָט פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר. דער צימער איז געווען גרע־סער. דאָ, אויף די נידריגע ברייטע פענסטער, האָבען אין ליימענע טעפּ געבליהט „פאַרגעס מיך ניט" און מאַרגאַריטקעס. פון די

טונקעלע ראמען אויף די ווענט האָבען געקוקט פּנים'ער פון אַלטע ספרדישע חכמים.

שטעהענדיג פאַר'ן שפּיגעל און פאַרריכטענדיג די האָר, האָט אָרא גערעדט מיט אַ שמייכעל:

— מיין מוטער קלערט מסתמא, וואָס פאַר אַ שלעכטע מיידעל זי האָט דאָס: נאָר וואָס געקומען צופאָהרען, און האָט זיך שוין אָפּגעזוכט אַ בחור. איך וועל אייך ווען עס איז דערצעהלען, ווי מיין ליבער עלטערער ברודעריל האָט געוואָלט איבערגעוואלט מיך חתונה מאַכען מיט איין אַלטען פרענק, וואָס האָט שוין געהאט איין געזעצליכע ווייב. ער איז געוועזן רייך און האָט מיך געוואָלט קויפען. ביי אונז איז אַזוי ווי ביי די אַראַבער. אין רוסלאַנד, זאָגט מען, איז ניט אַזוי. דאָרט זיינען די פרויען פריי. אין קאַירא האָב איך געהאט אַ באַקאַנטען רוסישען סטודענט, איוואַן סטעפּאַנאָוויטש. וואָס שמייכעלט איהר, איך רעד אפשר קאָמיש ארוים דעם נאָמען? אָט דער איוואַן האָט מיר זעהר פיל דערצעהלט וועגען רוסישע מיידלאַך־רעוואָלוציאָנערינס, ווי זיי ליידען אין די געפענגניסען און זיי שטאַרבען אין דער ווייטער, קאַלטער סיביר. אָ, סיניאָר, איך וואָלט אַזוי ניט געקענט ליידען — ביי אָרא'ן האָבען אַ גלאַנץ געטאָן טרעהרען אין די אויגען. דערנאָך האָט זי געגעבען דניאל'ן אַן אַלבאָם מיט אַנזיכטס קאַרטען און פאָטאָגראַפישע בילדער.

— דאָ וועט איהר געפינען לערנער'ן אויך, — האָט זי געזאָגט, אָנשפּאַרענדיג זיך אין זיין שטול.

דניאל האָט גענומען בלעטערען דעם אַלבאָם. אָרא האָט שטיל איינגעאטעמט דעם דופט פון זיינע האָר, איהרע אויגען האָבען זיך ווי ניט ווילענדיג האַלב צוגעמאַכט, און פּלוצלונג האָט זי דערפיהלט אַן אונווידערשטערליכען פאַרלאַנג צוצודריקען זיין קאָפּ צו איהר ברוסט...

דורכ'ן אָפענעם פענסטער האָט אַ וועה געטאָן אַ ווינטעל, וועהענדיג לייכט די געלע גאַרדינען און די בלומען אין די טעפּלאַך. אָרא האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט לייכט אַ ציטער געטאָן און האָט לאַנגזאַם אַ פיהר געטאָן מיט דער האַנט איבער'ן שטערן.

— ניט אמת, — האָט זי שטיל א זאָג געטאָן, — לערנער איז אויף אַט דעם בילד זעהר שעהן?

זי איז אָפּגעגאַנגען אין א זייט, האָט זיך פארקלערט, און אַן אונפארשטענדליכע גרויסע פרייד האָט באַלויכטען איהר נשמה.

— ווי שעהן דאָס לעבען איז, — האָט זי געזאָגט, ווידער צוגעהענדיג צו דניאל'ן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין א פּאָר טעג איז אָנגעקומען דער אָווענט פון ספּעקטאַקל.

דער קרייז „די אידישע ביהנע" האָט אַרא'ן רעקלאַמירט נאָך לאַנג פאר דעם. מען האָט וועגען איהר דערצעהלט וואונדער. ביי די פענסטער פון דעם הויז, וואו מען פלעגט יעדען אווענט רעפּעטירען, זיינען אַלע מאָל געשטאַנען א סך יונגוואַרג. אין די האָטעלען און גרויסע געשעפטען זיינען געווען אויסגעקלעפּט גרויסע רויטע אפישען, וואָס האָבען אָנגעזאָגט, אַז מען וועט באַלד אויפפיהרען „חאַשע די יתומה" מיט דער באַטייליגונג פון אַרא'ן.

אין אווענט פון דער פאַרשטעלונג איז ביי דער מיידעלשער שול, וואו דער ספּעקטאַקל האָט געדאַרפט געגעבען ווערען, געשטאַנען א גרויסער עולם. א סך זיינען געקומען פון אנדערע קאָלאָניען. עס זיינען דאָ פאַרגעקומען קאָמישע סצענען.

— אוי, איהר וועט מיך דערשטיקען, — האָט געשריען עפּעס א דיקע פרוי אָנגעטאָן אין זיידענס. — איך וויל נעהמען א בילעט פאר דריי „בישליקעס", און זיי שטיקען מיך.

— מען דאַרף שטעהן אין ליניע, — האָט באַמערקט אַן אַרבייטער, וואָס איז ניט געווען ראַזירט. — וואָס שטופּט איהר זיך?

— ער ווייזט שוין אויך אָן, — האָט זיך די פרוי באַליידיגט און געוואָרפען אויף איהם א פאַרניכטענדען בליק. — איך רעד ניט מיט אייך.

— ס'אַרא וויכטיגע פריצ'טע, — איז דער אַרבייטער אין כעס געוואָרען.

אַרום האָט מען געלאַכט. אין א זייט איז געשטאַנען דניאל. ער איז ביימאָג געווען ביי אַרא'ן. זי האָט איצט געוואוינט אַליין. א שטראַהלענדע האָט זי איהם באַוויזען שעהנע קאַרעלען, רויטע

סטענגעס, א בלוי קליידעל און א ווייסע בלוזע, אויסגענייהט מיט בלימעלאך. און איהרע צעפ וועלען זיין שווערע, שווארצע און לאנגע ביז די קניה. נאר די שיכלאך זיינען ניט זעהר גוט. מען האט בשום אופן ניט געקענט קריגען קיין בעסערע.

— זעהט נאר, — האט ארא געלאכט, — איהר וועט זיך נאך אין מיר פארליבען.

— ארא! — האט דניאל ארויסגעמורמעלט.

— גיט אייער האנט, — האט די מיידעל ווייטער גערעדט, ערנסט ווערענדיג פלוצלונג, — און ווינשט מיר ערפאלג. זעצט זיך נעהענטער צו דער ביהנע, אז איך זאל אייך קענען זעהן. איך בין אזוי אויפגערעגט.

ארא האט אויף איהם געקוקט מיט אונאויסשפרעכליכער צערטקייט און טרויער.

— איך געה אוועק, — האט דניאל געזאגט.

— אדיע, מיין אינגעל,—האט אדא'ס שטים א ציטער געטאן.

אט האט מען די שול העל באלויכטען. ארא האט זיך באוויזען. מען האט זי ארומגערינגעלט און גענומען אפלאדירען. זי האט געזאגט צו די באקאנטע מיט א ליבליכען שמייכעל:

— נאך פריה, מיינע פריינט, איהר וועט מיך נאך אויספייפען.

אט האט מען דערהערט א קלינגען. מען האט אויסגעלאשען דאס ליכט און צועפענט דעם פארהאנג. ארא האט זיך באוויזען אין א בונטען קאסטום פון א קליין-רוסישער מיידעל, און דער עולם איז געווען אנטציקט. אלע האבען מיט אינטערעס נאכגעקוקט, ווי זי באוואונדערט די שעהנע מעבעל פון דעם רייכען אנקעל, ביי וועמען איהר ארימער פאטער וויל זי אפגעבען פאר א דינסט.

— ס'ארא שעהנהייט זי איז, די ארא, אן אמת'ע כאכלושקע, — האט געמורמעלט נחמה, וואס איז געשטאנען לעבען דניאל'ן. אבער ער האט ניט געהערט און האט אויפמערקזאם נאכגעקוקט ארא'ן, וועלכע האט איהם באמערקט און מיט דאנקבארקייט צוגע-שמייכעלט. ער האט געענטפערט, צושאקלענדיג מיט'ן קאפ, און זיין הארץ האט גענומען שטארקער קלאפען פאר פרייד.

נאכ'ן ערשטען אקט האט מען לאנג אפלאדירט, באזונדערס

האָט זיך אין דעם אויסגעצייכענט די אַרבייטער יוגענד. זיי האָ־
בען געטופּעט מיט די פיס און הויך געשריען: „בראַוואָ, אָראַ,
ביס! ביס!” ביז אָראַ האָט זיך ניט באַוויזען ווידער מיט אַ
שמייכעל אויף דער ביהנע.

אַלע זיינען געווען באַצויבערט פון איהר שפּילען. אַרום
כּאיניס׳ען זיינען געשטאַנען אַלע לעהרער און דער קינסטלער הררי,
און אַלע האָבען אין איין קול ערקלעהרט, אַז מען מוז אָראַ׳ן
פאַרהאַלטען אין פּאַלעסטינאַ.

— מיר טאָרען ניט דערלאָזען, אַז זי זאָל זיך אומקעהרען
אין מצרים און שפּילען דאָרט אויף אַ שפּראַך פון גלות, — האָט
אויפגערעגט גע׳טענה׳ט דער לעהרער גור אריה, אַן אומגעלומפּער־
טער מאַן מיט אַ ראָבען געזיכט און אַ לאַנגען נאָז. — זי איז דאָך
אַ גרויסער טאַלאַנט און קען מיט דער צייט ווערען דער שטאָלץ
פון דער אידישער ביהנע.

דניאל מיט נחמה׳ן זיינען אַריינגעלאָפען הינטער די קוליסען.
אַ דערשראָקענע, אַ פאַרלאָרענע האָט אָראַ מיט אַ שולדיגען שמיי־
כעל זיי געפרעגט, צי דער ערשטער אַקט איז אַריבער גוט. זי האָט,
דאַכט זיך, צומישט די ווערטער.

— איהר זייט באַצויבערענד, — האָט געמורמעלט נחמה, קו־
שענדיג זי.

— אַלעמען איז זעהר געפעלען, — האָט דניאל געזאָגט. —
איהר זייט אַן אמת׳ע אַקטריסע.

צו אָראַ׳ן איז צוגעקומען דער לעהרער פון גימנאַזיום, אַ שרייי־
בער מיט פאַרטראַכטע אויגען.

— ערלויבט מיר אייך צו דריקען די האַנד, — האָט ער אָנ־
געהויבען מיט אַ העפליכער פאַרנייגונג. — איהר האָט אונז אַלע־
מען פאַרשאַפט גרויס פאַרגעניגען. מיר האָבען זיך דערמאָנט
אַן אוקראַינאַ, באַדעקט מיט די גרינע קאַרשען גערטנער.

אָראַ האָט פאַרשעהמט אַראָפּגעלאָזען די אויגען. עמיצער פון
די אַרטיסטען האָט זי גערופען זיך צוגרייטען צום צווייטען אַקט.

— אָבער איך האָף אייך נאָך צו זעהן היינט נאָכ׳ן ספּעק־
טאַקעל, — האָט געזאָגט דער שרייבער.

צווישען דריטען און פערטען אקט איז צו איהר הינטער די קוליסען געקומען כאינים. זייענדיג קארג אויף לויב, האט ער מיט צערטליכקייט געזאגט:

— גוט, גוט... נאר די סצענע מיט דעם שוועסטער־קינד איז דורכגעפיהרט געווארען אביסעל בלייך. און דער פעטער שפילט שלעכט. די דיקציע ביי אייך איז אויסגעצייכענט. גוט, זעהר גוט. ווילט איהר נאכ'ן ספעקטאקעל געהן צו מיר? מיר וועלען פייערען אייער ערפאלג.

— אויסגעצייכענט! — האט ארא צוגעשטימט. — רופט אויך דניאל'ן, לאה'ן און נחמה'ן.

דעם סוף פון פערטען אקט, ווען חאשע די יתומה פאר'סם'ט זיך און שטארבט אין שרעקליכע ליידען, האט ארא דורכגעפיהרט מיט קראפט און אויפריכטיגקייט. אין זאל האט מען געהערט דאס כליפען פון פרויען. אט האט ארא צום לעצטען מאל קאנוואול־סיוו זיך א ווארף געטאן, די הענד זיינען מאכטלאז אראפגעפאלען און זי איז געפאלען טויט. א ציטער איז דורך דניאל'ס לייב, און ער האט שטארק געדריקט די האנד פון נחמה'ן, וואס האט אויך געציטערט און שטיל געוויינט.

דער פארהאנג האט זיך אראפגעלאזען, און דער עולם האט שטארק אפלאדירט:

— בראווא, ארא! בראווא, ארא!

זי איז ארויסגעקומען זא בלייכע, א מידע, מיט א שוואכען שמייכעל און האט דניאל'ן אויסגעוויזען זעהר שעהן.

— בראווא, ארא! בראווא, ארא! — האט ער געשריען, קלאפענדיג מיט די הענט.

ביים ארויסגאנג האט געווארט אויף ארא'ן די יוגענט. דניאל, כאינים און ארא זיינען געשטאנען אן א זייט. דער פארזיצענדער פון קרייז האט איינגעלאדען אלע ארטיסטען צו זיך.

מען האט אפגעלעגט דעם באזוך ביים פארזיצענדען אויף מארגען, און אלע אין א פרעהליכער קאמפאניע זיינען אוועק צו באינים'ען. דא האט מען זיך איינגעארדענט היימיש, לאה האט פארקאכט טהעע, עמיצער האט געקראגען עטליכע פלעשלאך וויין. ארא האט געבעטען ערלויבניש זיך צוצולעגען. זי איז געוועזן

מיד. דער מאהלער האָט זיך אראָפּגעלאָזען אויפ'ן דיל צו איהרע פיס, און האלטענדיג אין האנט אַ גלאָז וויין, האָט ער גענומען ריידען וועגען דער צוקונפט פון דער אידישער ביהנע אין פאַ־לעסטינא.

— אין ירושלים וועלען מיר מאכען א גרויסען שעהנעם טעאטער, — האָט ער געזאגט, קוקענדיג אָרא'ן גלייך אין די אויגען. — אונזער רעגירונג וועט ארגאניזירען פרייע פארשטע־לונגען פאר'ן פאָלק, ווי אין אלטערטום.

דער לעהרער גור אריה האָט איהם אפט אונטערבראכען, און זיך אָנבויגענדיג צו אָרא'ן האָט ער מיט א זיסער שטים געפרעגט, צי זי וויל ניט טיי. יעדעס מאָל האָט דאָס מיידעל מיט באמערקבארער אומצופרידענהייט געענטפערט:

— ניין, א דאנק, לאָזט מיך ליגען.

אָרא'ן איז ער געווען אומאנגענעם. איינמאָל איז זי גע־זעסען אין א קאָמפּאניע פון לעהרער אויפ'ן ברעג. דניאל איז פארביי־געגאנגען.

— וואוהין געהט איהר דאָס אליין? — האָט זי געפרעגט.— ווארט אויף מיר.

— איך וויל אוועקגעהן ווייט, — האָט דניאל געענטפערט.

— וועל איך אויף אייך ווארטען דאָ, — האָט געזאגט אָרא. די לעהרער האָבען געשוויגען.

— איך פארשטעה אייך ניט, אָרא, ווי אזוי קען אייך אינ־טערעסירען אזא טיפּ, — האָט אָנגעהויבען גור אריה, ווען דניאל איז שוין געווען ווייט. — איך האָב איהם שוין עטליכע מאָל געזעהן א העסליך־שיכור'ען. ער איז געגאנגען אָהן א היטעל, א באָרפוסער ביים ברעג און האָט געזונגען אין רוסיש אומאנ־שטענדיגע לידער. אן אמת'ער באָסיאק. און בכלל האָב איך וועגען איהם געהערט ניט שעהנע זאכען. האָט אָפּגענארט עפּעס א מיידעל... און צו וואָס קומען אזעלכע אהער צופאַהרען? שאדען נאָר אנדערע.

אָראס'ס געזיכט איז פּלוצלונג געווארען פינסטער און בייז.

— איהר רעדט רכילות, — האָט זי געזאגט מיט כעס. — פארקערט, איך קען איהם פאר א זעהר גוטען מענשען.

— א גוטער! — האָט גור אריה ווידערהאָלט סאַרקאַסטיש.

פון דאַן אָן האָט אָרא איהם אומעטום אויסגעמידען.

דניאל איז געשטאַנען ביים פענסטער, האָט איינגעאָטעמט די פרישע דופטיגע לופט, און א טרויער האָט איהם אַרומגענומען. ער האָט געפיהלט ווי עפּעס גרויסעס און פינסטערעס נעהמט ארום זיין נשמה און פאַרטונקעלט די שטילע געשטאַלט פון זיין כלה. ווען דינה וואָלט איצט געקומען, וואָלט ער באלד מיט איהר אוועק און וואָלט אָנגעהויבען דאָס לעבען, ווענען וועלכען זיי האָבען אזוי אָפט געטרוימט, זיצענדיג אין די ווינטער אָוועגטען אין איהר באַקוועמען צימערל.

— עס איז זעהר אומעטיג, — האָט אָרא זיך א טרייסעל געטאָן און זיך אויפגעהויבען פון סאָפאַ. גיט מיר א גלאָז וויין. און איהר, דניאל, קומט אהער, לאָמיר אויסטרינקען צוזאמען. וואָס זייט איהר געבליבען שטעהן ביים פענסטער? מען דאַרף ניט זיין טרויעריג. זאָל דאָס אומגליק אָדער גליק קומען מיט אמאָל, ווי א שטורם־ווינט, און אַלץ אראָפּקעהרען. ניט אמת, ליבער כאַינעם? דאָס שווערסטע איז דאָך ניט צו זינקען אין שמוץ, ווי איהר דריקט זיך אוים. לאָמיר אַלע אויסטרינקען פאַר דער יוגענט! אָך, פאַרוואָס קענען מיר ניט לעבען שעהן? גיסט אָן די גלעזער! גור אריה, וואָס קוקט איהר אזוי אויף מיר? אוך, וואָס פאַר א מאָדנער יונג איהר זייט דאָס!

— גליקליך וועט זיין יענער מאַן, וועמען אָרא וועט ליי־בען! — האָט דער מאהלער א געשריי געטאָן. — זי איז באַציובע־רענד!

מען האָט אויסגעטרונקען און כאַינים האָט געבעטען אָרא'ן דערצעהלען, ווי אזוי זי איז געקומען אויף דער ביהנע.

— מיט פאַרגעניגען, — האָט דאָס מיידעל איינגעשטימט, און אַלע האָבען זיך צוזעצט און האָבען זיך צוגעגרייט צו הערען.

— איך בין אַלט געווען פערצעהן יאָהר, — האָט אָרא אָנ־געהויבען, קוקענדיג אויף דניאל'ן, — ווען איך האָב געוואוינט ביי מיין עלטערען ברודער אין קאַירא. דאָרט האָב איך געדינט אין א הוט־קראָם, ווי א שיק מיידעל. אין יענער צייט האָט זיך שוין צו מיר גע'שדכנ'ט אן אַלטער רייכער מאַן, ביי וועמען מיין

ברודער האָט געארבייט. ער פלעגט יעדען אָוועגט קומען צו אונז און ברענגען זיסע זאכען, און איך האָב פאר איהם מורא געהאט און פלעג אנטלויפען פון הויז צו שכנים. דער ברודער פלעגט מיך שלאָגען. ענדליך האָב איך שוין מעהר ניט געקענט אריבערטראָגען און האָב באשלאָסען זיך אריינצוואַרפען אין טייך. איינמאָל קום איך אין דער פריה אין קראָם מיט פארוויינטע אויגען. די עלטערע מייסטערין רחל פרעגט מיך צערטליך, ווער עס האָט מיך באליידיגט. איך האָב זיך צואוויינט און האָב דערצעהלט, ווי דער ברודער מאַטערט מיך און וויל מיך מיט געוואלט חתונה מאכען מיט אַן אלטען מאַן. די מייסטערין איז געווען אויפגעבראכט. זי האָט מיך דערנעהענטערט צו זיך און האָט מיך מיטגענומען צו די רעפּעטיציעס פון דעם אידישען דראמאטישען קרייז. דאָרט האָב איך זיך אויסגעלערענט אידיש און האָב זיך באפריינדעט מיט אַן אראטאָרין, אַנאַ. דאָס איז געווען אַ קליין, וואויל מיידעל מיט אַ ליבען פּנים׳ל, אַ בארמהערציגע שוועסטער אין שפּיטאָל. איהר פאָטער האָט געהאלטען אַ רעסטאָראַן, וואו די יוגענט פון רוסלאנד פלעגט זיך צוזאמענקומען. איך פלעג אויך אָפט אהין געהן און האָב דאָרט געהאט גוטע באַקענטע. איינער פון זיי האָט מיך אויסגעלערענט לעזען און שרייבען אידיש. איינמאָל האָט דער קרייז זיך געקליבען אויפפיהרען אַ קליינעם וואָדעוויל און עס האָט געפעהלט אימיצער פאר אַ קליינער פרויען־ראָלע.

— אפשר וועט אונזער טונקעל־הויטיגע ספרד׳יקע שפּילען די ראָל, — האָט געזאָגט דער פּאָרזיצענדער דער שווינדזוכטיגער ראַפּאָפּאָרט מיט די בלויע אויגען.

— וואָס רעדט איהר! זי קאָן דאָך קיין אידיש ניט ריידען,

— האָבען אַלע גענומען שרייען. און איך בין געזעסען אַן אַ זייט.

— ניין, איך רעד אויף זשאַרגאָן, — האָב איך געזאגט, און בין אינגאנצען רויט געוואָרען. — איהר ווילט, וועל איך אייך ווייזען, ווי אונזער רחל שפּילט.

אַלע האָבען מיך ארומגערינגעלט און רחל האָט צוגעגעבען מיט געלעכטער:

— אָ, אָראַ קאָן נאָכמאַכען ווי אַן אמת׳ע קליינע מאַלפּע. נעכטען, צום ביישפּיעל, האָט זי אין קראָם פאָרגעשטעלט ווי די

בעל הבית'טע רעדט ענגליש, און אלע האָבען זיך געקייקעלט פאר געלעכטער.

— נו, ווייז נאָר, ווי אזוי רחל שפילט די אלטע — האָט גע־זאָגט ראפאָפּאָרט און האָט מיך פאר דער האנט ארויסגעפיהרט אין מיטען צימער.

— א גוטען טאָג אייך, שרה לאַה, — האב איך איבערגעביטען די שטים און צוגעגעבען דעם פּנים א צנועה'דיגען אויסזעהן פון א פּראָסטער רשעות'ניצע און אָנגעהויבען א לאנגען דיאלאָג פון עפּעס א דראמא פון גאָרדין.

— אויסגעצייכענט! — האָט ראפאָפּאָרט געפּאטשט מיט די הענט, — איך האָב גאָרניט געוואוסט, וואָס פאר א טאלאנט אין אייך ליעגט. מיר מוזען אומבאדינגט מאכען פון איהר אַן אקט־ריסע. און איצט וועלען מיר איהר געבען א ראָל אין וואָדעוויל.

— אבער מיין ברודער טאָר וועגען דעם ניט וויסען,—האָב איך מיט שרעק געמורמעלט א גליקליכע,—ער וועט מיך דער'הרג'ענען.

ראפאָפּאָרט איז געווען א באלעזענער און האָט גוט געוואוסט די ביהנע. ער האָט ערנסט גענומען לערנען מיט מיר און רחל האָט מיך פיינט באַקומען אוים אייפערזוכט. יעצט, האָט זי געזאָגט, אז איך בין בלויז א מאלפּע און ענדליך האָב איך פאר־לאָרען מיין פּלאַץ.

דאַן האָט מיין ברודער אָנגעהויבען צושטעהן איך זאָל חתונה האָבען מיט דעם אלטען פרענק.

— —איך קאָן דיך ניט אויסהאלטען! — האָט ער געשריען.

— געה זיך וואוהין דו ווילסט.

און איך בין אוועק צו אנאַ'ן. ראפאָפּאָרט האָט מיר געפונען א שטעל אויף דער צענטראלער טעלעפאָן סטאנציע. מיט'ן ער־שטען פאַרדינסט בין איך געקומען צוריק צום ברודער. דאָס איז געווען אין אווענט. די שוועגערין איז געזעסען און האָט געטרונ־קען קאווע. דער ברודער איז בייז ארומגעגאנגען איבער'ן צימער. באמערקענדיג מיך, האָט ער גיפטיג ארויסגעשטאמעלט:

— אהא, געקומען צוריק!

— איך האָב דיר געבראכט געלד, — האָב איך אָנגעהויבען

און זיך צוואווײנט און גענומען בעטען: — לאָז מיך צורוה. איך האָב געפונען א גוטע שטעל און קאָן דיר איצט העלפען יעדען מאָנאט.

דער ברודער האָט א צומישטער געבעטען מיך עסען מיט איהם אווענט־ברויט. ביים טיש האָט ער מיט גוטען מיר גענומען איינ־ריידען און דערצעהלען, וואָס פאר א רייכטום מיך ערוואַרט מיט דעם אַלטען. איך וועל טראָגען זייד און סאַמעט און בריליאַנטען. און ער וועט באַקומען א גוטע שטעל, און אַלע וועלען זיין גליקליך.

— הער מיך אויס, איך בין דאָך אליין א פרוי,—האָט זיך צו־געלייגט די שווענגערין,—ער איז נאָך א גאַנץ שטאַרקער, דער אַלטער.

— קיינמאָל ניט! איהר הערט? קיינמאָל ניט! — און איך האָב זיך ווידער צעוויינט.

דער ברודער האָט מיך א שטיקעל צייט געלאָזען צורוה, דער־ווייל האָט דער קרייז באַשלאָסען צו שטעלען גאָרדינ׳ס „שחיטה”, און מען האָט מיר געגעבען די הויפּט ראָל פון אסתר׳קען. רחל האָט זיך צוקריגט מיט ראַפּאַפּאָרטען און איז אַרויסגעטראָטען פון קרייז. איך האָב זיך אַלץ געשראָקען: און טאָמער וועל איך גאָר דורכפאַלען? אָט וועט דאָס רחל טריאומפירען!

ווען איך בין אַרויס אויף דער ביהנע, האָבען מיר די קני געציטערט. איך האָב געמיינט, אַז באַלד וועל איך פאַלען אין חלשות. אָבער איך האָב זיך באַלד באַהערשט, פאַרזיכערענדיג זיך, אַז איך בין ווירקליך אסתר׳קע, די טאָכטער פון דעם אָרימען רב, האָב ליב דעם שעמעוודיגען שמואל יאָסלען, און מען מאַכט מיר מיט געוואַלד חתונה מיט דעם רייכען סוחר. איך האָב געהאַט א גרויסען ערפאָלג. די סצענע צום סוף פון פערטען אַקט, ווען דער מאַן קומט אַהיים א שיכור׳ער און אסתר׳קע ווערט משוגע און הרג׳עט איהם, האָב איך דורכגעפיהרט, ווי מען האָט געזאָגט, מיט פיל טעמפּעראַמענט. ראַפּאַפּאָרט איז געווען ערשטוינט. אַזאַ גלענצענדע אויספיהרונג האָט ער פון מיר ניט ערוואַרט. ער האָט מיר געקושט די האַנט און האָט געוויינט פאַר פרייד און גליק. אָבער דאָ האָט פּאַסירט א סקאַנדאַל. מיין ברודער איז אַריינגע־דרונגען הינטער די קוליסען.

— וואו איז זי, די אויסגעלאָסענע? — האָט ער געשריען — ווי לאַנג איך וועל לעבען, וועל איך ניט דערלאָזען, אז מיין שוועסטער זאָל טאַנצען אין טעאַטער, ווי אַ גאַסען־פרוי.

איך בין בלייך געוואָרען און האָב גענומען וויינען. דעם ברודער האָט מען אַרויסגעפיהרט פון טעאַטער. ער האָט אַלץ געשריען, אַז ער וויל ניט האָבען קיין אויסגעלאָסענע שוועסטער און וועט זי בעסער דער׳הרג׳ענען. אַזוי האָט זיך געענדיגט מיין ערשטער דעביוט.

אָרא איז אַנשוויגען געוואָרען. עס האָט שוין גענומען טאָגען. מען האָט גענומען פאַנאַנדערגעהן זיך. אָרט האָט זיך מיט אַלעמען געזעגענט און האָט געבעטען דניאל׳ן באַגלייטען זי אהיים. זי האָט איהם גענומען אונטערן אָרעם און האָט שטיל געזאָגט:

— איך בין אַזוי מיד.

זיי זיינען שווייגענדיג געגאַנגען איבער די שטילע געסלאַך. דער ים האָט גערוישט, און די שטערען זיינען ווי העלע ראַקעטען געפאַלען פון הימעל. ביים אריינגאַנג אין איהר הויז האָט דניאל אַ קוש געטאָן איהר האַנט.

— קומט אריין מאָרגען, — האָט דאָס מיידעל געבעטען און האָט שטיל געעפענט די טיר.

— אַ גוטע נאַכט.

— אַ גוטע נאַכט, מיין אינגעל, — האָט זי געענטפערט.

---

אויף מאָרגען איז דניאל געקומען צו אָרא׳ן. זי איז געווען אליין אין הויז. די לאָדענס זיינען געווען כמעט פאַרמאַכט, און אין הויז איז געווען קיהל. דאָס מיידעל, אין אַ ווייסען לאַנגען קאַפּאָט, זיצט אויף דער סאָפאַ און קלייבט שטיל פאַנאַנדער די סטרונעס פון דער מאַנדאָלין. זי האָט אוועקגעזעצט דניאל׳ען לעבען זיך און האָט געזאָגט:

— איך בין היינט אַזוי מיד, כמעט גאָרניט געשלאָפען....

זי האָט זיך פאַרטראַכט. דאן האָט זי שטיל פאָרטגעזעצט:

— איך האָב געזעהן אַ מערקווירדיג שעהנעם חלום. הערט, דניאל, און קוקט אויף מיר. אַנגעטאָן אין ראָזען, דורכזיכטיגען שטאָף בין איך געגאַנגען איבער׳ן מאַרמאָר פּאַרקעט פון אַן אַלטען

שלאָס. איך האָב זיך געזעהן אין גרויסע שפּיגלען, דאָס איז געווען באַצויבערענד. דאַן בין איך אַרויס פון שלאָס און בין געבליבען שטעהן אויפ'ן ברעג ים. דאָס וואַסער איז געווען בלוי, בלוי, און פון ווייטען האָבען זיך געזעהן אַ סך שיפלאַך מיט פּאַר־רוסען. אָט איז צוגעשוואומען אַ שיפעל, און אַ שעהנער בחור, וואָס איז אין איהר געזעסען, האָט מיך גענומען מיט זיך, און די וועלען האָבען אונז אוועקגעטראָגען ווייט—ווייט צו די ווייסע וואַנדערענדע וואָלקענס. פאַרוואָס פאַרשווינדען חלומות?—זי איז אַנשוויגען געװאָרען און האָט שטיל באַריהרט די סטרונעס פון דער מאַנדאָלין.

אָרא האָט אויסגעוויזען דניאל'ן אַזא שוואַכע און שטילע, ווי אַ קליין מיידעלע.

— איהר וועט דאָ איצט מסתמא בלייבען לאַנג? — האָט דניאל געפרעגט. — איהר וועט ווידער שפּילען?

— דער קרייז וויל שטעלען אַ גרויסען ספּעקטאַקל אין ירושלים, און זיי בעטען מיך בלייבען.

— יע, יע, זיי ליבען אייך זעהר, און זיי וועלען אייך איצט העלפען, געבען אייך די געלעגענהייט צו לערנען זיך און איהר וועט ווערען אַ באַריהמטע אַקטריסע ווי איהר ווילט דאָס אַליין.

— איך וויל פאָהרען אין איירעפּא. איך האָף מיט דער צייט צו קאָנען שפּילען אויף פראַנצויזיש, — האָט געזאָגט אָרא, קוקענדיג ערגעץ אין דער ווייט. — און איהר, דניאל, ווילט בלייבען דאָ?

— געוויס איך וויל ווערען אַ קאָלאָניסט, וועל אַקערען און זעען. אָט וועט קומען דינה, וועלען מיר ביידע אָנהויבען אַ שטילען אַרבייטזאַמען לעבען.

— איהר האָט זעהר ליב אייער כלה? — האָט אָרא פּלוצלונג געפרעגט.

דניאל האָט גאָרניט געענטפערט, קלערענדיג, וואָס זיצט ער דאָ אָט לעבען דער מיידעל, וואָס הויבט אָן צו באַהערשען זיין האַרץ. ער איז פּלוצלונג אויפגעשטאַנען, האָט זיך שווייגענדיג געזעגענט און איז אַוועק, אַליין ניט וויסענדיג וואוהין. ער איז ענדליך אַריין אין אַ קאַפע אין עק שטאָט. דניאל האָט באַשטעלט קאַווע.

ער האָט געקלערט, אַז ער וועט פאַרלאָזן די שטאָדט און זיך באַזעצן אין דער גאָהענטסטער קאָלאָניע, ביז דינה וועט קו־מען. אין אָוונט האָט ער טרויעריג געוואַנדערט אונטער די פענ־סטער פון דעם הויז, וואו אַלע אַנטייל נעהמער פון דעם ספּעק־טאַקעל האָבען זיך פאַרזאַמעלט. ער האָט געזעהן אָראַ'ן. זי האָט געשיינט מיט יענער גייסטיגער שעהנקייט, וואָס האָט צו איהר געצויגען מיט אַזאַ קראַפט.

— צו וואָס שטעה איך דאָ? — האָט דניאל געקלערט, און דאָס הארץ האָט איהם געקלעמט פאר בענקשאַפט.

## 7.

אין מאַי איז אָראַ אויף אַ קורצער צייט אַפּגעפאָהרען אין קאַירא. זי האָט צוגעזאָגט דעם דראַמאַטישען קרייז באַלד זיך אומקעהרען און דאַן שוין בלייבען אין פּאַלעסטינא. דעם אָוונט פאַר'ן אַפּפאָהרען איז זי געווען ביי די שוועסטער אַשעראָווסקים. עס זיינען געקומען דניאל און כאַינים, און אַלע צוזאַמען זיינען דאַן אַוועק שפּאַצירען. די לבנה האָט געשיינט. אַ צויבער וועג האָט זיך געזילבערט אויפ'ן ים. פאָראויס זיינען געגאַנגען דניאל, לאה און נחמה און האָבען אין כאָר געזונגען אַ ליבעס־ליד:

„דער טרויעריגער אָוונט, דער קריגערישער ווינט!"

פון הינטען זיינען געגאַנגען כאַינים מיט אָראַ'ן, און דער שריי־בער האָט געפרעגט, פאַרוואָס זי איז נעכטען אָוונט ניט געקומען צו איהם. ער וואָלט מיט איהר עפּעס געלייענט פון שעקספּיער... ער האָט אויף איהר געוואַרט און איז לאַנג געשטאַנען ביים פענ־סטער, אַרויסקוקענדיג צו זעהן, אויב זי קומט ניט.

— איך האָב שפּאַצירט מיט דניאל'ן, — האָט געענטפערט אָראַ. — ווען איך וואָלט אָבער געוואוסט, אַז איהר וואַרט אויף מיר, וואָלטען מיר ביידע צו אייך געקומען.

— יע, יע, — האָט כאַינים אַפּגעזיפצט און איז אַנשוויגען געוואָרען.

אין פאָראויס האָט מען געזונגען, און נחמה'ס קול האָט הויך און קלאָר געקלונגען:

„מיט'ן וואלדיגען וועג, מיט'ן פעלדיגען וועג"...

אין דער פריה איז אָרא געקומען צו דניאל'ן. ער האָט איצט געוואוינט לעבען נייעם דאָרף, אין אַ קליינעם צימער ביי אַן אַלטען תימנ'ער. זי איז צוגעקומען צום אָפענעם פענסטער.

— גוט מאָרגען. וואָס טוט איהר?

— קומט אריין, קומט אריין!

באטראַכטענדיג דאָס צימערעל, האָט זי געמורמעלט:

— אזוי באַקוועם, אזוי גוט.

פּלוצלונג האָט זי אויפ'ן טיש באמערקט אַ פאָטאָגראַפיש בילד פון דניאל'ן מיט דינה'ן. איהר געזיכט איז אויף אַ ווייל פינסטער געוואָרען. זי האָט געפרעגט:

— מעג איך זעהן?

דניאל האָט איהר געגעבען דאָס בילד.

— און אויב איך וועל אייך הייסען צורייסען דאָס בילד, וועט איהר דאָס טאָן? — האָט אָרא געפרעגט, קוקענדיג אויף איהם מיט עפּעס אַן ארויסרופענדען בליק

— צו וואָס, אָרא, — האָט דניאל געבעטען און גענומען קושען איהרע הענט, פּיהלענדיג, ווי זיין הארץ געהט אוים פאר וועהטאָג.

אין עטליכע שעה ארום האָט ער זי באַגלייט...

שטעהענדיג ביים האפען לעבען כאינים'ען און נחמה'ן, האָט ער זיך דערמאָנט זיין זעגענען זיך מיט דינה'ן, און די ריהרענד בעטענדע ווערטער פון דער מיידעל:

— אדיע, מיין ליבער, פארגעס מיך ניט.

און איהם האָט וועה געטאָן, און איהם איז געווען שווער.

אויף מאָרגען האָט זיך דניאל ווידער געשטעלט צו דער ארבייט. טעג זיינען פאר איהם פארגאַנגען אונבאַמערקט. אין די אָוונטען האָט ער געלערענט די אידישע שפּראַך, האָט אַ סך געלעזען. אמאָל פלעגט ער אריינקומען אין מאַלקאָוו'ס רעסטאָראַן. פלעגט דאָרט אויסטרינקען עטליכע גלעזער וויין מיט סענדער'ן און שמועסען מיט רב משה'ן.

דאָס זיינען געווען גוטע טעג.

איינמאָל אין אָוונט, געהענדיג פון דער ארבייט, האָט דניאל באַגעגענט דינה'ס געוועזענע בעל־הבית'טע. די פרוי האָט איהם

אפגעשטעלט און געפרעגט, וואס די כלה שרייבט איהם. דאן האט זי גענומען בייז פארוואורפען איהם זיין פארראטה. זי האט גע־הערט, אז די אקטריסע איז געווארען זיין געליבטע. אלע אין שטאדט רעדען וועגען דעם. און ער דארף זיך שעהמען. דינה איז אזא וואוילע, אידישע מיידעל. זאל ער גאר ניט מיינען, אז זי ווייס פון גאר ניט. מען האט איהר שוין אלץ געשריבען.

— אבער אייך וואס געהט דאס אלץ אן? — האט דניאל געפרעגט, בלייך ווערענדיג.

— מיר? — האט די פרוי געפרעגט, און איהר פנים איז אין גאנצען רויט געווארען.

דניאל איז אוועקגעגאנגען, ציטערענדיג ווי אין א פיבער פאר כעס. ער איז אוועק עסען צו מאלקאוו'ן, ווי געוועהנליך זיינען דארט געווען א סך ארבייטער. אויפ'ן שוועל פון א דערבייאיגען צימער איז געשטאנען די קראנקע בעל־הבית'טע, און איהר טאכטער איז אומגעלאפען, באדינענדיג די געסט, און האט געענטפערט מיט געלעכטער אויף די שפאסען פון די בחורים, וואס האבען זי יעדע וויילע צוגערופען:

— העי, פעטינקע! גיב נאך א טעלער זופ!

דניאל האט זיך געזעצט מיט סענדער'ן ביי א קליינעם טישעל ביי דער זייט און האט באשטעלט וויין. ער האט זיך ניט גוט געפיהלט, און איהם האט זיך געוואלט פארגעסען זיך. דער גע־שפרעך מיט דינה'ס בעל הבית'טע האט אנגעווארפען אויף איהם א שווערע שטימונג.

— זי איז דאך אבער טיילווייז גערעכט — האט ער געקלערט.

— איך האנדעל ניט גוט.

— דערעסען צו ארבייטען, — האט סענדער גערעדט, אויס־טרינקענדיג דאס צווייטע גלאז וויין. די לעצטע צייט איז ער גע־ווארען זעהר טרויעריג. — אט שוין דעם זעקסטען טאג מאטערען מיר זיך מיט דער גאס. הלואי ענדיגען מיר דאס צום קומענדיגען שבת.

— און מיר וועלען גאר ניט פארדינען — האט דניאל צוגע־לעגט. — ווי מיינסטו, וועט אויסקומען צו דריי פראנק אויף יע־דערעז א טאג?

— נאַר! — האָט סענדער האָפנונגסלאָז א מאַך געטאָן מיט דער האַנט.

זיי האָבען ווידער געטרונקען.

— נעכטען, — האָט פלוצלונג סענדער אָנגעהויבען מיט א געהיימניספולען טאָן, — האָבען די חברה גערעדט וועגען דיר. חיים האָט געזאָגט, אז דו האָסט כלומרשט שוין אוועקגעוואָרפען דינה׳ן און ווילסט חתונה האָבען מיט אָרא׳ן.

דניאל איז אינגאַנצען רויט געוואָרען.

— מאַלע וואָס מען פלוידערט, — האָט ער געזאָגט. — מען קען דאָך אַלע מיילער ניט פאַרמאַכען.

פלוצלונג האָט אימיצער פון הינטען אַרויפגעלעגט די האַנט אויף דניאל׳ס אַקסעל און דניאל האָט דערהערט די שטים פון זיין פריינד קליאַטשקאָ, מיט וועלכען ער האָט א לאַנגע צייט געלעבט צוזאַמען אין רוסלאַנד.

— פון וואַנען? — האָט דניאל זיך דערפרעהט.

— פון גליל. זוך דיך אַרום פון אין דער פריה אָן.

קליאַטשקאָ, א שלאַנקער בחור, מיט זעהר לעבעדיגע שוואַרצע אויגען, איז געווען אָנגעטאָן ווי א שומר, הינטער׳ן ברייטען בלויען גורט האָט ביי איהם געשטעקט א לאַנגער שטאָהלענער קינזשאַל מיט א באַגולטען הענטעל. דעם קינזשאַל האָט ער אָפגענומען ביי אן אַראַבער אין א געשלעג. און ער האָט אַלעמאָל שטאָלצירט מיט זיין העלדענטאַט. ער האָט זיך געזעצט און האָט באַשטעלט א האַלבען ליטער קאָניאַק.

— ווי עס פרעהט מיך, דניאל, צו זעהן דיך. לאָמיר דער־מאָהנען די פאַרגאַנגענע צייט און אויסטרינקען. עך, שוין לאַנג ניט געטרונקען מיט דיר. אָפט געקלערט וועגען דיר אין גליל: אָט ווען דניאל וואָלט דאָס דאָ געווען מיט מיר! אומעטיג, כאָטש נעהם און הענג זיך אויף. גוטע בחורים געווען דאָרט, אָבער ניט פון אונזערע. האָבען אויף זיך אַרויפגעצויגען אַזא ערנסטקייט אין פאַראורטיילען אַליץ. דאָס איז ניט שעהן, און דאָס פּאַסט ניט. אויסטרינקען טאָר מען ניט, נאָכלויפען א שעהנע אַראַבערין איז א שאַנד. וואָס קען מען טאָן, ווען אין דער גאַנצער קאָלאָניע זיינען פאַראַן נאָר דריי מיידלאַך, און מען קען אויף זיי ניט קוקען.

איינע איז מיט פּרישטשעס, אַ צווייטע איז דיק, ווי אַ מאָסקווער סוחר'טע, מיט קליינע אויגעלעך, און די דריטע איז אַ לעהרערין. אויפ'ן אויסזעהן איז זי צו דערליידען, אָבער זי איז משוגע געוואָרען אויפ'ן פּועלי ציוניזם. ווען וואָס דו זאָלסט ניט אָנהויבען צו רעדען מיט איהר, וועט זי באַלד אַרויפקומען אויף דאָס איהריגע: סאָציאַליזם, דער אידישער פּראָלעטאַריאַט, מאַרקס, לאַסאַל און דער טייוועל ווייס וואָס נאָך. אַלע קלוגע בחורים זייַנען, נאַטירליך, אין איהר פאַרליבט איבער די אויערען. און איך, ברודער, האָב פּאַרגעצויגען אַ טונקעל־הויטיגע פּעלאַשקע. זייערע אויגען זיינען גרויסע, שווארצע, און געהען אום ווי פּרינצעסינס.

— נו, און דו האָסט געהאַט ערפאָלג? — האָט דניאל געפרעגט לאַכענדיג.

— דעם אמת געזאָגט, ניט אַלעמאָל, — האָט קליאַטשקאָ געזאָגט, בליצענדיג מיט די אויגען. — זיי זיינען שעלמען, און וואָלטען אַליין געגען אַ שטיף געטאָן, נאָר זיי האָבען מורא פאַר די מענער און קרובים. טרינק, דער קאָניאַק איז גוט. און געדענקסטו אונזער לעבען אין אָדעס? מיטינגען, דעבאַטען, שבתים אויפ'ן שול־הויף. און קעניע, דעם רב'ס טאָכטער, געדענקסטו נאָך? אָט איז דאָס געווען אַ שעהנהייט! פאַרוואָס קומען ניט אַזעלכע צופאָהרען אהער, צו פאַרזיסען אונזער שווער לעבען אין די ווייטע פאַרוואָרפענע קאָלאָניען.

און דעם בעל הבית פון אונזער אָדעסער קוואַרטיר האָסטו ניט פאַרגעסען? אַ שעהנער מענש געווען. כאָטש אַן אַלטער, אָבער די נשמה איז געווען ביי איהם אַ יונגע און אַ גוטע. ווי ער פלעגט דאָס אונז שבת טראַקטירען מיט פיש! ער פלעגט זאָגען: „עסט, קינדער!" און אַליין, אַ הויכער, ברייטפּלייציגער, מיט אַ לאַנגער באַזילבערטער באָרד — אַן אמת'ער פּאַטריאַרך אברהם.

נו, לאָמיר זיין געזונט! טרינק, סענדער! דאָס איז שוין, דאַכט מיר, דאָס דריטע גלאָז. אַ וואונדערליכער געטראַנק! יע, ווער ווייס, צי עס לעבט נאָך זיין קראַנקע הויקערדיגע טאָכטער מיט די פאַרבענקטע אויגען. די אָרימע פלעגט איהרע טעג פאַרברענגען נאָר ביים פענסטער. געדענקסטו, זי פלעגט אַלעמאָל בעטען ביכ־

לעך וועגן פאַלעסטינא. עך, ניטאָ וואָס צו רעדען! דאָס לעבען געהט אַוועק...

אין רעסטאָראַן איז אריינגעקומען אַן אָרימע, דאַרע פרוי מיט אַ פאַרוויינטען פּנים. עס איז מיט אַמאָל געוואָרען אַזוי אויגענבליק־ליך שטיל, ווי דער טרויער וואָלט אַהער אריינגעקומען, און אַלע האָבען גענומען רעדען אין דער שטיל, און די פרוי איז צוגעגאַנגען צו מאַלקאָוו'ן און האָט געפרעגט:

— וואו איז מיין זוהן?

און ניט באַקומענדיג קיין ענטפער, האָט זי זיך צואוויינט. דאָס איז געווען די מוטער פון דעם ניט לאַנג אין גליל דער'הרג'־עטען שומר. איהר זוהן, אַ געזונטער, לעבענסלוסטיגער בחור, האָט ,אַוועקפאָהרענדיג אין פאַלעסטינא, איהר געזאָגט, אַז מען וועט איהם דאָרטען געבען ערד און ער וועט אָנהויבען אַ נייעם לעבען פון אַן ערד־ארבייטער. דאַן וועט ער זי אריבערנעהמען, און אַלע וועלען לעבען גליקליך צוזאַמען. די ערשטע מאָנאַטען פלעגט זי פון ,איהם קריגען האָפנונגספולע בריף. דאַן איז ער אַנשוויגען גע־וואָרען, און די מוטער האָט געקלערט: מסתמא איז איהר זוהנדעל שטאַרק פאַרנומען, און דעריבער שרייבט ער ניט. עס איז דאָך פאַראַן אַזוי פיל ארבייט, און ער איז אַליין. ווען וועט זי צו איהם פאָהרען? און פלוצלונג באַקומט זי פון פרעמדע מענשען אַ קורצע נאַכריכט, אַז איהר זוהן איז געפאַלען ווי אַ העלד, פאַרטיידיגענדיג אונזער לאַנד.

זי האָט ניט געגלויבט. ער איז דאָך געפאָהרען אָנהויבען אַ ניי לעבען, — פלעגט זי זאָגען. זי האָט אויספאַרקויפט אַלץ, וואָס זי האָט געהאַט, און איז אַוועק אין פאַלעסטינא. איצטער געהט זי, אַ משוגע'נע איבער די רעסטאָראַנען און פרעגט ביי אַלע־מען, וואו איהר זוהן איז. „ער איז דאָך געפאָהרען אָנהויבען אַ ניי לעבען", — זאָגט זי אַלץ.

דניאל האָט געבעטען דאָס מיידעל, זי זאָל דער פרוי געבען עפּעס עסען.

— איך האָב מיין מוטער געזאָגט דיזעלביגי זאַך, ווען איך בין געפאָהרען אין פאַלעסטינא — האָט סענדער אָפּגעזיפצט. — האָב צוגעזאָגט צו שרייבען אָפט, און שרייב איינמאָל אַ יאָהר.

דניאל איז אהיים געגאנגען אליין. אויפ'ן וועג האט ער באַ־געגענט א לויה. ער האט זיך אָנגעשפּאַרט אָן א פּאַרקאַן, און אַ שרעק פאר'ן טויט האט איהם ארומגענומען. עטליכע מינוט האט ער געקוקט, ווי די לויה האט זיך געצויגען. מען האט געפיהרט א תימנ'ער ארבייטער. פאַראויס זיינען געגאַנגען חברה קדישא, באַלויכטענדיג מיט פאַנארען דעם וועג צום בית עולם, און הינטען האָבען געקלאָגט עפּעס באַרוויסע פרויען, און קינדער האָבען גע־וויינט.

אין דער היים האט זיך דניאל געלייגט, אָבער איינשלאָפען האט ער ניט געקענט. ווי אין א פּיבער האט ער זיך געוואָרפען אין בעט און האט אלץ ניט געקענט גוט אוועקלייגען די פיס. ער האט אָנגעצונדען א לעמפּעל, האט געפּרואווט לעזען, נאָר ווי א סטאַיע שווארצע פויגלען פלעגען אָנפליהען אונרוהיגע געדאַנקען. אלץ געהט עפּעס ביי איהם ניט גלאַט. אָט איז ער שוין צוויי יאָהר אין פּאַלעסטינא, און וואָס האט ער אויפגעטאָן? די חברים, וואָס זיינען מיט איהם אין איין צייט געקומען, האָבען שוין לאַנג ערד. אָדער זיי ארבייטען און לערנען זיך ביי אלטע קאָלאָניסטען. איצט. ווען דינה וועט זיך דירוויסען וועגען אָראַ'ן, וועט זי אוועקגעהן פון איהם, און ווידער בלייבט ער אליין. מען קען דאָך ניט אר־בייטען א גאַנץ לעבען פאר עטליכע מטבעות א טאָג. ער וועט אוועקגעהן אין גליל און וועט ווערען א שומר. אויב זיין לעבען וועט זיין ניט געלונגען, וועט אפשר זיין טויט ברענגען נוצען. א העלדישער טויט קען א סך זאַכען פארגיטיגען. און דניאל'ן האט זיך דערמאָנט א געשפּרעך מיט אָן אלטען רומענישען אידען, וואָס האט אויף דער עלטער עמיגרירט מיט זיין פאמיליע אין ארגענ־טינא. דאָס איז געוועזן אין א שטאָדט אין שווייץ, וואו עס האט זיך געפונען איינער פון די אידישע עמיגראַציאָנס קאָמיטעטען. ניט האָבענדיג גענוג געלט צו קומען אין יפו, האט זיך דניאל גע־ווענדעט צו יענעם קאָמיטעט נאָך הילף.

— פאָהרט אין ארגענטינא, וועלען מיר אייך העלפען, — האט געענטפערט דער פאָרשטעהער פון קאָמיטעט, א דייטשער איד. די טעג וועלען אהער קומען פון רומעניען עמיגראַנטען, און איהר וועט מיט זיי קענען אָפּפאָהרען אין ארגענטינא.

— אָבער איך וויל פאָהרען אין פאַלעסטינא, — איז דניאל באַשטאַנען אויף זיינס.

— אהא, איהר זייט א ציוניסט, — האָט דער קאָמיטעט פאַרשטעהער זיך צולאַכט. — איך ראַט אייך ניט, יונגער מאַן, אומ־צוברענגען אייער לעבען. דאָס איז אַ ווילד און וויסט לאַנד, באַפעלקערט פון רויבערישע שבטים. דאָרט געהט אום דער גע־לער פיבער, מאַלאַריאַ. איבערלעגט אייך גוט.

אָבער דניאל האָט באַשלאָסען ניט אַנדערש נאָר פאָהרען אין פאַלעסטינא, און האָט גע׳פועל׳ט ביים קאָמיטעט, מען זאָל איהם אראָפּרעכענען אַ גרויסע סומע פון דעם פרייז פאַר׳ן בילעט. דעם אווענט פאַר זיין אָפּפאָהרען זיינען אָנגעקומען די רומענישע עמיגראַנטען. דער וועכטער פון קאָמיטעט, אַ קליינער הויקערדי־גער מענשעל אויף דינע פיסלעך, איז מיט דניאל׳ן אַוועק צום וואָק־זאַל זיי באַגעגענען. אַט איז צו דער פלאַטפאָרם מיט רויש צוגע־קומען אַ לאַנגער צוג. פון די וואַגאָנען זיינען ארויסגעקומען אַלטע לייט, פרויען, בחורים, מיידלעך, קינדער. עס איז געוואָרען אַ טומעל, אַ געדרענג: געשרייען, זיפצען און געוויין פון זויג־קינדער. און דער הויקער האָט מיט זיין דינעם קול׳כעל געשריען:

— אַלע אהער אהער אין דריטען קלאַס!

דניאל האָט דאַן מיט וועהטאָג און בענקשאַפט געקוקט אויף אָט די אָרימע, פאַרשטויסענע מאַסע קינדער פון זיין פאָלק און האָט געקלערט:

— זיי אַלעמען טרייבט שנאה און אונגליק פון זייערע אַלטע וואוין־ערטער. וועלען זיי אָבער דאָרט געפינען אַ בעסערען לע־בען?

ער האָט די אימיגראַנטען געהאָלפען איבערשלעפען זייער באַ־גאַזש, האָט באַרוהיגט די וויינענדיגע קינדער און איז צוזאַמען מיט זיי אַוועק אין אַ גרויסען באַראַק, וואו זיי האָבען זיך פאַר־נאַנדער געלייגט אויף דער נאַכט. און דאַן, ליגענדיג אויף די נאַ־רעס, האָט ער די בחורים דערצעהלט וועגען פאַלעסטינא און האָט זיי צוגערעדט צו פאָהרען אהין און זיך פאַרנעהמען מיט ערד־אַרבייט.

אין דער פריה איז צו דניאל׳ן צוגעגאַנגען אַן איינגעבויגענער

גרויער אַלטער, עהנליך צו אַ בוים, וואָס האָט אַ סך געליטען פון שטורעמס, און האָט געפרעגט:

— דאָס פּאָהרסטו, זוהן מיינער, אין פּאַלעסטינא?

— איך, זיידע, — האָט דניאל פריינדליך געענטפערט.

— אָט ווארט אביסעל. איך וועל אָפּדאַוונען, וועל איך זיך מיט דיר דורכשמועסען. זאָל דיר גאָט געבען געזונט. אין פּאַלעסטינא פאָהרט ער.

דער אַלטער איז אָפּגעגאַנגען אין אַ פינסטערען ווינקעל, האָט זיך ארומגעוויקעלט אין אַ טלית און האָט גענומען דאַוונען. דניאל האָט זיך געזעצט אויף אַ קאַסטען ביים ווארימען אויוועען ווארטען, ביז דער אַלטער וועט ענדיגען.

ארום אַיז נאָך געווען פינסטער. דאָ און דאָרט האָבען נאָך דערברענט די קעראָסינענע לעמפּלאַך. אַ בלייכער פריהמאָרגען האָט מיט טונקעלע אויגען ארייינגעקוקט אין די קליינע פענסטער פון דעם באַראַק. עס האָט זיך געהערט אַ געוויין פון אויפגעשטאַנענע קינדער און די רייד פון די עלטערע. אָט האָט דער אַלטער צונויפגעלעגט דעם טלית און איז צוגעגאַנגען צום אויוועען.

— איך בין דיר מקנא, זוהן מיינער, — האָט ער אָנגעהויבען, — אַ גאַנץ לעבען האָב איך גע'חלום'ט צו דערלעבען מיינע לעצטע יאָהרען אין הייליגען לאַנד, און איצט אויף דער עלטער טרייבט מען מיך ערגעץ אין ארגענטינא. ווען דו וועסט זיין אַין ירושלים און וועסט קומען צום כותל מערבי, דערמאָן זיך דאָרטען אָן מיר. קוש די שטיינער און צינד אָן אַ ליכטעל פאַר מיין נשמה. איך בין שוין אַלט, און גאָט ווייס, וויפיל איך וועל נאָך לעבען. און דיר זאָל גאָט געבען גליק. איהר, יונגע, זייט אונזער גאַנצע האָפנונג. אפשר וועט וועט דיר אויף דער עלטער ניט אויסקומען צו וואַלגערען זיך אין פרעמדע לענדער.

— איך, זיידע, וועל אָפּגעבען מיין לעבען פאַר דאָס הייליגע לאַנד, — האָט געזאָגט דניאל, געריהרט פון דעם אַלטענ'ס רייד.

אין עטליכע שעה ארום האָבען זיי זיך צושיידט. די עמיגראַנטען פּאַרטיי איז אָפּגעפאָהרען ווייטער. און איצט, ווארפענדיג זיך אין בעט פון די אונרוהיגע געדאַנקען, האָט זיך דניאל דער־

מאַנט אָן דעם אַלטענ׳ס ווערטער: „איהר, יונגע, זייט אונזער גאַנצע האָפנונג". און וואָס האָט ער אויפגעטאָן?

ענדליך איז דניאל אנשלאָפען געוואָרען. ער האָט זיך דער־זעהן אין חלום, אין א פינסטערער נאַכט, אין א וויסטען וואָקזאל. פאַרביי איהם ציהען זיך צוגען מיט אידישע וואַנדערער. זיי שטרעקען אוים זייערע הענט און בעטען רעטונג. נאָר ער איז אַליין און האָט ניט קיין כחות צו העלפען, און זיין הארץ געהט אוים פאַר ווהעטאָג.

8.

שבת אין דער פריה איז אָרא געקומען צוריק פון קאירא. צו־זאַמען מיט איהר איז געקומען צו פאָהרען איהרע א פריינדין אסתר, וואָס האָט זיך געקליבען צו עקזאַמענירען זיך אין יפו אויף לעהרערין פון קינדערגאַרטען. דאָס איז געווען א יונג מיידעל מיט קעצישע אויגען, א בויגיגען, בלענדען ווייסען קערפער, א דינער האַלז און פּראַכטפאָלע רויטע האָר. אָרא איז לאַנג געווען מיט איהר באַפריינדעט, און איצט האָבען זיך די מיידלאַך באַזעצט צוזאַמען.

אָרא איז אוועק צו דניאל׳ן. די לאָדענס פון זיין קליינעם צימעריל זיינען געווען צוגעמאַכט. דניאל האָט זיך גע־פיהלט ניט גוט, און ער איז פון אין דער פריה געלעגען אין א האַלב־דרעמעל. די בעל־הבית׳טע האָט איהם געבראַכט א גלאָז מוטנעם טיי און איז אוועק, איבערלאָזענדיג די טיר האַלב אָפען. אָרא איז שטיל אריין אין צימער, האָט זיך צוגעזעצט אויפ׳ן ראַנד פון בעט און האָט צערטליך אריבערגעפיהרט מיט דער האַנד איבער זיינע האָר. דנילא האָט א ציטער געטאָן, געעפענט די אויגען און געקלערט, אז דאָס שלאָפט ער נאָך אַלץ און זעהט אָרא׳ן אין חלום.

— דאָס בין איך, מיין אינגעל, דיך פרעהט, ניט אמת?

— אָרא, — האָט דניאל געמורמעלט, גליקליך זיך צולאַכט און האָט מיט׳ן גאַנצען קערפער זיך א ציה געטאָן צו איהר. זי האָט איהם א קוש געטאָן אין שטערן.

— אָרא, — האָט ער ווידערהאָלט און האָט צוגעצויגען די מיידעל צו זיך.

זי האָט ארומגענומען מיט די הענד זיין האלז, און קושענדיג איהם, האָט זי ליידענשאַפטליך גערעדט:

— איך האָב זיך היינט אומגעקעהרט פון קאירא און האָב גלייך געאײַלט צו דיר. איך בין איצט אזוי גליקליך. און מיר וועלען אוועקפאָהרען אין אַנאַנדער לאַנד. איך וועל דאָרט שפּילען, און אונזער לעבען וועט ווערען שעהן, ווי אַ מעשה׳לע און דיין כלה ועסטו איבערלאָזען. אָבער, ניין, איך וועל איצט וועגען איהר ניט ריידען. די מינוטען לעבען מיר נאָר פאַר זיך. נו, זאָג מיר איצט אַ סך צערטליכע ווערטער, וואָס ווארימען לאַנג, לאַנג דאָס הארץ. ביזט אַלע מאָל אזא שווייגענדיגער?

זי האָט איהם ווידער אַ קוש געטאָן אין שטערן.

— אין די לעצטע טעג האָט זיך מיר געלעבט שלעכט. מיך פרעהט, וואָס דו ביזט געקומען צוריק. איצט וועט ווידער זיין גוט, — האָט דניאל גערעדט. — געוועז אונאַנגענעהמליכקייטען אין ארטעל צוליב ארבייט. און דינה׳ס בעל הבית׳טע האָט מיך איינמאָל אָפּגעשטעלט און גענומען מאַכען פאָרוואורפען: אַלע ריידען וועגען אונז אין שטאָדט. איז געוועזען שווער.

— מיין ליבער, מיר וועלען פון דאַנען אוועקפאָהרען, — האָט אָרא ווידער אָנגעהויבען. — דו קענסט דאָך טאָן עפּעס אַנדערש אין אַ נייעם לאַנד, איך וועל דאָ זיין אַ קורצע צייט, די לעהרער האָבען מיר צוגעזאָגט צו קריגען מיר אַ סטיפּענדיום. דאַן פאָהר איך אין איירָאָפּאַ.

— ניין, אָרא, פון פּאַלעסטינא וועל איך אין ערגעץ ניט אוועקפאָהרען, ווי שווער מיר זאָל ניט זיין — האָט דניאל געזאָגט פאַרטראַכט.

— אָבער פארוואָס, אינגעל מיינער? — האָט אָרא זיך גע־וואונדערט — יונגע לייט פארלאָזען דאָך דאָס אָרימע לאַנד. קען מען דאָ לעבען גוט?! ארום איז אזוי פיל אָרימקייט, שמוץ און ווילדקייט.

אָבער דניאל האָט איהר גאָר ניט געענטפערט. ער האָט פעסט

ארומגענומען אָרא׳ן און האָט זי אַ קוש געטאָן אין די אויגען. און דאָס איז געווען שטאַרקער פון אַלע ווערטער.

— אמת, מיר וועלען אוועקפאָהרען, אוועקפאָהרען! — האָט זי ווידערהאָלט און צוגעדריקט די ליפּען צו זיין געזיכט.

דאן האָט זי, גליקליך לאַכענדיג, גענומען דערצעהלען, ווי דער דראַמאַטישער קרייז אין קאירא און באַזונדערס ראַפּאָפּאָרט, האָבען זי געבעטען, זי זאָל בלייבען כאָטש נאָך אויף עטליכע טעג. אָבער זי האָט אַלעמען דערצעהלט, אַז זי האָט זיך פאַרליבט אין פּאַלעסטינא אין אַ שעהנעם אינגעל און מוז באַלד צוריקקומען. ענדליך האָט מען איהר געמאַכט אַן אַבשידס אָוונט, אויף וועלכען עס איז געווען זעהר פרעהלאַך, און אין דער פריה האָט מען זי באַגלייט מיט בלומען, און ראַפּאָפּאָרט האָט זיך אַלץ באַקלאָגט:

— אַך, אָרא, פאַרוואָס פאַרלאָזט איהר אונז?

אוועקגעהענדיג האָט אָרא אַביסעל אַ קלער געטאָן און געזאָגט:

— און געקומען אַהער בין איך מיט אסתר׳ן, מיינער אַ גוטער פריינדין, וואָס וועט וואָהנען צוזאַמען מיט מיר. זי איז פון רוסלאַנד און אַ זעהר אינטערעסאַנטע. וועסט זעהן.

אין אבענד איז דניאל ארויס צום ים. אויפ׳ן ברעג, ווי געוועהנליך שבתים, האָבען אַ סך מענשען שפּאַצירט און מיט זייער ריידען און לאַכען אָנגעפילט די לופט ארום. ער איז געזעסען מיט די טאַטשעטשניקעס און האָט אַלץ געקוקט צום געסעל, פון וואַנען אָרא האָט געקענט ארויסקומען. אָט האָט זיך שוין אָנגעצונדען דער ערשטער שטערן. די מוזיק אין קאַפע איז אנשווייגען געוואָרען, און דער ברעג איז ביסלאַכווייז געוואָרען לעער. דניאל געהט לאַנגזאַם צו אָרא׳ן. ביים אָפענעם פענסטער פון איהר צימערל שטעלט ער זיך אָפּ און פרעגט ביי אסתר׳ן: וואו איז אָרא?

— קומט אריין, — ענטפערט דאָס מיידעל, — אָרא וועט מסתמא באַלד קומען.

אַ האַלב אויסגעטאָנענע, ליגט אסתר אויפ׳ן סאָפאַ און לעזט. איהרע שעהנע דינע הענד זיינען נאַקעט ביז איבער די עלענבוי-

גענס, און דער ברייטער אויסשניט פון דער נאכט־העמד עפענט א בלענדע ווייסע ברוסט. דאָס מיידעל שטעהט אויף און וואַרפט ארויף אויף זיך א ווייסען דורכזיכטיגען שאַל.

— זעצט זיך — זאָגט זי האַלב פאַרמאַכענדיג די קעצישע אויגען מיט די לאַנגע טונקעלע ווִיעס, — אָרא האָט מיר דער־צעהלט וועגען אייך, און איך מוז איצט לערנען און לערנען. ס'אָרא אומעט. אנטשולדיגט, איך וועל זיך ווידער צולעגען.

זי האָט גראציעז פאַרוואָרפען די הענד איבער'ן קאָפּ, האָט פאַרריכט די האָר און האָט זיך געלעגט. אביסעל שפּעטער איז דניאל ארויף אויפ'ן דאך, האָט צושפּרייט א טעפּיך און זיך געלעגט. דער אָוונט איז געווען וואַרים, בלוי און ליב. ניט ווייט אויפ'ן זאמד, האָט זיך געהערט דאָס רעדען פון גרויסע און פריידיד־אויסגעשרייען פון קינדער. דניאל האָט פּלוצלונג דערהערט די שטים פון אָרא'ן און דעם געלעכטער פון נחמה'ן. אָרא איז געווען ביי כאינים'ען און האָט איצט געפיהרט צו זיך א קאָמפּאַניע: גור אריה'ן, הררי'ן און אַנדערע.

די קאָמפּאַניע איז צוגעקומען צום שטיבעל, און אָרא האָט גע־זאָגט:

— געהט ארויף אויפ'ן דאך. איך מיט דער פריינדין וועלען באלד קומען.

— אָ, זאָלען שוין מיינע אויגען זי שנעלער דערזעהן! — האָט דער מאָלער אויסגערופען.

— באלד, באלד, — האָט אָרא געלאכט — גיכער, אסתר!

— האָט זי א געשריי געטאָן אין פענסטער. אונזער קינסטלער געהט אוים פון אונגעדולד דיך צו זעהן.

— אָ, געטליכע, קום ענדליך ארויס! — האָט הררי זיך געקרימט, און דרעהענדיג זיך ארום נחמה'ן, האָט ער גענומען זינגען א רוסיש ליד.

אביסעל שפּעטער האָט די קאָמפּאַניע זיך צוזעצט אויפ'ן דאך. אָרא האָט געבראַכט א מאַנדאָלין. זי האָט זיך געזעצט לעבען דניאל'ן און האָט שטיל געפרעגט, פאַרוואָס ער איז ניט געקומען צו כאינים'ען. זי האָט דאָרט אויף איהם געוואַרט און איז דאריבער געזעסען אזוי לאַנג.

— און איך בין געזעסן אליין ביים ים, — האָט געענטפערט דניאל.

פלוצלונג האָט כאַינים פאַרגעשלאָגען:

— זאָל אונז אַראַ שפּילן עפּעס הארציגעס. כאָטש דעם טרויעריגען ניגון וואָס די אַראַבער־בעטלער זינגען ביי די טויערען פון שטאָדט. אָט די מעלאָדיע קלינגט נאָך אַלץ אין מיינע אויערען. איך גיה אַמאָל צום טויער זי הערען. באַזונדערס גוט זינגט אַ יונגער בעטלער, אַ קאַליקע און אַ בלינדער. ער האָט אַ ווייכען, שעהנעם ריינעם טענאָר.

אַראַ האָט באַריהרט די סטרונעס און געזונגען:

— אָ, הייליגער אַלאַ!

— בעסער אַ אידיש ליד, — האָט גור אריה אונטערבראָכען.

— מיר האָבען אַלץ ליב פרעמדע מאָטיווען.

— שווייגט, וואָס פאַר אַן אונערטרעגליכער מענש איהר זיינט — איז אַראַ אין כעס געוואָרען און האָט ווייטער געזונגען.

— אָ, הייליגער אַלאַ!

ווען זי האָט געענדיגט ,האָט גור אריה מיט אַ קרומען שמייכעל געזאָגט:

— אומזיסט זייט איהר, פיל געאַכטעטע אַראַ, בייז געוואָרען אויף מיר. מיר דארפען אויסוואָרצלען אין אונז דעם קנעכטישען גייסט. מיר האָבען אַזאַ שוואכקייט צו אַלץ, וואָס איז פרעמד. אונזערע ארבייטער דאָ זינגען רוסישע און זשארגאָנישע לידער, אזוי ווי אונזער אייגענע שעהנע שפּראַך וואָלט גאר ניט עקזיסטירט. ניין, דאָס דארף מען איינמאָל פאַר אַלע מאָל אָפּשטעלען. און בכלל, וועל איך אייך זאָגען, האָבען מיר דאָס זיטען ביי אונזער יונגוואַרג! איך קען דאָ איין בחור. געהט אַרום מיט עפּעס אַ מיידעל. פרעג איך ביי איהם: ווער איז זי? מיינע אַן אייגענע שוועסטער. וואָהנען זיי צוזאַמען אין איין צימער. איצט שטעלט זיך פאַר, זי שוועגערט. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז זי איז אַ געליבטע, ניט קיין שוועסטער.

— אָבער זיי האָבען דאָ קיין שלעכטס ניט געטאָן, — האָט שטיל באַמערקט כאַינים.

— ווי! — איז גור אריה געוואָרען אַן אָנגעצונדענער און

האָט גענומען סאָפּען, ווי אַ מידער פערד, — אָהן אַ חופּה! דאָס איז דאָך זנות!

— מיין באַצויבערענדער גור אריה. — האָט זיך אָפּגערופען דער מאָלער, וואָס האָט זיך די גאַנצע צייט געדרעהט ארום אסתר'ן. — מיט אייערע ליפּען רעדט די ווייזהייט אַליין. איך שטים מיט אייך פאָלשטענדיג איין. און דעם בחור, וועגען וועלכען איהר דערצעהלט, דאַרף מען אינמיטען שטאָדט הינריכ־טען אויף דעם ערגסטען אופן. זאָל די יונגוואַרג זעהן, ווי מען באַ־געהט זיך מיט די אונטרייע צום גלויבען פון אונזערע אבות. און דערווייל ראַט איך אָפּצושטעלען דעם געשפּרעך.

— איהר אַלץ מיט אייערע וויצען! — האָט זיך גור אריה באַליידיגט. — ניט אַלע מאָל זיינען זיי אַם פּלאַץ.

אָבער דער מאָהלער האָט שוין ווידער גערעדט מיט אסתר'ן. זי האָט געוואָלט איהם געפעלען. זי האָט זיך געבויגען מיט איהר גאַנצען קערפּער און האָט אַלע ווייל צוגעמאַכט איהר קעציש־ע אויגען מיט די לאַנגע טונקעלע וויעס.

— ווער איז דער גור אריה? — האָט זי שטיל געפרעגט.

— אַן עזעל בצורת מענש, — האָט דער מאָהלער שטיל גע־ענטפערט, — און איהר שלאַנקע מיידעל, דערמאָנט מיר אַ פּיל־פאַרביגע נימף אין בלויען ים. קומט צו מיר, און איך וועל אייך מאָלען אויפ'ן פּאָן פון מאַנדעלבוימער, ווען זיי בליהען. אַ יונג מיידעל, שלאַנק ווי אַ ביימעל, מיט רויטע האָר, אין וועלכע די ערשטע זון שטראַהלען שפּילען ווי כמאַראַגדען, באַשפּריצט מיט טוי, וואַנדערט אום אין אַ מאַנדעל גאָרטען. דאָס וועט אַרויס־קומען גלענצענד.

— און איהרה האָט אייער אייגענע אַטעליע? — האָט אסתר געפרעגט.

— אָ, יע, אָבער צייטווייליג וואוין איך אין אַ קליינעם צי־מער. און אין ירושלים האָב איך אַלץ, — האָט דער מאָהלער גע־זאָגט אַ ליגען. — אַ רייכע אַטעליע אין אַן אַלטען אַראַבישען הויז. אַרום איז אַן אייביג גרינערגאָרטען מיט אַ וואונדערליכען פאָנ־טאַן אין דער געשטאַלט פון אַ יונגער מוטער, וואָס האַלט אַ קינד אויף די הענט. מיינע בעסטע ארבייטען געפינען זיך אין ירושלים.

גור אריה האָט זיך ניט באַרוהיגט און האָט באַנייט זיין פרי־הערדיגען געשפּרעך. ער האָט ניט באַמערקט, ווי ער האָט ביס־לעכווייז אַלעמען דערעסען. איצט האָט ער דיסקוטירט מיט לאה׳ן, וואָס האָט ניט געוואוסט, וואָס איהם צו ענטפערען און האָט געקוקט אויף איהם צומישט מיט איהרע אויגען, טונקעלע ווי פלוימען, קלערענדיג:

— מיט אַזאַ וואָלט איך ניט חתונה געהאַט. קיינמאָל ניט!

און ער האָט גערעדט:

— דאָס אידישע פאָלק האָט אַלעמאָל שטאָלצירט מיט דער ריינקייט פון זיינע זיטען. דאָס אידישע מיידעל האָט ביז דער חתונה געליבט איהר חתן פּלאַטאָניש, און איהר נשמה איז געבלי־בען ריין, ווי די פליגעל פון א מעווע, ווי דער אומבאַריהרטער שניי. און וואָס זעהען מיר איצט? שמוץ און זנות. ניין, דאָ אין פּאַלעסטינא, אין דעם הייליגען לאַנד פון אונזער רוהמרייכער פאַרגאַנגענהייט און אונזער גרויסער צוקונפט דאַרפען מיר לע־בען, ווי עס האָבען געלעבט אונזערע אורעלטערען און אונזערע חכמים.

גור אריה׳ס קול האָט אויפגערעגט דניאל׳ן. אַט פּלוידערט ער דאָ וועגען דער ריינקייט פון זיטען, און אליין גנב׳עט ער זיך אין די פינסטערע נעכט אין די אַראַבישע שאַנדהייזער אריין און קויפט א פרוי פאַר א בישליק. איין קאַלטען רעגענדיגען אָוונט איז דניאל געגאַנגען איבער׳ן ברעג, טולענדיג זיך אין א פּעלערינע. די גרויסע מוטנע וועלען האָבען געברויזט, צוטראַ־גענדיג ווייט אַרום א טרויעריגע מעלאָדיע. עס האָט זיך ניט געוואָלט געהן אַהיים. פּלוצלונג האָט ער באַמערקט, ווי פון אַן אַראַבישען געסעל האָט זיך באַוויזען עפּעס א באַקאַנטע פיגור און האָט זיך געלאָזט געהן גלייך צו די שאַנדהייזער, וואָס האָבען זיך געטוליעט איינס צום אַנדערען אויף א בערגעל, ווי א גרופּע שוואַ־כע קרעציגע זקנות מיט נאַקעטע וואונדען. דניאל איז נאָכגעגאַנ־גען דער פיגור און האָט דערקענט גור אריה׳ן. אַט האָט גור אריה זיך אויפגעהויבען אויפ׳ן בערגעל, האָט זיך ווי א גנב אַרומגעקוקט אין אַלע זייטען און איז פאַרשוואונדען אין א טיר, איבער וועלכער

עס האָט זיך געשאקעלט פון ווינט און געסקריפּעט א טונקעלע לאַנטערן מיט רויט־גרינע שייבלעך.

— איהם איז שווער אָהן א פרוי, — האָט דניאל באַשלאָ־סען און איז אוועק און האָט וועגען דעם פארגעסען. איצט אָבער האָט זיך איהם געוואָלט זאָגען גור אריה'ן דעם גאַנצען אמת אין געזיכט און דאן אראפּוואַרפען פון דאך, ווי אן אַלטע שמאַטע.

— זעהט, ווי ער האָט זיך דאָס צופלוידערט, — האָט ער זיך ניט איינגעהאַלטען, אויפציטערענדיג פאר כעס.

— זאָל ער רעדען, — האָט שטיל געזאָגט אָרא און האָט אנ־געריהרט די סטרונע פון דער מאַנדאָלין. א צערטליכער קלאַנג האָט זיך דערהערט און איז אפּגעשטאָרבען.

ענדליך איז גור אריה אנשוויגען געוואָרען, אָננעהמענדיג דעם אויסזעהן פון א ניט פארשטאַנענעם מארטירער פאר זיין פאָלק. ער האָט זיך געלעגט אויפ'ן רוקען און האָט גענומען קוקען אויפ'ן הימעל, און די קאָמפּאניע איז געוואָרען אויפגעלעבט. מען האָט געלאַכט און געשפּאַסט. דער מאַלער, וועלענדיג א גלאַנץ טאָן פאר אסתר'ן, האָט זיך געוויצעלט, דעקלאַמירט און האָט אַלעמען געמאַכט צום לאַכען מיט זיינע חכמות, באַזונדערס געלונגען זיי־נען איהם סצענען פון שלום־עליכם.

— ערנסט, הררי, געהט אויף דער ביהנע, — האָט אָרא געראָטען, — איהר זייט א גוטער קאָמיקער.

— צו וואָס, מיין פריינד, איך שפּיל אזוי אויך א גאַנץ לעבען און זעהר אומגעלונגען, — האָט דער מאלער אָפּגעזיפצט.

— איהר טראַכט אוים בייז אויף זיך אליין.

— צום באַדויערען, מיין טונקעל הויטיגע פון בליהענדיגען וויינגאַרטען, איז דאָס אמת.

פּלוצלונג האָט זיך פון אונטען דערטראָגען א הייזעריגער מענער קול: „כאַיגים, ביזט דאָ?”

— ער איז דאָ, — האָט מיט פרייד געענטפערט נחמה. — קומט ארויף. מיינע הערען, דווירין איז געקומען מיט זיין פידעל. אָט וועט דאָס זיין אינטערעסאַנט.

דווירין האָט דערוויל לאַנגזאַם זיך אויפגעהויבען אויף די שמאָלע טרעפּ, האַלטענדיג זיין פידעל אוינטער'ן ארעם. דאָס

איז געווען א בלאָנדער יונגערמאַן פון א יאָהר דרייסיג, פון נידעריגען וואוקס, מיט א גאַנץ סימפּאַטישען געזיכט און טרויעריגע גרויע אויגען. ער האָט שוין לאַנג געוואוינט אין פּאַלעסטינא, און קיינער פון די חברים האָט ניט געוואוסט, פון וואַנען ער שטאַמט. אלעמאָל א שטילער, פלעגט ער ווערען ברוגז, ווען מען פלעגט איהם נעהמען פאַנאַנדערפרעגען וועגען זיין פאַרגאַנגענהייט. פּאַלעסטינא איז ער עטליכע מאָל אַרומגעגאַנגען צופוס, ווי א בעטלער, ערנעהרענדיג זיך פון די נדבות פון גאַסטפריינדליכע אַראַבער און בעדואינער. און לאַנג אויף איין אָרט האָט ער ניט גערוהט. איהם האָט אלץ ערגעץ וואו געצויגען, און ער איז געגאַנגען אָהן א ציל. דער שטילער צאַרטער ווינט פלעגט רופען, דער ליבער צאַרטער פריינד פון אומרוהיגע, בענקענדע נשמות... ער האָט געשריבען פּאָעמען, ווייסע פערזען, בעזינגענדיג די ווילדע שעהנקייט פון די וויסטע בערג און טאָלען. ער האָט געשריבען פאַרבענגרייך אויף דער קאָנדענסירטער ביבלישער שפּראַך, וואַרפענדיג זונליכט אויף יעדער שורה. כאַינים האָט איהם ניט איינמאָל געראַטען צו באַאַרבייטען די פּאָעמען טעכניש און זיי אַרויסגעבען. אָבער ער האָט וועגען דעם ניט געוואָלט הערען.

— אייערע זשורנאַלען זיינען שמוציגע גריבער, — האָט ער געזאָגט, — און די מעהרסטע שרייבער וואָלט בעסער געפּאַסט צו האַנדלען מיט הערינג.

ער האָט געהאַסט די שטעדט און האָט זיך אין זיי געפיהלט, ווי אין א געפענגניס. מילד און צערטליך מיט חיות, איז ער מיט מענשען אָפטמאָל געווען חוצפּה'דיג און האָט זיי אָפען אויסגעמידען, ווי זיי וואָלטען מיט זייער אָנוועזענהייט באַשמוצט זיין נשמה. ערשט מיט עטליכע שעה צוריק איז דווירין געקומען אין שטאָדט. ער איז געווען ביי כאַינים'ען, און אימיצער האָט איהם געשיקט אַהער. דער שטילער בלויער אָוועגט מיט דעם ריינעם באַשטערענדען הימעל און דער גערויש פון ים האָבען אנגעוועהט אַן אומעט אויף זיין נשמה.

— דעם אייביגען וואַנדערער און דעם זינגער פון די מדבריות פון יהודה מיין גרוס, — האָט איהם עמפּפאַנגען דער מאָלער, —

אָרא, שטעלט זיך אויף און פארנייגט זיך טיף פאר איהם. אַמ איז אַ מענש, וואס שפייט אויף רוהם, וועמעס גייסט האָט זיך נאָך ניט צונויפגעגאָסען מיט דער נישטיגער מאסע.

— שווייג, שווייג, הררי, — האָט דוויירין איינפאך געזאגט, און מיט אַן אנשטרענגונג אלעמען צו זעהן האָט ער זיך געזעצט אויפ'ן דיל מיט די פיס אונטער זיך.

מען האָט ארומגערינגעלט דוויירין'ען און גענומען איהם אויספרעגען, פון וואנען ער קומט, און פארוואס מען האָט איהם אזוי לאנג ניט געזעהן.

— איך בין שוין געווארען אומרוהיג וועגען דיר, — האָט כאַינים געזאגט.

און נחמה איז צוגעשטאַנען:

— ליבער, שפּילט אונז עפּעס. איך וויל, איך בעט אייך זעהר.

די אנדערע האָבען אויך געבעטען. דוויירין האָט ניט גע־וואָלט. ענדליך אָבער האָט ער איינגעשטימט. ער האָט געבראכט אין אָרדנונג דאָס פידעל און האָט אויפגעשפּילט א וויג־ליד, אי־בערגעבענדיג דאָס פייפען און וויינען פון דעם ווינטערדיגען שטורם, די טרויעריגע מעלאָדיע פון א מוטער, וואס האָט זיך אָנ־געבויגען איבער איהר קינד'ס וויגעל. דאָס ליד האָט דוויירין ליב געהאט און האָט עס געשפּילט מיט געפיהל, כאָטש ניט ריכטיג און זעהר טרויעריג. דאָס פידעל פלעגט ביי איהם פּלוצלונג אָנ־הויבען וויינען, וואו די מוטער פארוויגט דאָס קינד. אָט איז אָפּ־געשטאָרבען דער לעצטער קלאנג. דוויירין האָט אראָפּגעלאָזט דעם שמיטשיק און איז א מינוט געשטאַנען מיט אַן אראָפּגעלאָזע־נעם קאָפּ, ענליך צו א נאסען מוזיקאנט אין זיינע צוריסענע קליידער.

— בראווא! — האָט נחמה אויסגערופען. — שפּילט נאָך עפּעס.

פּלוצלונג איז צום הויז צוגעלאָפען דער מאַטשעטשניק דוד.

— דניאל, קומט שנעל! מיט סענדער'ן איז שלעכט.

— וואָס איז? וואָס איז געשעהן? — האָבען אלע זיך

א כאפּ געטאָן, און דניאל מיט כאינים'ען האָבען זיך א ווארף געטאָן אראפּ איבער די טרעפּ.

דוד האָט בלויז צייט געהאט צו דערצעהלען, אז סענדער האָט זיך צושניטען דעם האלז מיט א קיך־מעסער.

— אָך, גאָט! — האָט כאינים געזיפצט, איילענדיג מיט דניאל'ן אין רעסטאָראן.

מאלקאָוו, א פארלאָרענער און א בלייכער, מיט צושראקענע אויגען, האָט זיי באגעגענט ביים ארייננאַנג.

— א דאנק גאָט — האָט ער געזאגט, — דער דאָקטאָר זאָגט, אז די וואונד איז ניט געפעהרליך. אזא אומגליק. אלע זיצען ביים אָוונעד־עסען, מען לאכט, און פּלוצלונג כאַפּט ער א מעסער און... אָך, איך קען ניט זעהן קיין בלוט, איך קען ניט, — האָט מאלקאָוו א ציטער געטאָן.

אין א קליינעם צימער, לעבען סענדער'ס בעט, זיינען געווען די טאטשעטשניקעס מיט טרויעריגע שולדיגע פּנים'ער. זיי האָבען ביים עסען געשפּאסט איבער איהם און האָבען איהם ווי־דער געוואלט אָנ'שיכור'ען, און פּלוצלונג אזא סוף! באזונדערס שלעכט האָט זיך געפיהלט חיים, וואס פלעגט שטענדיג דער ער־שטער רייצען סענדער'ן. דער דאָקטאָר האָט איבערגעבונדען די וואונד, האָט ווידער אלעמען בארוהיגט און איז אוועק. און סענדער איז געלעגען מיט פארמאכטע אויגען און האָט געקרעכצעט.

— איך קען מעהר ניט. וואס איז מיין לעבען? וועמען בין איך נויטיג? איך האָב אין קיין זאך קיין ערפאָלג ניט. ווי מען זינגט אין דעם ליד, איך בין געבאָרען געווארען אָהן מזל. אין רוסלאנד איז מיר געווען שלעכט. איך האָב געמיינט, אז אין פּא־לעסטינא לעבען בחורים צוזאמען, און אלע זיינען גלייך. ארויס־געקומען איז נאָך ערגער. איינער בין איך דאָ, און קיינעם האָב איך ניט.

סענדער האָט זיך פּלוצלונג צואוויינט.

— וויין ניט, טייערער, — האָט דניאל איהם גענומען טרייסטען.

ווען סענדער האָט זיך באַרוהיגט, האָט דניאל קלענער גע־מאַכט דעם פייער, און אַלע זיינען אַרוים פון צימער.

— איך וועל בלייבען לעבען איהם די גאַנצע נאַכט, — האָט חיים געזאָגט. — איהר מעגט געהן.

דניאל האָט זיך אומגעקעהרט צו אָראַ'ן. די קאָמפּאַניע איז זיך שוין צוגאַנגען, און דאָס מיידעל איז געזעסען אויפ'ן פענ־סטער אין אַ לאַנגען ווייסען כאַלאַט מיט אַראָפּגעלאָזענע צעפּ. אסתר איז אַוועקגעגאַנגען מיט עם מאַלער.

— איך האָב געוואוסט, מיין אינגעל, אַז דו וועסט קומען צוריק, — האָט אָראַ אָנגעהויבען און האָט מיטביידע הענט אַרומגענומען זיין קאָפּ און האָט איהם אַ קוש געטאָן אין שטע־רען. דאַן האָט זי איהם מיט צערטליכקייטען אַרויפגעפיהרט אויפ'ן דאַך, און זיי האָבען זיך דאָרט געלייגט אויפ'ן ברייטען טעפּיך.

— אָך, אָראַ, ווי פיינליך דאָס לעבען איז, — האָט דניאל געזאָגט, לאַסטשענדיג זיך צו איהר, — אַנדערע מענשען ווע־רען פון דעם שיקזאַל אַזוי באַליידיגט. אָט נעם סענדער'ן. ער האָט זיך איצט אַזוי באַקלאָגט. אַ נשמה האָט ער אַ גוטע און קען אָהן פריינדשאַפט ניט לעבען, און קיין פריינד זיינען ניטאָ, האָט ער באַשלאָסען צו שטאַרבען. צום גליק איז די וואונד ניט געפעהרליך.

— מיין ליבער, אייגענער אינגעל, — האָט דאָס מיידעל געענטפערט. — נעם מיך אַרום פעסט, פעסט. איך האָב אַזוי לאַנג געוואַרט אויף דיר.

פון די לייכטע באַריהרונגען פון איהר יונגען וואַרימען קערפּער האָט דניאל האַלב פאַרלאָרען דאָס באַוואוסטזיין. ער האָט געוואָלט אויפשטעהן, אַוועקגעהן, האָט אָבער ניט געהאַט קיין כח. אַן אומאויסשפּרעכליך זיס געפיהל האָט געשמידט אַלע זיינע גלידער, און דאָס האַרץ איז אויסגעגאַנגען. און דער מיי־דעל'ס שטים האָט געקלונגען ווי אין חלום...

פון יענער נאַכט זיינען פאַר אָראַ'ן אָנגעקומען טעג פון ליבע און שעהנקייט. זי האָט אויפגעבליהט און איז שעהנער געוואָרען. איהר געזיכט איז געווען באַלויכטען מיט אַ שטילען

גליק. עס האָט אויסגעזיווען, ווי אַן אומבאַקאַנטער וואָלט פֿאַר איהר אַנטפּלעקט די גרויסע געהיימניס פֿון ליבע, און זי האָט געזעהן וואונדערליכע חלומות אָהן אַ סוף...

איצט פֿלעגט דניאל יעדען פֿריהמאָרגען צוקומען צו איהר הויז, פֿלעגט זיך שטעלען פֿאַר איהר פֿענסטער און רופֿען:

— אָראַ, אסתר, שטעהט אויף! די זון איז שוין לאַנג אויפֿגעגאַנגען. שנעלער זיך באָדען. — און האַלב שלאָפֿענדיגע פֿלעגען די מיידלאַך צאַרט ענטפֿערען: „באַלד, באַלד, ליבער!”

דאַן פֿלעגען זיי אַרויסגעהן אין גאַס אין לייכטע ווייסע כאַלאַטען, מיט טופֿלעס אויף די פֿיס, מיט האַנטיכער אויף די אַקסלען.

ביים ים פֿלעגען די מיידלאַך אַראָפּוואַרפֿען די כאַלאַטען און זיך שפּילען ווי קינדער. אסתר פֿלעגט זיך אַ נאַקעטע לעגען אויפֿ'ן זאַמד, שעהן פֿאַרוואַרפֿענדיג די הענט הינטער'ן קאָפּ, און פֿלעגט זשמורען די אויגען אַנטקעגען דער זון, וואָס האָט געשפּילט מיט סמאַרגאַנד און גאָלד אין איהרע שעהנע רויטע האָר.

— דו אומפֿאַרשעהמטע, — האָט אָראַ געלאַכט, — דניאל איז דאָך דאָ.

— נו איז וואָס! — האָט אסתר געענטפֿערט זיך ציהענדיג, — ער מעג קוקען אויף מיר, וויפֿיל ער וויל, אַ נאַקעטע בין איך אַ סך שעהנער, איידער אין די נאַרישע קליידלעך.

זיי האָבען זיך אַריינגעוואָרפֿען אין וואַסער און זיינען אַוועק געשוואומען ווייט, יאָגענדיג זיך איינע נאָך דער אַנדערער. ווען דניאל פֿלעגט אָנכאַפּען אָראַ'ן, פֿלעגט ער זי הויך אויפֿהויבען אויף די הענט, און זיינע ליפּען פֿלעגען באַריהרען איהר ברוסט, און זי, אַ גליקליכע, פֿלעגט פֿאַרוואַרפֿען דעם קאָפּ און לאַכען אַנטקעגען דעם הימעל, דער זון און די לייכטע מאָרגענפֿערלדיגע וואָלקענדלעך.

די אָוועגטען פֿלעגען דניאל און אָראַ פֿאַרברענגען אויפֿ'ן דאַך פֿון הויז. אסתר מיט'ן מאַלער פֿלעגען אַוועקגעהן צום ים. געוועהנליך פֿלעגט אָראַ שפּילען אויפֿ'ן מאַנדאָלין און זינגען רוסישע פֿאָלקס־לידער, וואָס דניאל האָט זי אויסגעלערענט. און

ער פלעגט לייגען זיין קאָפּ אויף איהר שוים און אָפּט קלערען:
ווי גוט וואָלט דאָס געווען אַזוי צו שטאַרבען.

פון דינה'ן האָט ער שוין לאַנג קיין בריף ניט געהאט און
האָט אַליין איהר אויפגעהערט צו שרייבען.

אמאָל פלעגט ער זי זעהן אין חלום. זי פלעגט שטיל וויי־
נען, קוקען אויף איהם מיט געבעט און זאָגען, אַז דאָס הארץ טוט
איהר וועה. נאָך אַזעלכע חלומות פלעגט דניאל ארומגעהן אַ
טרויעריגער און ניט געפינען זיך קיין אָרט. אַ שטילער, אַן איינ־
געקרימטער פלעגט אמאָל כאינים קומען צו אַרא'ן. די לעצטע
צייט האָט ער נאָך מעהר זיך פאַרטיפט אין זיך און אין זיין
אייביגען טרויער.

— אך, מיינע קינדערלעך, זייט איהר דאָס אַ וואוילע פּאָר,
— און אין זיינע שרעקעדיגע באַוואגונגען און אין שטילען טרויע־
ריגען קול האָט מען געזעהן, וואָס פאַר אַ טיפער און שווערער
קאַמף קומט פאַר אין זיין נשמה. ער האָט ליב געהאט דניאל'ן
און האָט געוואוסט, אַז צוליב אָט דעם יונגען מאַן וועט אַרא
שוין קיינמאָל מעהר ניט צוגעהן צו איהם נאָהענט. און די צוויי
געפיהלען האָבען אין איהם געקעמפּט און געמאַטערט איהם.
אַרא איז צו איהם געווען זעהר ליבליך און האָט אָפּט זעהר
אויפמערקזאַם אויסגעהערט זיינע רייד וועגען די נייע אידישע
פּאָעטען און אויסלענדישע דראַמאַטורגען, וועגען וועלכע זי האָט
נאָך גאָר ניט געהערט.

איינמאָל איז כאינים געווען אַליין מיט אַרא'ן אין איהר
צימער. זי איז געלעגען אויף דער סאָפאַ. ער איז אונענטשלאָסען
צו איהר צוגעגאַנגען און האָט גענומען שטיל גלעטען איהר קאָפּ.
דער מיידעל'ס געזיכט האָט זיך פאַרענדערט, און זי האָט שטיל
געזאָגט:

— מען דאַרף ניט אַזוי, כאינים. בעסער לאָמיר בלייבען
פריינט. איהר זייט אַ זעהר ליבער מענש, און איך פיהל צו אייך
די טיפסטע אַכטונג. אָבער מען דאַרף ניט אַזוי...

און ציטערענדיג פון פאַרבאָרגענעם וועהטאָג און שאַנד, האָט
ער זיך נאָך מעהר איינגעהויקערט, איז צוגעגאַנגען צום פענסטער

און האָט לאַנג אַרויסגעקוקט צו דער גאַס, ניט זעהענדיג פאַר זיך גאָר נישט.

זיצענדיג אויפ'ן דאַך, פלעגט כאינים אַמאָל זאָגען:

— ווען איהר, אַראַ, וועט ווערען אַ באַריהמטע אַקטריסע, רייך, אַרומגערינגעלט מיט רוהם און מיט ליבהאָבער, וועט איהר ניט איינמאָל דערמאָנען אָט די שטילע גוטע אָווענדען אויפ'ן דאַך פון דעם אָרימען הויז.

— און מיין איינגעל מיט די געקרייזעלטע האָר, — האָט אַראַ צוגעגעבען, גלעטענדיג דניאל'ן.

איין אָוונט איז געקומען גור אריה. ער האָט דערצעהלט אַראַ'ן, אַז די ירושלים'ער יוגענט בעט דעם יפו'ער דראַמאַטישען קרייז צו געבען פאַר דעם אַרבייטער פאָנד אַ ספּעקטאַקל, מיט אַראַ'ס אַנטייל, פאַרשטעהט זיך. דער קרייז האָט איינגעשטימט און פאָהרט באַלד אין ירושלים. ער איז דאָס געקומען מיט־טיילען די אַנגענעהמע נייעס דער פיל געעהרטער אַראַ'ן.

— אַ דאַנק, — האָט דאָס מיידעל געזאָגט קאַלט, — איך ווייס שוין. און איצט זעצט זיך און שווייגט. איך וויל זינגען אַ רוסיש ליד. — זי האָט גענומען זינגען, אַקאָמפּאַנירענדיג זיך אויף דער מאַנדאָלין. גור אריה איז אַוועקגעגאַנגען: ווייזט אויס, זיך באַליידיגט.

אַראַ האָט גענומען דערצעהלען וועגען איהר שוועסטער, וואָס וואוינט אין ירושלים. זי איז אַ שוואַרצאויגיגע און אַזאַ פריינדליכע און לעבענסלוסטיגע. איהר מאַן איז אַ קוטשער, אַ יונגער, שלאַנקער, אָפּגעברענט פון דער זון, אַן אמתער אַראַבער, זינגט שטענדיג. זיי האָבען דריי קינדער און לעבען שרעקליך אָרים, און די שוועסטער באַקלאָגט זיך קיינמאָל ניט.

ווען דניאל האָט זיך געזעגענט, איז שוין געווען שפּעט. איינגעאַנצען אין ווייסען, איז דאָס מיידעל געשטאַנען אויפ'ן דאַך און האָט ווי אַ פאַר'כשופ'טע געמורמעלט:

— אַ גוטע נאַכט, ליבער!

9.

אין עטליכע טעג ארום איז דער דראמאטישער קרייז אָפּ־געפאהרען אין ירושלים. אָרא האָט צוגעזאגט דניאל'ן, אַז זי וועט זיך אומקעהרען באלד נאָכ'ן ספעקטאקעל. אָבער עס איז אוועק שבת און זונטאָג און זי איז נאָך אַלץ ניט געווען. מאָנטאָג אוועגט האָט דניאל געווארט אויף דעם קליינעם וואָקזאל אויפ'ן ירושלים'ער צוג. ענדליך איז ער אָנגעקומען. פון די וואַגאָנען זיינען ארויס עטליכע טערקישע אָפיצערען, צוויי פרויען, א דאָ־רער הויכער איד און א יונג סיריש מיידעל אין אן אויסגענייטען קלייד.

— זי איז מסתמא אויף עטליכע טעג געבליבען ביי איהר שוועסטער, — קלערט דניאל און געהט לאנגזאם צו מאלקאָוו'ען. די טאטשעטשניקעס האָבען געענדיגט זייער ארבייט אין נייעם דאָרף און האָבען אויפ'ן צווייטען טאָג געזאלט געהן אין קאָלאָ־ניע היטען די וויינגערטנער. מען האָט דאָ דעריבער געמאכט א וועטשערע מיט פיש, פלייש און גוטע וויינען, ווי נאָר עס איז געווארען טונקעל, האָט מאלקאָוו אָנגעצונדען דעם גרויסען לאָמפּ, און אין רעסטאָראן איז געווארען ליכטיג און פרעהליך. סענ־דער איז דניאל'ן אנטקעגען געקומען מיט אויסגעשפּרייטע ארעמס:

— אָט וועלען מיר דאָס היינט הוליען! — האָט ער גע־זאָגט, און אויף זיין גאנצען העסליכען פנים האָט זיך צוגאָסען א גוטער קינדערשער שמייכעל.

— נאָר קיין נארישקייטען ניט מיט מעסערס, סענדער, גע־דענק!

— שווייג! — האָט סענדער איהם געלעגט די האנט אויפ'ן מויל. — איך שעהם זיך דאָס צו דערמאָהנען. איך וויים ניט, וואָס מיט מיר איז דאן געווען. גאָר ווי א היסטעריש מיידעל.

— נו, גוט, גוט, איך וועל ניט רעדען, — האָט דניאל איינ־געשטימט.

עס איז געקומען קליאטשקאָ אין אן אראבער קאָסטיום מיט א קינזשאל אין בלויען גורט. ער איז געוואָרען א וועכטער אין

נייעם דאָרף און איז איצט ארומגעגאנגען אין א ברייטער אבאיע מיט א ווייסען טיכעל אויפ'ן קאָפּ, ארומגעבונדען מיט א שוואַרצען שנור.

— זעה נאָר, ווי מען האָט זיך דאָס צוהוליעט! — האָט ער אויסגעשריען, דערזעהענדיג די פלעשער אויפ'ן טיש. — ניט אומזיסט האָט מיך אהער געצויגען.

— זעץ זיך צו אונז, — האָט חיים געזאָגט. — וויין וועט זיין גענוג.

חיים איז געווען גוט געשטימט, און ער האָט געוואָלט לעבען מיט אלעמען בשלום. ער האָט געמאכט שלום מיט דניאל'ן.

— זיי מוחל, ברודער, איך האָב דיך עפּעס באליידיגט פאר גאָר נים.

דניאל האָט איהם אויסגעשטרעקט די האנט.

— איך טשעפּע קיינמאָל קיינעם ניט, אָבער מען דאַרף מיך אויך ניט אָנריהרען.

מען האָט זיך געזעצט צום טיש. מען האָט אויך איינגעלאַדען רבי משה'ן אויסטרינקען א גלאָז וויין.

— איך קוק אויף אייך, קינדער, — האָט רבי משה אָנגעהויבען מיט א רוהיגען, שטילען קול. — איך קלער ווי די צייטען בייטען זיך דאָס. איך בין אויך אמאָל געווען יונג און האָב ליב געהאַט צו זיין פרעהליך. דאָס איז ניט קיין זינד. פרייד איז גאָט'ס געשאַנק. ווער עס טראָגט אין הארצען א ריינע פרייד און ליבע צו מענשען, דער באזיצט א וואונדערליכען אוצר. איך געדענק, מיר האָבען געלעבט אין א קליינעם שטעדטעל, ארומגעדינגעלט מיט אוראַלטע וועלדער. געלעבט שטיל, איינפאַך, אָהן שווערע זאָרגען. ניט געווען ביי אונז קיין גרויסע מויערען, קיין פאַבריקען. מיין פאָטער, א ליכטיגער גן עדן זאָל ער האָבען, האָט געהאַלטען א קרעמעל אויפ'ן מארק פונקט אנטקעגען א גרויסען דעמב, צו וועלכען די פויערים פלעגען צובינדען זייערע פערד אין א יריד. אָט דער דעמב איז מיר געבליבען אין זכרון, און איך קלער אָפט: צי לעבט ער נאָך?... האָט איהם א שטורעם ניט דערשלאָגען? איז מיין פאָטער געווען א קרעמער. און איך

בין געזעסען אין בית מדרש און געלערנט. מיט מיר זיינען דארט געווען נאך עטליכע יונגע לייט.

אין א ווינטערדיגען אווענט פלעגען מיר זיך זעצען ארום אויווען, באקען קארטאפעל, טרינקען טיי, און אזא ליכטיגע, רייגע פרייד פלעגט אונז ארומנעמען, אזוי לויטער פלעגט ווערען אויף'ן הארצען, אז מיר פלעגען נעהמען זינגען און דאנקען גאט פאר דאס לעבען, וואס ער האט אונז געשאנקען. יע, צייטען בייטען זיך...

— לחיים, זיידע, — האבען אויסגערופען די טאטשעטשני־קעס, אויפהויבענדיג די גלעזער ווייז — לחיים, רב משה! — נו, קינדער, לחיים, זייט גוטע אידען.

דער אלטער האט געמאכט א ברכה און אויסגעטרונקען א גאנצע גלאז. ער איז נאך אביסעל געזעסען, דאן האט ער זיך געזעגענט און איז אוועק צו זיך. די טאטשעטשניקעס האבען באשלאסען ניט אנצו'שכור'ען זיך דאס מאל. אויף דניאל'ס פארשלאג האבען זיי גענומען דערצעהלען פון זייער לעבען.

ווען זיי זיינען זיך צוגאנגען אהיים, איז שוין געווען נאך האל־בע נאכט. דניאל האט צוגעפיהרט קליאטשקא'ן ביז צום נייעם דארף. דער שטארקער אלטער ווייז, ווי ווענינ זיי האבען גיט געטרונקען, האט שטארק געווירקט אויף זיי. ביידע זיינען גע־ווען אויפגערעגט, האבען גערעדט הויך, און קליאטשקא האט גע־שריען, כאפענדיג זיך פאר'ן קינזשאל.

— ווארט, ברודער, וועסט נאך פון מיר הערען. אין הערבסט קום איך צוריק אין גליל, און דאן וועט זיך פארשפרייטען דער רוהם וועגען דעם שומר קליאטשקא. איך וועל קויפען א גוטען פערד, א נייע אבאיע, און רויטע שטיוועל. און דאן וועל איך ווייזען די אראבער, ווי אנצופאלען אויף אידישע שומרים.

— ביזט א בראווער יונג! — האט דניאל איהם געפאטשט איבער'ן פלייצע, — ביזט א בראווער יונג!

אויפ'ן וועג צוריק האט דניאל א קלער געטאן, אפשר איז שוין ארא געקומען צוריק, און ער איז אוועק צו איהר הויז. אין פענסטער איז געווען ליכטיג. ער האט אנגעקלאפט.

— קומט אריין — האָט ער דערהערט אסתר'ס קול. זי איז געזעסען ביים טיש און געלייענט.

— אך, דאָס זייט איהר! — האָט זי געזאָגט, אויפהויבענדיג דעם קאָפּ און צומאַכענדיג אויף איהר שטייגער די אויגען.

— אָרא איז נאָך ניט געקומען? — האָט דניאל געפרעגט.

— ניין, וואָס זעהט איהר אויס אזוי מאָדנע? איהר האָט פיבער? איהר זייט קראַנק?

דניאל האָט זיך געזעצט.

— איך בין געזונט — האָט ער שטיל געזאָגט, דערפיהלענדיג פּלוצלונג א מידקייט. אסתר איז צוגעגאנגען צו איהם.

— איהר ווילט, וועל איך אייך איבערלעזען אן אויסצוג פון מאנע'ס „פריהלינגס זון”? — זי האָט זיך געזעצט לעבען איהם און האָט גענומען לעזען זינגענדיג, האָבענדיג פארגעניגען פון יעדען פערז, דאן האָט זי פארמאַכט די אויגען און געזאָגט, ציהענדיג די ווערטער:

— גאָט, וויפיל טרעהרען און בענקשאַפט נאָך דער אייגענער ערד!

— הויבט אָן נאָך אמאָל — האָט דניאל געבעטען — דאָס איז מיין באליבטע פּאָעמא.

זי האָט נאָך אמאָל איבערגעלעזען און דאן איז זי ווי א פאר'כשופ'טע געזעסען, ווידערהאָלענדיג דעם לעצטען פערז: „אָ, ווען מיר וואָלטעןביידע ווידער אויפגעלעבט...” פּלוצלונג האָט זי אָנגענומען דניאל'ן פאר דער האנט:

— איהר האָט עפּעס פאר מיר מורא. אָבער איך בין דאָך גאָר ניט אזא שרעקליכע.

— ווען קומט אָרא? — האָט ער פּלוצלונג געפרעגט.

— אָ, יע, אָרא — האָט אסתר גערעדט פארטראכט — איך האָב פון איהר באקומען א בריף. זי האָט אין ירושלים געהאט א גרויסען ערפאָלג. זי וועט ברייננגען א סך בלומען און א געשאנק פון א פּראָפעסאר פון דער קונסט שול „בצלאל”. נאָכ'ן ספּעקטאקעל האָט מען איהר געמאכט א באנקעט, אויף וועלכען די אלטע לעהרער האָבען ביז טאָג געהוליעט ווי אינגלעך.

— אַ גוטע נאַכט, — האָט געזאָגט דניאל אויפשטעהענדיג.

— גאָט, ווי אומעטיג — האָט אסתר געמורמעלט, נאָכ־קוקענדיג איהם און אראפּלאָזענדיג מאַכטלאָז די הענט אויף די קני.

## 10.

דניאל איז ארומגעגאַנגען אָהן ארבייט. די גאַנצע ארטעל האָט אין דער קאָלאָניע געהיט די וויינגערטנער. ער וואָלט אויך געקענט לייכט געפינען אַ שומר־שטעל, נאָר ער האָט ניט געוואָלט אוועקגעהן פון שטאָדט. איצט האָט ער געלעבט מיט אָרא'ן אין דער נייער קאָלאָניע. ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס גור אריה האָט ניט אויפגעהערט צו וואַרפען שמוץ אויף דניאל'ן, און אויף די רייד פון די לעהרער און דעם פּארזיצענדען פון דעם דראַמאַטישען קרייז, האָט אָרא אָפען געלעבט מיט דניאל'ן. און דניאל'ן האָט אויסגעוויזען, אַז ער איז ווידער רוהיג. אָרא איז געווען אַזאַ שטילע, צערטליכע און ליבע. אָפט אין די אָוועטען פלעגט ער איהר פאָרלעזען האַמסון'ען. און וואָס פאַר אן עקסטאַז זי איז אריינגעקומען פון דעם ראָמאַן „וויקטאָריא", זי האָט געהערט מיט אן איינגעהאַלטענעם אָטעם, און איהרע מצרים־אויגען האָבען געלויכטען ווי שטערן.

— ליבער, זאָג נאָך אַמאָל, וואָס איז ליבע, — האָט זי גע־בעטען — דאָס פאַר'שיכור'ט, ווי אַלטער, דופּטיגער וויין.

און דניאל האָט איהר ווידער פאָרגעלעזען די שעהנע שטע־לען פון „וויקטאָריא". און ווי אָרא האָט דאָס געוויינט ביי וויק־טאָריא'ס לעצטען בריף, איהר געבעט פאַר'ן טויט!

— אַזוי ליבען נאָר אויסערוועהלטע — האָט זי געזאָגט, און טרעהרען זיינען גערונען איבער איהרע באַקען.

צוויי־דריי אָוועטען אַ וואָך פלעגט אָרא אוועקגעהן אויף רעפּעטיציעס. איצט האָט דער קרייז „די אידישע ביהנע" זיך געקליבען צו שטעלען פּינסקי'ס „יענקעל שמיד". אין די אָווענ־טען, ווען אָרא פלעגט אוועקגעהן, פלעגט דניאל בענקען און זיך ניט קענען געפינען קיין אָרט. ער האָט ניט געהאַט וואוהין צו

געהן. כאַיניס האָט געאַרבייט איבער אַ נייעם ראָמאַן און איז כמעט ניט אַרויסגעגאַנגען פון זיין גרויסען לײדיגען צימער. גאַנצע טעג איז ער געזעסען איינגעבויגען איבער'ן טיש און האָט געשריבען, פאַרטראַכטענדיג זיך און זינגענדיג שטיל אַ גמרא־ניגון. אַמאָל פלעגט זיך איהם פלוצלונג פאַרשטעלען אָראַ'ס געשטאַלט. דאַן פלעגט ער נעהמען שפּרייזען איבער'ן צימער, דער־פיהלענדיג אַ פלוצלונגען שאַרפען וועהטאָג. לאה און נחמה זיי־נען אויף זומער אַוועקגעפאָהרען אין גליל. פון דער היים האָבען זיי געהאַט אַ טרויעריגע נאַכריכט. אַ פערד איז געפאַלען, די ערנטע איז שלעכט, און דער פאָטער איז אַלץ ניט געזונט. די מיידלעך האָבען אַביסעל געוויינט און האָבען באַשלאָסען באַלד אַפּפאָהרען אַהיים.

דער מאָלער הררי איז אַוועקגעפאָהרען אין ירושלים. איי־נער פון די לעהרער פון „בצלאל" איז קראַנק געוואָרען, און מען האָט הררי'ן געבעטען, ער זאָל איהם דערווייל פאַרבייטען. מיט אסתר'ן זיינען ביי איהם, ווייזט אויס, געוואָרען פריינדליכע באַ־ציהונגען. אין די שמועסען מיט איהר האָט ער אַוועקגעוואָרפען זיין אַנגעבלאָזען־געהויבענעם טאָן און איז געוואָרען אויפריכטיג, איינפאַך און שטיל. ער האָט ביי איהר געבעטען רוהיגע צערט־ליכקייט, אָפט פלעגט ער פאַר איהר אין דער הויך טרוימען וועגען אַ ליכטיגען, רוהיגען לעבען מיט אַ געליבטער פרוי ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפענער קאָלאָניע, ווייט פון די טומעלדיגע שטעדט. ער האָט מיט איהר גערעדט וועגען זיינע אַרבייטער, וואָס שטעלען איהם ניט צופרידען, וועגען נייע וועגען אין קונסט, אויף וועל־כע ער וויל געהן און קען ניט... אָבער אסתר איז נאָכ'ן עקזאַמען אַוועקגעפאָהרען צוריק אין מצרים און האָט זיך מיט איהם געזע־געגט אין אַ קורצען קאַלטען בריף.

מאַלקאָוו'ס רעסטאָראַן איז אויך געוואָרען אַביסעל לעדיג. דאָ זיינען אינגאַנצען געווען עטליכע מענשען. איינער פון זיי אַ יונגערמאַן, אַ מעלאַנכאָליקער מיט טרוימערישע אויגען און אַ זעהר בלייכען שעהנעם געזיכט, האָט געשפּילט אויף אַ פלייט. אין די אָווענדען פלעגט איצט אין רעסטאָראַן זיין אומעטיג און טונקעל, פלעגען זיך פון דעם מעלאַנכאָליקער'ס צימערעל דער־

טראָגען צאַרטע, רופענדע קלאַנגען פון רעפלעקסיווע מעלאַדיען, וואס פלעגען ארויסרופען ניט פרעהליכע געדאנקען ביי דעם אַל־טען רב משה'ן און ביי מאַלקאָוו'ן...

און קליאַטשקאַ איז געוועז א שומר אין דער נייער קאָלאָניע. ער האָט שוין געכאַפּט עטליכע גנבים און איז געוואָרען באַ־ריהמט. ווען אָרא פלעגט אוועקגעהן אויף די רעפּעטיציעס, פלעגט ער אריינקומען צו דניאל'ן און די פריינד פלעגען אויס־טרינקען א פלעשעל קאָניאַק. דאָס איז באַלד געוואָרען א נויט־וועגדיגקייט ביי זיי. אין אָנהויב איז אָרא געוועז צופרידען צו זעהן דניאל'ן א פרעהליכען און אומענדליך־גוטען.

— מיין אינגעל האָט אביסעל אויסגעטרונקען, — פלעגט זי זאָגען, אפּגעבענדיג זיך זיינע שטורמיגע צערטליכקייטען און אָן אומענדליך־גליקליכע — אָבער ניט אזוי אָפּט, מיין טייע־רער! מאָרגען וועט דאָך דאָס קעפּעל וועה טאָן. — איין מאָל איז אָרא געקומען שפּעט און האָט דניאל'ן ניט געפונען. זי האָט זיך איבערגעטאָן, געזעצט זיך אויפ'ן גאַניק און גענומען וואַרטען, ווידערהאָלענדיג אין זכרון איהר דיאלאָג פון „יענקעל שמיד". באַלד האָבען קליאַטשקאַ און נאָך אַן ארבייטער צוגע־פיהרט דניאל'ן. ער איז געוועז שכור, האָט קוים זיך געהאַלטען אויף די פיס און האָט געמורמעלט עפּעס ענטשולדיגונגען פאַר אָרא'ן. זי האָט אויפגעציטערט ווי אין פיבער. אין א שאַרפען טאָן האָט זי געבעטען די געסט אוועקגעהן, האָט אליין מיט צי־טערנדיגע הענט אויסגעטאָן דניאל'ן און געלעגט שלאָפען. אויף מאָרגען איז ביי זיי געוועז דער ערשטער שטומער קריג. אָרא האָט זיך אויפגעכאַפּט מיט א בייזען, פינסטערען געזיכט, האָט זיך שנעל אנגעטאָן און איז אוועק, ניט זאָגענדיג קיין וואָרט.

דניאל האָט זיך אנגעטאָן און איז ארוים אין גאַס. עס איז געוועז א הייסער נאָכמיטאָג. אומעטום זיינען די לאָדענס געוועזען צוגעמאַכט. אויפ'ן גאַס איז כמעט קיינער ניט געוועזען, נאָר לעבען דעם גימנאזיום אין קליינעם גאַרטענדעל האָבען מאַר־שירט די קליינוואַרג מיט שטעקלעך אויף די פּלייצעס; איינס־צוויי, איינס־צוויי... דניאל האָט זיך אויסגעבאָדען אין ים און איז אוועק זוכען אָרא'ן. זי איז אוועק א בייזע, און דאָס האָט

איהם שרעקליך געמאטערט. אָבער וואו קען ער זי געפינען? זי עסט אפשר מיטאָג ביי די אייגענע?

אין א שטילען געסעל לעבען גאסט־הויז שטעהט אָרא׳ס פּאָטער. דאָס איז א ליבליכער אלטער מיט א גרויליכער באָרד און געדיכטע ברעמען, פון אונטער וועלכע עס קוקען ארויס פאַר־טרוימטע אויגען. ער טראָגט אלע מאָל א יארמולקע און איז אָנגע־טאָן אין א האלב־זיידענעם געשטרייפטען ארַאבישען כאַלאט.

— שלום, זיידע, וואָס מאכט איהר? — פרעגט דניאל — ארא איז דאָ ניט געוועזן.

—ברוך יהוה יום יום — ענטפערט דער אלטער — מיין טאָכטער איז שוין לאנג ניט געוועזן מיטאָג עסען. אפשר איז זי אין דער היים מיט דער אלטער.

דניאל געהט לאנג ארום איבער די גאסען און אנטשליסט זיך ניט ארייַנצוגעהן. די אלטע האָט איהם ניט ליב. ביי צופעליגע באגעגענישען ווארפט זי אויף איהם אומפריינדליכע בליקען און מורמעלט עפּעס בייז, ווי זי וואָלט איהם פארשווערען. ענדליך איז ער דאָך אריינגעגאנגען, אבער אָרא איז דאָרט ניט געווען. — זי איז אוועק, אוועק! — האָט בייז געענטפערט די אלטע, זיצענדיג אויף דער סאפע און רויכערענדיג דעם דופּטיגען קאליאן.

דניאל איז געקומען אהיים, ווען עס האָט גענומען ווערען טונקעל׳. אָרא, א בארוועסע, אין א ווייסען כיטאָן, איז אומגע־גאנגען איבער׳ן צימער און געשטודירט איהר ראָל. דניאל איז צוגעגאנגען און האָט איינפאך געזאגט:

— פארגיב מיר, אָרא. דאָס וועט מעהר ניט פארקומען. איך האָב גאָר ניט געוואָלט טרינקען, איך האָב אזוי נאריש זיך באריהמט. נו, גענוג בייז זיין.

זי האָט געמאכט א מארטירער פּנים און האָט גארניט גע־ענטפערט. זי האָט איהם שוין לאנג מוחל געווען און האָט אומ־געדולדיג געווארט אויף איהם, קלערענדיג וואו ער קען דאָס זיין. אָבער ווי נאָר דניאל איז געקומען מיט אן ענטשולדיגונג, האָט זיך איהר פארוואָלט איהם אביסעל מאטערען.

— נו, לאָז מיר דיך אַ קוש טאָן, — האָט דניאל ווידער אָנגעהויבן צערטליך — נו, זיי ניט בייז!

— גייה אוועק — האָט זי איהם געגענטפערט מיט כעס, אָפּשטויסענדיג איהם — וואָלסט נאָר נעבטען אַ קוק געטאָן אויף זיך. האָסט אויסגעזעהן העסליך, דער פּנים צוקרימט, ווי ביי אַ משוגענעם. אַ, פאַרוואָס טרינקסטו? — האָט זי פּלוצ־לונג אויסגעשריען אין אַ טראַגישען טאָן, זעהענדיג זיך, ווייזט אויס, אויף דער ביהנע, און איהרע אויגען האָבען זיך אָנגעצונדען.

— הער אויף, אָרא, — האָט דניאל געזאָגט און געוואָלט אוועקגעהן. אָבער זי האָט זיך אַ וואַרף געטאָן נאָך איהם און האָט איהם גענומען וואַהנזיניג קושען די ליפּען, דעם האַלז, דעם שטערען....

— איך קען ניט, איך קען ניט, — האָט זי פאַרשטיקט גע־מורמעלט — דו האָסט דאָך מיך פאַרמאַטערט, אינגעל מיינער, טייערער!

זיי זיינען אַ גאַנצען אווענט אָפּגעזעסען אין דער היים, ער האָט איהר דערצעהלט אַ סך וועגען זיך, וועגען זיין טרויעריגער קינד־הייט, זיינע וואָגלענישען און שטענדיגער נויט. וויפיל נעכט ער האָט איינגעלוויין פאַרבראַכט אין שמוציגע פינסטערע לעבער מיט גנבים און וואַגאַבונדען, וואָס האָבען איהם באַטרונקען מיט בראַנפען, פאַר׳סם׳ענדיג דעם אינגעל׳ס נשמה און קערפּער. דאָס איז געווען אַ שווערער חלום, וואָס האָט זיך געצויגען עטליכע יאָהר, ביז ער האָט זיך ענדליך אומגעקערט אַהיים.

— אָרימער מיינער, — האָט אָרא געוויינט, קושענדיג איהם. און ווידער האָבען זיי גענומען לעבען שטיל און גליקליך.

די טעג זיינען געווען הייסע. פון די קאָלאָניעס ארום האָט מען יעדען טאָג געבראַכט קראַנקע ארבייטער. ווי אַ בייזער שטורם ווינט האָט זיך דער פיבער געטראָגען איבער׳ן לאַנד. אין קליי־נעם שפּיטאָל אין יפו איז שוין לאַנג ניט געווען קיין אָרט, און די קראַנקע מענער און פרויען מיט געלע, אויסגעצעהרטע פּנים׳ער האָט מען לאַנג געלאָזען ליגען אין שמוציגע גאַסט־הייזער, אָהן קיין הילף.

אַט האָט מען צו מאַלקאָוו'ס רעסטאָראַן געבראַכט אין אַ פוהר צוויי קראַנקע פרויען, אַ מוטער מיט אַ טאָכטער. שוין דעם זעק־סטען טאָג ליידען זיי פון אַ שווערער מאַלאַריאַ. זיי האָבען גע־דינט אין וואַלד ביי אַ רייכען קאָלאָניסט, די מוטער האָט געקאָכט, און די טאָכטער איז געווען אַ דינסט. דער קאָלנאָיסט האָט גע־וואָלט פון זיי פּטור ווערען, האָט ער געדונגען אַ פוהר און געהייסען זיי פיהרען אין יפו'ער שפּיטאָל. דער קוטשער איז געקומען צו מאַלקאָוו'ן, האָפענדיג, אַז ער וועט די קראַנקע קאָנען איבערלאָזען ביי איהם, ווייל אין שפּיטאָל איז שוין ניט געווען קיין אָרט. דער קוטשער האָט געבעטען מאַלקאָוו'ן זיי אריינגעמען, האָט זיך גע־שוואָרען אַז דער דאָקטאָר האָט פאַרזיכערט, אַז באַלד וועט זיין אָרט אין שפּיטאָל. רב משה האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ: מען קאָן זיי אַזוי ניט איבערלאָזען. מאַלקאָוו האָט געזיפצט: וואָס זאָל מען טאָן? און האָט זיי אריינגענומען.

אויפ'ן צווייטען טאָג האָט מען פון חדרה געבראַכט דעם שוסטער שמואל'יק. ער איז פּלוצלונג משוגע געוואָרען. דניאל האָט איהם גוט געקענט. ער ליגט אויף אַ באַנק אין אַ ווינקעל פון שפּיטאָל קאָרידאָר. לעבען איהם זיצען צוויי ארבייטער מיט מידע, פאַרשלאָפענע פּנים'ער. איינער פון זיי, מיט מעלאַנכאָלישע אויגען, איז אַליין ניט לאַנג ארוים פון משוגעים־הויז.

— שלום, שמואל'יק! דערקענסט מיך?

דער משוגענער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף איהם מיט זיין ברייט־פּלייציגען שטאַרקען קערפּער, האָט אַ בליץ געטאָן מיט די אויגען און אויסגעשריען:

— גיב אהער אַן ערלויבנים דורכצופאָהרען!

— גוואַלדעווע ניט! — איז אין כעס געוואָרען דער ארבייטער מיט די מעלאַנכאָלישע אויגען. און דער צווייטער האָט דערצעהלט, אַז נאָך נעכטען אין דער פּריה איז שמואל'יק געזעסען ביי דער ארבייט און געזונגען לידער. נאָכמיטאָג האָט ער פּלוצלונג ווילד אויסגעשריען: גיב אהער אַן ערלויבנים דורכצופאָהרען! האָט איבערגעקערט דעם וואַרשטאַט, האָט צוואָרפען די קאָפּולען און אינסטרומענטען און האָט גענומען לויפען איבער'ן וואַלד, ברו־

מענדיג ווי א חיה. מען האָט איהם קוים געכאפּט. איצט ווייסען זיי ניט, וואָס מיט איהם צו טאָן. געלד האָבען זיי ניט, און זיי דאַרפען געהן צוריק צו דער אַרבייט. זאָלען שוין די היגע חברים זאָרגען וועגען דעם.

מען האָט שמואל׳יקען אריינגעזעצט דערוויייל אין א שטאַל, לעבען טויטען צימער, און דניאל איז אוועקגעלאָפען צו א באקאַנ־טען זשורנאַליסט, און זיי זיינען ביידע מיט א ליסט געגאַנגען איבער די הייזער קלייבען נדבות, אַוועקצופיהרען שמואל׳יקען אין ביירות אין א סאַנאַטאָריום. די אונערוואַרטעטע רייזע קיין ביירות האָט זעהר דערפרעהט דניאל׳ן.

איצט וועט ער באזוכען אַלע די פּלעצער, וואו ער איז ארומ־געגאַנגען מיט דינה׳ן אין יענער שטאָדט, און ווידער וועלען שטילע ליכטיגע טרוימען באַלויכטען זיין נשמה.

אַרא האָט איהם אָפּגערעדט פון פאָהרען.

— איך וויל נישט, איך האָב מורא, ער וועט דיך נאָך הרג׳ענען. זאָל אן אנדערער פאָהרען.

ענדליך האָט זי איינגעשטימט.

— נאָר זיי פאָרזיכטיג. — האָט זי איהם געקושט ביים גע־זעגענען.

ביינאַכט איז דניאל געלעגען מיט שמואל׳יקען אויפ׳ן דעק פון שיף און האָט ניט געקענט איינשלאָפען. ער האָט זיך דערמאָנט, ווי מיט א יאָהר צוריק איז ער געפאָהרען אין ביירות מיט דינה׳ן. ווי דאַן, איז איצט געווען א שטילע, וואַרימע נאַכט. זיי זיינען געזעסען אויפ׳ן דעק, און זי האָט דערצעהלט, ווי אין דער יונגנד פלעגט זי זיך אָפּט קריגען מיט׳ן ברודער. ער פלעגט באַליידיגען איהרע פריינדינען און דאָס האָט זי דערצאָרנט. אין דער פריה האָט זיי אין ביירות באַגעגענט דינה׳ס ברודער, א שווינדזוכטיגער יונגערמאַן. ער האָט א קוק געטאָן אויף דניאל׳ס שלאַנקע, שטאַר־קע פיגור, האָט טרויעריג א שמייכעל געטאָן און איהם געגעבען די האַנט. און די שוועסטער האָט ער לאַנג געקושט ווי ער וואָלט זי שוין לאַנג, לאַנג ניט געזעהן.

די עטליכע טעג אין ביירות זיינען אוועק ווי א שעהנער

חלום. דינה'ס ברודער האָט געוואוינט אין אַ גרויסען הויז אויפ'ן ברעג ים. אַרום איז געווען אַ גאָרטען מיט פּאַלמען און בונטע דופטיגע בלומען.

ענדליך האָט זיך דניאל באַפרייט פון שמואל'יקען. עס איז געווען טונקעל. ער איז אַוועק איבער די באַקאַנטע ערטער, ווי איבער אַ בית עולם, וואו עס זיינען באַגראַבען זיינע בעסטע האָפנונגען און טרוימען. אָט איז דאָס גרויסע הויז מיט'ן גאָרטען, וואו דינה'ס ברודער האָט געוואוינט. צו איהם פיהרט אַ שמאָל שטעגעל, פאַרוואַקסען פון ביידע זייטען מיט גראָז און בלומען. די פענסטער פון הויז זיינען אָפען, און פּיאַנאָ קלאַנגען דערטראָגען זיך פון דאָרטען. אין גאָרטען שפּילען קינדער. הינטער'ן פאָנטאַן, אין שאָטען פון די אַקאַציעס, געפינט זיך אַ באַנק. דאָ האָט איהם דאָס מיידעל ווידער דערצעהלט וועגען איהר ליבע, און איהם דוכט זיך, אַז איהר שטילער שאָטען שוועבט דאָ אום. ער געהט אַריין אין הויז. אַ יונגע פרוי באַגעגענט איהם, פרעגט וועמען ער זוכט. דער סטודענט, וואָס האָט דאָ געוואוינט, איז שוין אַרויסגעפאָהרען. דניאל געהט צוריק, לאָזט ער זיך אַראָפּ מיט דעמזעלבען שטעגעל צום ים. אָט איז דער פעלז, וואו זיי זיינען געזעסען. ער זעהט אויס ווי אַ לעגענדאַרישע חיה מיט אַ שאַרפען שפּיץ.

אין דער היים האָבען דניאל'ן ערוואַרט אומאַנגענעמליכקייטען. ער האָט געפונען אָרא'ן אַ פאַרוויינטע. זי האָט אויסגעזעהן אויסגעמאַטערט, און איהר געזיכט האָט געהאַט אַ טרוקענעם און פינסטערען אויסדרוק. זי האָט איהם באַגעגענט קאַלט, און ווי זיין קומען וואָלט זי גאָרניט געפרעהט.

— וואָס איז מיט דיר, אָרא? — האָט דניאל געפרעגט, באַמיהענדיג זיך צו שמייכלען.

זי האָט געקוקט אויף איהם מיט אַ לאַנגען מאַרטירער־בליק און האָט זיך צוואַויינט.

— וואָס איז, אָרא? וואָס וויינסטו?

— דו נאַרסט מיך — האָט זי אָנגעהויבען. — דו האָסט מיט דינה'ן אַ קינד, און מיר האָסטו גאָרניט געזאָגט. דאָס איז

אומעהרליך. — זי האָט מיט די הענט פאַרשטעלט דאָס געזיכט און האָט זיך הויך צעוויינט, ווי אַ געשלאָגענע און באַליידיגטע מיידעלע.

— דאָס איז ניט אמת, אָרא — האָט דניאל אַרויסגערעדט מיט אַ געפאַלענעם שטים—ווער האָט דאָס דיר געזאָגט? מסתמא גור אריה. און דו הערסט זיך צו צו זיינע רכילות, באַליידיגסט מיך און מאַטערסט זיך אַליין אומזיסט. נו, הער אויף וויינען. לאָמיר זיך דורכריידען רוהיג.

— זיי רעדען וועגען דיר שלעכט — האָט געזאָגט אָרא, ציטערנדיג מיט די אַקסלען. — יעדען טאָג עפּעס נייעס. באַזונ־דערס פון זינט מיר זיינען צוזאַמען. ווי אַ וואָרים נאָגען זיי מיין האַרץ. דו וועסט מיך באַדעקען מיט שאַנד און אַוועקוואַרפען, זאָגען זיי. וואָס זאָל איך טאָן? ווייטער אַזוי איז דאָך אומ־מעגליך.

— איך וועל מאָרגען אַוועקגעהן אין קאָלאָניע — האָט דניאל געזאָגט אַנטשלאָסען — דאָס איז אוממעגליך.

אָרא האָט אויפגעהערט וויינען.

— איז דאָס ניט אמת? — האָט זי געפרעגט, קוקענדיג אויף איהם מיט פאַרוויינטע אויגען.

— און דו פרעגסט נאָך? — האָט דניאל טרויעריג געשמייכעלט.

פלוצלונג האָט זי זיך אַ וואָרף געטאָן צו זיינע פיס און, אָנ־כאַפּענדיג זיינע קני, האָט זי גענומען ריידען ליידענשאַפטליך:

— מיין אינגעל! דו ביזט בעסער פון זיי. לאָמיר אַוועק־געהן אין קאָלאָניע, צי וואוהין דו ווילסט. מיר וועלען לעבען אין אַ קליינעם וועכטער ביידעל ביי די וויינגערטנער. אין די אָוונטען וועלען מיר ביים פייער הערען די פאַרביגע נאַאיווע מעשה'לאך פון די אַראַבער, דאַן וועלען מיר צוזאַמען זאַמלען די וויינטרויבען. נו, גיב מיר דיינע ליפען און אויגען און זאָג, וואָס האָסטו געטאָן אין ביירות. באַזאָרגט דעם משוגע'נעם, געזעהן באַקאַנטע? און איך האָב נעכטען אַ גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפען, אַלץ געקלערט וועגען דיר. מיר האָט אַלץ אויסגעוויזען, אַז מיין

ליבער איז אוועקגעפאָהרען ווייט, ווייט און וועט שוין ניט אזוי גיך קומען צוריק. ווי וועל איך איצט לעבען אליין? נו, זיי ניט בייז, איך גלויב דיר.

אין אווענט איז געקומען כאינים. מען האָט ארויסגעטראָגען דעם טיש אויפ׳ן גאַס און געטרונקען טיי ביי לבנה ליכט. עס איז צוגעקומען דער לעהרער פון גימנאזיע און דער ראָמאַניסט קארטשעווסקי, וואָס האָט געוואוינט בשכנות. דאָס איז געווען נאָך א יונגער מענש, פעסט געבויט, מיט א גראָבליכען, אביסעל הייזעריגען קול, און אן אומאנגענעמען שמייכעל אויף די גראָבע זינליכע ליפען. ער איז ניט לאַנג געקומען אין פאַלעסטינא און האָט זיך זעהר פאראינטערעסירט מיט אראַ׳ן. אין די אווענטען האָט ער אָפט שפּאַצירט פארביי איהר הויז, מורמלענדיג א לידעל און ווען אראַ פלעגט ארויסקוקען פון פענסטער, פלעגט ער זיך אָפּשטעלען און רעדען וועגען דעם און יענעם. דניאל׳ן האָט ער ווי גאָרניט באמערקט.

— אן אמת׳ע אידיליע — האָט געזאָגט קארטשעווסקי — וואָס פאר א ווייכער זילבעריגער אווענט! מען קאָן אין דער היים ניט איינזיצען.

עס האָט זיך באוויזען קליאַטשקאָ אין אן אבאַיע מיט א ביקס אויפ׳ן רוקען.

— שלום! איהר רוהט זיך אָפּ?

— זעץ זיך צו — האָט דניאל געזאָגט.

— ניין, ברודער! ביי דער גימנאזיע געהט אום עפּעס אן אראַבער. עפּעס זוכט ער. ער וועט ניט גוט אָפּשניידען. — און עפּענענדיג זיין אבאַיע, האָט קליאַטשקאָ געוויזען זיין לאַנגען שטאָלענעם קינזשאַל מיט דעם גראַווירטען הענטעל.

— —איהר מעגט שלאָפען רוהיג — האָט ער געזאָגט, אוועק־געהענדיג — איך וועל שוין היטען אייער גוטס.

כאינים האָט גערעדט וועגען דעם קומענדען ספּעקטאַקעל, וועגען אידישע דראַמאַטורגען. די טעג איז צו איהם געקומען עפּעס אן ארבייטער און האָט איהם פייערליך איבערגעגעבען א

גרויסען מאַנוסקריפּט. דאָס איז געווען אַ שרעקליכע טראַגעדיע אין זעקס אַקטען.

— איך האָב ניט געקענט לעזען — האָט כאַינים געזאָגט שטיל. — ער דאַרף מאָרגען קומען נאָך אַן ענטפער, וואָס וועל איך איהם זאָגען? דאָס בעסטע פאַר איהם וואָלט געווען אַרביי־טען אויף דער ערד. ער זעהט אויס צו זיין אַ שטאַרקער יונג. ער וועט זיך זיכער באַליידיגען, ווען איך וועל איהם זאָגען דעם אמת.

זיי זיינען נאָך געזעסען ביי אַ שעה, שטיל רעדענדיג. דאַן האָבען דניאל מיט אָרא'ן באַגלייט כאַינים'ען אהיים. אויף מאָר־גען האָט מען געבראַכט פון קאַלאָניע ליפּשיץ'ן, דניאל'ס חבר. ער האָט געהיט די וויין־גערטנער ביי אַ שייד־וועג, און ביינאַכט האָט עפּעס אַן אַראַבער אין איהם געשאָסען. די וואונד איז ניט געווען קיין געפערליכע, נאָר איידער ער איז געקומען אין שטאָט, האָט ער פאַרלאָרען אַ סך בלוט, און זיין צושטאַנד איז געווען ערנסט.

דניאל איז אוועקגעלאָפען אין שפּיטאָל. די בלייכע שוועס־טער מיט רוהיגע באַוועגונגען האָט איהם אריינגעפיהרט. ליפּשיץ, אַן אויסגעצערטער, מיט אַן אויסגעמאַטערטען שמייכעל אויפ'ן בלוי־געוואָרענעם פּנים איז געלעגען אין האַלב פאַרגעסענהייט און האָט שטיל געקרעכצט. דניאל איז שווייגענדיג געשטאַנען ביי זיין בעט און האָט געפיהלט אַ שאַרפען ווייטאָג. אַרום האָבען זיך געהערט קרעכצען. אַ גימנאַזיסט, איינגאַנצען באַדעקט מיט וואונדען, האָט געוויינט. אַ שווער קראַנקער תימנ'ער האָט מתפּלל געווען, באַ־לויכטענדיג מיט זיין גלויבען די לעצטע טעג פון זיין לעבען. און אין דעם ברייט אָפענעם פענסטער האָט אריינגעלאַכט די זון, שפּי־לענדיג מיט שטראַהלען אויפ'ן סופיט און אויף די ווענט. פון ים האָט זיך געטראָגען אַ לייכט, צאַרט ווינטעל, און עס האָט זיך געהערט דאָס שטיפען פון די בלויע וועלען ביי דעם זילבעריגען זאַמדיגען ברעג.

ביינאַכט האָט דניאל ניט אָפּגעטראָטען פון דעם קראַנקען'ס בעט. עטליכע מאָל איז געקומען די שוועסטער, האָט שווייגענדיג

געקוקט אויפ'ן שטאַרבענדען און איז ווידער אַוועק, אַ רוהיגע און טרויעריגע, איינגאַנצען אין ווייסען, ווי אַ שטילער מלאך.

און די נאַכט האָט זיך געצויגען פיינליך לאַנג. דער איינגעל האָט אַלץ געוויינט, און דער תימנ'ער האָט געקרעכצט. אין דער פריה האָבען די אַרבייטער אויף אַ טראָג־בעטעל אַרויסגעטראָגען ליפשיץ'ם לייכע אין טויטען־צימער. דניאל איז נאָכגעגאַנגען און האָט שטיל געוויינט. אויפ'ן הויף זיינען געווען אַרבייטער און חברה קדישא. מען האָט דעם טויטען געוואַשען. די אַרבייטער זיינען געשטאַנען אין גרופּען און האָבען שטיל גערעדט. אויף אַן אַליוועןבוים ביים אויסגעטריקענטען ברונעם האָט הילכיג געצוויטשערט אַ קליין פויגעלע, שפּרינגענדיג פון צווייגעל צו צווייגעל. עס איז געקומען כאַינים. ער איז אַריין אין טויטען־צימער און אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָט מען דערהערט זיין פאַרשטיקטען געוויין. באַלד איז אַרוים די פּראָצעסיע צום בית־עלמין. עפּעס אַן אָרימע פרוי מיט צופּאַטעלטע האָר און אַן אויסדרוק פון שווערען אומגליק אויפ'ן אויסגעצערטען פּנים איז געלאָפען פאַראויס, געבראָכען די הענט און האָט הויך געקלאָגט:

— גאָט, עפען פאַר איהם די הייליגע טויערען פון הימעל.

ביי דער זייט האָט זיך געשלעפּט אַ שוואַכער זקן, האָט געקלאַפּט מיט אַ פּושקע און אויסגערופען מיט אַ ציטערדיגען קול:

— צדקה תציל ממות! צדקה תציל ממות!

פון די געסלאַך זיינען אַרויסגעלאָפען אַראַבער איינגלאַך, האָבען געוואָרפען אין די פּראָצעסיע מיט שטיינער, געפייפט און געשריען: יהוד! יהוד!

די אַרבייטער האָבען זיי פאַנאַנדערגעיאָגט, נאָר ווי אַ מחנה שוואַרצע פויגעל פליגען זיי ווידער אָנלויפען און מען פלעגט ווידער הערען די שימפּ־ווערטער יהוד, יהוד!

און דער ים האָט געבלענדעט אין דער זון, און מיט פרייד געשרייען האָבען די מעווען געקרייזט אין דעם ליכט פון דעם גאָלדיגען מאָרגען. אויפ'ן בית־עולם האָט מען דעם מת אַריינגעטראָגען אין זשטיבעל. עטליכע מענשען האָבען געגראָבען דעם קבר. מען האָט געבראַכט דעם טויטען, איהם אַראָפּגעלאָזען אין

גרוב און גענומען פאַרשיטען. אַן אַלטער האָט געזאָגט קדיש. טרויעריג איז מען אַרומגעגאַנגען און געלעזען די אויפשריפטען אויף די מצבות, און באַלד איז מען זיך צוגאַנגען אהיים.

## 11.

ערב יום כפור.

עס רוקט זיך אָן אַן אומעטיגער בין השמשות. דער ברעג פון ים איז וויסט און מעלאַנכאָליש רוישען די כוואַליעס. עס לויפען און עס יאָגען אָנגעברויגזטע וואָלקענס פון צפון קיין מערב, וואו אונטער דעם רויטען זון פאַרגאַנג דוכט זיך דער כסא הכבוד מיט די זעקס־פליגעלדיגע מלאכים ביי דער זייט. אין די אידישע גאַסען זיינען שוין לאַנג פאַרמאַכט די קראָמען און מענער, און פרויען מיט ערנסטע פנים'ער איילען אין שוהל אריין.

אין דעם אָרימען שטיבעל, וואו עס וואוינען דניאל מיט אָרא'ן איז זעהר שטיל. אָרא איז פון אין־דער־פריה אוועק א בייזע און האָט זיך נאָך ניט אומגעקעהרט. דניאל, א דערשלאָגענער, געהט אום איבער'ן צימער און וואַרט אויף איהר. הינטער דעם ווענטעל דאַוועגט די קראַנקע בעל הבית'טע. זי האָט אָנגעצונדען א גרויס ליכט און דער פלאַם ציטערט מיט א העלען פלעק אויף דעם דונקעלען סופיט. די פרוי קרעכצט און מען הערט די ווערטער פון געבעט, וואָס ווערען איבערגעריסען מיט א טרוקענעם הוסט. דניאל שטעלט זיך אפּ ביים פענסטער און קוקט אין גאַס אריין. אַן אַלטער איד ,וואָס פיהרט אַן איינגעל פאַר'ן האַנט, איילט אין בית־המדרש און דניאל דערמאָנט זיך, ווי אין די קינדער יאָהרען פלעגט זיין פאָטער מיט איהם פאָהרען אויף יום כפור אין א גרויסער שטאָדט. דאָרטען זיינען געווען א סך אידען און אין דער שעה־נער, גרויסער שוהל האָבען העל געברענט ליכט אין לייכטער. דער חזן פלעגט וואונדערבאַר זינגען און אַלע זיינען געווען אָנגעטאָן אין ווייסע, לאַנגע קיטלען און זיי האָבען אויסגעזעהן ווי מתים, וואָס פילען אָן די אַלטע חורבות אין די פינסטערע ווינטערדיגע נעכט.

דניאל איז אַרויס פון שטוב. אַרום איז געווען שטיל און

טונקעל. ער איז אוועק אין נאָהענטסטען בית המדרש, איז אָבער געבליבען שטעהן ביים טיר און האָט לאַנג זיך ניט אנטשלאָסען אריינצוגעהן. דאָ זיינען געשטאַנען נאָך אנדערע יונגע לייט, וואָס האָבען זיך אויך עפּעס געשעהמט איינער פאַר'ן אנדערען אריינצוגעהן. ענדליך איז אָבער דניאל אריין אין בית־המדרש. דער גרויער חזן האָט מיט א געבראָכענער, אָבער הארציגער שטימע, געזונגען „אל תשלחנו לעת זקנה".

דניאל האָט זיך געשטעלט לעבען רב משה'ן. דער אלטער האָט איהם אָנגעוויזען אין מחזר, וואָס איז געלעגען פאַר איהם. דניאל האָט גענומען זאָגען, צוערשט שטיל, נאכדעם אלץ מיט א פעסטערער שטים, אויפ'ן הארצען איז געוואָרען לייכטער, און ליכטיגע ריינע טרערען זיינען איהם געקומען אין די אויגען.

אין א שעה צוויי ארום איז ער געגאַנגען אהיים א פרעהליכער, קלערענדיג, ווי אָרא וועט דאָס זיין צופרידען, ווען ער וועט איהר דערצעהלען, ווי ער האָט געדאַווענט דעם גאנצען אווענט. זי איז דאָך אזוי רעליגיעז

אָבער פאַרוואָס איז נאָך פינסטער אין זייער צימער? שלאָפט זי שוין? פּלוצלונג כאַפּט איהם ארום עפּעס א זאָנדערבארער, אומפארשטענדליכער טרויער. ער געהט שטיל אריין אין הויז. אין פאָרהויז ביים פענסטער, אין א טיפען שטול, זיצט פאַר א ליכט די קראנקע בעל־הבית'טע און זאָגט תהילים.

— אָרא איז אין דער היים? — פרעגט דניאל.

— ניין, — ענטפערט די פרוי. — עפּעס א אינגעל האָט געבראַכט א צעטעל.

— אזוי, — מורמעלט דניאל און די פיס ברעכען זיך איהם, און דאָס הארץ דריקט עפּעס א שווער פאַרגעפיהל. ער געהט אריין אין צימער, צינדט אָן דעם לאָמפּ. אָט איז א קורץ צעטעלע אויפ'ן טיש. א נערוועזע האנדשריפט, שווער פאַנאַנדערצוקלייבען זיך. ענדליך האָט ער איבערגעלייענט: „דניאל, איך געה אוועק פון דיר אויף אייביג. מיך רופט אנאַנדער לעבען אין אנאַנדער לאַנד. מיט דיר קאָן איך מעהר ניט לעבען. אדיע, און רוף מיך ניט. אָרא".

— וואוהין פאָהרט זי, אין וואָס פאַר א לאַנד, — קלערט

ער, ניט פֿארשטעהענדיג, ווי מען וואָלט איהם באַטויבט מיט אַ קלאַפּ איבער'ן קאָפּ. ער לייענט נאָך אַמאָל איבער דאָס צעטעל. וואָס פֿאר אַ שווערער קאַשמאַר! פּלוצלונג ווערט איהם קלאָר, אַז אַרא האָט איהם פֿארלאָזען. אַן אומאויסשפּרעכליכער פּיזישער וועהטאָג נעמט איהם אינגאַנצען ארום, דער מויל ווערט צוקרימט פֿון אַ קרומען שמייכעל. איהם ווילט זיך שרייען, צורייסען אויף זיך די קליידער, ווארפֿען זיך אויף דער ערד אין אַן אָנפאַל פֿון וואהנזיניגען פּיין.

— איצט בין איך אַליין, אַליין, — מורמעלט ער, ווארפֿט זיך אין די קליידער אין בעט און באַהאַלט דעם קאָפּ אין די קישענס, איינהאַלטענדיג זיך פֿון וויינען. און פֿון צווייטען צימער הערט זיך דאָס קנאַקען פֿון ליכט און ווי די בעל־הבית'טע לייענט מיט אַ שטילען געוויין: „גאָט, רעטע מיך. איך בין אריין אין די טיפֿען פֿון וואסער און דער שטראָם האָט מיך אַוועקגעצויגען...”

דניאל הערט זיך צו:

— יע, — קלערט ער. — ער איז אריין טיף און עס איז ניטאָ פֿאר איהם קיין רעטונג. צוליב אַרא'ן האָט ער פֿארלאָזען זיין כלה, האָט אויפֿגעהערט צו ארבייטען אויף דער ערד, האָט ווידער גענומען טרינקען, און די כחות פֿארלאָזען איהם.

ער האָט זיך פּלוצלונג צעוויינט אויפ'ן קול, ווי אַ געשלאָגען קינד. די בעל הבית'טע האָט שטיל געעפֿענט די טיר און גענומען קוקען אַ צושראָקענע מיט ברענענדיגע שווינדזוכטיגע אויגען.

— וואָס איז מיט אייך? וואָס וויינט איהר? — האָט זי געפֿרעגט, צוקומענדיג צום בעט. — אימיצער איז ביי אייך גע־שטאָרבען?

— יע, געשטאָרבען, געשטאָרבען, — רופֿט אויס דניאל — אַ שוועסטער איז ביי מיר געשטאָרבען. און איצט בין איך אַליין.

— אך, — האָט די פֿרוי אָפּגעזיפֿצט. — ס'ארא'ן אומגליק. לעגט זיך אַ קאַלטען קאָמפּרעס מיט עסיג צום קאָפּ. שווער צו לעבען. מיין מוטער איז אויך פֿריה געשטאָרבען. עס איז פֿינ־סטער ארום, ווי אין אַ קבר. — און זי האָט זיך צוהוסט מיט אַ

לאנגען טרוקענעם הוסט, כאפענדיג זיך פאר די איינגעפאלענע ברוסט.

די פרוי איז אוועק, און באלד האט זיך ווידער דערהערט ווי זי לייענט טרויעריג תהלים.

און דניאל האט אלץ ניט געקענט איינשלאפען. די שווערע ערינערונגען פון די לעצטע צוויי מאנאטען זיינען איהם באפאלען ווי צודרינגליכע פליגען. וויפיל אומאנגענעמליכקייטען ער האט דאס איבערגעטראגען אין דער צייט צוליב גור אריה'ן און קאר־טשעווסקי'ן, וואס האבען איהם אלץ געהאלטען אין איין פאר־מיאוס'ען פאר אר'אן. אט די קינדער ערציהער פלעגען אין די אווענטען געהן פון הויז צו הויז און בארעדען, ווי ווייבער. אפט־מאל פלעגט אר'א קומען אהיים א מידע, א בייזע און פרעגען דניאל'ן, צי ס'איז אמת, וואס די לעהרער דערצעהלען וועגען איהם. דניאל פלעגט זעלטען ענטפערען, פיהלענדיג זיך אין אזעלכע מינוטען שוצלאז און שוואך ווי א קינד. ער האט געגומע פיהלען, אז אר'א איז איהם א פרעמדע, וועט איהם קיינמאל ניט פארשטעהן, און ער פלעגט אוועקגעהן פון הויז, שעה'ן לאנג פלעגט ער אומגעהן איבער די רוישיגע אראבער גאסען, אריינגעהן אין קאפעען, און הערענדיג די גראמאפאנען, קלערען וועגען דינה'ן, דערמאנען מיט בענקשאפט איהר ליבען געשטאלט, דאס ריינע אידישע מיידעל מיט'ן שעמעוודיגען בליק און גרויסע שווארצע אויגען. עטליכע מאל איז ער אוועק אין קאלאניע, אבער אין א טאג־צוויי האט ער גלייך זיך אומגעקערט אין שטאדט.

עפעס א פיינליך, קראנק געפיהל האט איהם געצויגען צו אר'א'ן, און איהם האט אויסגעוויזען, אז ער קען שוין אהן איהר ניט לעבען. און דאס באוואוסטזיין, אז זי פיהרט פריינדשאפט מיט קארטשעווסקי'ן און באגעגענט זיך אפט מיט גור אריה'ן, האט איהם געמאכט בייז און ער האט געטראגען אין זיך א שווערען צארן, ליידענדיג אפטמאל ביז טרערען. דערצו האט ער אפטמאל ניט געגוג געגעסען. ארבייט איז אין שטאדט געווען ווייניג. די ארטעל האט זיך פארקלענערט, און די טאטשעטשניקעס פלעגען קוים קאנען דורכקומען, ארבייטענדיג דריי־פיער טעג א וואך. אר'א

האָט נעגעסען ביי די איינענע, און דניאל פלעגט אריינקומען בייטאָג צו מאַלקאָוו׳ען טרינקען טהעע, און אזוי איז ער ביסלעכ־ווייז אָפּגעשוואכט געוואָרען.

אזוי האָט זיך דאָס געצויגען ביז צום לעצטען קריעג. אין אווענט איז אָרא געקומען אהיים מיט א לייכטענדען פּנים און האָט מיט פרייד דערצעהלט דניאל׳ן, אז זי וועט באלד באקומען א סטיפּענדיע און וועט שוין איצטער זיכער קאָנען פאָהרען אין אייראָפּא זיך לערנען. אין דעם האָט איהר זעהר פיל געהאָלפען קארטשעווסקי, וואָס האָט פארבינדונגען מיט רייכע ציוניסטען.

— אָבער דו וועסט דאָך קומען צוריק אין פּאַלעסטינאָ — האָט געזאָגט דניאל פארטאָן אין זיינע געדאַנקען.

— מיר וועלען זעהן! — האָט אָרא אויסגעצויגען. — אפשר ווען איך וועל ווערען א זעהר באריהמטע אקטריסע, וועל איך קומען אהער אויך אויף א קורצע צייט. קארטשעווסקי קלייבט זיך אויך פאָהרען קיין אייראָפּא.

— אָט וועט איהר פאָהרען צוזאמען. ער איז דאָך דיין פריינד, — האָט דניאל געזאָגט, קוקענדיג אָר׳ן גלייך אין די אויגען.

— געוויס פריינד, — האָט זי זיך אָנגעצונדען, און איהר געזיכט איז פּלוצלונג געוואָרען טרוקען און פינסטער. — ער מיהט זיך פאר מיר, און דו האָסט א פינגער אין קאלטע וואסער ניט אריינגעטאָן. און בכלל האָב איך באמערקט, אז דו ליבסט מיך ניט און וועסט מיך געוויס שפּעטער פארלאָזען.

זי האָט זיך אומנאטירליך צוואויינט. דניאל איז אויפגע־שטאַנען און איז ארויסגעגאנגען שווייגענדיג. געקומען צוריק איז ער ערשט אין דער פריה, ווען אָרא איז שוין ניט געוועזן. ער איז אוועק זי זוכען, האָט זי אָבער אין ערגעץ ניט געפונען, און קו־מענדיג צוריק אהיים אין אווענט א מידער און טרויעריגער, האָט ער אומרוהיג געוואַרט אויף איהר, צו בעטען ביי איהר אנטשול־דיגונג.

— זי איז גערעכט, — האָט ער ערקלערט, — ער שטערט איהר. זי איז א גרויסער טאלאנט, און ער דאַרף איהר ניט שטעהן אין וועג.

און איצט האָט די שלאָפלאָזע נאַכט זיך געצויגן אומענדליך לאַנג. דניאל איז געלעגן מיט אָפענע אויגן און געוואַרט אויף מאָרגען, אויסצוזוכען אָרא׳ן און איינבעטען זי, זי זאָל זיך אומ־קערען. ער וועט איהר דערצעהלען, ווי טיף און אומענדליך ער ליבט זי, וועט אָנהויבען אַ נייַ לעבען. זיי וועלען ביז איהר אָפּפאָהרען אַוועקפאָהרען אין אַ ווייטע קאָלאָניע, וואו איינפאַכע גוטע מענשען וואוינען, וואָס פאַר׳סם׳ען ניט אַנדערע מענשען דאָס לעבען, און זיי וועט זיין גוט ווי אַמאָל.

אויפגעכאַפּט האָט זיך דניאל מיט אַ קאָפּ־ווערהטאָג און אַ שוואַכקייט אין קערפּער, ווי נאָך אַ פיבער. ער האָט געעפענט דאָס פענסטער, און העלער פריידיגער זונענשיין האָט ווי אַ רעגען איהם באַגאָסען זיין פּנים. אָבער דאָס האָט איהם ניט דערפרעהט, און אַ פינסטערער איז ער אַוועק זוכען אָרא׳ן.

ענדליך האָט ער זיך דערוואוּסט, אַז זי געפינט זיך ביים פּאָרזיצענדען פון דראַמאַטישען קרייז, אָבער מען האָט איהם מיט עפּעס אַן אויסרייד ניט אריינגעלאָזען, און מיט אַן אראָפּגעלאָזע־נעם קאָפּ איז ער אַוועק צוריק. אומזיסט האָט קליאַטשקאָ, ביי וועמען חברה האָבען געטרונקען, איהם גערופען אויסטרינקען לכבוד יום כפור.

— נאַרישקייטען, — האָט קליאַטשקאָ געפינקעלט מיט זיינע לעבעדיגע אויגען. — לויף איהר ניט נאָך, וועט זי אַליין קומען. מיר ווייסען די ווייבערשע קונצען. און דו האָסט שוין אַראָפּגע־לאָזען די נאָז. קום, וועסט אויסטרינקען, וועט דיין שטימונג בעסער ווערען. מיר האָבען, ברודער, דעם קאָניאַק מיט דריי שטערענדלאַך און אַ וואונדערליכען ליקער פון הימעל קאָליר, און ווייַן וויפיל דו ווילסט נאָר אַליין.

— איך וועל ניט געהן, — האָט דניאל געזאָגט אַנטשלאָסען און איז אַוועק ווייטער.

— אַ פאַרלאָרענער! — האָט איהם נאָכגעשריען קליאַטשקאָ.

אין אַוועגט איז דניאל געלעגען אַ קראַנקער און האָט עפּעס געפּלאָנטערט וועגען זיין לא יוצלח לעבען. סענדער האָט איהם געלעגט קאָמפּרעסען צום קאָפּ, קלערענדיג, אַז זיין פריינד איז

פּלוצלונג משוגע געוואָרען. שפּעטער איז געקומען כאינים. ער האָט זיך צוגעזעצט צום קראַנקען אויפ'ן בעט און האָט אין אַ צערטליכען טאָן געזאָגט:

— עס טויג דאָך ניט אַזוי, דניאל. ביזט דאָך אַ מאַן. וועסט קראַנק ווערען, וועט מען דיך נאָך דאַרפען שיקען אין אַ סאַנאַטאָריום, און געלד איז דאָך ניטאָ.

— דאָס טענה איך דאָך, — האָט זיך אָפּגערופען סענדער פון שוועל. — און ער רייסט אַלץ זיין העמד אויף זיך און וויינט.

— נישקשה, נישקשה, — האָט כאינים גערעדט, — ער וועט זיך נעמען אין די הענט.

— אָבער פּאַרוואָס, כאינים, האָט זי אַזוי געטאָן? — האָט דער קראַנקער זיך געקלאָגט, — מיר האָבען זיך דאָך געקענט צוגעהן גוט און פריינדליך. צוליב איהר האָב איך פאַרלאָרען דינה'ן, מיין געזונט, מיין רוה און מיינע אַלע טרוימען וועגען אַ געזונטען גוטען לעבען אויף דער אייגענער ערד זיינען אויף אייביג פאַרשוואונדען. זי איז אַנגעפלויגען, ווי אַ בייזער ווינט, און האָט אַלץ איבערגעקערט אין מיין נשמה. און נאָכדעם האָט זי מיך גרויזאַם באַליידיגט און איז אַוועק צו די, וואָס רעדען אויף מיר. און פריהער האָט זי מיך כלומרשט געליבט, מיך אַרומגערינגעלט מיט ליבליכקייט און צערטליכקייט, האָט שטאַלצירט מיט מיר און איז געווען אומענדליך צערטליך, ווי אַ מוטער, ווי זי וואָלט מיך אויסגעטראָגען אונטער'ן האַרצען און געבאָרען אין ליידען. און פּלוצלונג אַזוי אָפּשטויסען! און זיי וואָס האָב איך געטאָן? איך רעד שלעכט אידיש. אָבער דאָס איז דאָך ניט מיין שולד. איך בין אויסגעוואַקסען צווישען רוסען, די רוסישע ליטעראַטור האָט אויף מיר שטאַרק געווירקט. די ברייטע סטעפּעס און פּליינען האָבען אריינגעוואָרפען אין מיין נשמה אומרוה און טרויער. איך האָב ליב זייערע לידער. איהר, כאינים, האָט דאָך אויך ליב רוסלאַנד, בענקט אַהין, און אייך איז אַמאָל אַנגענעם צו רעדען רוסיש. אָבער פּאַלעסטינא איז מיר אומענדליך ליב, און איך וועל פון דאַנען קיינמאָל ניט אַוועקפאָהרען. דאָ וועט אונזער פּאָלק ווידער אויפלעבען, דאָס קראַנקע, העסליכע און

אומנאָרמאַלע וועט פון אונז אַראָפּפאַלען, און מיר וועלען ווערען יונג און שעהן. ניט אמת, כּאַינים?

— געוויס, מיין פריינד! — האָט כּאַינים געענטפערט.

אין עטליכע טעג אַרום האָט דניאל ווידער גענומען ארויס־געהן. גאַנצע טעג פלעגט ער אַרומגעהן איבער די גאַסען. ניט געפינען זיך קיין אָרט, און אין קאָפּ ביי איהם זיינען געבאָרען געוואָרען ווילדע פּלענער פון נקמה. ער האָט באַשלאָסען צו טויטען אָרא'ן. עטליכע מאָל האָט ער זי באַגעגענט. זי איז אַלע מאָל פאַרבייגעגאַנגען ווי אַ פרעמדע, אַן אומבאַקאַנטע, און אין אַזעלכע מינוטען פלעגט זיך איהם אונטערברעכען די פיס, און אין קאָפּ האָט פעשווינדעלט פאר שאַנד און וועהטאָג. איינמאָל האָט ער איהר געשיקט אַ לאַנגען בריעף, בעטענדיג, זי זאָל זיך אומקערען. אָבער זי האָט קורץ געענטפערט, ער זאָל מעהר ניט שרייבען. זי וועט ניט עפענען זיינע בריעף און וועט זיי שיקען צוריק.

עס זיינען אָנגעקומען שווערע טעג, און דאָ האָבען זיך אָנגעהויבען די ווינטערדיגע רעגענס, שטורעמס און קעלטען. איצט פלעגט דניאל אריינקומען אין ארבייטער־האָטעל „סינאי", וואו מען האָט איהם ווייניג געקענט. ביי מאַלקאָוו'ען פלעגען די טאָטשעטשניקעס אָפּט רעדען וועגען אָרא'ן, און דאָס פלעגט איהם ערגערן ביז צו טרערען. איינמאָל איז דניאל אַוועק אין אַ קאָלאָניע, האָט עטליכע טעג אָפּגעאַרבייט אין אַן אַפּעלסין־גאָרטען, און פּלוצים האָט איהם אַ ציה געטאָן צוריק אין שטאָדט. ניט לאַנג קלערענדיג, איז ער אַוועק מיט אַ קירצערען וועג דורכ'ן פעלד. פון ים האָט געבלאָזען אַ ווינט, גערוישט מיט'ן שטעכיגען גראָז און בלומען און האָט געטריבען איבער'ן הימעל די וואָלקענס, וואָס האָבען זיך פאַרוואַנדעלט דאָ אין פאַנטאַסטישע חיות, דאָ אין מאָנסטרעזע שיפען מיט ווייסע זעגלען, וואָס שווימען אין אומבאַקאַנטע לענדער.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, אַרומגעקוקט די וויסטע געגענד און איז לאַנגזאַם געגאַנגען ווייטער, פאַרזונקען אין טרויעריגע געדאַנקען. אין אָווענט האָט ער געוואַנדערט איבער'ן נייעם דאָרף, וועלענדיג זיין די נאַכט צוזאַמען מיט דעם שומר קליאַטשקאָ,

סאַי ווי קאָן ער ניט שלאָפֿען. אָבער קליאַטשקאַ איז נאָך ניט אַרויס און דניאל האָט אויף איהם געוואַרט. ער איז געווען ביים הויז פון דעם פּאַרזיצענדען פון דעם דראַמאַטישען קרייז. פאַר־ביינגעהענדיג האָט ער דערהערט די שטימען פון עטליכע מענשען פון די העל־באַלויכטענע פענסטער. דניאל האָט דערקענט דעם הייזעריגען קול פון קאַרטשעווסקי׳ן און איז ניט־ווילענדיג גע־בליבען שטעהן. דער ראָמאַניסט האָט גערעדט:

— איהר פאַרשטעהט, דאָס איז אַ געפערליכער און פאַר־דאָרבענער נפש. האָט איבערגעלעזען אַ פּאָר ביכלאַך און האַלט זיך פאַר אַ סטודענט. דערצעהלט אַלעמען אַ ליגען, אַז ער איז נעגאַנגען אין אוניווערסיטעט. און אונזער אָראַ איז אַ נאַיוו קינד, און ווי כמעט אַלע רייך־באַגאַבטע אַרטיסטישע נאַטורען איז זי באַגייסטערט געוואָרען און זעהט אין דעם דניאל׳ן איהר אידעאַל. אָבער זי האָט, אַ דאַנק גאָט, זיך אַרומגעזעהן אין צייט. געדעכט איז הערר גור אריה, מען דאַרף איהם ווי־עס־איז צווינגען צו פאַרלאָזען דאָס לאַנד.

— געוויס, געוויס, — האָט אונטערגעכאַפּט גור אריה, באַ־ווייזענדיג זיך ביים פענסטער, — איך זאָג דאָך דאָס שוין לאַנג.

דניאל איז געוואָרען אַן אויפגעקאָכטער און האָט געציטערט ווי אין פיבער. ער האָט זיך אָבער באַהערשט און זיך ווייטער צוגעהערט.

— מען דאַרף עפּעס צוקלערען ווי פּטור צו ווערען פון איהם, — האָט זיך אַריינגעמישט אַ קליינער, דאַרער, רויטער לעהרער מיט אַ דינעם הויכען קול. ער איז געווען עהנליך צו אַ נאָסען האָן.

— איך וועל זיך דורכרעדען מיט׳ן רוסישען קאָנסול, — האָט געזאָגט גור אריה, — מען האָט מיר איבערגעגעבען, אַז ער וויל הרג׳ענען אָראַ׳ן. איך האָב דאָס אַליין געהערט.

פּלוצלונג האָט דניאל זיך ניט געקענט איינהאַלטען און האָט אַ געשריי געטאָן:

— לומפּען!

דערשראָקען האָבען אַלע זיך אַ וואָרף געטאָן צום פענסטער.

— ער שפּיאָנירט דאָ אונטער די פענסטער, זעהט נאָר,

ס׳אַרא חוצפּה, — איז דער לעהרער מיט׳ן דינעם הויכען קול געקומען צו זיך — לאָמיר ארויסגעהן צו איהם די מינוט. מיר דאַרפען...

ער האָט ניט דערענדיגט און האָט זיך געלאָזט לויפען צום ארויסגאַנג, און נאָך איהם גור אריה, קארטשעווסקי און דער פאָר־זיצענדער.

— וואָס ווילט איהר פון מיר? — האָט דניאל נעפרעגט שטיל, איינהאלטענדיג זיך, ווען זיי האָבען איהם אלע ארומגערינגעלט, — איך הער זיך ניט צו אונטער אייערע פענסטער. איך בין נאָר פארבייגעגאַנגען און האָב אומגערן דערהערט, ווי דער הערר שרייבער קארטשעווסקי רעדט אויף מיר שלעכטס.

— אַן אומשולדיגע באשעפעניש, — האָט דער ראָמאַניסט זיך צולאַכט אומנאַטירליך הויך — אומגערן. דאָס געפעלט מיר. און געמיינהייטען טוט איהר אויך אומגערן?

— שווייגט, נידעריגער מענש וואָס איהר זייט! — האָט דניאל א געשריי געטאָן — אניט וועל איך אייך שלאָגען. איהר זייט א קלעפּיגע קריכיגע באשעפעניש, א שמוציגער רכילות׳ניק. גור אריה, לויפט שנעלער צום רוסישען קאָנסול אָנרעדען, אז מען זאָל מיך ארויסשיקען פון לאנד. איהר זייט דאָך פעהיג אויף אלץ. רעטער פון אידישען פאָלק און זיינע ריינע זיטען. אהא, איך האָב זיך דערמאָנט, וואָס הערט זיך נייעס אין די אראבער שאַנד־הייזלאך? איצט זיינען די נעכט פינסטערע. איהר זייט שוין דאָרט לאַנג ניט געווען, הא?

— ווי? — איז גור אריה געוואָרען אַן אָנגעצונדענער — איהר האָט געהערט וואָס ער האָט געזאָגט? דאָס איז א געמיינער ליגען. ארויסשיקען איהם פון דאַנען.

— וואַרט, וואַרט — האָט זיך פּלוצלונג אָנגערופען דער פאָרזיצענדער — צו וואָס אַזוי האַנדלען? אפשר וויל ער אליין אוועקפאָהרען און האָט ניט קיין געלט אויפ׳ן וועג, וועלען מיר איהם געבען. וויפיל דאַרפט איהר? — האָט ער זיך געווענדעט צו דניאל׳ן — זאָגט אָהן צערעמאָניעס.

— ניין, זאָל מען מיר שוין בעסער ארויסשיקען, — האָט

דניאל געזאָגט, — אַליין וועל איך פון פּאַלעסטינא ניט אוועק־
פאָהרען. געהט פאַרקלאָגט מיך פאַר וועמען איהר ווילט.

פלוצלונג האָט דניאל דערפיהלט אַן אומערטרעגליכען נאָגען אין הארצען, איהם איז געוואָרען זעהר מיאוס צו שטעהן לעבען אָט די מענשען, און ער איז לאַנגזאַם אוועק ווייטער. און זיי האָבען שווייגענדיג און פאַרוואונדערט איהם נאָכגעקוקט, ביז ער איז פאַרשוואונדען אין דער פינסטערניס אין אַ זייטיגער גאַס...

דער „דראַמאַטישער קרייז" האָט זיך געקליבען צו שטעלען אין גיכען פּשעבישעווסקי'ס „צוליב גליק". גור אריה האָט ווידער געפּויקט איבעראַל וועגען אַרא'ס גרויסען טאַלאַנט און קארטשעוו־סקי האָט אין אַן ארטיקעל אין דער אָרטיגער צייטונג צוגעזאָגט איהר אַ גרויסע צוקונפט. פאַר'ן ספּעקטאַקל, אין אָווענט, האָט דניאל געטראָפען אַרא'ן מיט כאַינים'ען. ביי איהם האָט שטארק גענומען קלאַפּען דאָס הארץ. ער איז שנעל צוגעגאַנגען צו זיי. זיי האָבען זיך אָפּגעשטעלט. כאַינים איז אָפּגעגאַנגען אָן אַ זייט.

— אַרא, — האָט אָנגעהויבען דניאל, — אַרא, פאַרוואָס האָסטו מיך פאַרלאָזען, איך האָב קיינמאָל נישט געדענקט, אַז דו ביזט אַזאַ שלעכטע. אַרא קער זיך אום צו מיר און מיר וועלען ווידער זיין צוזאַמען. צו וואָס אוועקפאָהרען פון דאַנעט. זעה, ווי איך בין מיד, אויסגעמאַטערט און נאָר דו קאָנסט מיר ווידער אומקערען מיין מוט. פאַר וואָס שווייגסטו?

ער האָט זי פלוצלונג אָנגעכאַפּט פאַר די הענט און גענומען זיי קושען. די מיידעל האָט גענומען ציטערען און איהר פּנים האָט זיך באַדעקט מיט אַ טיפען ליידען. איהר איז דאָך געווען אַזוי שווער צו פאַרלאָזען איהם. וויפיל האָט זי איבערגעלעבט ביז זי האָט באַשלאָסען מאַכען דעם שריט. וויפיל שלאָפלאָזע נעכט האָט זי פאַרבראַכט קוקענדיג אויף איהם, ווי אויף אַ קראַנקען, פאַר וועמען עס איז נישטאָ קיין רעטונג. און בלייבען דאָ אין דעם וויל־דען לאַנד האָט פאַר איהר געמיינט געהן פאַרלאָרען. ער האָט דאָך אין קיין פאַל נישט געוואָלט אוועקגעהן פון דאַנען און אַלץ גע־רעדט וועגען ווערען אַן ערד־ארבייטער. און איהר לאָקט און רופט אַן אַנדער רייך לעבען מיט זייגע וואונדערבאַרע פּייערען.

— רוף מיך נישט, דניאל, — האָט זי אויסגעשריען — איך קען זיך נישט אומקערען צו דיר. — זי האָט ארויסגעריסען איהרע הענט פון זיינע און איז צוגעגאנגען צו כאַינים'ען. דניאל האָט זיך מיד אראפגעלאָזען אויף דער ערד.

אויף מאָרגען פארנאכט, ווען עס האָבען זיך נאָר באלויכטען די פענסטער פון דער מיידעלשער שולע, וואו עס פלעגען פארקומען די ספעקטאקלען, האָט דניאל'ן א ציה געטאָן אהין. איהם האָט זיך דערמאָנט דער אָוועגט, ווען אָרא האָט צום ערשטען מאָל געשפילט „כאסיע די יתומה", וואו זי האָט איהם באוויזען איהרע וואונדערבארע קארעלען, רויטע סטענגעס, די בלויע קליידעל און די ווייסע העמדעל אויסגענעהט מיט בלימעלאך. די צעפ האָט זי געזאָגט וועלען ביי איהר זיין שווערע, שווארצע און לאנגע ביז די קני. דערנאָך האָט זי איהם גענומען ביי די הענט און געבעטען ער זאָל איהר ווינשען ערפאָלג, און ווען ער איז אוועק האָט זי מיט א ציטערנדער שטימע געזאגט:

— אויף ווידערזעהן, מיין אינגעל.

און נאָכ'ן ספעקטאקל, ביי כאַינים'ען, האָט זי אזוי איינפאך און הארציג דערצעהלט וועגען זיך. ער איז דאן אזוי שטאָלץ געווען מיט איהר. פון אלעמען האָט זי אויסגעקליבען איהם, א פשוט'ען בחור. צו וואָס איז ער אוועק נאָך איהר? ער האָט דאָך פריהער געקענט פארשטעהן, אז זי וועט איהם פארלאָזען און די ענד וועט זיין טרויעריג. ער האָט אליין צובראכען זיין לעבען. וואס בלייבט איהם איצט צו טאָן?

און אָרא האָט אין „צוליב גליק" געשפילט שלעכט.

זי איז געווען נערוועז נאָכ'ן ספעקטאקל און האָט געדענקט, אז דאָס האָט איהר גאָט געשטראָפט פאר דניאל'ן. זי איז געווען איבערגלויביג. נאָר קארטשעווסקי האָט איהר פארזיכערט, אז זי האָט געשפילט גוט, מיט פיל טעמפעראמענט און האָט גערופען אלע ארטיסטען צו זיך צו פייערן אָרא'ס ערפאָלג. און פון דער ווייטען איז הונטער זיי, ווי א שטן, אומבאמערקט נאָכגעגאנגען דניאל און איהם האָט זיך געוואלט שרייען, צורייסען אויף זיך די קהליידער פון וועה.

ווען דניאל האָט זיך אומגעקעהרט צוריק אין האָטעל „סינאי"

איז שוין געווען שפּעט ביי נאכט. ערגעץ ווייט האָט זיך געטראָגען א שטורם, עס האָבען זיך געהערט פארשטיקטע דונער־קנאַלען. אין האָטעל איז מען נאָך ניט געשלאָפען, די ארבייטער זיינען געזע־סען אויף די בעטלעך און האָבען גערעדט. דניאל האָט זיך שטיל אויסגעטאָן און געלעגט. איינער פון די ארבייטער האָט דער־צעהלט עפּעס א געשיכטע וועגען זיין פאָטער און אן אראַבער, א פארברעכער.

— איהר הערט, חברה, — מיין פאָטער האָט גע'שם'ט פאר א גוטהערציגען מענש אין גאַנץ ירושלים. ווער האָט איהם ניט געקענט? וועמען האָט ניט געהאָלפען בערל קצב? און וואָס פאר א גבורה ער האָט עס פארמאָגט. ממש א וואונדער. ס'אָרא פּליי־צעס און וואוקס. וואו זעהט מען היינט אזעלכע אידען. און אָט איין מאָל אין א לבנה נאכט איז מיין פאָטער ארויסגעגאַנגען אויף א שפּאציר כדי צו פארטרייבען זיינע טרויעריגע מחשבות. אין דערהיים איז עפּעס ניש[ט] געגאַנגען אלץ כשורה. האָט ער אזוי גע־בלאָנדזשעט און פארגאַנגען אין דער אלטער שטאָדט צו דער כותל מערבי. די געסלעך זיינען דאָרט פינסטערע און שמוציגע. זיי דרעהען זיך ווי שווארצע שלאַנגען און עס איז לייכט זיך צו פאר־בלאָנדזשען אין זיי. פּלוצלונג הערט ער, עמיץ געהט איהם אנט־קעגען, און אין עטליכע מינוט ארום האָט איהם אפּגעשטעלט א יונגער אראבער. ער איז געווען זעהר אויגעדאַרט, מיט איינגע־פאַלענע באַקען, אין אן אלטער צוריסענער אבאיע, באָרוועס, מיט א הונגעריגען שיין אין די גרויסע שווארצע אויגען.

— באוואדזשא, ווער ביסטו? — האָט דער אראבער געפרעגט.

— איך בין א איד, — האָט מיין פאָטער געענטפערט. — וואָס איז מיט דיר? דיר איז אודאי געשעהן עפּעס אן אומגליק. אפשר קען איך דיר מיט וואָס באַהילפיג זיין?

— אָ, כאוואדזשא, — האָט דער אראבער אויסגערופען, — איך בין היינט ארויס פון תפיסה, וואו איך בין אפּגעזעסען דריי יאָהר פאר א רציחה אוים נקמה. דאָס ווייב האָט מיך פארלאָזען און איז אוועק מיט א רייכען אין א פרעמד לאנד. מיין פאָטער און מוטער זיינען געשטאָרבען און קיין ברידער און שוועסטער

האָב איך ניט. איך פאַרמאַג גאָרנישט און ווייס ניט וואוהין זיך צו ווענדען.

— קלאָג ניט, — האָט איהם מיין פאָטער געזאגט, — דו ביסט נאָך יונג, און ווער ווייסט, וואָסער גליק דיר איז נאָך באַשערט. — און ער האָט איהם דערלאנגט א מעדזשידיע*). דער אראבער איז צוגעפאלען מיט די ליפען צו מיין פאָטערס האנט, און דערנאָך האָט ער שטארק איינגעקוקט זיך אין זיין פנים פון דריי זייטען, און בענשענדיג איהם מיט אלאה, איז דער אראבער שנעל פארשוואונדען.

עס זיינען פארביי צעהן יאָהר. מיין פאָטער האָט שוין לאנג געהאט פארגעסען אָן דער באַגעגעניש. איז איהם איינמאָל אויסגעקומען צו פאָהרען קיין גליל איינצוקויפען זיך אָקסען און קיה ביי די רייכע בעדואינער. מיט איהם זיינען אויך געווען מיינע צוויי עלטערע ברידער און עטליכע יונגע פאסטוכער, אראבער. אין גיכען זיינען זיי אָנגעקומען אין א וואונדערליכען טאָל, ניט ווייט פון ירדן, וואו עס האָבען זיך געפאשעט גרויסע סטאַדעס. איינקויפענדיג די בהמות, האָבען זיי זיך געצויגען צוריק אהיים, נאָר מיט אן אנדער וועג, און זיינען אומגעריכט אריין אין א גאנץ אומבאקאנטער געגענד. אויפ'ן צווייטען טאָג האָבען זיי זיך געכאפט, אז זיי האָבען פארבלאָנדזשעט. מיט אמאָל האָט א רייטער זיך באוויזען זיי אנטקעגען. דערזעהענדיג מיין פאָטער, האָט ער פרעהליך אויסגעשריען, אָפּגעשטעלט זיך א ווײַלע, דערנאָך א דרעה געטאָן דאָס פערד און אוועק אויף צוריק.

— מיר זיינען פארלאָרען, — האָט מיין אינגערער ברודער געזאגט, — באלד וועלען אונז באפאלען די בעדואינער און אלע אוועקנעמען. ווי האָבען מיר דאָס פארבלאָנדזשעט.

און טאקע אביסעל שפעטער האָבען זיי די בעדואינער ארומגערינגעלט און זיי צוזאמען מיט די בהמות געטריבען צו די ביידלאך. מיין פאָטער האָבען זיי געזעצט באזונדער, און געזאגט, אז באלד וועט צו איהם קומען דער שייך.

---

*) מעדזשידע — א טערקישער טאָלער.

— אלץ איז באשערט פון גאָט, — האָט מיין פאָטער גע־טראכט. זיי זאָלען נאָר די קינדער ניט הרג'ענען.

פלוצים האָט זיך פארנאנדערגעעפענט דאָס ביידעל און עס איז אריין אן אראבער אין א צוריסענער אבאיע, א באָרוועסער.

— דו דערקענסט מיך? — האָט ער געפרעגט און האָט זיך א ווארף געטאָן קושען און ארומנעמען מיין פאָטער.

— איך בין דער זעלבער אראבער, וואָס דו האָסט מיט צעהן יאָהר צוריק געגעבען אין ירושלים א מעדזשידיע ווען איך בין ארויס פון תפיסה. שטעה אויף, אלטער, רוף אהער דיינע זיהן, אלץ וואָס דו זעהסט דאָ ארום איז מיינס. איך בין רייך און באַ־ריהמט. אָ, געבענשט זאָל זיין אללאה, וואָס ער האָט געמאכט איך זאָל דיר יעצט קענען אפדינען פאר דיין גוטסקייט.

פון פרייד האָט זיך מיין פאָטער צעוויינט.

דריי טעג האָט דער שייך אָפּגעהאלטען אלעמען ביי זיך, גע־געבען צו עסען און צו טרינקען. דערנאָך האָט ער אָנגעזאָטעלט די בעסטע פערד פאר'ן פאָטער און די ברידער, האָט זיי מיטגע־שיקט געניטע פאסטוכער, און מיין פאָטער האָט זיך אומגעקערט קיין ירושלים ווי א פרינץ, ארומגערינגעלט מיט רייטער.

— „לאָז דיין ברויט אויפ'ן וואסער", — פלעגט דערנאָך מיין פאָטער איבער'חזר'ן די ווערטער פון קהלת, — „ווייל אין א צייט ארום וועסטו דאָס ברויט ווידער געפינען".

דער וועכטער איז אנטשוויגען געוואָרען.

— ניט אלע מאָל איז דאָס אזוי, — האָט באמערקט איינער פון די ארבייטער.

עס האָבען זיך ווידער דערהערט קנאַלען פון דונערען.

— עס קומט א שטורם, — האָט געזאָגט א צווייטער. — פאר־א־יאָהרען אין אזא נאכט איז פארפאלען געוואָרען א פרוי אין יאפפע. ביז איצט ווייס קיינער נישט וואוהין זי איז פאר־שוואונדען געוואָרען.

— דאָס מיינסטו די פרוי בערגער? האָט זיך אָנגערופען איינער פון א פינסטערען ווינקעל, — איך האָב זי גוט געקענט. זי האָט דאָ א צייט געוואוינט אין „סינאַי".
..

— וואָס איז דאָס געווען פאַר א פּרוי, — האָט געפרעגט דער וועכטער, — דערצעהל.

— זעהר א וואוילע און א גרויסע אידעאַליסטקע, — האָט פאָרטגעזעצט דער ארבייטער. — איינמאָל אין א רעגענדיגען טאָג בין איך אריין אהער, איך זעה אין א פינסטערען ווינקעל, טוליענ־דיג זיך אין א גרויסער שאַל, זיצט א דארינקע פרוי, מיט א בלאַס־בלוויליכען, נאָר שעהנעם פּנים. דאָס איז געווען זי, וואָס האָט נאָך נישט לאנג געשפּילט אזא גרויסע ראָל צווישען דער ציוניס־טישער יוגענט. זי, וואָס האָט איהר גאַנץ לעבען אפּגעגעבען פאַר איהר פאָלק. זי האָט מיך געפרעגט, צי איך האָב איהר דערקענט. מיר האָבען זיך פאַנאַנדערגערעדט און זי האָט מיר דערצעהלט, אז זי איז געווען פארהייראַט פאַר א דאָקטאָר אן אסימילאַטאָר, וואָס האָט זיך געשעמט מיט זיין אידישער אָפּשטאַמונג און זי איז אוועק פון איהם. זי האָט געהאט א קינד, א מיידעלע, איז דאָס געשטאָרבען. דערנאָך איז זי אליין קראַנק געווארען און האָט זיך געפּלאָגט אין פילע סאַנאַטאָריומס. ענדליך האָט זי זיך דערפיהלט בעסער און איז אוועקגעפאָהרען אין ארץ ישראל, אין דעם הייליגען לאַנד פון איהרע בעסטע טרוימען, נאָר (דאָ איז זי באַלד געקומען אין צוזאַמענשטויס מיט דער גרויזאַמער ווירק־ליכקייט. עס איז איהר אויסגעקומען זיך באַגעגענען מיט פילע קאַריעריסטען פון די ציוניסטישע פארשטעהער. זי האָט פון זיי דערוואַרטערט אזוי פיל גוטס, און די פּרוי האָט אָנגעפאַנגען אראָפּפאַלען ביי זיך, און איהרע אונטערגעבראָכענע פליגלען האָבען זיך אינגאַנצען אראָפּגעלאָזט. זי האָט נישט גערעדט קיין אידיש און האָט ניט געוואוסט וואס צו טאָן כדי זיך צו דערנעהרען. געהן אין א קאָלניע ארבייטען האָט זי נישט געהאט קיין כח, איז געקומען נויט און הונגער.

זי האָט זיך געקלאָגט פאַר מיר און געפרעגט וואו זיינען איהרע פריינט, וואָס האָבען איהר געטראָגען אויף די הענט? איצט איז זי אליין אין א פאַרוואָרפענעם, שמוציגען האָטעל. וואו זיינען אונזערע אידעאַליסטען? אלע טרוימען בלויז וועגען א ווארעמען, זאַטען לעבען און פארגעסען די ליידענדע חברים. אזוי שווער און קאַלט איז געווארען צו לעבען, זי ווערט פארגלי־

ווערט, איהר חלום׳ען זיך שווארצע פויגלען מיט גרויסע פליגעל, וואס ווייהען אויף איהר מיט׳ן אטעם פון טויט.

— אזוי, אזוי, — האט זיך אפגערופען דער וועכטער, — איך האב געהערט, אז זי האט איבערגעלאזען א צעטעלע, אז זי געהט אוועק פון דער וועלט און איהר ליעב גיט זי אוועק די ים־חיות. אייניגע האבען געזאגט, אז זי האט זיך געווארפען אין ים; אנדערע, אז זי איז אוועק אין א רוסישען מאנאסטיר. נאר מיר האבען געזוכט איהר קערפער, זיינען געשטאנען ביי ים אין א פינסטערער נאכט מיט ברענענדע פאקעלען אין די הענט און מיר האבען זיך איבערגערופען מיט די אראבער פון די שיפ־לאך אלעס איז אבער געווען אומזיסט, דער ים האט נישט גע־וואלט אומקעהרען דעם קערפער פון דער פרוי

— הפנים, אז די ים חיות האבען זי איינגעשלונגען, — האט אימיצער באמערקט, — א־ניט וואלטען די כוואליעס איהר ארויסגעווארפען.

— ווער ווייס, — האט א קרעכץ געטאן דער וועכטער. — אפשר לעבט זי אין א מאנאסטיר.

אין די פענסטער פון האטעל האט גענומען פויקען דער רעגען, דערנאך האט א שיין געטאן א בליץ און עס האט זיך פארנאנדערגעטראגען א שטארקער דונער. דער וועכטער האט פארלאשען דאס לעמפעלע און זיך געלעגט.

דער שטורם איז אנגעלאפען.

.12

דער ארטעל פון די טאטשעטשניקעס האט ווידער באקומען א גרויסע ארבייט. מען האט גענומען בויען הייזער אין נייעם שטעטעל און גראבען א צווייטען ברונעם. אין ארטעל זיינען אריינגעטראטען נאך א פאר יונגע לייט און דער קינסטלער הררי, וואס האט זיך אומגעקערט פון ירושלים אין א זעהר דערשלאַ־גענער שטימונג. ער האט באשלאסען ווארפען די הייליגע קונסט און נעמען זיך פאר „שווארצע״ ארבייט. דאס האט איהם אזוי שטארק פארכאפט, אז ער פלעגט גאנצע טעג ליגען ביי מאל־

קאָוו'ען און פלעגט אָהן אָן אויפהער ריידען וועגען דער נוצליכ־קייט פון פיזישער ארבייט. ער פלעגט דערעסען די חברים מיט זיינע שטענדיגע פראגען, ווען עס וועט זיך שוין אָנהויבען די ארבייט.

— זעה, דו וועסט באלד קאלט ווערען, — פלעגען לאַכען די טאַטשעטשניקעס. — דאָס, ברודער איז נישט בילדעלאך מאלען.

אזוי איז טאקע געווען. הררי האָט געארבייט ניט לאַנג. ביי איהם האָבען זיך אָנגעבלאָזען מאזאָלעס אויף די הענט. אין די אָוועגטען האָט איהם געצויגען דער גאנצער קערפּער, און אויפ־שטעהן האָט מען געדארפט פארטאָג, ווען עס ווילט זיך אזוי שלאָפען. און ער האָט זיך ווידער גענומען פאר זיין קונסט.

אין דער צייט איז דניאל ארוים פון שפּיטאל, וואו ער איז אָפּגעלעגען אין הויכען פיבער דריי וואכען. ער האָט דאָרט געזעהן עטליכע מאָל ווי מענשען זיינען געשטאָרבען, און האָט א סך געקלערט וועגען גאָט. זאָנדערבאָרע פאנטאס־טישע חלומות זיינען אויפגעשטאנען אין קאָפּ. איהם האָט זיך געוואָלט זיין א בעטלער, געהן מיט א צובראָכענעם טעלער פון הויז צו הויז, בעטען נדבות, ווי דאָס האָבען געטאָן די אמאָליגע זוכער פון אמת ביי די מזרח־פעלקער. אוועקגעהן אין מדבר און זיך נעהרען דאָרט מיט ווילדען האָניג. און דאן קומען צוריק צו די מענשען מיט די גרויסע ווערטער פון אמת. ער האָט זיך אינגאנצען ארייגגעטאָן אין אָט די געדאנקען, און זיין גאנצע בענק־שאפט נאָך אָרא'ן האָט איהם אויסגעוויזען קליין און אומוויכטיג, עפּעס אזוינס פון וואָס מען מוז זיך באפרייען. איצט האָט ער זיך נאָך מעהר באפריינדעט מיט רב משה'ן. אין טעג, ווען דער רעגען פלעגט קלאפּען אין די פענסטער, פלעגען זיי זיצען ביים טיי און צוזאמען לייענען די ביבעל.

אין נאכט־הויז איז טונקעל און שטיל. מאלקאָוו'ס פרוי שטעהט אויפ'ן שוועל אין איהר טרויעריגער פּאָזע. דער אלטער וואנט־זייגער כריפּעט אוים פיער מאָל. אין גרויסען צימער באַ־וויייזט זי רב משה אין א יארמולקע און א לאנגער ווארעמער קאפּאָטע. ער זעצט זיך אין א ווינקעל ביים פענסטער, און מאָל־

קאָוו׳ס טאָכטער גיט איהם טיי. דער אַלטער מאַכט אַ ברכה און זופּט אָפּ אַביסעל. דערנאָך טוט ער אָן די ברילען און עפענט די ביבעל. לעצטען מאָל האָט ער מיט דניאל׳ן זיך אָפּגעשטעלט אויף קהלת. דניאל קומט אריין אַ ציטערענדער און אַ נאַסער.

— קאַלט, זיידעניו, — זאָגט ער — וואָלט כאָטש געווען שניי און אַ טרוקענער פראָסט, ווי אין רוסלאנד, דאָ גיסט גאָר אַ רעגען. עס ווערט אמאָל אַזוי אומעטיג. וואָלט כאָטש אויס־געפאַלען אַ ווייכער שניי.... אין קינדהייט פלעגען מיר פאָהרען אויף שליטעלעך... יע, וואו זיינען מיר געבליבען שטעהן ?

— ביי קהלת, — ענטפערט דער אַלטער, — טרינק פריהער טיי. דו ציטערסט דאָך אינגאַנצען.

רב משה לייענט. דאַן פאַרטראַכט ער זיך. מען הערט ווי דער רעגען קלאַפּט אין די שויבען. מאַלקאָוו׳ס פרוי זיפצט, און דער זייגער טיקט לאַנגזאַם : „טיק־טאַק, טיק־טאַק...״

און דניאל זיצט שווייגענדיג, צונויפדריקענדיג דעם קאָפּ מיט ביידע הענט, וועלענדיג גוט פאַרשטעהן דעם טיפען אָרט אין קהלת, וואָס רב משה האָט איבערגעלייענט.

דאַן געהען ביידע, דער אַלטער און דער יונגערמאַן, אין בית המדרש. אָפט געהען זיי צוזאַמען צו מעריב. דניאל דאַווענט איצט יעדען טאָג. זיי געהען ניט איילענדיג זיך, מיט שטילע געסלאַך, ביידע הויכע, ווי אַ זיידע מיט אַן איניקעל.

דער רעגען האָט אויפגעהערט, און פון הינטער די בלויע וואָלקענס, אויפ׳ן מערב, קוקט אַרויס די רויטע פאַרגעהענדע זון.

אָט איז דער בית המדרש. זיי געהען אריין, און רב משה וואַשט די הענט אונטער׳ן קראַן. דאַן געהט ער צו דער מזרח־וואַנט אויף זיין אָרט. מען וואַרט אויף דעם צעהנטען פאַר אַ מנין אָנצוהויבען דאַווגען.

די איינגלאַך־יתומים, וואָס זאָגען קדיש נאָך זייערע קרובים, האָבען זיך צונויפגעקליבען ביים עמוד און רעדען זיך איבער אין דער שטיל. אין טונקעלען ווינקעל זיצט אַן אַלטער בעטלער און קרעכצט :

— אָ, מלך פון דער וועלט ! פאָטער געטרייער !

דניאל'ן איז אומעטיג און גוט. ער פיהלט, ווי גאָט'ס הייליגער גייסט פילט אָן זיין נשמה. ער וואָלט געוואָלט דאָס גאַנצע לעבען דאָ זיצען און לערנען תורה. און ווי טרעפענדיג זיינע געדאנקען, זאָגט רב משה טרויעריג:

— ווי לעער און שטיל! ניטאָ קיין יונגע לייט, וואָס וואָלטען דאָ געזעסען איבער דער גמרא ביז שפעט ביינאכט. אנשיינען געוואָרען זיינען זייערע לידער, און זיי זיינען אוועק אויף פאַלשע פרעמדע וועגען. מיר הערען אויף צו זיין דאָס אויסערוועהלטע פאָלק פון גאָט, און ישראל'ס שעהנקייט ווערט וואָס פון יאָהר אַלץ טונקעלער. וואָס וועט זיין פון אונז?

— אָ, מלך פון דער וועלט, פאָטער געטרייער! — זיפצט ווידער דער בעטלער — ערלייז מיך.

און די טונקעלקייט ווערט אַלץ געדיכטער, און דער לעצטער שטראהל פון דער זון ברענט אין פענסטער.

עס איז געווען שבת. נאָך שחרית זיינען דניאל מיט סענדער'ן אוועק אין האפען באַגעגענען אַ דאמפפער, וואָס איז אָנגעקומען פון רוסלאנד. זיי זיינען דורכגעגאנגען די הויפט־אידישע גאַס, זיינען דורכגעגאנגען די אַלטע שטאָדט־טויערען, ביי וועלכע קאַליקעס און בלינדע האָבען מיט טרויעריגע שטימען געבעטען נדבות, און האָבען זיך באלד געפונען אין אַ שמאָלען פינסטערען געסעל, וואָס פיהרט צום האַפען.

אַ קליינער דאמפפער איז נאָר וואָס אָנגעקומען און האָט אַראָפּגעלאָזען דעם אנקער. די שיפער אין זייערע בלויע שאראַווארען און רויטע לייבלאך נעהמען שוין אַראָפּ די פאַסאַזשירען. און אין האפען לויפען אַרום די בעלי בתים פון האָטעלען, גאַסטהייזער און רעסטאָראַנען, און די טרעגער שרייען, שלעפענדיג גרויסע לאַסטען.

— דוכט זיך, אַז אַ סך יונגוואַרג איז געקומען צו פאָהרען, — זאָגט סענדער, — זעה, שוין דאָס צווייטע שיפעל איז געדיכט אָנגעפּאַקט.

— אמת, — זאָגט דניאל — דאָס איז גוט. אָט איז שוין דאָס דריטע שיפעל פול מיט פאַסאַזשירען, און אַלע פאָהרען צום האַפען.

— זעה! — רופט אויס סענדער מיט אַמאָל, אַנכאַפּענדיג

דניאל'ן פאר דער האנד — דינה איז דארטען! דניאל האט א קוק געטאן אין דער ריכטונג פון די שיפלעך און האט בעמערקט דינה'ן און איהר ברודער.

— לאמיר אפגעהן אן א זייט, — האט ער שטיל ארויסגע־רעדט, באמיהענדיג זיך צו זיין רוהיג. איך וויל ניט, אז זי זאל מיך באלד דערזעהן.

זיי זיינען אפגעגאנגען אן א זייט און האבען זיך געשטעלט לעבען אן אראבער קאפע.

— וואס וועט איצט זיין? — האט סענדער געפרעגט.

— נארניט, מיין פריינד! — האט דניאל געזאגט טרויעריג — איך וועל אין גיכען אוועקגעהן אין גליל און וועל ווערען א שומר. זאל מען מיך דער'הרג'ענען. איך האב אפשר ניט ווי מען דארף געלעבט. דערפאר, האף איך, וועל איך קענען גוט שטאר־בען.

— הער אויף! — האט סענדער אויסגעטאָרטשעט זיינע דיקע ליפען.

עס האבען זיך באוויזען די פאסאזשירען. זקנים און זקנות, וואס זיינען געקומען דערלעבען זייערע טעג אין הייליגען לאנד, און יונגע לייט און מיידלעך מיט ברענענדיגע אויגען, וואס חלומ'ען ווידער צו באלעבען ציון מיט'ן אקער־אייזען. און אט זיינען דינה מיט'ן ברודער. זיי פיהרען אונטער'ן ארעם אן עלטערע פרוי. ווייזט אויס זייער מוטער. דינה קוקט זיך ארום. זי איז אבי־סעל אפגעצערט, און די אויגען קוקען אויס פארוויינטע. דניאל'ן האט דאס הארץ פארקלעמט. ער האט געמיינט, אז זי וועט שוין ניט קומען צוריק קיין פאלעסטינא. איצט וועט זי זיך אלץ דער־ויסען. בעסער וועט זיין, אז ער וועט וואס שנעלער פארלאזען די שטאדט. זי זאל איהם נאר באלד ניט באמערקען. אט האט זי טרויעריג א שמייכעל געטאן, עפעס געזאגט דעם ברודער, און זיי זיינען א מינוט געבליבען שטעהן...

דניאל האט ווידער פארבראכט עטליכע פיינליכע טעג. ער האט געהערט, אז דינה ליידט שטארק די גאנצע צייט און פאר־שילט דעם טאג, אין וועלכען זי האט זיך מיט איהם באגעגענט. דאס האט איהם ניט געלאזען שלאפען נעכט. ער האט אלץ גע־

זוכט א געלעגנהייט זיך דורכצורעדען מיט איהר. ענדליך האָבען זיי זיך באגעגענט אין אווענט ביים ים, ווען קיינער איז ארום ניט געווען.

— דינה, — האָט ער געמורמעלט, ווען דאָס מיידעל איז גע־בליבען שטעהן לעבען איהם, — דינה, זיי מיר מוחל. — זי האָט אויף איהם אויפגעהויבען איהרע שעהנע אויגען, וואָס זיינען גע־ווען פול מיט טרעהרען, און האָט גאָרניט געענטפערט.

דאן האָט זי שטיל געפרעגט:

— וואָס איז דאָס פון דיר געוואָרען, דניאל?

און ער האָט ערוואַרטעט, אז זי וועט איהם פאָרוואַרפען און וועט זיך באקלאָגען. פון איהרע אויגען זיינען נאָר ארויס צוויי טרעהרען, ריינע, פערלדיגע, און זיינען גערונען איבער די באקען.

— און אלץ איז איצט געענדיגט? דו ליבסט די אקטריסע אָרא?

— וואָס זאָל איך דיר זאָגען, דינה... דו האָסט שוין מסתמא געהערט, אז זי האָט מיך פארלאָזען. גאָט מיינער, איך ווייס אליין ניט, ווי דאָס איז געשעהן. ווי א שטורם וואָלט אנגעפלויגען, און איך האָב פארלאָרען דעם וועג.

— פארוואָס האָסטו מיר וועגען דעם באלד ניט געשריבען?

— האָט געפרעגט דינה שלינגענדיג די טרעהרען.

— וואָס האָב איך דיר געקענט שרייבען? איך האָב גע־מיינט, אז אלץ וועט פאָראיבערגעהן, און איך וועל דיך ווידער ליבען, ווי פריהער, — האָט מיט געבעט אין טאָן גערעדט דניאל,

— וואַרט, לאָמיר אנזאמלען כחות, אָפּרוהען זיך, וועט אפשר אלץ דאן ווידער קומען צוריק. זיי מיר א פריינד. איצט וויל איך פאר א צייט אוועקגעהן אין גליל פאר א שומר.

— אָבער וואָס וועל איך זאָגען דער מוטער און דעם ברודער?

— האָט דינה זיך צעוויינט, ציטערענדיג מיט די אקסלען. זיי זיינען אויף דיר זעהר בייז און ווילען מיר חתונה מאכען מיט א קאָלאָניסט, וואָס שרכנ'ט זיך שוין לאנג צו מיר ער איז א זעהר עהרליכער מענש.

אויפ'ן ברעג האָבען זיך באוויזען מענשען.

— איך וועל אוועקגעהן, — האָט דאָס מיידעל געזאָגט, — די

מוטער און דער ברודער וועלען נאָך אויסגעפינען, אז איך בין געוועזען מיט דיר.

— ווען וועל איך דיר ווידער זעהן, דינה? גיב מיר דיין האנד ביים זעגענען זיך.

— איך וויים נים. דער ברודער וויל, מיר זאָלען אוועקפאָהרען אין קאָלאָניע. די מאַמע איז אַלץ קראַנק.

זי האָט אויפגעהויבען צו איהם איהרע שעהנע אויגען און האָט אויסגעשטרעקט די האנד. דניאל איז צו איהר צוגעפאלען מיט די ליפען, מורמלענדיג:

— זיי מיר מוחל, זיי מיר מוחל...

א קליינער קאראוואן פון קעמלען מיט איין אויפזעהער, א יונגען אראבער, און דניאל'ן, ציהט זיך איבער א וויסטען וועג, וואס פיהרט דורך א וואלדיגע אידישע קאָלאָניע אין גליל. ארום און ארום אויף א סך ווייאָרסט באגעגענט מען נים קיין לעבעדיגע באשעפעניש. די בלויע לופט איז פארגליווערט, און די צערטליכע גאָלדענע ווינטער־זון גיסט שטראָמען ליכט אויף די פארקלערטע פעלדער, וואס זיינען באדעקט דאָ און דאָרט מיט בלומען און שטעכיגען גראָז.

פון צייט צו צייט נעהמט דער אראבער, שאָקלענדיג זיך אויפ'ן קעמעל, זינגען עפעס א טרויעריגע מעלאָדיע. ער זינגט וועגען ליבע און טויט, און, ווי אין שלאָף, הערט דניאל די ריהרענדע ווערטער פון דער מיידעל, אז זי וועט נים אוועקגעהן פון איהר ליבען, ביז מען וועט זי נים ארומוואשען מיט ווארימע וואסער און אריינלעגען אין קבר...

און ווידער ווערט אויף א ווייל דער אראבער אנשוויגען. די קעמלען ציהען זיך ווייטער, קלינגענדיג מיט די גלעקלאַך: דין־דין־דין!

דניאל'ן איז אומעטיג. איהם דערמאָנט זיך אַלץ די לעצטע צייט אין שטאָדט, ווי ער האָט שווער געליטען, ווען ער האָט זיך דערוואוסט, אז אָרא פאָהרט אין גיכען אָפּ מיט קארטשעווסקי'ן אין איירָאפּא, און דינה וועט באלד חתונה האבען מיט דעם יונגען קאָלאָניסט פון יהודה. זייער חתונה איז געוועזען אין יפו, אין א רדויסען רייכען האָטעל. די מוזיק האָט געשפּילט אַ גאַנצע

נאכט און די יונגוואַרג איז גאָר ניט מיער געוואָרען טאַנצענדיג. און ער איז געשטאַנען אויפ'ן גאַס, אונטער די פענסטער, ווי אַ פּרעמדער, אַ בעטלער, און איהם האָט זיך אויסגעוויזען, אַז אָט־אָט ווערט זיין הארץ צוריסען...

אין דער פריה איז ער אוועק פון שטאָדט. ער האָט נאָר געוואָלט צום לעצטען מאָל זעהן רב משה'ן.

— וואוהין? — האָט דער אַלטער געפרעגט.

— ווייט, זיידעניו, — האָט דניאל'ס קול אַ ציטער געטאָן — אין גליל, אַ שומר ווערען. זייט געזונד! איך זעגען זיך מיט אייך, עס קען זיין, אַז מען וועט מיך דער'הרג'ענען. איך האָב אייך זעהר ליב געהאַט, ווי אַ פאָטער...

— וואָס רעדסטו, וואָס רעדסטו! — איז דער אַלטער געוואָרען אונרוהיג, — גאָט וועט דיך היטען. געה בשלום. אפשר דאַרפסטו עפּעס האָבען אויפ'ן וועג? זאָג.

— אַ דאַנק, זיידעניו. איך דאַרף גאָרניט.

זיי האָבען זיך ארומגענומען און זיך צוקושט.

— געה בשלום! — האָט נאָכגעמאָל רב משה ארויסגע־מורמעלט.

דניאל איז אָנגעקומען אין אַ קליינער גליל'ער קאָלאָניע, וואָס איז געווען ארומגערינגעלט מיט אַראַבישע דערפלאַך. די אַראַבער פון יענע דערפלאַך האָבען שוין לאַנג געפיהרט מיט די אידען פון דער קאָלאָניע אַ פאַרביסענעם, גרוייזאַמען קאַמף צו־ליב עפּעס אַ שטיקעל לאַנד, וואָס די אידען זאָלען האָבען ביי זיי אָפּגענומען. צוליב אָט דער געשיכטע זיינען שוין געפאַלען עטליכע שומרים און די אַרבייטער יוגענט, זייענדיג צוקריגט מיט די קאָלאָניסטען, האָבען אויף אַ יאָהר צייט אַראָפּגענומען די וואַך פון יענער קאָלאָניע.

ווען די אַרבייטער האָבען זיך דערוואוסט, אַז דניאל וויל דאַרט ווערען אַ שומר, האָבען זיי גענומען איהם שטאַרק אָפּרייִ־דען דערפון, ער האָט זיי גאָר נישט געענטפערט און איז אוועק צום וועד און האָט זיך געבעטען מען זאָל איהם אָנשטעלען אַלס שומר.

זיי האָבען איהם געפרעגט פון וואַנען ער קומט, און ווען

ער האָט דערצעהלט וועגען זיך, האָט אַן אַלטער קאָלאָניסט געזאָגט:

— גוט, דו וועסט מאָרגען ארוים מיט מיין זוהן.

נאָר דניאל איז ארוים היטען נאָך די זעלבע נאכט. ער האָט זיך נאָך אַלץ געפיהלט זעהר דערשלאָגען און איינזאם, שטעהענדיג אויף דער וואך ביי די עקאַליפּטען בוימער און צוהערענדיג זיך צו יעדען קלענסטען גערויש, פלעגט ער האלטען אין איין קלערען וועגען די שווערע טעג, וואָס ער האָט די לעצטע צייט דורכגעלעבט. עס פלעגט זיך איהם אָפט דוכטען, אז ער שטעהט נאָך אַלץ אונטער'ן פענסטער פון האָטעל אין יאפפע, וואו עס קומט פאָר דינה'ס חתונה, און דאן פלעגט ער נעמען שנעל שפּאַנען איבער'ן פעלד, און זיין נשמה איז אויסגעגאנגען פון וועה.

און אזוי האָט זיך געצויגען ביז'ן לעצטען אָוונט.

פארנאכט איז דניאל אוועק מיט א צווייטען וועכטער, א זוהן פון א קאָלאָניסט, אויף עפּעס א שמחה'לע, וואָס איז פאָרגעקומען אין ארבייטער קיך ער האָט זיך געפיהלט גוט מיט זיינע נייע חברים, געזונגען, געטאנצט און א זייגער צעהן זיינען זיי ביידע ארוים אויף דער וואך.

ביי איין עקאַליפּטען וועלדעל האָבען זיי זיך אפּגעשטעלט. דאָרט האָבען זיי זיך געדארפט פאנאנדערגעהן אויף זייערע פּאָסטענס. די נאכט איז געוועזן א פינסטערע, עס האָט געבלאָזען א שטארקער ווינט און איבער'ן הימעל האָבען זיך געטראָגען שווערע וואָלקענס.

— שלום, — האָט געזאָגט דניאל און האָט דערלאַנגט זיין חבר די האנט.

— דו וועסט זיין ביי מיר מאָרגען? — האָט געפרעגט דער יונגער קאָלאָניסט?

— יאָ, שלום, — און דניאל איז אוועק שטיל זינגענדיג א קאראהאָד מעלאָדיע. ער האָט זיך שוין לאנג נישט געפיהלט אזוי גוט און פרעהליך. איהם אליין האָט דאָס געוואונדערט. ער האָט געשיינט ווידער צו האָבען געפונען רוה און גליק.

דניאל האָט זיך געשטעלט אויף זיין אָרט און האָט זיך אנגעשפּארט אן א בוים.

די אראבישע וועכטער ארום זיינען שוין אויך געשטאנען אויף זייערע פּאָסטענס.

דער ווינט האָט גערוישט צווישען די בוימער. דניאל האָט פארמאכט די אויגען און געקלערט:

— איך וועל דאָ היטען א פּאָר חדשים און אין פריהלינג וועל איך זיך פארדינגען צו אן אלטען קאָלאָניסט אן ערד ארביי־טער, צו אקערען און זייען מיט אהם. ווי גוט עס וועט זיין צו געהן מיט דער סאָכע איבער'ן ברייטען פעלד. עס וועט אויפגעהן דער הויכער גאלדענער קאָרן, איך וועל שניידען און זינגען לידער. און אזוי טרוימענדיג איז ער לאנג געשטאַנען מיט פארמאכטע אויגען.

מיט א מאָל האָט זיך דערהערט א שאַרף צווישען די בוימער. עס איז שטיל געוואָרען און באלד האָט זיך ווידער דערהערט א גערויש. דניאל איז צוגעפאלען צו דער ערד און גענומען זיך צו הערען. עמיצער האָט וועמען גערופען. דניאל האָט זיך אויפ־געהויבען און זיך א לאָז געטאָן נאָכ'ן קול. מען האָט אָנגע־הויבען שיסען און דניאל איז אומגעפאלען.

---

דניאל'ס לויה איז געווען נאָכמיטאָג. דער קליינער עולם איז געגאנגען שטיל, שוויגענדיג. מען איז פארבייגעגאנגען די אי־דישע וויינגערטנער. די הויכע אראבער וועכטער אין די לאַנגע אבאיעס האָבען געקוקט פרעמד און קאַלט. און די פּראָצעסיע האָט זיך געצויגען פּאמעלעך איבער'ן זאמד צום גרינעם בית עולם...

---

עס איז געווען א פינסטערער רעגענדיגער אָווענט. בנימין כאינים איז ארוים פון דער רעדאקציע פון אן ארבייטיר־זשורנאל און איז א טרויעריגער אוועק צום ים. ער האָט זיך נאָר וואָס דערוואוסט וועגען דניאל'ס טויט, און ער האָט ניט געוואוסט, וואו אהינצוטאָן זיך. מיט עטליכע טעג צוריק איז אָרא מיט קארטשעווסקי'ן אוועקגעפאָהרען אין אייראָפּא. דאן איז אָנגע־קומען א בריף פון לאה'ן אין וועלכען זי האָט געשריבען, אז נחמה איז געשטאָרבען. דאָס מיידעל איז א באָרוועסע געלאָפען איבער'ן

פעלד, האָט באַקומען אַ לײַכטע װאונד אין פֿוס, און אין עט־ליכע טעג אַרום איז זי געשטאָרבן פֿון בלוט־פֿאַרגיפֿטונג. איצט איז דניאל אויך ניטאָ.

כאַינים איז אַוועק צום ים. די גרויסע װעלן האָבן זיך אָנגעשלאָגן אָן ברעג און בייז געררוישט װעגן עפּעס. װאָס איז פֿאַטאַל און אונפֿאַרמײַדליך. כאַינים איז לאַנג געשטאַנען בײַם װאַסער, פֿיהלענדיג אַ שרעקליכע אײַנזאַמקייט. דער שרעק פֿון דעם אונפֿאַרמײַדליכען טויט האָט זיך אויף איהם אָנגערוקט פֿון אַלע זייטען, אָנפֿילענדיג זײַן נשמה מיט אַן אונאויסשפּרעכליכען טרויער און בענקשאַפֿט.

כאַינים האָט גענומען געהן װייטער. אָט איז דאָס הויז, װאו עס האָבן געװאוינט די שװעסטער לאה און נחמה. די טיר און די פֿענסטער זײַנען געװען פֿעסט פֿאַרמאַכט. שוין לאַנג, אַז קיי־נער האָט ניט געװאוינט אין הויז. כאַינים זעצט זיך אַװעק אויף די טרעפּלעך פֿון גאַניק און לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ. אַהער פֿלעגט ער אָפֿט קומען אַ מידער, אַ פֿאַרמאַטערטער, און נחמה פֿלעגט מיט איהרע אונשולדיגע צערטליכקייטען אַזוי לײַכט צושטרייטען זײַנע פֿינסטערע געדאַנקען. װי װאונדער־שעהן פֿלעגט איהר גע־לעכטער קלינגען. דאָ האָט זיך דניאל באַגעגענט מיט אָראַ'ן. עס איז אַריבער אַ יאָהר, און עס איז שוין ניטאָ נחמה און ניטאָ דניאל. בײדע זײַנען אַזוי פֿריהצייטיג געשטאָרבען, געשטאָרבען.

כאַינים האָט זיך שטיל צעװיינט.

און דער ים האָט אַלץ גערוישט, גערוישט...

**סוף.**

# דער פארפאָלגטער

— יפו! יפו! — האָט מיט פרייד אויסגעשריען יהודית.

— ענדליך זיינען מיר געקומען. כ׳געה אויפוועקען מיין ברודער.

און דאָס מיידעל איז אוועקגעלאָפען אין טריום, א פרעהליכע, א גליקליכע, איבערלאָזענדיג אויפ׳ן דעק נפתלי׳ן, וועלכער איז געשטאַנען א טיף פארטראַכטער, אָנגעשפּאַרט אויף די גראַטעס.

פריהמאָרגענס זיינען זיי ארויס באַגעגנען דעם זונען־אויפגאַנג און די ברעגעס פון הייליגען לאַנד, נאָך וועלכען עס בענקט דורות לאַנג, אין גלות, דאָס אידישע פאָלק.

די זון האָט זיך אויפגעהויבען, און די וואָלקענס, וואָס האָבען זיך א גאַנצע נאַכט געטראָגען מחנות־ווייז איבער׳ן הימעל, זיינען צורונען. בלויז וואו ניט וואו, אין מערב זייט, האָבען זיך, ווי יונגע מלאָכים׳לאַך, געררויטעלט ראָזע וואָלקענדלאַך. דער ים, א מעכטיגער, א רוהיגער, האָט זיך געצערטעלט אויף דער זון און געשמייכעלט צום בלויען הימעל.

— אָט, איז דאָס זונען־לאַנד! — האָט נפתלי א טראַכט געטאָן, — די וויג פון די גרויסע נביאים, דער וואונדערבאַרער גאָרטען פון אונזער יוגענד. ווייסע מעוועס האָבען זיך באַוויזען אין דער לויטערער לופט, נידריג שוועבענדיג איבער׳ן וואסער, און באַלד האָט מען אויך דערזעהן שיפעלאַך מיט הויך געוואַקסענע אראבער, אין ברייטע, פארביגע הויזען און רויט בלויע באַיקעס. אויפ׳ן שיף האָט זיך אויפגעהויבען א געטומעל. די מאַטראָזען האָבען אָנגעהויבען אראָפּלאָזען דעם אַנקער. נפתלי איז אראָפּ אין טריום. נישט געשלאָפען האָט ער א גאַנצע נאַכט און דער קאָפּ האָט זיך איהם געדרעהט און די פיס האָבען זיך איהם געבראָכען; ער האָט זיך געפיהלט מיד און שוואַך. פאר זיינע אויגען האָט

זיך א טומאַן צושפּרייט. יהודית איז צוגעקומען צו איהם און פרעהלאַך קלאַפּענדיג אין די הענט אויסגערופען:

— שוין געקומען צו פאָהרען! געקומען צו פאָהרען!

פּויל און מאַט זיינען געווען איהרע באַוועגונגען; די פאַר־שלאָפענע אויגען האָבען קוים, קוים געשמייכעלט. ער האָט גע־קוקט אויף איהר און אין זיינע אויערען האָבען ווי א זיסער ניגון געקלונגען איהרע רייד וועגען זייער געמיינזאַמען לעבען אין אייביג גרינעם בערגיגען גליל. זי איז איהם איצט שטאַרק געפעלען גע־וואָרען.

— איך בין היינט ווי א שכור'ע — עס דרעהט זיך מיר דער קאָפּ.

— יהודית! — האָט נפתלי א שעפּטשע געטאָן. — וועלען מקוים ווערען אונזערע חלומות וועגען גליל? זאָג, טייערע?

— יע, מיין טייערער! גוט וועט אונז זיין! — האָט זי געענטפערט.

זי איז צוגעגאַנגען צו איהר ברודער, וואָס האָט געפּאַקט זיינע זאכען.

נפתלי איז געבליבען זיצען אויפ'ן קאַסטען, פאַרטיפט אין רעיונות.

באַלד איז אריינגעלאָפען אין טריום א דאַר, באַוועגליך אידעל מיט א קליינעם שפּיציגען בערדעל.

— חיים! — האָט א געשריי געטאָן שמאי, יהודית'עס ברו־דער, א געזונטער, ברייט־ביינערדיגער בחור, מיט א וואוילען ליב־ליכען פּנים.

— שלום!

— שלום, שלום! — ענטפערט חיים, פעסט דריקענדיג ויי די הענט. — שוין צוריקגעקומען? מען זעהט עפּעס קיינעם נישט. זיינען פאַרהאַן עפּעס א סך נייע?

—צוויי זיינען אראָפּ אין חיפה, און אָט דער בחור — האָט יהודית אָנגעוויזען שמייכלענדיג אויף נפתלי'ן — וועט געהן צו דיר. ס'איז דאָ נאָך פאַראַן אַן אַלטער מאַן מיט א קראַנקען זוהן.

— ווייניג — זיפצט אָפּ חיים, א קראַץ געבענדיג זיך אין בערדעל.

א רגע איז ער געשטאנען פארטראכט, נאר פלוצים האט ער זיך א ווארף געטאן צוריק אויפ'ן דעק.

חיים איז געוועזען איינער פון די ערשטע אידישע ארבייטער אין ארץ ישראל. א פאר יאהר האט ער געוואנדערט איבער די קאלאניעס, ליידענדיג, נישט איינמאל, הונגער און נויט, נאר איי־ביג מיט דער הייסער אמונה אין הארצען, אז דאס אייגענע לאנד וועט ווידער אויפלעבען. לסוף איז ער זיך צוזאמענגעקומען עפעס מיט אן ארבייטערקע, וועלכע ער האט איינמאל מציל געווען פון אראבישע הענט. זיי האבען חתונה געהאט און געעפענט אין שטאדט א ביליגען רעסטאראן פאר ארבייטער, וואוהין עס פלעגט זיך פון אלע עקען יהודה צוזאמענקומען די יוגענד.

אין א האלבע שעה ארום זיינען שוין אלע געזעסען אין א שיפעל און שלאנקע אראבער האבען מיט געפילדער געוועסלעוועט. ס'איז פרעהלאך. די זון לאכט, די כוואליעס רוישען בנעימות'דיג.

דער עלטסטער שיפעל־פיהרער, א שעהנער יונג האט פרעהלאך אויסגעשריען: — אללא'ס טאכטער איז ווידער געקומען צו אונז!

— אללא! וואס פאר א אויגען זי האט עס! — האט דער צווייטער אויסגערופען, נישט אראפלאזענדיג זיין בליק פון דער מיידעל.

דאס שיפעל קומענדיג אלץ נעהענטער צו די פעלזען וואס קוקען ארויס פון וואסער, נישט ווייט פון ברעג, גיט זיך א בויג, נאר תיכף צוריק א הויב און לאזט זיך ווידער אראפ ווי זי וואלט אנגעהויבען געהן צו גרונט.

— אך, ווי גוט! — האט יהודית אויסגעשריען, פארמאכענ־דיג נישט ווילענדיג די אויגען — מען פליהט ווי אין א חלום!

אויפ'ן ברעג איז נפתלי געבליבען אליין. יהודית און שמאי זענען געווען פארנומען מיט זייער באגאזש. פון שוואכקייט איז ער קוים געשטאנען אויף די פיס און האט זיך געמוזט צוזעצען אויף א קאסטען. די לאנגע נסיעה איבער'ן ים האט איהם אויסגע־מוטשעט און איצט האט זיך איהם פונ'ם שארפען, געזאלצענעם ריח פונ'ם ים־וואסער שטארק געדרעהט דער קאפ. ווי אין נעבעל האט ארום איהם גע'רעש'ט אן אראבישער המון. מענשען אנגע־לאדענע מיט שווערער משא זיינען שורות־ווייז פארביי איהם גע־

גאנגען, איינגעבויגענע, פארסאפּעטע האבען זיי געפּילדערט, גע־קריגט זיך.

פּלוצים האט ער לעבען זיך דערהערט עפּעס א בעטענדיגען אלטען קול. ער האט אויפגעהויבען זיין קאפּ און דערזעהן א גרויען אָרימען אידען אין א לאנגער קאפּאטע מיט א גרוי־אָפּגעריבענעם היטעל.

— איהר דארפט אן אכסניה ? פרעגט דער אלטער. — קומט צו מיר. וואו זיינען אייערע זאכען ? איך האב ליכטיגע, ריינע צימערען אָהן וואנצען. ביי חיים׳ען זיינען פאראן וואנצען: זיי וועלען אייך דארט אויפעסען. וואו זיינען אייערע זאכען ?

— ביי חיים׳ען — האט קורץ געענטפערט נפתלי.

דער אלטער איז אוועק, און לעבען איהם זיינען, ווי אויסגע־וואקסען, צוויי בחורים,ביידע געלע, אפּגעריסענע און פאראָרימטע.

—מיט דעם דאזיגען שיף געקומען ? — האט איינער גע־פרעגט.

— יע, — ענטפערט נפתלי, באטראכטענדיג די בחורים, — און איהר ארבייט דא ?

— מיר פיבערען — האט דער צווייטער א זאג געטאן, — א וואוילע ארבייט!

— שרעקט איהם נישט; ער קען נאך מיט׳ן זעלבען שיף צוריק אנטלויפען — באמערקט שמייכלענדיג דער ערשטער.

— פארוואס קלערט איהר אזוי ? האט זיך נפתלי פאר־וואונדערט.

די בחורים האבען אויף איהם געמאכט א שווערען איינדרוק און איהם איז אומעטיג געוואָרען. אין דער זעלבער מינוט זיינען אנגעקומען יהודית מיט שמאי׳ן.

— און מיר זוכען דיך ארום, נפתלי. קום, דיינע זאכען וועט מען שוין ברענגען צו חיים׳ען.

זיי זיינען אוועק איבער א שמוציגען, ענגען אראבישען גע־סעל. פארבייגעגאנגען דעם אלטען שטאָדטישען טויער. דאָרט, אויף דער ערד אין ווייסע קיטלען זיינען געזעסען בלינדע אראבישע בעטלער, טרויעריג געזונגען עפּעס א תפלה. זיי זיינען ארויסגע־

קומען צום גרויסן קיילעכדיגען מארק־פלאץ, פון וואנען עס ציהט זיך א ברייטע אידישע גאס מיט הויכע, שטיינערנע מויערען אויף ביידע זייטען.

באגעגענט אויפ'ן וועג באקאנטע, האט יהודית צו אלעמען געשמייכעלט. זי איז געווען צופרידען צו זיין ווידער אין ארץ ישראל, צווישען אייגענע און נאהענטע מענשען. די פאר פאר־בראכטע חדשים אין רוסלאנד, האט זי שטארק געבענקט נאך די אייביגע גרינענדע פעלדער און נאך דער שטילער קאלאניע, וואו איהר מוטער און ברודער האבען זיך באזעצט נאך ווען זי איז א קינד געווען. זי איז אויסגעוואקסען און שטארק געווארען אין דער פריי, אין די אראנזשען־גערטנער, אונטער דער גליהענדער מזרח־זון. און נמאס איז איהר געווען דאס לעבען אין דער גרויסער שטיינערנער שטאדט, און זי האט זיך געפיהלט ווי פארשלאסען אין א גרויסער תפיסה.

פון א געוועלב איז איהר אנטקעגען ארויסגעלאפען אן אויפ־געלעגטע, יונגע, הויכע מיידעל. דערזעהענדיג זי, האט יהודית א געשריי געטאן פון פרייד און די חבר'טעס האבען זיך אנגעהוי־בען לאנג און הייס קושען, פארוואָרפענדיג איינע די צווייטע מיט פראגען.

— אך, יהודית! איך האב אזוי ארויסגעקוקט אויף דיר! פארוואס האסטו מיר נישט געשריבען?

— טייערע, איך האב אליין ניט געוואוסט, ווען מיר פאהרען ארוים. ווי דו ביזט עס אויסגעוואקסען, חנה, — האט יהודית געזאגט, ווידער קושענדיג די חבר'טע.

— און דו, יהודית, ווי שעהן דו ביזט! בליהסט! קום שנעלער צו אונז. אך, ווי די מאמע וועט זיך דערפרעהען. קום, שמאי!

יהודית האט זיך געזעגענט מיט נפתלי'ן, צוזאגענדיג איהם שפעטער קומען צו חיים'ען. ביים אוועקגאנג מיט דער חבר'טע, האט זי צו איהם שמייכלענדיג ליבליך א זאג געטאן:

— ווארט אויף מיר, נפתלי. אט געהט טאקע חיים. ער וועט דיך אפפיהרען צו זיך.

אין אייניגע מינוט שפעטער האט חיים ארייגעפיהרט נפתלי'ן איען א שמוציגען מיסטיגען הויף, וואו עס האבען זיך געוואלגערט

שטיקער אייזען, האָלץ, צובראָכענע שטולען און בעטען און ביי א פענסטער האָט געדארט א בוים.

ארייננקומענדיג האָט זיי באגעגענט חיים'ס ווייב, זלאטע, א טראָגעדיגע, פון נויט־דערשלאָגענע אידענע מיט אן אויסגעצויגע־נעם בלאסען פנים און קראנקע אויגען. ביי איהר קלייד האָט זיך אנגעהאלטען מיט שמוציגע הענטלאך א פיר־יעהריגער אינגעלע אין אן טונטער־העמדעל.

— איך וויל נישט מאמא! — האָט ער געוויינט. — איך וויל נישט געהן, גיב מיר אנדערע ברויט. איך וועל ניט געהן.

חיים איז געווען פארכמורעט. די לעצטע צייט זיינען די גע־שעפטען זיינע געגאנגען שלעכט. א סך ארבייטער זיינען אוועקגע־פאָהרען, נישט באצאָהלענדיג קיין דירה געלט און פאר'ן עסען. אוועק זיינען די צייטען, ווען עס פלעגען פרייטאָג צו נאכט מיט א גערויש און געזאנג עסען א מענשען פערציג ביי זיין טיש אין אמאָל נאָך מעהר. דאמאָלט פלעגען קומען מיט יעדער שיף יונגע לייט פון דער גאנצער וועלט און געקאָכט האָט דאָס לעבען אין לאנד און איצט קומט נאָר איין אורח.

— איין מענש, — האָט ער אונטער'ן נאָז א ברום געטאָן, נישט קוקענדיג אויף דער פרוי.

— גוטע געשעפטען! — און זלאטע האָט זיפצענדיג אוועק־געשלעפט דאָס אינגעלע אין שטוב.

## צווייטער קאפיטעל.

אין מיטען פון א ניט־אויפגעראמטען חדר איז געשטאנען א לאנגער טיש, ביי וועלכען דריי ארבייטער האָבען געטרונקען טיי. איינער פון זיי איז געווען א קרומער, א קליינטשיקער מיט שוואר־צע וואָנסען און א מידען בלאַסען פנים. ער האָט שוין א לאנגע צייט מעהר ניט געארבייט און געלעבט אויפ'ן חשבון פון זיינע קרובים, וועלכע פלעגען איהם פון צייט צו צייט צושיקען קליינע סומען פון יענער זייט ים. ער האָט געהאט זיין אייגענעם ווינקעל ביי חיים'ען און קיינער האָט ניט געטאָרט זיך צולעגען אויף זיין גע־לעגער. צייטענווייז פלעגט ער זיך קריגען מיט חיים'ען, דאָס דוב איבער פאָליטיק, נאָר זיי האָבען איינער דעם צווייטען גע־

ליבט און אָפּטמאָל, אוועגט־צייט, ווען זלאַטע, אַ מידע, איז גע־שלאָפן ביים הענגענדען לאָמפּ, וואָס פלעגט דונקעל באַלייכטען דעם חדר, פלעגען זיי פריינדליך שמועסען וועגען דעם שיקזאַל פון טערקיי אונאַנדערע לענדער, פּאַרטרינקענדיג מיט אַ פּאָר גלעזלאַך קאָניאַק.

דער קרומער איז אויפגעשטאַנען און, דער לאַנגענדיג זיין האַנד נפתלי'ן, געזאָגט:

— זעצט זיך, חבר, שעהמט איך נים; איהר זייט, דאַכט זיך, אַ בעסאַראַביער, ניין?

— ניין — האָט נפתלי געענטפערט.

דער קרומער איז געווען אַ בעסאַראַביער און ביי אַלע נייע אָנגעקומענע האָט ער נאָכגעפרעגט, צי זיי זיינען ניט פון דאָרטען.

— איהר זייט געקומען אַלס טוריסט דאָס לאַנד באַקוקען — האָט דער קרומער געפרעגט נפתלי'ן, אָנגיסענדיג זיך אַ גלאָז טיי. — זעהר אינטערעסאַנט. אין ארץ ישראל איז פאַראַן וואָס צו זעהן!

— איך בין געקומען אַרבייטען — האָט געענטפערט נפתלי און איז אַנשוויגען געוואָרען.

דאָס אָרימע שמוציגע מעבעל פון אכסניה האָט אויף איהם גע־מאַכט אַ שלעכטען איינדרוק.

נפתלי'ן איז אומעטיג געוואָרען און אַ טרויער האָט זיין פּנים באַדעקט.

— טרינקט, חבר, — האָט דער קרומער געזאָגט, — אַרבייט וועט איהר קריגען. אין די קאָלאָניעס נעהמט מען אַרונטער די אָראַנזשען און מען זוכט מענשען. פאַלט ניט אַראָפּ ביי זיך!

די פראַגען פון קרומען זיינען איהם מיאוס געוואָרען, און ער האָט געבעטען דעם באַלעבאָס צו געבען איהם פּלאַץ וואו ער זאָל זיך קענען צולעגען אָפּרוהען.

חיים האָט איהם אַריינגעפיהרט אין אַ זייטיגען חדר, וואו אויף איינעם פון פיר בעטלעך איז געלעגען אַ קראַנקער אַרבייטער.

— ער פיבערט! — האָט חיים ערקלערט. — אין שפּיטאָל איז ניטאָ קיין פּלאַץ, איהר וועט אייך לעגען אויף דעם געלעגער, עס איז ריין.

חיים איז אַרויס, פאַרמאַכענדיג הינטער זיך די טיר. נפתלי

איז צוגעגאנגען צום חולה, וועלכער האָט מיד אויפגעהויבען צו איהם זיינע ברענענדיגע, פיבער־אויגען, עפּעס שטיל אַ ברום געטאָן און ווידער זיי פארמאכט. געפלאָמט האָבען דעם חולה׳ס אויסגעצעהרטע, אפגעברענטע באקען און זיינע ליפּען זיינען טרוקען געווען פון היץ. אויסגעדארט איז ער און זיינע קליידער אַלט און אויסגעשמירט.

— גאָט מיינער! — האָט נפתלי אַ טראכט געטאָן — וואָס איז עס פאר אַ מורא׳דיגער פיבער. ווי ער וואלגערט זיך עס דאָ איינעראליין, הילפלאָז אויפ׳ן שמוציגען געלעגער. דאָס ארבייטער־לעבען מוז דאָ זיין שווער.

— אַ טרונק! — האָט אַ קרעכץ געטאָן דער חולה — איך ווער פארברענט פון דורשט!

נפתלי האָט איהם דערלאַנגט אַ גלאָז וואסער. ציטערענדיג האָט ער עס זשעדנע אויסגעטרונקען.

— אויסגעמוטשעט האָט מיך דער פארשאָלטענער פיבער — האָט ער אַ זיפץ געטאָן. — איך האָב שוין מעהר קיין כח ניט צו ליידען.

נפתלי האָט זיך צוגעלעגט, ער האָט אָבער ניט געקענט איינשלאָפען. ער האָט געטראכט וועגען חולה און געוואָלט האָט זיך איהם ווייגען.

נאָכדעם איז אריין אין צימער דער קרומער, געשטאַנען אַ פּאָר מינוט ביים חולה׳ס בעטעל און איז שטיל אוועק.

אין גרויסען צימער האָט מען געקלונגען מיט געפּעס. עס בייזערט זיך אַ פרויען־שטימע, עס וויינט אַ קינד און חיים רעדט שטילערהייט. דרעמלענדיג האָט נפתלי געהערט דעם קראַנקען׳ס היץ־רייד וועגען אַ הויכען ניט דערגרייכבארען בארג, פון אַ בלוט־רויטען טייך און אַ פינסטערען געדיכטען וואלד...

נאָכדעם האָט זיך אַלץ אין נפתלי׳ס פאָרשטעלונג פארפלאָנטערט, און ער איז איינגעשלאָפען. עס האָט זיך איהם גע׳חלום׳ט אַ בייזער פארמלאָזער חלום: אַ פאַנטאסטישע, ברודיגע קלעפּיגע חיה האָט מיט איהרע האָריגע לאַפּעס ארומגענומען זיין האלז, ארויפגעלעגט זיך אויף זיין ברוסט און העסליך וואָיענדיג אָנגעהויבען איהם צו ווערגען. נפתלי, פיהלענדיג, אז ער ווערט דערשטיקט אונטער דער חיה׳ס לאַפּעס, קרעכצט און ווארפט זיך. ער־

וואַכט האָט ער אַ פֿאַרשווויצטער. לעבן איהם, שמייכלענדיג, איז געשטאַנען יהודית.

— האָסט זיך דערשראָקען? — לאַכט זי, צובויגענדיג זיך צו איהם. — שטעה גיך אויף. אין אַ שעה אַרום געהט אַפּ דער דיליזשאַנס.

נפתלי איז אויפגעשפּרונגען. מיט אַ פֿאַרשלאָפענעם בליק גע־קוקט אויף דער מיידעל, גלייך ווי ער וואָלט זי ניט געקענט.

— וואַך אויף! ווי איז מען עס אַזוי פֿאַרשלאָפען?

אין אַ האַלבער שעה אַרום זיינען זיי געווען ביים "חאַן", פון וואַנען עס פלעגען אָפּפאָהרען די פוהרען. זיי זיינען געזעסען אויף אַ שטיין אונטער אַ בוים. אַרום זיי האָט געטומעלט, עס האָבען געשריען בעלי־עגלות; פֿערד האָבען געהירזשעט און גע־קלאַפּט מיט די קאָפּיטעס אין דער ערד.

— בלייב אויף שבת — האָט נפתלי זי געבעטען — לאָמיר זיין ביינאַנד כאָטש נאָך אַ טאָג.

— כ'לעבען, איך קען ניט, ליבער מיינער, — האָט שטיל גע־ענטפערט יהודית — די מאַמע וואַרט אויף אונז. זי איז נעבאַך דאָרט אַליין. דו וועסט קומען צו אונז אויף שבת. אַ שאָד, וואָס אין אונזער קאָלאָניע איז איצט ניטאָ קיין אַרבייט. פֿאַר־בלייב ניט לאַנג אין שטאָדט. דאָ איז ניט גוט. אָ וועסטו זעהן, ווי שעהן עס איז אין דער קאָלאָניע. נאָך פּסח וועלען אָנהויבען בליהען די טרויבען, ס'וועט ווערען שעהן איבעראַל און דו וועסט דאַן קומען צו אונז וועכטעווען די וויינגערטנער. גוט און שטיל איז אין דער קאָלאָניע. אָפטמאָל, אין לבנה־נעכט, געהען מיר גאַנצע חברות אוועק אויפ'ן בית עולם, אונזער קליינער בית עולם מיט זיינע הויכע טאָפּאָלען געפינט זיך צווישען מאַנדעל און וויינ־גערטנער. איינמאָל זיינען מיר דאָרט אָפּגעזעסען אַ גאַנצע נאַכט. גאָט, ווי שעהן די נאַכט איז דאַן געווען, אַ וואַרימע, אַ צאַרטע, און אין הויכען הימעל האָבען די שטערען אַזוי ליכטיג געשיינט איך בין נאָך דאַן געווען אַ קליין מיידעלע.

יהודית האָט זיך פּלוצים פֿאַרטראַכט, און געוואָרען ערנסט.

נפתלי האָט קוים, קוים זיך צוגעבויגען צו איהר, איינגעאָטעמט דעם ריח פון איהרע האָר, און איהם האָט זיך שטאַרק געוואָלט אַרומ־

נעהמען זי, צופרעסען זי צו דער ברוסט און מיט הייסע קושען באַ־דעקען איהר ליבליך פנים.

— יהודית! — האָט ער אַ שעפּטשע געטאָן און פעסט גע־דריקט איהר האַנד.

— מען קוקט אויף אונז — האָט באַמערקט די מיידעל און איז אויפגעשטאַנען.

נפתלי, שאַקלענדיג זיך ווי אַ שיכור, איז איהר נאָכגעגאַנ־גען צו דער פוהר.

אין אַ ווייל׳ע אַרום איז זי, אַ טייערע, אַ ליבהאַרציגע, גע־זעסען מיט׳ן ברודער אין וואָגען, שמייכלענדיג צו נפתלי׳ן מיט אַ צאַרטען זיי־געזונד־שמייכעל. נאָך איהר אַוועקפאָהרען האָט נפתלי, אַן אומעטיגער, לאַנג געבלאַנדזשעט איבער דער שטאָדט. געהאָפט האָט ער, אַז זי וועט איהם מיטרופען צו זיי, און געפינען פאַר איהם אַרבייט אין זייער קאָלאָניע. זי האָט זיך דאָך אַזוי האַרציג באַנומען צו איהם אויפ׳ן שיף און אין אויסגעשטערנטע נעכט, זיצענדיג ערגעץ אין אַ ווינקעל אויפ׳ן דעק, האָבען זיי צוזאַמען גע׳חלומ׳ט וועגען אַ וואונדערבאַר לעבען אין גרינעם גליל...

צום סוף איז נפתלי, אַ מידער, אַרויס צום ברעג ים אין עפּעס אַ פוסטען אָרט. ער האָט זיך אַנידערגעלעגט אָפּרוהען אויפ׳ן זאַמד. אַרום איז שטיל געווען. מחשבות וועגען דער געליבטער מיידעל האָבען ווי די בלויע כוואַליעס זיך געטראָגען צו איהם און ווייטער פאַרשוואונדען אין דער ברייטער, בלויער לופט. עס דערמאָנט זיך איהם זייער ערשטע באַגעגעניש. ס׳איז גאָר ניט לאַנג. אַ וואַרימער טאָג. דער הימעל האָט געגלאַנצט מיט אַ פריה־לינגס־בלויקייט. אויף די גאַסען איז געשטאַנען אַ פרעהליכער געטומעל, ווי נאָך אַ לאַנגען, כמורנעם, קאַלטען ווינטער וואָלט פלוצים אָנגעקומען דער זוניגער פרעהליכער יום־טוב. ער איז געשטאַנען ביים האַפען און געוואַרט עס זאָל אָפּגעהן די שיף, וועלכע האָט איהם געדאַרפט אַוועקפיהרען אין זיין אייגען לאַנד, קיין אַרץ־ישראל. אויפ׳ן האַרצען איז איהם געווען גוט און ליכ־טיג. פלוצים האָט ער באַמערקט צווישען דעם רוישענדען, לויפענ־דען המון אַ יונגע שלאַנקע מיידעל מיט אַ שוואַרץ־חנ׳עוודיגען פנים, לעבעדיגע, שוואַרצע אויגען און מיט צוויי דיקע צעפּ. זי האָט

גערעדט העברעאיש מיט עפּעס אַ בחור, וועלכער האָט געהאַלטן אַ קאַרב אויפ׳ן רוקען. נפתלי איז צו זיי צוגעגאַנגען נעהענטער.

— שמאַי ! — זאָגט די מיידעל — דעם קאַרב טראָג אַוועק אין טריום און דעם קאַסטען וועלען מיר נאָך דעם איבערשלעפּען. איך וועל דאָ צוהיטען.

דער בחור געהאַט אַוועק, און זי, אַ מידע, אַ פאַרטראַכטע, זעצט זיך אויפ׳ן קאַסטען. נפתלי קוקט אויף דער מיידעל, ווי זיך עפּעס דערמאָנענדיג. זי האָט באַמערקט זיין אויפמערקזאַמען בליק און פאַרשעהמט אַראָפּגעלאָזען דעם קאָפּ. נפתלי׳ן דוכט זיך, אַז ערגעץ וואו האָט ער שוין געהערט איהר קול. אָבער וואו און ווען קען ער זיך בשום אופן ניט דערמאָנען. מסתמא האָט זי זיך איהם גע׳חלומ׳ט אין יענע משוגענע נעכט, ווען זיי נשמה האָט מורא׳דיג געבענקט נאָך ליבע, און זיין גוף האָט געציטערט און גע־ברענט פון ליידענשאַפט. ער קוקט אויף דער מיידעל און דער־מאָנט זיך אין פריהלינג אין שטילען שטעדטעל, אין די בלויע ווייט־קייט פון די גרינע, ברעגלאָזע פעלדער, אין די מאַיאָווע נעכט, ווייט ביים ראַנד פון וואַלד, און עפּעס אַ האַרציג־ליד, וואָס טראָגט זיך פון ערגעץ... און ווי ער, אַן איינזאַמער בלאָנזשעט אַרום אי־בער׳ן לבנה־וועג, בענקענדיג נאָך דער שעהנער מיידעל...

אין אַוועגט איז נפתלי ביים דונקעלען שיין פון לאַמטערנעס געזעסען מיט זיי אין טריום. יהודית מיט׳ן ברודער האָבען שטיל געזונגען נייע אידישע לידער. און מאָדנע האָבען געקלונגען די לידער פון גרינע פעלדער, פון הייסער זון און זאַרגלאָזען פרייען לעבען, אין פינסטערען בלאָטיגען טריום — די לידער פון די קינדער פון אַלטען פאָלק, וואָס בענקט נאָך זיין היים...

דאַן איז יהודית געזעסען אַ פאַרטראַכטע, אַראָפּלאָזענדיג אויף דער ברוסט איהרע דיקע שוואַרצע צעפּ. מילד און שעהן איז זי אין דער פּאָזע געווען. עס האָט זיך געדוכט, אַז זי שעפּטשעט שטיל און צערטליך צו נפתלי׳ן :

— ליבער מיינער, קוק אויף מיר און פאַרגעס אַלע דיינע דאגות און אומעט. אויסגעוועבט בין איך פון ליבע און לאַסקעס. מיינע האָר שמעקען ווי דופטיגע רויזען און דער ריח פון מיינע בריסט וועקט זיסע חלומות. שפּיגעל זיך אין מיר, ליבער מיינער !

יענע נאַכט האָט נפתלי ניט געקאָנט איינשלאָפען. לעבען

איהם, צוגעטוליעט צום ברודער, איז געשלאָפען יהודית. זי האָט רוהיג געאטעמט און געשמייכעלט פון שלאָף. נפתלי האָט גע־קוקט אויף איהר, און זיין פאנטאזיע האָט איהם געמאָלען בילדער איינס צויבערענדער פאר דאָס צווייטע. אָט שפרייט זיך אין דער ווייטקייט א ברייט פעלד. ער מיט יהודית'ן קלייבען, זינגענדיג, סנאָפעס. א הייסער טאָג, און א בערגיג ווינטעל גלעט אזוי ליב־ליך די אויפגעדעקטע ברוסט. פון ווייטענס ציהט זיך צו די בערג א קעמלען־קאראוואן. ווי טרויעריגע, פארגעסענע מעשה'לעך קלינגען די גלעקלאך אויף זייערע העלזער.

אזוי האָט נפתלי יענע נאכט גע'חלומ'ט. אין דונקעלען טריום איז געווען שרעקליך הייס. די מענשען זיינען אין אונאָרדנונג געשלאָפען אויפ'ן באָדען. זייערע פנימ'ער זיינען פארקרימט גע־ווען פון שווערע בייזע חלומות. באלויכטענע פון א מעששענעם שיין פון לאמטערנעס, האָבען זיי אויסגעזעהן ווי געהיים־גע'־הרג'עטע בר מנן'ס, וועלכע מען פיהרט מקבר זיין אויף א פאר־וואָרפענעם שווארצען אינזעל, אָהן תפלות, אָהן בלומען און אָהן בית־הקברות־געזאנגען.

ווען נפתלי האָט אויפגעוואכט איז די זון שוין פארגאנגען הינטער'ן ים און דער מערב האָט מיט א רויטען פלאם געפלאקערט. עס האָט געבלאָזען א קאלטער ווינט און אן אָפגעריסענער אראבער האָט געפיהרט איבער'ן ברעג א קעמעל.

אן אונפארשטענדליכער פחד האָט ארומגעכאפט נפתלי'ן און ער איז אוועק צוריק אין שטאָדט.

## דריטער קאפיטעל.

אוועגט־צייט האָט זיך ביים טויער פון חיים'ס אכסניא צוזאַ־מענגעקליבען א מחנה ארבייטער פון פארשידענע קאָלאָניעס. זיי זיינען געקומען אויף שבת אין שטאָדט א לעב צו טאָן. צווישען זיי זיינען געווען פיל פארברענטע, געזונטע בחורים מיט וואוילע אָפענע פנימ'ער און אלע האָבען גרינג און פריי גערעדט העברעאיש. נפתלי האָט זיך געפרעהט, מיט ליבע קוקענדיג אויף זיי, און דער אומעט פון די פריהמאָרגענדיגע איינדרוקען איז גיך פארשוואונדען פון זיין נשמה.

באזונדערס איז איהם געפעלען געווען א שלאנקער יונג, א וועכטער, וועלכער איז וועגען עפעס געקומען פון גליל. מיט די גראציעזע באוועגונגען פון זיין עלאסטישען קערפער און דעם ברענענדיגען גלאנץ פון זיינע אויגען איז ער געווען ענליך צו א שעהנעם, דינעם בעדואין. עפעס א ווילדע גבורה האט ארויסגע־קוקט פון איהם און געוואלט האט זיך זעהן איהם רייטען אויף א פלינקען פערד איבער א ברייטען, פרייען סטעפ.

מען האט אויפגעראמט די אכסניה און דאס גרויסע צימער איז געווארען פרעהליך. אויפ'ן טיש, וואס איז געווען בעדעקט מיט א ווייסען טישטוך, האבען געברענט די שבת־ליכט. איבעראל האט גערוהט די יום־טוב'דיגע ריינקייט און ציכטיגקייט. חיים האט זיך ארומגעוואשען, אנגעטאן און פארקעמט זיינע צעשויבערטע האר, וועלכע זיינען א גאנצע וואך געווען צוקאשמעט. זלאטע האט זיך אויך פארפוצט און אויסגעצוואגען די קינדער.

נאך מעריב האבען די ארבייטער זיך אויסגעזעצט ביים טיש. זשמורענדיג די אויגען פון שיין, איז בלאס־שמייכלענדיג אויך דער חולה ארויסגעקומען צו דער וועטשערע. דער פיבער איז פארביי און ער האט זיך געשפירט אביסעל בעסער.

חיים האט איהם דערלאנגט ריינע יויך.

— ער איז ביי מיר א געפעסטשעטער — וויצעלט ער זיך — לעבט ווי א פריץ, נאר פון ריינער יויך.

נאך די פיש און עטליכע גלעזער וויין, האט עמיצער פון די ארבייטער שטיל, שעהמעוודיג אנגעהויבען צו זינגען. א צווייטער האט הויך און אומעטיג אונטערגעכאפט, גלייך ווי ער וואלט פלוצים אנגעהויבען וויינען אויף זיין ביטערען מזל. אלע האבען אונטער־געהאלפען, און די יונגע, הארציגע, שטארקע טענער האבען זיך ארומגענומען, געקרעכצט און געבעטען א בעסער, ליכטיגער לעבען:

— „אך, לאנג האבען מיר געוואנדערט אהן א היים” — האט געקלאגט דער פארזינגער — „אויסגעמאטערט זיינען מיר און ווי שטערענלאזע נעכט זיינען שווארץ אונזערע טעג. מאמע ערד, לאז אונז אפרוהען אויף דיין שוים. פון קאלטע, בייזע לענדער זיינען מיר אהער געקומען. ביטער איז אין פרעמדע לענדער דעם היימ־לאזען וואנדערער”.

און לאנג נאך האט געוויינט און געיאמערט דאס ליד, פאר־

הילכעדיג ווי א ווייטער, אומעטיגער קלאנג. זלאטע, הערענדיג דאס ליד, האט געוויינט, שטארק קושענדיג איהר קלענסטען אינגע־לע, וואס איז געזעסען ביי איהר אויפ'ן שויס. ווען עמיצער האט גוט געזונגען, האט זי ניט געקאנט איינהאלטען איהרע טרעהרען. חיים האט פון פרייד געשיינט. דאס בילד האט איהם דערמאהנט די גוטע צייטען, ווען ביי זיין טיש זיינען געזעסען א סך ארבייטער און די ווענט האבען געציטערט פון די מעכטיגע קולות.

פלוצים האט אויפ'ן שוועל זיך באוויזען דער אלטער, שעהנער מיכאל, דער ליבלינג פון אלע ארבייטער. ער האט געטראגען א טשערקעסישען מאנטעל און א הויך באראשקען היטעל. פאר איהם איז אריינגעלאפען זיין גרויער הינקענדיגער הונט.

— הידד, דאס פאטער'ל קומט! — האבען אלע פרעהלאך אויסגעשריען: — הידד!

— שלום, חברים! — ענטפערט דער אלטער, צולעגענדיג די האנט צום הארצען לויט'ן מזרח'ישען מנהג. — איך האב מיך, דוכט מיר, א ביסעל פארשפעטיגט.

דער אלטער איז געווען אמאל זעהר רייך, און אפגעבענדיג זיין גאנץ פארמעגען אויף דער קאלאניזאציע פון לאנד, האט ער אליין געוואנדערט איבער די קאלאניעס אלס אן איינפאכער ארבייטער און וועכטער. יעדען טאג פלעגען אין זיין אומרוהיגען קאפ געבוי־רען ווערען נייע פאנטאסטישע פלענער, ווי אזוי אפצונעהמען ארץ ישראל ביי די טערקען און אראבער. פילע האבען איהם געהאלטען פאר א משוגע'נעם און געלאכט פון איהם. נאר די ארבייטער האבען איהם געעהרט און געליבט, און ער האט זיי גערופען: „מיינע טייערע קינדער!"

— איצט ווילען מיר מיט מיכאל'ן זינגען דאס נייע גליל'ער קאראהאד־ליד! — האט א געשריי געטאן דער קרומער.

— חיים, אויף מיין חשבון זעקס ליטער וויין! — האט באפוילען דער אלטער. — איך בין געווארען א וועכטער ביי דער אלטער גימנאזיע און וועל היינט מכבד זיין.

— הידד! — האבען אלע געשריען. — חיים גיבער!

באלד איז געווארען זעהר פרעהלאך, און דער אלטער האט אנגעהויבען זינגען איינע פון די גליל־לידער. אלע האבען אונטער־געכאפט, קלאפענדיג מיט די הענט צום טאקט. דאס ליד, א פרייז'ס.

א לעבעדיגס, האט זיך מונטער געטראגען, גלייך ווי דער פרייער ווינט אין פוסטען סטעפ.

דער קרומער איז אויפגעשטאנען פון טיש און מיט א געלעכטער זיך אוועקגעלאזט טאנצען, קאמיש ווארפענדיג מיט די הענט.

נפתלי, א שכור׳ער פון וויין און לידער, האט געטראכט, קוקענדיג מיט ליבע אויף אלעמען:

— אט זיינען זיי, אונזערע ערד־ארבייטער! וואס פאר א קראפט עס איז אין זיי. מונטער זיינען זיי, פרעהלאך און האפנונגס־פול! און דיזער אלטער! ווי יונג עס גלאנצען זיינע אויגען!

נאך דער וועטשערע זיינען דער קרומער און נפתלי אוועק אין ארבייטער־קלוב. דער קרומער איז געווען שכור און האט דעם גאנצען וועג געפלאפלט וועגען שעהנהייטען, וועלכע האבען איהם משוגע געליבט, נישט קוקענדיג אויף דעם, וואס ער איז א קאליקע.

נפתלי האט צופרידען געלאכט, אונטערהאלטענדיג איהם, ער זאל נישט פאלען.

— א שעהנהייט אין קאאירא איז שיער נישט משוגע געווארען נאך מיר, — האט דער קרומער גערעט, דרעהענדיג זיך זיינע לאנגע, שווארצע וואנסען, — און איך האב מיר גאר נישט געמאכט דערפון.

— איך גלויב, איך גלויב! — האט נפתלי געלאכט.

זיי זיינען געגאנגען איבער א נימ־געפלאסטערטער גאס, פון ביידע זייטען זיינען געווען אראבישע קאפעס, אומעטום איז געווען ליכטיג. די אראבער זיינען געזעסען אויף קליינע בייגקלאך, געטרונקען קאפע פון פיטשענקע טאסעלאך און געריכערט קאליאן, צוהערענדיג זיך צו די גראמאפאנען, וועלכע האבען געזונגען פארשידענע לידלאך.

ווען נפתלי און דער קרומער זיינען געקומען אין קלוב, איז שוין דארטען א גאנצער עולם געווען. ביים בופעט איז געשטאנען אן אלטע, מיאוס׳ע מיידעל. זי האט אנגעגאסען טיי, וואס אן ארבייטער, דער דעזשורנער, האט דערלאנגט צו די טישלאך. אין צווייטען גרויסען צימער האבען בחורים קאקעטירט מיט מיידלאך. זיי האבען זיך צוגעזעצט, און דער קרומער האט געהייסען דערלאנגען צוויי גלעזער טיי. צו זיי איז צוגעגאנגען דאווידזאהן, אן ארבייטער, מיט א נימ גוטען, בייזען פנים און קליינע,

גרויע אויגעלאך. ער האָט דערלאַנגט די האַנט נפתלי'ן און פאַר־פיהרט מיט איהם א פריינדליכען שמועס, ראַטענדיג איהם מאָרגען אוועקצוגעהן אין דער נאָהענטסטער קאָלאָניע, וואו ער וועט זיכער באַקומען ארבייט. דער קרומער האָט זיך געבייזערט אויף דאַווידזאָהן'ען, אָפּט איבער'חזר'ענדיג די זעלבע פראַזע:

— נישט ער, זאָג איך דיר, נישט ער.

נאָכדעם איז מיט א געפּילדער אָנגעקומען א קליינע חברה ארבייטער, וואָס האָבען געלעגט און געפּלאַסטערט די גאַסען אין דער נייער קאָלאָניע, וואָס מען האָט געבויט אונטער דער שטאָט. אייניגע פון זיי האָבען זיך אויסגעגעבען פאַר אַנאַרכיסטען און פלעגען אָפּט מאַכען סקאַנדאַלען אויף די פאַרזאַמלונגען. אָנרו־פענדיג אַלעמען בורזשואַן און עקספּלואַטאַטאָרען. באַזונדערס האָט זיך געבונטעוועט מענדעל, א בחור מיט א גרויסער אונטער־שטעכער ליפּ און מיט א העסליכען נאָז. זיי אַלע, אָבער, האָבען היים ליב געהאַט פּאַלעסטינאַ און העברעאיש.

נפתלי האָט זיך געזעצט לעבען זיי און צוגעהערט זייערע גע־שפּרעכען. זיי האָבען גערעט וועגען א טיפען ברונען, וועלכען מען וויל אָנהויבען צו גראָבען. דערנאָך האָט מענדעל דערצעהלט וועגען דעם יונגען וועכטער, וועלכען די אראַבער האָבען ניט לאַנג דער'הרג'ט אויף א פערמע און אַן אומעט האָט באַדעקט זייערע אָפּגעברוינטע פּנים'ער.

דער קרומער איז ערגעץ פאַרשוואונדען. נפתלי איז געקומען פון קלוב אליין צוריק. ער איז געוועזן טרויעריג און האָט געקלעהרט וועגען דעם ערמאָרדעטען וועכטער. די גאַס איז געשלאָפען און געוועזן פּוסט. בלויז דער אומעטיגער ים־געררויש האָט זיך פון ווייטענס געהערט. אין אכסניה איז געוועזן שטיל און האַלב פינ־סטער. אויפ'ן נישט־אויפגעראַמטען טיש האָבען נאָך געצאַנקט די ליכט און דער לאָמפּ האָט קוים געברענט. חיים, אוועקגעהענדיג ערגעץ, האָט איבערגעלאָזט די טיר ווייט אָפען. נפתלי איז אריין אין זיין חדר. ס'איז דאָרטען געוועזן פינסטער, און דער קראַנקער האָט ווידער געברענט פון היץ און געוואָרפען זיך אין קדחת. ביים פענסטער איז עמיצער געזעסען, צודריקענדיג מיט ביידע הענט דעם קאָפּ. נפתלי האָט איהם א פּאָר מאָל ארופגעטאָן, נאָר נישט

באקומענדיג קיין ענטפער, האט ער זיך שטיל אויסגעטאן און געלעגט שלאפען.

און אין יענער נאכט האט נפתלי געזעהן אין חלום דעם אלטען מיכאל. ער שטעהט אויף א הויכען בארג מיט א שווערד אין האנט און רופט דאס פאלק צום קאמף. און דאס פאלק ארום איהם רוישט ווי דער ברויזענדער ים און קלינגט מיט זיינע בלישטשענדע כלי־זין.

## פערטער קאפיטאל.

דער שבית'דיגער טאג איז געווען א קאלטער. א צפון־ווינט האט געבלאזען און דער ים האט בייז גערוישט. אין אכסניה איז געווען נישט היימליך, די ארבייטער זיינען נאך אין דער פריה אוועק אין שטאט, נאר נפתלי איז געבליבען מיט'ן קראנקען. זיצענדיג ביי זיין בעט האבען זיי שטיל געשמועסט. דער קראנקער האט איהם דערצעהלט, אז עס איז שוין צוו ייאהר, ווי ער פיבערט און ער קאן גאר פון דעם ניט פטור ווערען, כאטש ער האט שוין ניט איינמאל געביטען דעם קלימאט. און אפפאהרען פון ארץ ישראל וויל ער ניט: צו טייער איז איהם דאס אלץ.

— איך האף געזונט צו ווערען, — האט געענדיגט דער קראנקער. — דאן וועל איך אוועק קיין גליל, איך בין נאך דארטען ניט געווען.

— מיינע צוויי חברים זיינען איצט אוועקגעפאהרען אהין, — האט אנגעהויבען נפתלי און איז מיט אמאל אנטשוויגען געווארען.

ניט ווילענדיג האט זיך איהם דערמאהנט די אונאנגענעהמע סצענע. פאר זיין אפפאהרען פון ארעס האט ער זיך אין אכסניה באקענט מיט צוויי בחורים, וועלכע זיינען אויך געפאהרען קיין ארץ ישראל. איינער פון זיי — אהרן — א געזונטער, לעבעדיגער בחור מיט א וואוילען, גוטמוטיגען פנים; דער צווייטער — עליק — א בלאסער, אין ברילען, אן אונרוהיגער, א נערוועזער. זיי האבען זיך אפגערעט ארונטערצוגעהן אין חיפה און אוועקגעהן קיין גליל, וואו אויף א פערמע האבען אהרן'ס חברים געווארט אויף איהם. ווי די שיף האט אנגעהויבען צוקומען קיין חיפה, האט אהרן געיאגט נפתלי'ן איינפאקען זיינע זאכען.

— איך פֿאָהר ווייטער, קיין יפֿו, — האָט נפֿתלי געזאָגט, און א שולדיגער שמייכעל האָט ווי פֿארקרימט זיין פנים.

— מיר האָבען דאָך עפּעס אָפּגערעדט, האָט בייז א זאָג געטאָן עליק.

— איך קאָן ניט, האָט איבערגע'חזר'ט נפֿתלי, און אוועקגע־הענדיג פֿון זיי, האָט ער זיך באהאלטען הינטער'ן באגאזש.

ווי האָט ער געקענט אוועקגעהן פֿון דער מיידעל, וועלכע ער האָט ליב באקומע מיט'ן גאנצען הארצען? קיינמאָל האָט ער נאָך נישט געפֿיהלט אזא זיס, אנגענעהם געפֿיהל.

זיי האָבען זיך קאַלט געזעגענט. עס איז געווען א כמורנער אָווענט און עס האָט געריגענט. דער ים האָט שטורמיש זיך גע־בייזערט. פֿון ווייטענס האָבען דונקעל געלויכטען די שטאָדט־פֿייערלאָך. אין דער פֿינסטער האָבען געשריען די שיפֿעל־פֿיהרער און געהערט האָט זיך דער רויש פֿון רודערס.

— וואָס האָט איהר זיך פֿארטראכט? האָט געפֿרעגט דער קראנקער.

— גאָרנישט. עפּעס האָט זיך מיר דערמאָהנט, האָט שטיל געענטפֿערט נפֿתלי.

נאָכדעם איז געקומען דאווידזאָן. ער האָט געשטעלט נפֿתלי'ן עפּעס נארישע פֿראגען. באזונדערס האָט ער איהם געפֿרעגט װע־גען זיין לעבען אין רוסלאנד און וועגען זיינע פּאָליטישע אנשוי־אונגען. זיך האָט דאווידזאָן אויסגעגעבען פֿאר אן אָנגעזעהענעם מיטגליד פֿון דער היגער גרופּע פּועלי ציוניסטען.

— צו וואָס דארפֿט איהר עס אלץ וויסען? — האָט נישט אויסגעהאלטען נפֿתלי. — איהר פֿרעגט מיך אוים ווי א פּראָקוראָר. איך בין א ציוניסט און איך בין דערפֿאַר געקומען קיין פּאלעסטינא, דאָס איז אלץ.

נאָך מיטאָג איז זיך צונויפֿגעקומען א חברה צו געהן אין א יהודא'ר קאָלאָניע. אויך נפֿתלי איז מיט זיי אוועק. די באציהונ־גען פֿון די ארבייטער צו איהם האָבען זיך פּלוצים זעהר אומגעבי־טען. זיי האָבען איהם נישט גערן געענטפֿערט אויף די פֿראגען, וועלכע נפֿתלי האָט געשטעלט וועגען ארבייט אין קאָלאָניע. און מיט אמאָל האָט ער זיך דערפֿפֿירט איינזאם. אז ער האָט א פֿרעג

געטאָן אן ארבייטער אין וועלכער קאַלאָניע זיי געהען, האָט יענער איהם בייז געענטפערט.

— וואָס גערט עס אייך אָן?

די מיידעל, וואָס איז לעבען זיי געשטאנען, האָט פארוואונדערט באמערקט:

— וואָס איז דאָס פאר אן ענטפער? מיר געהען אין דער נאָהענטסטער קאָלאָניע, קומט מיט אונז.

נפתלי איז נישט אוועק מיט דער קאָמפּאניע. ער איז זיי נאָכגעגאנגען פון ווייטענס, א פּארטיפּטער און נישט פרעהליכע געדאנקען.

פון ביידע זייטען וועג האָבען אפּעלסינען גערטנער זיך געשפרייט. נפתלי האָט א טיפען לייכטען אָטעם געטאָן. די ריחות־פולע ווייכע לופט איז איהם אריין ווי א פרישע סמאָלע, און זיין נשמה האָט מיט אמאָל זיך באלויכטען מיט שטראָמען ליכט און ווארימקייט. איך בין דאָך שוין אין פאלעסטינא און געה זוכען ארבייט אין קאָלאָניע, האָט זיך געפרעהט נפתלי. עס ווערען מקוים זיינע חלומות. און עס שטעלט זיך איהם פאָר, אז ער קומט איצט פון ירושלים, וואוהין ער איז געגאנגען עולה רגל זיין אויף יום־טוב. דאָס פאָלק יובל׳ט. איבער די גאסען פון דער הייליגער שטאָט, וועלכע זיינען באדעקט מיט גרינע צווייגען און פעלדבלומען, דרעהען זיך אין קאָראָהאָדען בחורים און מיידלאך, באקרענצט מיט ווייסע ליליען און בלויע פיילכען. די כלי־זמר קלאפּען אין פויקען און דאָס פאָלק, א שטארק׳ס, א פריי׳ס, איז זיך משמח. ווי באצויבערט האָט איהם א שלאנקע שווארץ־אויגיגע פאסטושקע פון הרמתים, פון וואנען שמואל הנביא איז געקומען צו זיין פאָלק. לייכטער פון א גאזעל, האָט זי זיך ווי א פארשייט ווינטעל געטראָגען אין קאָראָהאָד, גלאנצענדיג אויף דער זון האָבען די איינגעפלאָכטענע מטבעות געקלונגען אין איהרע האָר, ווי גלעקלאך. זי האָט איהם געשענקט אן אדאָנים פון די אייגענע פעלדער און א שעפּטשע געטאָן:

— קום, בחור, צו מיין פאָטערס הויז. איך פּאשע שאָף אין גרינעם טאָל.

— גיך וועט זיך ענדיגען דער שניט און איך וועל קומען צו דיר, שוועסטער מיינע — כלה מיינע, ענטפערט ער ערשטוינט פון

איהרע שטראַהלענדע שוואַרצע אויגען. — מיר וועלען פאַשען שאָף אין גרינעם טאָל און באַפּוצען זיך מיט ליליען. אנטלויפען וועלען מיר אין די בערג, אין פּאַלמען־וואַלד, וואו עס רוישען די שטראָמען. ארויפקלעטערען וועלען מיר אויף חרמון, שוועסטער מיינע, כלה מיינע!

— רוף מיך, פארנאַר מיך, בחור מיינער, — שעפּטשעט זי, — איך וועל דיר נאָכלויפען.

אָבער מיד איז ער פון וויטען וועג! זיין מאַנטעל איז פאַר־שטויבט, און די סאַנדאַלען צוריסען. ס'איז שוין צייט ווידער אָפּ־רוהען זיך. און ער לאָזט זיך אַראָפּ אויף אַ שטיין ביים וועג. די זון ברענט. די לופט איז פארגליווערט. אַרום איז אַלץ פוסט און שטיל. און אָט קומט צו איהם לאַנגזאַם אַ גרויער זקן מיט אַ הויכען שטעקען אין האַנט. באַרוואַס איז ער און זיינע בגדים צוריסען.

— ברוך הבא! — באַגריסט ער דעם אַלטען. — פון וואַנען קומט דיין וועג?

— געבענשט זאָלסטו מיר זיין מיין קינד! ענטפערט דער זקן, אָפּשטעלענדיג זיך. — כ'קום פון די הרי אפרים. מיד בין איך, און עס דורשט מיך.

אַ קלינגענדער געלעכטער פון דער קאָמפּאַניע האָט מיט אַמאָל צוזייט זיינע טרוימען, און נפתלי האָט שמייכלענדיג אַ טראַכט גע־טאָן:

— ווי איך האָב זיך פאַר'חלומ'ט.

און די קאָמפּאַניע האָט גערוישט. אַ דיקליך, מיאוס געשאָרען מיידעל האָט קאָקעטירט מיט אַ שלאַנקען, ברוינעם בחור, היציג זאָ־גענדיג:

„אמרו לו: הגן פורח,
נעול הוא ואין פותח,

און קוקענדיג איהם אין די אויגען, אַז אונרוהיגע, אַ ליידענ־שאַפטליכע, האָט זי ווייטער געזונגען:

„רמון־פז יש בין עליו, —
אך אין מי שיברך עליו"...

און ער האָט לאַכענדיג געענטפערט:

— אַלץ וועל איך זאָגען! כ'וועל זאָגען, אַז דיינע צעפּ זיי־נען ווי טייערער סאַמעט, די אויגען — ווי גאָלדענע שטערען.

— כא — כא — כא! — האט געקייכט דאס מיידעל — וואס פאר א צעפ האב איך, איך בין דאך א געשווירענע.

די זון האט פון אונטער די וואלקענס ארויסגעקוקט. די בוי־מער ווארפען אויף דעם וועג מאדנע אוזארען. די קאמפאניע איז שוין ווייט פון שטאט. איהר אנטקעגען האט זיך געצויגען א קעמלען־קאראוואן, מיט אראנזשען, קלינגענדיג מיט די גלעקלאך. שפאנען די קעמלען לאנגזאם און פארטראכט. הינטער׳ן קאראוואן פאהרט אויף א גרויסען עזעל אן אראבער. הינטער איהם שפאנט א שלאנקע, בארוויסע פעלאשקע מיט א קארב אויפ׳ן שעהנעם שווארצען קאפ.

— ווי שעהן און ווילד איז דא אלץ, — טראכט נפתלי, נאכ־קוקענדיג דער אראבקע, וועלכע איז געגאנגען קלינגענדיג מיט די מטבעות איינגעפלאכטענע אין איהרע האר.

די חברה האט זיך פארקירעוועט פון וועג, און איז אוועק מיט א שמאלען שטעגעל איבער די פעלדער, באוואקסענע מיט רויטען מאן און בלויע בלומלאך. אנטקעגען זיי, א שווארצער, האלב־נאקעטער פאסטוך, מיט א ביקס אויפ׳ן אקסעל, טרייבט א סטאדע ציגען. א פארטראכטער, ווייכער בין־השמשות און א שטילער ליכ־טיגער אומעט לעגט זיך אויף דער ערד. הינטער׳ן ים זעצט זיך די זון און מיט א ראזעווען שיין ברענט דער מערב, און די שפיצען פון די בערג פון יהודה צינדען זיך אן מיט גאלד און פורפור. דאס ווינטעל פארשטארקט זיך, פארנאנדערטראגענדיג ארום און ארום דעם זיסען ריח פון מאראנצען און מאנדעל־בוימער.

דער אווענט פאלט צו.

נפתלי געהט נאך דער חברה און זיין הארץ איז פול מיט שטילער פרייד. עס ווילט זיך איהם צופאלען צו דער ערד און קו־שען יעדעס גרעזעל.

איינער פון דער חברה האט פארצויגען א מאנאטאן־אראביש ליד, פול מיט טרויער. נפתלי׳ן איז אומעדיג געווארען. די קלא־גענדיגע שטימע האט זיך צוגאסען אלץ העכער, און די טענער פון דער מעלאדיע, שטיל אפשטארבענדיג, זיינען זיך צושוואומען אין דעם פארטראכטען בין־השמשות. מיט אמאל האט זיך דאס ליד אפגעריסען. דער לעצטער טאן האט א ציטער געטאן און איז גע־שטארבען.

ס'איז טונקעל געוואָרען.

נפתלי האָט אָנגעיאָגט די חברה, און ביי איינעם פון זיי גע־פרעגט:

— איז נאָך ווייט צו דער קאָלאָניע?

— מיר געהען שוין אויף אידישער ערד. — פון וואנען ביזטו?

— איך בין ערשט נעכטען געקומען פון רוסלאנד, — האָט געענטפערט נפתלי. — און איצט געה איך זוכען ארבייט אין קאָ־לאָניע.

זיי האָבען זיך צורעדט, און יענער האָט איהם איינגעלאדען צו זיך, ביז ער וועט זיך געפינען אַן אייגענעם ווינקעל.

— מיין שוועסטער ארבייט אין אַ באָיארע — האָט ער פאר־ענדיגט. — דאָרטען דאַרף מען, דוכט זיך, אַן ארבייטער. איך וועל היינט מיט איהר איבערררעדען, ארבייט וועט זיין.

זיי זיינען שוין אריין אין דער הויפּט־גאַס פון דער קאָלאָניע. פוןביידע זייטען האָבען זיך געצויגען שורות שעהנע, ווייסע הייז־לעך מיט בוימער פאר די פענסטער. ס'איז געווען רוישיג. קינ־דער האָבען געשטיפט. די יוגענד האָט ארומגעשפּאצירט זינגענ־דיג און לאַבענדיג הויך אויפ'ן קול, און די עלטערען זיינען געזע־סען אויף די גאַניקעס און געשמועסט צווישען זיך. אַ ווארעם געפיהל האָט ארומגענומען נפתלי'ן, און איהם געצערטעלט, ווי די האַנט פון אַ געליבטער, וועלכע קעהרט זיך אום נאָך אַ לאַנגער צו־שיידונג, וואָלט צו איהם געשעפּטשעט: מיר זיינען ווידער צו־זאַמען. מיר זיינען ווידער צוזאַמען.

די חברה האָט זיך אויסגעמישט מיט אַ גרופּע ארבייטער, וועל־כע האָבען זיך מיט זינגעריי אומגעקעהרט פון פעלד, וואו זיי האָבען פאַרבראַכט דעם שבת,דיגען טאָג.

אין הימעל האָבען געברענט גרויסע שטערען, ליכטיגע, ריינע ווי קינדערשע טרוימען.

— ווי גוט דאָ איז! — האָט געזאָגט נפתלי. — ווי פריי און שעהן מען לעבט דאָ!

—יאָ, גוט. — האָט געענטפערט צוטראָגען דער בחור מיט וועלכען נפתלי איז געגאַנגען. — קום עסען.

אין אַ קליינעם, האַלב־פינסטערען חדר, ביי קליינע טישלאַך, האָבען געגעסען ארבייטער. ארום זיי האָבען זיך ארומגעדרעהט

דער בעל־הבית און אַ צעהן־יעהריג אינגעל מיט אַ בלאַסען, צאַר־טען פּנים ווי ביי אַ מיידעלע.

— אָ, אָסטראָווסקי, — האָט עמיצער אַ געשריי געטאָן. — שלום!

נפתלי האָט זיך ארומגעקוקט און דערזעהן דאַווידזאָנען. דאָס בלוט האָט איהם אַ זעץ געטאָן אין פּנים, און דאָס האַרץ האָט ביי איהם אָנגעהויבען קלאַפּען שטאַרקער. אינסטינקטיוו האָט ער שוין גענומען האַסען דעם מענשען, וועלכער האָט איהם גענומען פאַר־סמ'ען דאָס לעבען.

—שלום, שלום! — האָט געענטפערט אָסטראָווסקי.

— און איהר זייט דאָ אויך דאָ! — האָט זיך דאַווידזאָן דערפרעהט, ווענדענדיג זיך צו נפתלי'ן, ווי צו אַן אַלטען באַקאַנטען. — שוין פאַרלאָזען די שטאָט? גוט געטאָן. אָט דאָ, ביי אונזער טישעל איז דאָ פּלאַץ, זעצט זיך.

נפתלי און אָסטראָווסקי האָבען זיך געזעצט. צוזאַמען מיט דאַווידזאָנען איז געזעסען לייזער, אַ בחור מיט גרויסע, שוואַרצע וואָנצעס. עסענדיג האָט ער פון צייט צו צייט געוואָרפען בייזע בליקען אויף נפתלי'ן. און דאַווידזאָן האָט אָהן אויפהער געפּלאַ־פּעלט מיט אָסטראָווסקי'ן, און פאַרבייגעהענדיג, גלייך ווי ער וואָלט גאָר ניט אויסען געוועזן, געשטעלט פראַגען נפתלי'ן. מיינענ־דיג עפּעס ארויסצוקריגען פון איהם. נפתלי האָט ניט ווילענדיג געענטפערט. אָסטראָווסקי איז בייז געוואָרען:

— וואָס ביזטו צוגעשטאַנען צו איהם? לאָז איהם צו־רוה.

— פאַרשטעהסטו, איך האָב איהם שוין ערגעץ־וואו געזעהן, — האָט ווידער אָנגעהויבען דאַווידזאָן, — נאָר וואו קען איך זיך ניט דערמאָנען. מיר דוכט זיך, אַז מיר האָבען זיך שוין אַמאָל געטראָ־פען אין רוסלאַנד אויף אַ געהיימע פאַרזאַמלונג.

— איהר האָט אַ טעות. איך קען אייך ניט, — האָט קאַלט געענטפערט נפתלי.

אינגיכען האָט זיך דער געשפּרעך איבערגעביטען און מען האָט אָנגעהויבען צו רעדען וועגען די קאָלאָניסטען, וועלכע ווילען ניט האַלטען קיין אידישע ארבייטער.

— יעדען פריהמאָרגען געהען אַוועק הונדערטער אַראַבער אויף די אידישע פעלדער, און מיר הונגערען. דאָס איז דאָך אַ

חרפּה — האָט זיך געבייזערט אַן ארבייטער מיט אַן אויסגעדראַרטען געלען פּנים.

— וואָס געהט זיי אָן אונזער קאַמף? — האָט געענטפערט אָסטראָווסקי.

— איז דאָס מעגליך? — האָט זיך פארטראַכט נפתלי.

נאָך דער וועטשערע האָט אָסטראָווסקי אוועקגעפיהרט נפתלי'ן צו זיך. ער האָט געוואוינט אונטער דער קאָלאָניע, ביי אַן אראַנזשעןגאָרטען, אין א האַלב־צעוואָרפענער חורבה, אונטער דעם קליינעם פענסטעריל פון זיין אָרימען ארבייטער־צימערל זיינען געשטאַנען דריי עקאָליפּטוס בוימער, וואָס האָבען אָפּט געוויסט פון ווינט.

— שוין דאָס דריטע יאָהר וואוין איך דאָ, — האָט אָנגעהויבען אָסטראָווסקי, צוקומענדיג צו דער הייזקע. אָוועגט־צייט, ווען די בוימער זיינען אומרוהיג און דער ווינטער־רעגען קלאַפּט אומעטיג אויפ'ן דאַך, האָב איך ליב צו זיצען ביים פענסטער און שפּילען אויף מיין גיטאַרע. מיר איז דאַן אומעטיג.

ער איז אנטשוויגען געוואָרען. איבער זיי האָט געשפּרייט זיך אַן אויסגעשטערענטער הימעל, א טיפער, א זעלטען שעהנער, פול מיט וואונדערבארע סודות.

פון די גערטנער האָבען זיך געטראָגען שטראָמען ריח פון די צייטיגע אראַנזשען. ס'איז געווען שטיל. שווייגענדיג זיינען זיי אריין אין הייזעל.

אָסטראָווסקי צינדט אָן דאָס לעמפּעל און דאָס צימער ווערט באלויכטען מיט א דונקעלען שיין. נפתלי קוקט זיך אום. אין א ווינקעל איז געלעגען א פּיאָש און א קערבעל. דאָס געלעגער איז געווען אַן אַלטס, דער איינציגער שטול צובראָכען. נאָר א גיטאַר איז געהאנגען אויף דער וואנד.

— כ'האָב זעהר ליב דאָס צימער'ל. דאָ איז אזוי אנגענעהם. און דו קומסט איצט פון רוסלאנד? ביזט געווען מסתמא אין גרויסע שטעדט, געלעבט דאָרט. צייטענווייז איז דאָ אומעטיג, שטיל. אַלץ שלאָפט.

נפתלי איז געשטאַנען ביים פענסטער, איינגעאטעמט די פרישע נאכט־לופט און געטראַכט:

„ווי גוט וואָלט געווען צו לעבען אין אזא צימער. וואָלט נאָר יהודית דאָ געווען. קאָן מען דאָ דען בענקען. פריהמאָרגענס,

אַ פאַר׳שיכור׳טער פון די ריחות פון די פעלדער, געהסטו אַרויס אין פעלד אַרבייטען, און אין אָוועגט רוהסטו זיך אָפּ אין גערטנער. מ׳דאַרף זעהן, וואָס גיכער אָנהויבען צו אַרבייטען.

— דערצעהלט מיר, ווי עס לעבט זיך איצט אין די גרויסע שטעדט — האָט ווידער אָנגעהויבען אָסטראָווסקי און זיך אַוועקגע־זעצט אויפ׳ן געלעגער, אַריינגעהמענדיג די פיס אונטער זיך, לויט דעם מזרח׳ישען מנהג.

— ביזט אַמאָל געוועזן אין אַדעס? דאָרט ברויזט דאָס לעבען. איך בין דאָרט אַמאָל געוועזן אַן עקסטערן. אַ גוטע רוישיגע שטאָדט! אין אָוועגט געהסטו אַרויס אין גאַס, ס׳איז ליכטיג און פרעהלאַך.

— דו בענקסט טאַקע נאָכ׳ן שטאָדטישען לעבען? האָט זיך פאַרוואונדערט נפתּלי.

— עס טרעפט, אַז דו ווילסט זיך אונטערטונקען אין שטאָד־טישען לעבען, — האָט געענטפערט אָסטראָווסקי. — איך בין אַ זוהן פון דער שטאָדט און עס ציהט מיך צו זיינע נאַכט־פייערען, זיי רופען מיך, צוזאָגענדיג גליק און שמחה. זיי ציהען מיך מיט אומבאַגרייפליכער קראַפט און אָפט קלעהר איך אַוועקצו־פאָהרען, כאָטש איך ווייס אויף זיכער, אַז ווייט פון ארץ ישראל וועל איך זיך שוין נישט קענען איינלעבען. אָך, צו ווייניג לי־בען מיר די ערד. וואָס פאַר אַן ערד־אַרבייטער בין איך, אַז איך טרוים נאָר פון גרויסע שטעדט! אַ געבוירענער פויער האָט ליב די ערד ווי אַן אייגענע מאַמע. ער וועט קיינמאָל ניט אַוועקגעהן פון איהר. ביי מיר אָבער, איז אָט די ליבע ניטאָ. מיין פאָטער האָט געהאַט אַ געוועלב און געבוירען בין איך אין אַן ענגען פאַר־וואָרפענעם געסעל פון אַ גרויסער שטאָדט.

פלוצים האָט זיך דערהערט פון אונטערען פענסטער אַ הויכער מיידעלשער געלעכטער און אַ מענער־שטימע האָט אַ גע־שריי געגעבען:

— אָסטראָווסקי, קום שפּאַצירען, וואָס האָסטו זיך אַוועקגע־זעצט אין דיין הינער־שטייג.

— ווער איז? — פרעגט ער, אויפהויבענדיג זיך פון בעטעל. אין פענסטער האָט אַ קוק געגעבען אַ יונגע מיידעל אין אַ

ווייסער בלוזקע מיט געדיכטע טונקעלע האָר. הינטער איהר האָט מען געזעהן א געקרייזעלטען בחור אין א רוסישען העמדעל.

די מיידעל האָט א שמייכעל געטאָן צ נפתלי'ן און געזאָגט:

— קום, אָסטראָווסקי, נעהם אויך מיט זיך די גיטארע.

— אָ, בערטע! — האָט זיך דערפרעהט אָסטראָווסקי און האָט פלינק אראָפּגענומען די גיטארע פון וואנט. — כ'געה, כ'געה.

ער האָט מיטגערופען נפתלי'ן.

— איך בין מיד און וויל אָפּרוהען, — האָט נפתלי געענט־פערט.

געזעגענענדיג זיך האָט די מיידעל ווידער צו נפתלי'ן געשמייכעלט, און זיי זיינען אוועק לאַכענדיג און הויך רעדענדיג.

נפתלי איז געבליבען אליין. די געשטאלט פון יהודית האָט אין זיין פאָרשטעלונג ערוואַכט. אָט זיצט זי לעבען איהם, נעהמט ארום זיין האלז מיט איהרע ווארימע הענט און באַריהרענדיג איהם מיט איהר הייסען אטעם, שעפּטשעט זי ווערטער פון ליבע.

נפתלי האָט פאַרדרעהט דאָס לעמפּעל און צוגעלעגט זיך, די געדאנקען פלאָנטערען זיך אין זיין מח.

— ניין, ס'איז נישט אמת. איך וועל קיינמאָל נישט בענ־קען נאָך אַן אַנדער לעבען. מען דאַרף זיך נאָר שטעלען צו דער ארבייט. וואָס איז מיר אזוי היים? אפשר האָב איך זיך פאַר־קיהלט?

ער איז אויפגעשטאנען, אויסגעלאָשען דעם לאָמפּ, צוגעמאַכט דאָס פענסטער און זיך ווידער געלעגט. ס'איז געוואָרען זעהר פינסטער.

— ווי מאָדנע רעדט אָסטראָווסקי, — טראַכט ווידער נפתלי — ווי קען מען עס גאָר בענקען נאָכ'ן פוסטען רוישיגען שטאָד־טישען לעבען דאָ, צווישען די אייביגע בליהענדע גערטנער און פעלדער, אויף דער אייגענער ערד? איך האָב זיך, דוכט זיך, פארקיהלט און ברען אינגאַנצען. נאָר נישט חלילה קראַנק ווע־רען און גיך אָפּשטארבען! איך וויל לעבען אין דיין הייליגען לאַנד, גאָט!

נפתלי האָט זיך איינגעוויקעלט אין דער קאָלדרע, פארמאַכט די אויגען און גע'חלומ'ט האָט זיך איהם, ווי ער קריכט אין א ווינטערדיגער לבנה־נאַכט אויף א פארשנייטען בארג, און קען

בשום אופן נישט ארויפקלעטערען אויפ'ן שפיץ. און דארטען מיט
א ברענענדיגען פאקעל אין די הענט, דורכגענומען פון די לבנה־
שטראהלען אינ'ם ארעאל פון אונשטערבליכער שעהנקייט ווארט
אויף איהם יהודית. זי פאכעט מיט'ן פאקעל, דער ווינט שפילט
זיך מיט איהרע האר און אינגאנצען איז זי באשטראהלט מיט וואונ־
דערבארע פייערען.

— צו מיר, געווינשטער! מוטיגער! — רופט זי.

גאר דער בארג איז גליטשיג, און ער פאלט און קייקעלט זיך
אראפ אין שווארצען תהום...

נפתלי האט זיך אויפגעכאפט אין א קאלטען שוויים. ער האט
אויפגעמאכט די טיר און איז ארויס אויפ'ן גאס. ערגעץ האבען
געקוואקעט פרעש און א וועכטער האט געפייפט. די בוימער
האבען זיך שטיל גע'סוד'עט. א ווײלע איז ער געשטאנען פאר־
טראכט, קוקענדיג ווי פון הימעל פאלט ראקעטען־פארביג א שטערען.
ער האט ארומגענומען דעם בוים און צוגעטוליעט זיך מיט'ן קאפ
צום שטאם. א פאר טראפען טוי זיינען איהם אויפ'ן פנים גע־
פאלען און ער האט וועגען עפעס א שמייכעל געטאן.

— גאט, ווי גוט! — האט ער געטראכט און פעסטער צוגע־
רוקט זיך צום בוים, — דארטען אין דער ווייטענס שלאפט רוהיג
די אידישע קאלאניע.

זיינע פיס האבען זיך פלוצים ווי אונטערגעהאקט און קניהענ־
דיג האט ער אין א הייליגען עקסטאז גענומען שעפטשען:

— מאמע ערד, טוליע מיך צו, האב מיך ליב, דו טרייע, איי־
גענע!

נפתלי איז צוגעפאלען מיט'ן קאפ צו דער ערד און האט זיך
פאנאנדערגעוויינט.

## פערטער קאפיטעל.

געקומען איז א גרויער, כמורנער פריהמארגען. ביינאכט
האט גערעגענט. שווארצע וואלקענס האבען מחנות־ווייז גע־
בלאנדזשעט איבער'ן הימעל. דער ווינט האט בייז געוויגט די
בוימער אונטער'ן פענסטער. די קאלאניסטען זיינען שפעט ארויס
צו דער ארבייט. אוועקגעהענדיג האט אסטראווסקי געזאגט נפתלי'ן:

— נאָך דיר וועט קומען מיין שוועסטער.

נפתלי האָט זיך אוועקגעזעצט ביים פענסטער. אויפ׳ן וועג האָט ער געזעהן אראבער מיט פיאַשען אויף די אַקסלען. קאָלאָ־ניסטען זיינען געפאָהרען אויף עזלען, מיידלאך האָבען געשפּאַנט מיט קערב אין די הענט.

נפתלי האָט זיך דערמאָנט, ווי ער האָט אין אווענט געוואַנדערט איבער דער קאָלאָניע און אומקעהרענדיג זיך צוריק אהיים, האָט ער פארבלאָנדזשעט.

ער האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ און דערזעהן אַ מיידעל, וואָס איז מיט אַ קערבעל אין האַנט געגאַנגען צום הייזעל.

דאָס איז מסתמא זיין שוועסטער, האָט נפתלי אַ טראַכט גע־טאָן און איז איהר ארויס אנטקעגען.

— שלום! — האָט איהם דאָס מיידעל מיט אַ פרעהליכער שטימע באַגעגענט. — איהר וואַרט שוין לאַנג אויף מיר? מיר האָבען זיך נישט וואָס צו איילען. היינט וועט דוכט זיך נאָכ־אמאָל רעגענען.

זיי זיינען אוועק צו דער ארבייט. נפתלי האָט געשוויגען. די מיידעל איז געגאַנגען מיט פעסטע טריט און פון איהר שלאַנקע פיגור און שעהנעם פארברענטען פנים האָט ארויסגעוועהט אַ לייד־דענשאַפט.

— מען רופט מיך מרים, — האָט זי איבערגעריסען דאָס שווייגען, — און אייך?

— נפתלי.

— נפתלי! אַ שעהנער נאָמען — האָט איבערגע׳חזר׳ט דאָס מיידעל.

ער האָט אַ קוק געטאָן אויף איהר און באַמערקט איהרע טיפע, דונקעלע קאַרע אויגען, שעהנע, געבויגענע ברעמען. זיי זיינען ארויס אויפ׳ן וועג. אויף ביידע זייטען האָבען זיך געצויגען מאַנ־דעל־בוימער. דאָרטען האָבען אידישע ארבייטער אויפגעמאַכט גרוי־בער, מיט די פיאַשען. מרים האָט פרעהלאך אַ געשריי געטאָן:

— לעבעדיגער! וואָס האָסטו זיך פארטראַכט, בנימין?

— פון וועמען זאָל איך טראַכטען, אויב נישט פון דיר? האָט בנימין געענטפערט.

— כאַ־כאַ־כאַ! האָבען הויך געלאַכט די ארבייטער.

אין אָראַנזש־גאַרטען אונטער אַ פּאַלאַטקע האָבען געוואַרט די אַרבייטער, ביז דער טוי וועט זיך אָפּטריקענען. נישט ווייט פון זיי זיינען אויף דער ערד געזעסען אַראַבער און האָבען הויך גערעדט. זייער אַרבייט באַשטעהט אין אָוועקטראָגען די פרוכ־טען אין אַ קאַמער, וואו מען פּאַקט זיי אין קעסטלאַך.

— איהר מעגט אַהיים געהן, ס'וועט נאָך היינט רעגענען, — האָבען די אַרבייטער זיך געווענדעט צו נפתלי'ן און צו דער מייד־דעל, — געהט מיר וועלען נאָכקומען.

— יאַללאַ! קומט — האָט מרים געזאָגט.

זי האָט אונטערגעפיהרט נפתלי'ן אונטער'ן דאַך. די אַרבייטער האָבען זיך מיט איהם באַגריסט און געפרעגט, צי ער איז שוין לאַנג אין ארץ ישראל. איינער פון די טרעגער, אַ דאַרער, בלאַסער איינגעל, האָט אָנגעהויבען זיך צו קלאָגען אויף דעם שווע־רען לעבען:

— ווי קען מען דאָ לעבען אַז מען אַרבייט בלויז צוויי, דריי טעג אַ וואָך. מען קען דאָך אָוועקשטאַרבען פון הונגער. די באַ־לעבאָסטע פאַרלאַנגט דירה־געלט, און דער מאָגען איז אימער פּוסט. מיט'ן אידעאַל אַליין קען מען ניט לעבען.

— פאָהר קיין אַמעריקאַ, דאָרט איז בעסער, האָט איהם געראַטען לייזער.

— אַ דאַנק פאַר דיין עצה, — האָט בייז געענטפערט דער איינגעל.

דאָס איז געווען דער זעלבער לייזער, וועלכען נפתלי האָט גע־טראָפען אין אַכסניה.

— קומט צו מיר וואוינען, האָט ער זיך געווענדעט צו נפתלי'ן. איך האָב אַ פריי געלעגער, מיין חבר איז אַוועק קיין גליל.

— איך האָב אָבער איצט קיין געלט ניט — האָט נפתלי געזאָגט.

— ס'מאַכט נישט! איהר וועט באַצאָהלען דאַן, ווען איהר וועט פאַרדינען.

אין אַ האַלבע שעה אַרום האָט מען זיך געשטעלט אַרבייטען. מרים האָט געצייגט נפתלי'ן, ווי אַזוי מען דאַרף שניידען די אָראַנזשען. אין גאָרטען איז געווען כמורנע. דער ווינט האָט גע־וויגט די בוימער און אָפּגעריסען אָראַנזשען. פּלוצים האָט זיך

ערגעץ־וואו א קייקעל געטאָן א דונער און ס׳האָט אָנגעהויבען צו רעגענען.

— שנעל אונטער׳ן דאך! — האָט מרים א געשריי געטאָן,

— עס הויבט זיך אָן א שטורם!

אַלע האָבען זיך געלאָזט לויפען פון גאָרטען. דער הימעל האָט זיך אַלץ געדיכטער באדעקט מיט שווארצע וואָלקענס. ס׳האָט א בליץ געטאָן און דער גאָרטען האָט זיך אויף א רגע באַלויכטען מיט א שארפען שיין. נאָכדעם האָט א שטארקען דונער געטאָן. דער רעגען האָט זיך פארשטארקט. אויפ׳ן שוועל פוןביידעל האָט זיך באוויזען דער גרויער וועכטער, א איד מיט א פארזאָרגטען פנים.

— אך, קינדער! דער ווינט וועט ווידער אָפּרייסען די אָראַנ־זשען. עס וועט זיין א גרויסער היזק.

ער איז אוועק צו די ארבייטער אונטער׳ן דעכעל. דער אַל־טער האָט געפּלאפּעלט מיט די יונגע און יענע האָבען איהם ליב געהאט פאר זיין גוטמוטיגען כאראקטער.

— ווי וועכטעוועט עס זיך, זיידעניו? — האָט מרים גע־פרעגט. — האָט איהר ניט מורא?

— היינטיגע נאכט איז עמיצער ארומגעגאנגען צווישען די אַלעען, — האָט סודות־פול אָנגעהויבען דער אַלטער. — איך האָב געהערט טריט און בין שטיל צוגעגאנגען צום גאָרטען, איך האָב אָבער קיינעם נישט געכאפּט. עס האָט זיך מיר הפנים נאָר אויס־געוויזען, אז מען געהט. עס פּאסירט ביי נאכט, דו שטעהסט פארטראכט, און מיט אמאָל דוכט זיך דיר אויס אז עמיצער שפּאנט אין גאָרטען, און אין דער עמת׳ן איז קיינער ניטאָ. דאָס גיט דער ווינט א וויג די בוימער איידער עס פאלט אראָפּ אַן אָראנזש. ניין, איך האָב נישט מורא, קינדער! שטיל און גוט איז ביי נאכט. אָפּטמאָל דערמאָנסטו זיך אין דער יוגענט און בילדער, איינס שעהנער פון דעם צווייטען, געהען פאר די אויגען פארביי. עס פּאסירט אין שטילע לבנה־נעכט ווען דער גאָרטען שלאָפט א באדעקטער מיט׳ן זילבערנעם שיין, גיט מען אויך א טראכט וועגען טויט, וועגען אייביגען שלאָף אין פינסטערען קבר. נאָר מאַלע וועגען וואָס עס טראכט א וועכטער אין די לאנגע שלאָפלאָזע נעכט.

דער אַלטער איז פּלוצים אַנטשוויגען געוואָרען און אראָפּ־געלאָזען דעם קאָפּ. דער רעגען האָט שטאַרק געפּויקט אין בלע־כענעם דעכעל.

— דאָ נישט לאַנג — האָט פאַרטגעזעצט דער אַלטער — האָט מיך אין אַ שטערענלאָזער נאַכט ארומגענומען אַ שטאַרקע בענקשאַפט. איך בין געגאַנגען ארום גאַרטען און געזאָגט תהלים. ס'האָט זיך מיר געוואָלט שרייען און וויינען. גאָט! וואָס פאַר אַ נאַכט דאָס איז געווען. ס'האָט זיך געדוכט, אַז אַלע ברואים זיי־נען אויסגעשטאָרבען און איך בין איינער צווישען טויזענטער טויטע. עס האָט זיך דערהערט אַ ווילדער געוואַלד, אַ טרויעריג וואָיען פון שאַקאַלען, אַ שאָס, און ווידער איז אַלץ שטיל געבלי־בען. ציטערענדיג, ווי אין אַ קדחת, בין איך אוועק אין ביידעל, אָנגעצונדען דאָס לעמפּעל, ס'איז אָבער געווען אָהן נאַפט און עס האָט זיך באַלד אויסגעלאָשען. איך בין געבליבען אין דער פינ־סטער. יענע נאַכט וועל איך קיינמאָל נישט פאַרגעסען — האָט אומעטיג געענדיגט דער אַלטער וועכטער.

אַלע האָבען געשוויגען.

— נו, לאָם איך געהן: כ'האָב זיך פאַררעדט, דער רעגען האָט שוין אויפגעהערט.

ער איז שנעל אוועק צוריק צום ביידעל.

— אהיים, קינדער, — האָט מרים געזאָגט. — מען קען גאָר נישט טאָן נאָכ'ן רעגען.

זי האָט אָפּגעטראָגען די שערלאַך אין ביידעל. אַלע זיינען זיך צוגאַנגען אהיים. לייזער איז אוועק מיט נפתלי'ן.

— בלייבט שוין ביי מיר, האָט ער פאַרגעלעגט נפתלי'ן — איך געה גראַד נאָכמיטאָג אין שטאָדט אריין, איז אויב איהר ווילט, קען איך ברענגען אייער טשעמאָדאַן.

נפתלי האָט איהם געדאַנקט. נאָכמיטאָג איז לייזער אוועק און נפתלי איז געבליבען אליין אין זיין נייעם צימער. פון אין דער פריה אָן האָט ער גאָר נישט געגעסען. אַ אַלנגע צייט איז ער געלעגען אויפ'ן געלעגער און נישט געקאָנט איינשלאָפען. דער הונגער האָט איהם שטאַרק געפּלאָגט. אין אָוועגט איז ער ארויס אין גאַס. דער הימעל האָט זיך ווידער געוואָלקענט. עס האָט זיך געזויפּעט אַ דין־הערבסט־רעגענדעל.

## פינפטער קאפיטעל.

געקומען זיינען שווארצע, פרײדלאָזע טעג. אלע האָבען איהם אָנגעהויבען מיט אמאָל אויסמיידען. לייזער איז געווען צו איהם פיינדליך און האָט זעלטען ווען גערעדט מיט איהם. אומזיסט פלעגט ער מיט׳ן זונען־אויפגאנג אויפשטעהן און ווארטען צוזאמען מיט די אראבער אויפ׳ן פלאַץ ביים ברונען, וואו די קאָלאָניסטען פלעגען דינגען ארבייטער. גרופּענווייז מיט פּיאָשען אויף די אקסלען זיינען געגאנגען אראבער צו דער ארבייט. נאָר ער פלעגט אלע מאָל בלייבען אליין, מיט אַן אראָפּגעלאָזענעם קאָפּ, א פארצאָרענטער, א הונגעריגער.

גאנצע טעג פלעגט ער בלאָנדזשען איבער דער קאָלאָניע, און ארום און אין די גערטנער האָט די יוגענד מיט זייער שוויים באנעצט דעם אייגענעם באָדען און געזונגען מונ־טערע נייע לידער. עס זיינען געווען ווארימע זוניגע טעג און די ארבייט האָט איבעראל געברענט.

— נעהמט מיך כאָטש פאר א טרעגער אין א באיארע — האָט נפתלי געבעטען לייזערן. — איך הונגער דאָך.

— איך וועל זיך סטארען — האָט לייזער געענטפערט נישט קוקענדיג אויף איהם. — עס איז איצט פאראן צו ווייניג ארבייט.

אמאָל אין א פארנאכט האָט נפתלי באגעגענט אָסטראָווסקי׳ן געהן פון דער ארבייט. נפתלי האָט איהם אָפּגעשטעלט און מיט א ציטערנדיגער אויפגערעגטער שטימע זיך באקלאָגט פאר איהם:

— מיר לעבט זיך זעהר שלעכט. איך באקום דאָ נישט קיין ארבייט. מיט וואָס בין איך ערגער פון אלע אנדערע? איך געה דאָך פשוט אוים פון הונגער.

— ביי מיר אליין ענדיגט זיך שוין די ארבייט, — האָט אָסט־ראָווסקי געענטפערט. — מיר וועלען זעהן, אפשר וועט מען עפּעס קענען טאָן. דערווייל שלום! איך אייל.

ער האָט זיך פארקירעוועט אין א געסעל. נפתלי האָט לאַנג איהם נאָכגעקוקט ,א דערשלאָגענער, נישט פארשטעהענדיג גאָר נישט ,מיט אַן אראָפּגעלאָזענעם קאָפּ.

נפתלי׳ס איינגעפאלענע באקען זיינען געווען באוואקסען, אונטער די אויגען — בלויע רינגען. ער האָט אויסגעמידען יע־

דען פארבייגעהער, צוגעהערט זיך צום גערויש פון דער יוגענט, וואס האט פארבראכט איהר צייט אין שפיל און געזאנג. זיין הארץ האט בלוטיג געקלאגט און געוויינט.

— גאט מיינער, פארוואס שטויסען זיי מיך אפ? — האט ער געטראכט, באגיסענדיג זיך מיט טרעהרען. אין די טעג פון אומעט און איינזאמקייט האט ער פיל געטרוימט וועגען יהודית'ן און די חלומות וועגען דער יונגער מיידעל האבען צערטליך גע־גלעט זיין אנגעוועהטאגט הארץ. ער פלעגט אפט דערמאנען זייער רייזע אויפ'ן ים, וואו עס האבען גערוישט די בלויע כוואליעס, וואו עס האט געקלונגען די ליבליכע שטימע פון דער געווינשטער און איהר פנים האט געשמייכעלט אין דונקעלען, אומעטיגען טרוים ביים מענשען'ס שיין פון די לאמטערנעס. דאן פלעגט ער זיך אויסציהען אויף זיין געלעגער און זיך געסטארעט איינצושלאפען כדי די געשטאלט פון זיין געליבטער זאל זיך איהם אויך אין שלאף חלום'ען.

אווענט־צייט. די פולע לבנה איז אויפגעגאנגען איבער די יהודה'ער בערג. מיט איהר פאספאר שיין האט זי באגאסען די ווייטע גאלדענע סטעפעס, באזילבערט די טייכלעך און צואווארפען איבער די אלעען משונה'דיגע סודות־פולע שאטענס. די קאלאניע האט זיך געטונקען אין זילבערנעם שיין. אויף די גאסען האבען שפאצירט פארלאך. געקלונגען האבען אומעטיגע לידער פון די בחורים און אפט פלעגט זיך הערען א הילכיגער געלעכטער פון יונגע מיידלאך. אין אזא אווענט האט נפתלי זיך קיין ארט נישט געקענט געפינען. ער האט אפאר מאל דורכשפאצירט די הויפטגאס פון דער קאלאניע אויסבאהאלטענדיג זיך, ווי א גנב, פון אלעמען.

ער האט זיך ארפגעלאזט צו דער ערד, צוגעדריקט דעם קאפ צום באטויאינען, שטעכענדיגען גראז און טרערען האבען זיך א גאס געטאן פון זיינע אויגען. ער האט זיך דערמאנט, ווי ער פלעגט אין זיין שטעדטעל פארברייגנען די זומערדיגע נעכט; ווי ער מיט זיינע חברים פלעגען מיט מיידלאך אוועקגעהן ווייט אין פעלד אריין. זיך דערמאנט אן א מיידעל לאה, וועלכע איז געווען שעהן און רייצענד, א באגאסענע פון לבנה־שיין. זי איז געווען גוט מיט איהם און אלע האבען איהם ליב געהאט. דא איז ער צווישען בייזע, שלעכטע מענשען. וואלט כאטש יהודית דא געווען מיט

איהם. אלע וואלטען דאן געזעהן, ווי זי ליבט איהם. יהודית! נפתלי האט אויפגעציטערט, גלייך ווי דאס מיידעל וואלט איהם באַרירט מיט איהר יונגען, בויגיגען קערפער. און ווידער האט ער געטראכט פון זיין ווייטען שטעדטעל, זיך דערמאַנט אין דעם אלטען בית־המדרש, וואו אלץ אטעמט מיט שלום און ליבע. וואו פארנאכט, שטיל וויינענדיג איבער די קעפ פון די מתפללים, שוועבט די שכינה. ווי ליב ער האט געהאט דעם אלטען שמש ר' ברוך'ן, וועלכער פלעגט אפט זאגען:

— אך, שלעכטע צייטען זיינען געקומען. דאס פאלק אונזערס פארלאזט די אידישקייט און געהט פארלוירען.

עס וועט שוין ניט צוגעהן מעהר צו איהם דער אלטער, גוטער שמש און וועט שוין מעהר ניט זאגען מיט זיין ציטערדיגע, אפ־געריסענע שטימע, ווי אמאל אין די קינדער־יאהרען:

— קאלט, קינדערלאך, קאלט! קומט, הייליגע שעפעלאך מיינע, קומט צום אויוועז. איך וועל אייך דערצעהלען א מעשה'לע פון גרויסען חכם שלמה. און א באגאסענער מיט'ן רויטען פלאם פון אויוועז, דערצעהלט דער שמש די קינדער א וואונדערבארע לע־גענדע פון קלוגען שלמה המלך. און אין גאט'ס הויז איז שטיל. דער בין־השמשות איז פארבענקט, די שאטענס באהאלטען זיך אין די ווינקלען און קוקען פון דארט מיט זייערע טיפע לעכער־שווארצע אויגען, און אויף די פאנטאסטישע מיט פראסט־באמאלענע פענ־סטער שטארבט אפ די רויטע שטאלענע ווינטערדיגע זון.

נפתלי האט פלוצים אויפגעציטערט. פון ווייטען האט זיך געהערט אן אראבישער אויסגעצויגענער ניגון, באגלייט פון א פארטראכטען שטילען גלעקלאך־געקלאנג.

עס ציהט וואוהין א קאראוואן — האט נפתלי געטראכט. און דער ניגון האט וואס אמאל הילכיגער און אומעטיגער געיאמערט. דאס האט וויגענדיג זיך אויף א קעמעל, קוקענדיג אויף דער לבנה, געזונגען אן אלטער אראבער פון די פריהצייטיג פארשטארבענע בתולות, וואס באשעהנען די ערד ווי בלומען און ליליען די טאלען. ער האט געזונגען פון דער פארגאנגענער יוגענד, פון זיין געליבטער, וואס האט איהם אפגענארט און איז אוועק אין די בערג מיט א יונגען בחור. און די גלעקלאך האבען אלץ געקלונגען:

— דין — דין! — אַלץ וועט פאַרביי. עס וועט קומען אַן איבּינגע נאַכט. אַ, אַלאַ! דין — דין — דין!

נפתלי האָט מיט צוגעמאַכטע אויגען זיך צוגעהערט צום אַראַבער. עס האָט זיך איהם ניט געגלוסט אַוועקצוגעהן פון דאַנען. נאָר מורא האָבענדיג פאַר דעם קאַראוואַן, איז ער צוריק אַוועק אין קאָלאָניע. אויפ'ן וועג, ניט ווייט פון אַסטראָווסקי'ס הייזעל, האָט ער דערזעהן בּיים גאָרטען אַ פּאָרעל געאַרעמט און ליבּליך ווי טייבּעלאַך גע'סוד'עט זיך. נפתלי האָט זיי נאָכגעקוקט און אין זיין נשמה האָט מיט אַ נייער קראַפט אויפגעפלאַקערט די בענקשאַפט. דאָס פּאָרעל האָט קושענדיג זיך, פאַרקירעוועט צום עקאַליפּטוס־וועלדעל און פאַרשוואונדען אונטער די בוימער.

נפתלי איז צוגעגאַנגען צו אַסטראָווסקי'ס הייזעל. ער האָט געוואָלט אַריינגעהן, נאָר איז געבליבען שטעהן פאַרטראַכט אונטער די בוימער. אין צימער איז געווען ליכטיג. אַסטראָווסקי איז געזעסען אויפ'ן געלענער און זינגענדיג אַקאָמפּאַנירט אויף דער גיטאַרע. ער האָט, ווייזט אויס, געבענקט נאָכ'ן ווייטען, רוישיגען און פאַרבענרייכען לעבען, וואָס רוישט ערגעץ ווייט, ווי אַ ים געהיימניספול און בייז... דאָרטען אין די גרויסע שטעדט.

נפתלי איז געשטאַנען איינהאַלטענדיג דעם אָטעם. ער האָט אָבער מעהר ניט געקאָנט אויסהאַלטען. אַ בּלאַסער, מיט אַ שווער קלאַפּענדיגען האַרץ, איז ער צו צום פענסטער און שטיל אַ זאָג געטאָן:

— שלום!

אַסטראָווסקי האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ, אַ קוק געטאָן אויף איהם און געלאַסען געענטפערט:

—שלום!

און באַלד ווידער אָנגעהויבען זינגען, ווייך קלאַפּענדיג איבער די סטרונעס.

נפתלי'ן האָט זיך זעהר געוואָלט אַריינגעהן צו איהם, אַוועקזעצען זיך לעבען איהם און פריינדליך, האַרציג דורכשמועסען זיך, דערפיהלען כאָטש אויף אַ ווײַלע, אַז ער איז נישט עלענד אין אַזאַ לבנה־נאַכט, ווען די איינזאַמקייט איז אַזוי אונערטרעגליך.

— רוף מיך אַריין, — האָט נפתלי געטראַכט. — רעד צו

מיר, ווי דו רעדסט מיט יעדען באַקאַנטען. אַ פאַרמאַטערטער בין איך פון בענקשאַפט. מיר איז שווער אימער אַליין צו זיין.

נפתלי האָט געוואָלט אָנהויבען צו רעדען, נאָר זיין קול האָט זיך איהם פאַרכאַפּט. עפּעס האָט איהם געוואָרגען אין האַלז און ער האָט געוואָלט וויינען.

און איז אוועק פון פענסטער אַ בייזער, אַ באַליידיגטער, מיט אַ וועהטאָג אין האַרצען זיך געשלעפּט אַהיים.

אין דער היים אָבער האָט איהם נאָך אַ שווערערע סצענע ערוואַרטעט.

---

די טיר פון זיין צימער איז געווען פאַרשלאָסען און פון פענ־סטער האָט זיך געלויכטען אַ דונקעלער שיין פון לעמפּעלע. ער האָט געוואָרפען אַ בליק אין צימער און פון וועהטאָג שיער נישט אוועקגעפאַלען. איבער זיין פאַנאַנדערגעעפענטען טשעמאָדאַן זיי־נען געשטאַנען לייזער און נאָך עפּעס אַן אַרבייטער מיט אַ שוואַר־צער באָרד און האָבען געלייענט זיינע בריף און די גרויע שאָטענס זייערע אויפ'ן וואַנט האָבען זיך געשאָקעלט, גלייך ווי זיי וואָלטען זיך איבערגעקרימט איינעם דעם צווייטען. די פיס האָבען איהם אָנגעהויבען צו ציטערען און ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד.

— נאָט מיינער! — האָט ער אַ טראַכט געטאָן מיט אַ וועה־טאָג אין האַרצען. — וואָס טוט זיך עפּעס אַרום מיר? פאַרוואָס לייענען זיי מיינע בריף?

מיט אַמאָל האָט אַ שרעקליכער געדאַנק, אַז מען האַלט איהם ווייזט אויס פאַר אַ שפּיאָן, ווי אַ בליץ דורכגעשניטען דורך זיין מאַרך, און פון דעם געדאַנק האָט זיך איהם געוואָלט שרייען און רייסען די האָר פון קאָפּ.

— ס'איז דאָך אָבער אוממעגליך, — האָט ער זיך באַרוהיגט, — איך האָב זיך דאָך קיינמאָל ניט באַשעפטיגט מיט פּאָליטיק. און וואָס קאָן זיי בכלל דאָ טאָן אַ שפּיאָן?

נפתלי איז אויפגעשטאַנען און ווידער אַ קוק געטאָן אין פענסטער. דער טשעמאָדאַן איז שוין געווען פאַרמאַכט, און דער אַרבייטער, מיט דער שוואַרצער באָרד האָט עפּעס גערעדט וואַר־

פענדיג מיט די הענט. נפתלי איז צוגעגאנגען צו דער טיר און אנגעקלאפט איינינע מאל.

— קום אריין! — האט זיך דערהערט לייזער׳ס שטימע, און די טיר האט זיך אויפגעמאכט.

דערזעהענדיג נפתלי׳ן, האבען זיי זיך פארלארען, אבער באלד זיך באהערשט. לייזער האט געזאגט דעם צווייטען:

— קום אריין מארגען, וועלען מיר מאכען א סוף צו דער מעשה.

— גוט, — האט יענער געענטפערט. — שלום!

דער ארבייטער איז אוועק און לייזער האט זיך רוהיג אוועקגע־זעצט, באלד אויפגעשטאנען, געעפענט דאס פענסטער און צוריק זיך אוועקגעזעצט. א שטיל ווינטעלע האט זיך ארייגעריסען אין צימער און קוים געלאשען דאס פייער פון לעמפעל.

נפתלי איז געשטאנען אנגעשפארט ביי דער וואנט. ער האט שווער געאטעמט און זיין הארץ האט שטארק געקלאפט. ער האט געוואלט א ווארף טאן זיך אויף לייזער׳ן; זיינען איהם אבער די הענט אראפגעהאנגען ווי שטעקענס. מיט שטארע אויגען האט ער געקוקט עקשנות׳דיג אויף איין פונקט. ס׳איז גע־ווען שטיל. אין די ווינקלען האבען זיך שאטענס געטוליעט. אויף דער וואנט האט הייזעריג געטיקט א זייגער.

— צייט שלאפען, — האט לייזער איבערגעריסען דאס שווייגען. — יע, איהר ווייסט, די באלעבאסטע פארלאנגט דירה־געלט. זי האט זיך היינט זעהר געבייזערט.

— כ׳האב קיין גראשען נישט, — האט ווילד א געשריי גע־טאן נפתלי. — איך האב שוין פארקויפט מיין קישען. אזוי העלפט איהר עס מיר קריגען ארבייט! אך, איהר אידעאליסטען! פאר ווען האלט איהר מיך, הא?

נפתלי האט זיך מיט אמאל א ווארף געטאן צו זיין געלעגער, ארויסגעשלעפט זיין טשעמאדאן, איהם אויפגעעפענט און גע־שריען ווי א משוגע׳נער:

— פאדלעצעס! ווער האט עס אייך ערלויבט צו גריבלען זיך אין מיינע זאכען און לייענען מיינע בריף?

לייזער איז בלאס געווארען, נערוועז צופענדיג זיינע וואנסען.

— קיינער האט זיך נישט געפארעט מיט אייער טשעמאדאן,

— האָט ער אָנגעהויבען. — די באַלעבאָסטע, ראַמענדיג דעם צימער, האָט איהם מסתמא אומגערן איבערגעקעהרט. שרייט נישט, מענשען וועלען זיך צוזאַמענלויפען.

— ווי שעהמט איהר זיך נישט צו זאָגען אַזא ליגען? האָט נפתלי געזאָגט. — איך האָב דאָך אַלץ געזעהן דורכ'ן פענסטער. זאָגט מיר, פאַרוואָס האָט איהר עס געטאָן? פאַר וועמען האַלט איהר מיך?

— געהט צו דאַווידזאָן, — האָט אָפּגעענטפערט לייזער. — ער וועט אייך זאָגען. איך ווייס גאָרנישט.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז נפתלי אַרויס אויפ'ן גאַס. ער האָט מעהר ניט געקענט קוקען אויף לייזער'ען.

— — — — — — — — — — —

די קאָלאָניע איז געשלאָפען. די גאַסען פּוסטע. די בוימער אונטער די פענסטער פון די שעהנע פאַר'חלומ'טע הייזעלאַך זיינען געשטאַנען פאַר'כשופ'טע פון דעם לבנה־גלאַנץ און געטרוימט פון אונטערגרייכבאַרע שטערענס, וואָס לויכטען מיט אַ וואונדער־ליכען שיין אין די פינסטערע נעכט. רוהיג און גוט איז געוואָרען נפתלי'ן אויפ'ן הארצען. פאַרבייגעהענדיג עפּעס אַן איינזאַם שטיבעל ביים ראַנד פון דער קאָלאָניע, אין וועלכען עס האָט זיך נאָך געלויכט אַ פייערעל, האָט ער נישט ווילענדיג אַ קוק געטאָן אין פענסטער. אין אַ קליינעם חדר'ל אויפ'ן געלעגער איז געזע־סען פאַרטראַכט אַ יונגע מיידעל מיט אַראָפּגעלאָזטע צעפּ אויף דער ברוסט. די ווייסע נאַקעטע שעהנע הענט זיינען מאַכטלאָז גע־לעגען אויף די קני און די ברייט־אויפגעעפענטע אויגען האָבען ער־גענץ ווייט, ווייט געקוקט.

אפשר זיצט אויך אַזוי יהודית און בענקט. און די לבנה שיינט אַריין אין איהר פענסטער, האָט נפתלי געטראַכט. שפּעטער האָט ער געטראָפען אין פעלד אַן אַראַבער, אַ וועכטער, אין אַ שוואַרצער אַבאַיע מיט אַ ביקס אויפ'ן רוקען. דער אַראַבער האָט זיך אָפּגע־שטעלט און זיך צולאַכט, טשירענדיג זיינע ווייסע ציינער, פאַר־זשמורעט די שוואַרצע, גלאַנצענדיגע אויגען, ווי פון אַ בלענדענדען שיין. נפתלי איז געגאַנגען ווייטער, אָבער דער אַראַבער האָט איהם אָפּגעשטעלט און קלאַפּענדיג איהם איבער'ן פּלייצע, אַ זאָג געטאָן:

— יאַללאַ! חאַוואַדזשאַ!

ער האָט אָנגענומען נפתלי׳ן פאר׳ן האַנט און אוועקגעפיהרט צוםביידעל שווער שפּאַנענדיג איבער די צוגראָבענע שטיקער ערד, באוואקסען מיט שטעכערס. לעבען דער ראַנגאָזשענער ביידעל האָט געברענט א פאנאנדערגעלעגטער פייער — זיי האָבען זיך אוועק־געזעצט לעבען פייער און דער אראבער האָט אָנגעהויבען זינגען. נפתלי האָט זיך איוסגעצויגען און פארמאכט די אויגען. דער וועכטער האָט איהם צוגעדעקט מיט דער ראַגאָזשע און ווייטער געזונגען קוקענדיג אויפ׳ן הימעל. נפתלי האָט ווי דורכ׳ן שלאָף געהערט, ווי דער אראבער איז אויפגעשטאנען, ערגעץ אוועקגעגאנ־גען און באלד צוריקגעקומען.

און מעהר האָט ער שוין גארנישט געהערט, איהם האָט זיך געדוכט, אז ער איז געפאנגען ביי א ווילדען שבט. מען וועט איהם באלד דער׳הרג׳ענען און זיין קערפער וועט מען אוועקוואַרפען צו די הונגעריגע שאַקאַלען. דערנאָך האָט זיך איהם גע׳חלומ׳ט, אז אַן איינזאמער בלאָנדזשעט ער איבער א מדבר. איבער איהם מיט א בלוטיגען פלאם פלאקערט דער הימעל, און אויף דער ערד פאלען פייערדיגע צונגען און רינגלען איהם ארום ווי פייערדיגע שלאַנגען, און דער פלאקער פון הימעל האָט שוין ארומגעכאפּט די גאנצע וועלט, און דער מדבר ברענט:

— גאָט, ראטעווע מיך! — וויל ער אויסשרייען און קען נישט. — איך בין אַליין, אַליין!...

## זעקסטער קאפיטעל.

נפתלי איז געלעגען קראנק אין ארבייטער אכסניה אויף זיין הארטען שמוציגען געלעגער. ער האָט ביטער געוויינט פון די שווע־רע באליידיגונגען, וועלכע די מענשען האָבען איהם פארשאפט, די מענשען פון וועלכע ער האָט ערוואַרטעט ליבע און פריינדשאַפט.

שפּעט ביינאכט איז ער צוריקגעקומען פון שטאָדט א פאר־מאטערטער און א דערשלאָגענער פון דער שווערער סצענע מיט דאווידזאָנ׳ען אין חיים׳ס רעסטאָראַן. ערוואכענדיג ביים פייער־הויפען איז נפתלי אוועק אין שטאָדט צו דאווידזאָנ׳ען, וועלכער האָט איהם געדארפט ערקלערען די סיבה פון דער שלעכטער באַ־ציהונג צו איהם. אין רעסטאָראַן האָט ער איהם ניט געטראָפען.

חיים האָט איהם אָבער פאַרזיכערט, אַז ער וועט באַלד קומען. נפתלי האָט זיך אַוועקגעזעצט ביים טויער אויף אַ שטיין און געקוקט אויף די אַראַבער.

— וואָס וועט מיר אַ שטייגער דאַווידזאָן זאָגען? — האָט ער געטראַכט, — אָט אַן אומגליק!

מיטאָג צייט זיינען זיך די אַרבייטער שנעל צוזאַמענגעקומען. באַמערקענדיג פון ווייטענס דאַווידזאָנ׳ען איז נפתלי געגאַנגען איהם אַנטקעגען. זיין הארץ האָט גענומען שטאַרק קלאַפּען און די שלייפען האָבען ווי מיט האַמערס געקלאַפּט.

— אָ! — האָט אויסגערופען דאַווידזאָן. — איהר זייט דאָ? וואָס מאַכט איהר?

— איך וויל זיך דורכריידען מיט אייך — האָט געענטפערט אויפגערעגט נפתלי.

דאַווידזאָן איז פּלוצים בלאַס געוואָרען, זיין פּנים האָט זיך פאַרקרימט מיט אַ שולדיגער מינע. ער האָט באַלד פאַרשטאַנען וועגען וואָס עס האַנדעלט זיך.

— קומט אַריין צו חיים׳ען — האָט ער פאָרגעלעגט.

נפתלי איז אַוועק נאָך איהם. זיינע פיס האָבען געציטערט ווי פון פיבער. אין רעסטאָראַן האָבען ביי אַ לאַנגען טיש צעהן מענשען געגעסען. דאַווידזאָן האָט זיך געזעצט אויף זיין פּלאַץ און גענומען עסען.

— וואָס פאַר אַ מסירה האָט איהר פאַרשפּרייט וועגען מיר — האָט אָנגעהויבען נפתלי, שטאַרק אויפגערעגט. — שוין באַלד אַ מאָנאַט, אַז איך געה אַרום אָהן אַרבייט און הונגער. איהר מוזט מיר זאָגען דעם אמת.

דאַווידזאָן האָט געשוויגען עפּעס נאַכקלערענדיג און פון קיך איז אַ דערשראָקענע, מיט אַ טעלער אין האַנט, אַריינגעלאָפען זלאַטע.

— וואָס איז? — האָט זי געפרעגט.

— געה! געה! ניט דיין עסק! — האָט בייז אויסגעשריען חיים.

— הערט! — האָט אַ זאָג געטאָן דאַווידזאָן, אויפשטעהענדיג פון אָרט. — אונזער גרופּע אַרבייטער האָט, איידער איהר זייט אָנגעקומען, באַקומען אַ בריף אין וועלכען מען שרייבט, אַז

אין רוסלאַנד האָט איהר געדינט אין אַכּראַנקע און באַשעפטיגט זיך מיט שפּיאָנסטוואָ.

אַלע האָבען אַ קוק געטאָן אויף נפתלי'ן און אויפגעהערט עסען. איהם איז פינסטער געוואָרען אין די אויגען, גלייך ווי מען וואָלט איהם דערלאַנגט מיט אַ האַמער איבער'ן קאָפּ.

— איך אַ שפּיאָן? ! — האָט ער ווי באַוואוסטלאָז געשעפּטשעט, אָנשפּאַרענדיג זיך ביים טיש. — איך אַ שפּיאָן?

פּלוצים האָט ער ווילד אַ געשריי געטאָן גלייך ווי אַ שאַרפער וועהטאָג וואָלט איהם אָנגעכאַפּט און צוגעשפּרונגען צו דאַוויד־זאָנ'ען.

— איך אַ שפּיאָן? ! טאָ באַווייזט עס און דער'הרג'עט מיך. איהר מוזט עס באַווייזען ! וואו איז דער בריף? ווער שרייבט? ס'איז אַ געמיינער ליגען ! אַ מסירה ! איהר האָט מיין לעבען פאַר'סמ'ט ! איהר וועט עס מוזען באַווייזען !

נפתלי האָט זיך אַראָפּגעלאָזען אויפ'ן שטול, אַרומגעכאַפּט מיט ביידע הענט זיין קאָפּ און זיך צעוויינט ווי אַ געשלאָגען, באַשטראָפטע קינד.

— שאַ, כאַפּט נישט ! — האָט דער קרומער זיך צושריען.

— מען דאַרף פריהער דערגעהן דעם אמת !

— איך ווייס פון גאָרניט — האָט איהם ביין איבערגעשלאָגען דאַווידזאָן. — נישט איך האָב עס געשריבען און עס איז נישט מיין שולד. איך בין נישט פאַראַנטוואָרטליך פאַר אַנדערע.

— נישט דיין שולד ! — האָט אָנגעהויבען עפּעס אַן ארבייטער, נערוועז שפּאַנענדיג איבער'ן צימער. — ווי קען מען וואַרפען אויף אַ מענשען אַזאַ שולד, ווען איהר קענט איהם גאָר ניט? און מיר זיינען דאָס די פאָרשטעהער פון אידישען פּראָלעטאַריאַט אין פּאַלעסטינא ! איהר האָט נישט וואָס צו טאָן, זוכט איהר שפּיאָנען. אָט כלומרשט זיינען מיר אויך רעוואָלוציאָנערען, און אפילו שפּיאָנען זיינען ביי אונז פאַראַן. טפּשים !

אַלע האָבען געשוויגען.

נפתלי האָט אַלץ געוויינט. דער קאָפּ האָט זיך איהם געדרעהט, פאַר די אויגען האָבען געטאַנצט אָראַנזשען, גרינע און רויטע פייערלאַך. דער שטול איז ערגעץ וואו פאַרשוואונדען, דאָס צימער האָט זיך אָנגעהויבען דרעהען און די פּנים'ער פון די אַר־

בייטער זיינען צושוואומען און פארוואנדעלט געוואָרען אין שוואַר־
צע פאַרמלאָזע וואָלקענס. און ער אליין פליהט אין א שווארצען
ענדלאָזען תהום...

— — — — — — — — — — — —

נפתלי האָט ערוואַכט אין בעט. לעבען איהם איז געשטאנען
א דאָקטאָר און חיים איז געזעסען אָן א זייט בלאס און דערשראָקען.

— ליגט רוהיג! — זאָגט דער דאָקטאָר.

אין א פאָר שעה ארום איז נפתלי אוועק פון שטאָדט. און
איצט, ליגענדיג אויפ'ן בעט, האָט ער געוויינט פון דער גרויזאַ־
מער באליידיגונג.

— צייט אויפצושטעהן! — האָט דער באלעבאָס א געשריי
געטאָן, — באלד וועט מען קומען טיי טרינקען.

נפתלי האָט זיך אָנגעטאָן און ארויס אין גאס. ער האָט זיך
אנטשלאָסען אוועקצוגעהן פריהמאָרגענס אין עקאליפטוס וועלדעל
און דאָרט זיין א גאנצען טאָג ווייט פון מענשען.

די זון איז שוין לאנג אויפגעגאנגען. די שעהנע ווייסע היי־
זעלאך פון דער קאָלאָניע, ארומגערינגעלט מיט אייביג גרינע בוי־
מער, זיינען געווען ארומגעוועבט מיט גאָלדענע שטראַהען. אר־
מעטום זיינען געווען צועפענט די פענסטער. עס האָט זיך גע־
הערט א געלעכטער און פרעהליכע געשרייען פון אויפגעשטאנענע
קינדער. עס איז געווען שבת. די קאָלאָניע האָט אויסגעזעהן
יום טוב'דיג און דער ריח פון גערטנער און פעלדער האָט אָנגע־
פילט די הייזער פון די קאָלאָניסטען מיט א זיסער לופט פון זייער
אייגענער ערד.

אויפ'ן וועג צום וועלדער האָט ער געטראָפען אָסטראָווסקי'ן
מיט דער שוועסטער. ער האָט אראָפגעלאָזען דעם קאָפּ און נישט
גריסענדיג פארבייגעגאנגען.

— זיי האלטען מיר אויך מסתמא פאָר א שפּיאָן — איז
איהם דורכגעלאָפען א געדאנק.

נאָך מיטאָג איז נפתלי געקומען צוריק אין רעסטאָראַן. ער
האָט זיך צוגעלעגט אויפ'ן געלעגער. אלע זיינען זיך צוגאנגען
און אין הויז איז געוואָרען שטיל. דער מידער נפתלי איז באלד איינ־
געשלאָפען. און גע'חלומ'ט האָט זיך איהם, אז יהודית שטעכט איהם
אריין א מעסער אין הארצען און א נאקעטע מיט צולאָזענע פייער

רויטע האָר, האָט זי זיך געדרעהט אַרום איהם אין אַ משוגע'נעם טאַנץ.

נפתלי האָט שנעל ערוואַכט. דעמערונג. אין רעסטאָראַן איז געזעסען אַן אַלטער בעטלער, אַ תימנ'ער. ער האָט זיך צוגעזעצט צום אָפענעם פענסטער.

פונ'ם ארבייטער דערפעל האָבען זיך געהערט טענער פון קאָ־ראהאָד לידער. ס'איז איהם געוואָרען נאָך אומעדיגער.

— דאָרט, אין פעלד, הוליען אַלע — האָט ער אַ קלער גע־טאָן. — זיי האָבען די גאַנצע וואָך געאַרבייט און קלייבען נחת פון דער שבת'דיגער מנוחה.

איהם האָט זיך געוואָלט אַוועק צו זיי אין וואַלד, זיך דרעהען אין אַ קאַראַהאָד און הויך אויפ'ן קול ארויסזינגען אַ קלינגענד רייצענד ליד. נור עמיץ, אַ באַהאַלטענער, אַ שלעכטער, האָט זיך גערייצט מיט איהם:

— ביזט אַ שפּיאָן! ביזט אַ שפּיאָן! פאַר דיר איז קיין פלאַץ ניטאָ צווישען זיי.

פאַרביי דעם פענסטער האָבען שפּאַצירט די קאָלאָניסטען־טעכטער. פרישע, געזונטע מיידלאך אין בונטע בלוזקעס מיט הויַ־לע העלזער. אָט איז איינע פון זיי פאַרביי מיט אַ ווייסען, הוי־בען, דינעם שוואַנען-האַלז און מיט אַ שלאַנקען גאַנג פון אַן אַראַ־בערין פון די גליל בערג.

פון דערפעל האָבען זיך געטראָגען טענער פון אומעטיגע מזרח־מעלאָדיען. נפתלי האָט געפיהלט, אַז באַלד פּלאַצט זיין האַרץ, ער מוז אַוועק אין דערפעל.

ניין, ניין, זיי דאַרפען איהם ניט פאַרפאָלגען. זאָלען זיי דער־וויזען, אַז ער איז אַ שפּיאָן און דאַן זאָלען זיי איהם דער'הרג'ענען. זיין נשמה איז ריין. ער קען שוין מעהר אַזוי ניט ליידען. ער וועט זיי דערצעהלען פון זיין ליבע צו דער אַלטער היים, וואוהין ער איז געקומען אָנהויבען אַ נייעם לעבען. זיי וועלען איהם פאַרשטעהן, זיי אַלע האָבען דאָך אויך אַזוי ווי ער געבענקט נאָך ארץ ישראל. און פון ווייטען איינגעהילט אין ווייבע נאַכט־שאָטענס, באַפּוצט מיט קרענצלאך פון ווילדע פעלד־בלומען, אין קאָלירטע קליידלאך האָבען זיך מיידלאך געדרעהט אין קאָראָהאָד ווי פּיל-פאַרביגע גרויי־

סע שמעטערלינגען, און די בחורים זיינען געשטאַנען ביי די זייטען און הילכיג געפּליעסקעט צוזינגענדיג אַ פרעהליכם.

נפתּלי האָט זיך אָפּגעשטעלט.

ניין, ניין, איצט איז ניט די צייט, און דאָ איז ניט דער פּלאַץ צו רעדען מיט זיי, האָט ער אַ קלער געטאָן, און אָפּגעהענדיג אָן אַ זייט האָט ער זיך אראָפּגעלאָזט אויף דער ערד.

ס'איז טונקעל געוואָרען. דאָ און דאָרט אין הימעל האָבען זיך אָנגעצונדען שטערען, די מיידלאַך האָבען אַלץ געזונגען, און די ריינע קלינגענדע שטימע פון איינער האָט זיך געטראָגען העכער פון אַלע. נפתלי האָט זיך צוגעדריקט מיט'ן קאָפּ צו דער ערד. אין די שטילע פאַרטראַכטע שעה'ן האָט זיך איהם געוואָלט באַקלאָגען פאַר אימיצען אַ נאָהענטען אויף זיין ביטערען מזל. ווען יהודית וואָלט איצט מיט איהם געווען, ער וואָלט באַהאַלטען זיין קאָפּ אין די פאַלדען פון איהר קלייד, און זי וואָלט איהם געלאַסטשעט. אָך, פאַרוואָס זיצט ער דאָ? אפשר וואַרט זי דאָרט און בענקט נאָך איהם.

נפתלי איז אַלץ געלעגען און געקלערט. און די קאַראַהאָדען-לידער זיינען שוין פאַרשטאָרבען. מיט אַמאָל האָט ער דערהערט אַ רויש. ער איז אויפגעשפּרונגען אַ דערשראָקענער, ארומקוקענדיג זיך. מיט גערויש און געלעכטער, אַלע צוזאַמען, איז געגאַנגען די יוגענד אין קאָאָלניע. נפתלי איז ווי פאַרשטיינערט געוואָרען אויפ'ן פּלאַץ, אַ בלאַסער מיט ברייטע אָפענע אויגען קוקענדיג אויף אַלעמען. און זי, די יוגענד, איז פאַרביי איהם אַ פרעהליכע און אַ פרעמדע.

## זיבעטער קאַפּיטעל.

אין דער פריה איז נפתלי מיט אַ פּעקעל אויף די פּלייצעס און מיט אַ גראָבען שטעקען אין דער האַנט אוועק אין שטאָדט. אויף דער פּאָסט האָט ער געפונען אַ בריף מיט געלד פון דער היים. נפתלי האָט געשריבען אז ער געהט ארום אָהן ארבייט. ער האָט זיך זעהר דערפרעהט און באַשלאָסען צו פאַרבלייבען אביסעל אין שטאָדט. ער האָט גענומען אַ צימער אין דער נייער ארבייטער-אכסניא ביים סאַמע ברעג ים. איהם האָט זיך געוואָלט אָפּרוהען,

צוזאַמענגענומען די כחות און דערנאָך אוועקגעהן אין קאַלאָניע, וואו יהודית האָט געוואוינט. נפתלי האָט זיך שוין צוגעוואוינט צו זיין פאַרצווייפעלטער לאַגע און ער האָט אַלץ אויסגעמיטען זיך צו באַגעגענען מיט די אַרבייטער. גאַנצע טעג פלעגט ער אַפּליגען אויפ'ן זאַמד ביים ברעג ים. צוהערענדיג זיך צום גע־היימניספולען רוישען פון די אומרוהיגע כוואַליעס.

איינמאָל, אין אַ קאַלטען טאָג, ווען דער ים האָט בייז גע־רוישט, פאַרגיסענדיג די ברעגען, איז נפתלי געזעסען ביים טויער פון אכסניה. פון אן ענגען געסעל האָט זיך באַוויזען אַ מאָדנער בחור, אַ שלאַנקער און אַ שעהנער מיט לאַנגע שוואַרצע געקרייזעלטע האָר ,אָהן אַ היטעל, אַ באָרוויסער. ער איז צוגעגאַנגען צו נפתלי'ן און געפרעגט:

— קענט איהר מיר ניט אָנווייזען דעם באַלעבאָס?

זיי זיינען אריין אין הויז.

דער באַלעבאָס, אַ גוטמוטיגער ברייטפּלייציגער איד, הערוזע־הענדיג איהם האָט פרעהליך אַ געשריי געטאָן:

— זעה נאָר, אלימלך איז ווידער דאָ!

דער בחור איז געבליבען אין האָטעל און געשלאָפען אין איי־נעם מיט נפתלי'ן. ביינאַכט, ליגענדיג אויפ'ן געלעגער, פלעגט ער זעהר בילדער־רייך דערצעהלען אַראַבישע מעשה'לאך. נפתלי האָט זיך צוגעבונדען צו איהם און איהם ליב באַקומען. יעדען מאָרגען פלעגען זיי צוזאַמען ליגען ביים ברעג פון ים און זיך איינהערען אין דעם גערויש פון די כוואַליעס.

איינמאָל, אין אַ רעגענדיגען אָוועגט, האָט נפתלי מיט טרע־רען אין די אויגען דערצעהלט איהם זיין אומעטיגע געשיכטע. אלימלך האָט מיט גרויסער אויפמערקזאַמקייט איהם אויסגעהערט און ווען נפתלי האָט געענדיגט, האָט ער איהם ארומגענומען און פריינדליך געזאָגט:

— אזוי זיינען, מיין פריינד, מענשען! פיהלסטו אָבער אז דיין נשמה איז ריין, דאַרפסטו זיך ניט זאָרגען. הער מיך אויס, מיין פריינד, ניט ווייט פון ירדן, אין אַ וואונדער־שעהנעם טאָל, ליגט אַ קאָלאָניע. איך קלייב מיך איצט אהינצו און אויב דו ווילסט, קום מיט. דאָרטען וועלען מיר אפשר באַקומען ארבייט.

נפתלי האָט מיט פרייד צוגעשטימט. ער האָט שוין

פון לאנג באשלאָסען צו געהן צו יהודית'ן און אויפ'ן צווייטען טאָג זיינען זיי אוועק צו דער קאָלאָניע, וואו יהודית האָט געוואוינט.

נפתלי איז געווען בארוהיגט און האָט זיך זעהר גוט געפיהלט מיט דעם מענשען, וואָס האָט דערמאָנט אין א פעלד־גרעזעל, וואָס וואקסט א פארגעסענע ביים וועג. די זון האָט זיך געזעצט. אויף זייער וועג האָבען זיי אָנגעטראָפען אַן אראבער אויף אַן עזעל און נאָך איהם איז נאָכגעגאנגען א פרוי איינגעהילט אין טרויער מיט א פארדעקטען פנים.

אלימלך איז געגאנגען לאנגזאם, מיט א ליבליכען שמייכעל אויפ'ן דונקעלען פנים. נפתלי האָט געקוקט אויף די הויכע בערג און געטראַכט פון יהודית'ן.

אָבער ווער וויים, צי זי וועט איהם ליבליך באַגעגענען? און ס'איז איהם קאַלט געוואָרען און זיין הארץ האָט איהם שטארק גע־קלעמט.

ס'איז טונקעל געוואָרען. זיי האָבען זיך צוגעעלגט אָפּרוהען. פון דער וויימענס האָט געהיימניספול און פארשטיקט גערוישט דער ים. אלימלך, ליגענדיג אויפ'ן רוקען, האָט געקוקט אויף די שטע־רען, אונטערברומענדיג אַן אראבישען ניגון. ער האָט געטראַכט וועגען גאָט, וועמענס בענקענדער גייסט האָט איצט געשוועבט אי־בער דער ערד. וועגען טויט, וועלכער לייזט אויף אלע פארפלאָנ־טערטע סודות פון לעבען. נפתלי איז געווען פארטיפט אין זיינע טרוימען וועגען יהודית. ער האָט געהערט איהר שטימע, גע־פיהלט דעם אראָמאט פון איהרע האָר, געזעהן דעם שמייכעל אויף איהר אָפּגעברענטען פנים, און איהרע ווארימע הענט האָבען ארומ־גענומען זיין האלז און זי האָט זיך געלאסטשעט צו איהם מיט איהר גאנצען קערפער.

וואו האָט ער געטראָפען דאָס מיידעל? ווען איז דאָס גע־ווען? ער האָט זיך דערמאָנט אַן א זוניגען טאָג, א בלויען ים, א האפען, א שיף, א גערויש פון מענשען. ער שטופט זיך אויפ'ן האפען. אָט האָט איהם א שמייכעל געטאָן א שווארץ חנ'עווריגע מיידעל. דאָס איז זי, נאָך וועלכער ער בענקט, פון טרוימען און פאנטאזיעס איז זי אויסגעוועבט, דערפאר זיינען איהרע אויגען אַזעלכע טיפע, און פון איהר קערפער וועהט מיט פריהלינג און בלומען, פריהלינג און בלומען.

— נפתלי, לאָמיר גיין! איז אויפגעשטאנען אלימלך.

נפתלי האָט אויפגעציטערט. זיי זיינען אוועק ווייטער.

אין קאָלאָניע זיינען זיי אָנגעקומען שפּעט. אין פילע הייזער זיינען שוין געווען אויסגעלאָשען די פייערן. אומעטום איז געווען שטיל. נאָר אין אַ קליינעם האָבען יונגע לייט געפיהרט הויך ווענען עפּעס אַ ויכוח. צווישען זיי האָט נפתלי דערקענט שמאי, יהודית'עס ברודער. זיין הארץ האָט אָנגעהויבען שטארק צו קלאַ־פּען. אפשר ווייסען זיי אויך ווענען אלעם און האַלטען מיך פאר אַ שפּיאָן? גאָט, וואָס פאר אַן אומגליק!

— איך וועל איהם אַ רוף טאָן, — האָט נפתלי געזאָגט. — איך האָב אָבער מורא.

— איך וועל איהם אַ רוף טאָן — האָט פאָרגעלעגט אלימלך.

דער באַלעבאָס האָט אָבער אָנגעהויבען צומאַכען די קליימ און אַלע זיינען ארוים אין גאַס. נפתלי האָט נִיט אויסגעהאַלטען און אַ פרעהליכען געשריי געטאָן:

— שמאי! שמאי! וואָס מאכסטו?

— אָ, זעה נאָר, — האָט שמאי פארוואונדערט איהם דער־לאנגט די האנט.

— שלום! און אלימלך קומט מיט דיר! פון וואַנען אזוי שפּעט?

— אין אַ ווייטען וועג געהען מיר, — האָט אלימלך גע־ענטפערט.

— נו, קומט צו אונז, — האָט שמאַ זיי איינגעלאַדען, — נו, וועט זיך יהודית דערפרעהען. זי דערמאָנט דיך זעהר אָפט. מיר וואוינען אָט דאָ הינטער דעם גאָרטען.

— ווייזט אויס אז זיי ווייסען גאָרניט, — האָט גליקליך נפתלי אַ טראכט געטאָן.

יהודית האָט נאָך וועטשערע זיך אוועקגעזעצט אופי'ן גאניק זיך אָפּרוהען. זי איז געווען מיד און אומעטיג. פּלוצים האָט זי דערהערט אַ פּאָר פרעמדע שטימען און זי האָט זיך זעהר געוואונדערט.

— איך ברענג דיר געסט, יהודית, — האָט איהר ברודער מיט פרייד אַ זאָג געטאָן, — טרעף וועמען!

— געסט? — האָט זיך דאָס מיידעל פאַרוואונדערט און געבליבען שטעהן אויפ'ן שוועל.

ווי האַרציגע מוזיק האָט זיך צו נפתלי'ן דערטראָגען יהודית'ס שטימע און אָנגעפילט זיין האַרץ מיט פרייד.

— שלום, יהודית, — האָט אַ שעפּטשע געטאָן נפתלי, און זיין האַרץ האָט זיך ווי אַ ריס געטאָן פון זיין ברוסט, — איהר האָט מיך ניט ערוואַרט?

דאָס מיידעל האָט איהם ניט דערקענט באַלד. זי איז גע־שטאַנען אַ ווייל'ע און מיט אַמאָל אויסגעשריען און אָנגעכאַפּט איהם ביי ביידע הענט.

— נפתלי פון וואַנען? זעה נאָר, מאַמע! קומט אין שטוב. איך האָב זיך טאַקע ניט גערעכט אויף דיר. אלימלך איז אויך מיט דיר! שלום! וואו האָט איהר זיך געטראָפען?

זיי זיינען אַריין אין שטוב. די מוטער האָט זיי באַגעגענט מיט אַ גוטען שמייכעל.

— שמאי, צינד אָן די ספּיריט מאַשינקע, איך וועל מכבד זיין די געסט מיט טיי — האָט יהודית, אַ צוטומעלטע פון פרייד, געזאָגט און איהר פּנים האָט געפלאַמט. — איהר זייט מסתמא זעהר מיד? ווי לעבט איהר, נפתלי, דערצעהלט. וואָס זעהט איהר אויס אַזוי שלעכט, בלאַס און מאָגער, איהר פיבערט הא? זי האָט איינגעגראָבען איהרע אויגען אין איהם און איהר פּנים האָט זיך פאַרצויגען מיט טרויער, און ער האָט זיך געפיהלט אַזוי גליקליך פון דער וואַרימער באַגעגעניש. ווי שעהן זי איז געוואָרען פאַר דער קורצער צייט!

די מוטער האָט דערלאַנגט טיי. אַלע האָבען זיך געזעצט צום טיש, אלימלך האָט דערצעהלט וועגען זיינע לעצטע וואַנדערונגען. יהודית איז געזעסען לעבען נפתלי'ן און אַזאַ פרייד האָט געשיינט אין איהרע אויגען, און די מוטער, קוקענדיג אויף זיי האָט גע־שמייכעלט ליבליך.

שפּעטער האָט יהודית אַריינגעפיהרט נפתלי'ן אין איהר קליי־נעם ריינעם צימער. אויפ'ן טישעל אין אַ גלאָז זיינען געשטאַנען פעלד־בלומען. זיי זיינען געשטאַנען ביים אָפענעם פענסטער, פאַר וועלכען ס'האָבען שטיל געשעפּטשעט די הויכע שוואַרצע צעדער־בוימער.

— יהודית, — האָט געזאָגט נפתלי, — זיינען מיר טאקע צו־זאַמען? איז עס ניט קיין חלום?

— ווי אָפט פלעג איך קלערען וועגען דיר, שטעהענדיג דאָ ביים פענסטער. פארוואָס האָסטו מיר ניט געשריבען די גאַנצע צייט? ווען אַלע וועלען זיך לעגען שלאָפען, וועלען מיר ארויס־געהן אויפ'ן בערגעל, דאָרטען וועסטו מיר דערצעהלען אַלעס וועגען דיר. מיר האָבען זיך דאָך אַזוי לאַנג ניט געזעהן.

— יהודית, יהודית, ווי גוט איז מיר מיט דיר! — האָט ווי פאר'שכור'ט פון איהר נאָהענטקייט גערעדט נפתלי. — ווי גוט עס שמעקען דיינע צעפּ און דיין פּנים ברענט.

ער האָט זי שטיל צוגעטוליעט צו זיך און גענומען קושען איה־רע אויגען, אַ גליקליכער ווי אַ קינד. ווען זיי זיינען ארויס פון צימער, האָט די מוטער אויף זיי אַ קוק געטאָן ווי זי וואָלט גע־זאָגט:

— איך ווייס אַלץ, קינדער, עס מאַכט ניט, איהר זייט יונג, זאָל אייך גאָט בענשען.

ווען אַלע האָבען זיך געלעגט שלאָפען זיינען זיי אַוועק אויפ'ן בערגעל, אָנשפּארענדיג זיך אין זיין אָרעם, האָט זי זיך געטוליעט צו איהם און איהם באַהויכט מיט איהר װאַרימען אָטעם. ער איז געוועזען צוטומעלט און דאָס הייסע בלוט איז איהם שטראָמען־ווייז געקומען אין קאָפּ.

— קום צום גרינעם בערגעל. איך האָב דאָרטען אָפט נאָך דיר געבענקט, דערמאָנענדיג זיך אין אונזער נסיעה, דעם טונקע־לען טרוים און די נעכט אויפ'ן דעק.

אויפ'ן בערגעל איז געוועזען קאַלט. נפתלי האָט געציטערט. זיי האָבען זיך באַלד צוריקגעקעהרט אהיים.

— ליבער, וואָס שווייגסטו? — האָט יהודית איהם געפרעגט, זיצענדיג ביים פענסטער אין איהר צימער און שטיל געגלעט זיין קאָפּ. — איז דיר שווער געוועזען די אַרבייט? האָסט מאַזאָליעס אויף די הענט? דערצעהל!

— איך בין זעהר מיד — האָט זיך געקלאָגט נפתלי, שטעהענ־דיג אויף די קני און באַהאַלטענדיג דעם קאָפּ אין די פאַלדען פון איהר קלייד. — מאָרגען, מאָרגען... איצט וויל איך אָפּרוהען.

א ווײַלע זײַנען זײ געזעסען שטיל. דערנאָך האָט יהודית איהם אויפגעהויבען און פעסט צוגעטוליעט איהם צו איהר מיידעל־שער ברוסט און איהם הייס געקושט, א פאר'שכור'טע פון לייד־דענשאַפט.

נפתלי האָט געקלערט, צי זאָל ער איהר דערצעהלען אַלץ וואָס ס'האָט פּאסירט. ער האָט זיך געשראָקען, אז זי וועט נישט גלויבען זיין אָפענהערציגקייט און ער האָט באשלאָסען צו שוויי־גען. יענע נאַכט האָט ער זיך שפּעט געלעגט. פאר'ן שלאָף האָט איהם די מיידעל א קוש געטאָן און א מידע, א שעהמעוודינע, זיך געלעגט שלאָפען.

נפתלי האָט אין שלאָף געזעהן דאווידזאָנ'ען. ער האָט זיך געיאָגט נאָך איהם און געשריען:

— שפּיאָן! שפּיאָן! ווארט, זי וועט אַלץ געוואָר ווערען און דיך אוועקוואַרפען.

אין דער פריה האָט אלימלך פארגעלעגט נפתלי'ן אוועקצו־געהן ווייטער אין יענער שעהנער קאָלאָניע, וואָס איז געלעגען אין טאָל.

— ווארט צו נאָך א טאָג, — האָט געבעטען נפתלי. — אפשר וועל איך דאָ קריגען ארבייט.

אלימלך האָט צוגעשטימט.

נאָכמיטאָג זײַנען זײ אוועק צום מאנדעל־גארטען, וואו יהודית האָט געארבייט. ביים טויער פון גארטען איז אויף א שטיין גע־זעסען א בלינדהער אראבער.

— אהער, אהער! — האָט יהודית געשריען, דער טויער איז געשלאָסען.

זי איז ארוים אנטקעגען, זײ אריינגעפיהרט אין גאָרטען און געצייגט ווי זיי ארבייטען.

אן ארבייטער האָט דערקענט נפתלי'ן און איהם געפרעגט, ווי ער פיהלט זיך. ער איז געווען ביי חיים'ען בשעת דער שווע־רער סצענע מיט דאווידזאָנ'ען.

— אַלץ איז שוין פארביי, — האָט נפתלי א זאָג געטאָן און זיין הארץ איז איהם ווי פארקיהלט געוואָרען.

— איהר זייט שוין באקאנט? נפתלי, זייט איהר קראנק גע־
וועז? — האט יהודית געפרעגט.

— נארישקייטען! — האט ער געענטפערט — אביסעל
געפיבערט.

יהודית איז געקומען פון דער ארבייט א צוטראגענע. זי איז אריין אין איהר צימער און פארמאכט הינטער זיך די טיר. מען האט באמערקט, אז עפעס איז מיט איהר געשעהן. נפתלי האט אויף איהר לאנג געוואַרט, פיהלענדיג אז זי וויים שוין, ווייזט אויס, פון אלץ. יענער ארבייטער האט איהר אלץ דערצעהלט. ער איז ארוים פון איהר שטוב א צובראכענער א דערשלאגענער. דער אווענט איז געווען א קאלטער, א נאסער. ער האט געבלאנדזשעט איבער דער קאלאניע. און טרערען האבען זיך געגאסען פון זיינע אויגען.

— וואוהין זאל איך איצט געהן? האט ער געקלערט. ווי אומ׳ברחמנות׳דיג זיינען צושטערט געווארען מיינע חלומות וועגען נייעם לעבען אין דער אלטער היים. זי האט געגלויבט. ווי שרעקליך מוז זי איצט ליידען. זי האט געלאסטשעט און געליבט א שפיאן. — אך, יהודית, יהודית! און ער איז ווידער אוועק צו איהר א קראנקער, ציטערנדיג פון קעלט און נאסקייט. ער איז לאנג געשטאנען ביי איהר טיר. און ווען יהודית איז ארויסגעקומען, איז ער געפאלען צו איהרע פיס, געוויינט און דערצעהלט איהר די טרויעריגע געשיכטע. ער האט געקושט איהרע פיס, און וויינענ־דיג זי געבעטען, זי זאל איהם נישט פארלאזען.

— אבער איך קאן זיך דאך מיט דיר מעהר ניט טרעפען, דערוויייז זיי, אז דו ביזט אומשולדיג. געה אוועק.

נפתלי האט געפיהלט, אז ער געהט אויס פון וועהטאג. ווי א משוגענער האט ער ארומגעכאפט איהרע פיס, בעטענדיג:

— יהודית, געה ניט אוועק! אויך דו טרייבסט מיך? מיין נשמה איז ריין, דאס איז א בלבול, א געמיינער ליגען. פארשטעה, דאס איז א מאדנער פלאנטער. זיי האבען מיך אנגענומען פאר אן אנדערען און אומשולדיג פארפאלגט... יהודית, געה ניט אוועק! איך ליב דיך!

ער האט ביז וועהטאג געדריקט איהרע פיס, צופאלענדיג מיט׳ן קאפ צו איהרע קני, געקושט איהר קלייד.

יהודית האָט זיך ארויסגעריסען פון זיינע הענט, זיך צואווינט און אריין אין שטוב. נפתלי איז געבליבען ליגען אויף דער שוועל אין האלב חלשות מיט אן אויסגעקרימטען פנים.

---

אויף מאָרגען איז נפתלי געלעגען א קראנקער אין ארבייטער־אכסניה. אלימלך איז געזעסען ביי זיין בעט.

אין צימער איז געווען פוסט און אומעטיג. נפתלי האָט גע־דרימעלט, ער האָט געזעהן א נייע יום־טוב'דיגע ירושלים. איבער די גאַסען אונטער די טענער פון פלייטען און לירעס טאַנצט מען און מען זינגט.

משיח איז געקומען,
פרעהט זיך בערג, רוישט איהר וועלדער,
איבער ציון שיינט ווידער אויף די זון,
משיח, משיח איז געקומען.

און מיט איהם איז יהודית. זי טראָגט א לאנג אויסגענעהט קלייד און איהר פנים שיינט ווי דער מאָרגען־שטערען; זי האלט איהם פעסט ביי דער האנט, לאכט און עס לאכען די חן־גריבלאך אויף איהרע אָפּגעברענטע באַקען, און עס פרעהט זיך די יונגע ברוסט אונטער דעם אויסגענעהטען קלייד, און עס שמייכלען בליש־צענדיג איהרע ווייסע צייהן, און אלימלך טאַנצט מיט א מיידעל, זיינע לאַקען זיינען באשפריצט מיט ברענעדע רובינען, און זיי רינגלען איהם ארום מיט א רינג פון פיל־פארביגע שטראַהלען.

---

נפתלי כאפט זיך אויף. שטיל. א שטראַהל פון דער זון שפּילט זיך אויף דער וואנט. אלימלך, א באָרוויסער, געהט ארום איבער'ן צימער און זינגט פון די רוסישע ברייטע סטעפּעס, וואָס ציהען זיך העט ווייט, און פארלירען זיך אין בלויען רוים.

די אויגען ביי נפתלי'ן שליסען זיך פּאמעלאך צו, ער הערט דעם געוויש פון די הויכע ווילדע גראָזען, אין דער ווייטער סטעפּע. איבער איהר וועהט א שווייגענדער אומעט. ווייט, ווייט, זעהט ער אויף אן אלטען וואָגען א פּויער מיט א מידען פערד, וואָס הויבט

קוים די פיס. דער טאָג איז א הייסער, דאָס פערדיל שלעפּט זיך, און דער פויער ציהט מאָנאָטאָן:

— ע־עך־דא־ע־עך.

עס ווילט זיך איהם אוועקלעגען זיך אויף די גראָז און איינ־שלאָפען, זאָלען איבער איהם אַרומשוועבען די בונט־פאַרביגע שמעטערלינגען, זאָלען די ביהנע זשומען דרעהענדיג זיך ארום די בלומען. און דאָרטען, הינטער'ן וואלד, טראָגט זיך א זילבערנער טייך פאַרלירענדיג זיך אין דער ווייטקייט.

— ע־עך־דא־ע־עך.

— אך, ווי שווער. ער איז אָפּגעריסען פון יענע סטעפּעס, פעלדער, און פון דעם פרעמדען ליד, וואָס קלינגט אזוי הארציג, און דאָס אייגענע לאַנד האָט אָפּגעשטויסען פון זיך איהר פארמאַ־טערטען זוהן. וואהין זאָל ער געהן? צוריק אין פארוואָרפענעם שטעטעל? דאָרטען האָט מען איהם געליבט, אלע זיינען געווען איהם אזוי נאָהענט.

אָט שטעהט דאָס אלטע הייזעל פון זיין מוטער, מיט'ן שטרוי־נעם דאַך און צובראָכענעם קוימען. זי זיצט אויפ'ן שוועל און שטריקט א זאָק. צו איהר צוגעטוליעט זיצט רחל'ע, דעם שכן'ס טעכטערל, אזא שעהמעוודיגע, מיט גרויסע פאר'חלומ'טע אויגען. זי ווארפט אלע ווייל א בליק אויף איהם און א לייכטער ראָזעווער קאָליר באפאַרבט איהרע באַקען...

— — — — — — — — — —

אָן איז דער אלטער בית־המדרש ביים ברעג פון טייך. פאר־נאַכט. שטיל טוט תפילה א יונגע בעראָזקע ביים פענסטער. ער זיצט אין א ווינקעל ביים ארון קודש אן אומעטיגער, דער אלטער שמש שפּאַנט אום הין און צוריק און ברומט א שטילען ניגון, און גוט איז איהם אויף דער נשמה.

ווי גוט זיינען דיינע געצעלטען, יעקב, דיין רוה־פּלאַץ, ישראל.

— — — — — — — — — —

— דו שלאָפסט?

נפתלי האָט אויפגעעפענט די אויגען. לעבען איהם איז גע־שטאַנען אלימלך. ער האָט ווידער אָנגעהויבען צו רעדען וועגען יהודית'ן. ביי דער נאַכט האָט זיך די היץ ביי איהם פארגרעסערט

און ווי פֿון שלאָף האָט ער געהערט, ווי אימיצער האָט איהם געלעגט קאַלטע קאָמפּרעסען צום קאָפּ. און אין דער פריה האָט איהם אלימלך אוועקגעפיהרט צוריק אין שטאָט, און ארייגגעגעבען אין האָספּיטאַל.

ביים געזעגענען זיך האָט ער נפתלי'ן ארומגענומען און איהם א קוש געטאָן, און א שלאַנקער, א שעהנער האָט ער לאַנגזאַם פאַר־לאָזען דעם האָספּיטאַל און איז אוועק אין יענער וואונדערבארער קאָלאָניע, וועלכע האָט זיך געפונען אין גרינעם טאָל ניט ווייט פון ירדן.

## 8טער קאַפּיטעל

אין די גערטנער האָט זיך צובליהט די געלע, שמעקעדיגע אקאַ־ציע. די מאַנדלען זיינען צייטיג געוואָרען און אויף די וויין־גערט־נער האָבען זיך באוויזען די הויכע ראַגאָזשע־ביידלאך. ביים זונען־אונטערגאַנג פלעגען זיך צונויפקומען מיידלאך צו די וועכטער און א באהאַלטענער שעפּטשען האָט זיך געהערט צווישען די פינסטערע אַלעען.

עס איז געווען א שטילע בלויע נאַכט. נפתלי איז געשטאַנען ביי זייןביידעל און אן אומטעיגער געקוקט אין יענער זייט פון דער קאָלאָניע, וואו יהודית איז געווען. מיט א פּאָר טעג פריהער איז ער ארויס פון שפּיטאָל און איז באלד אוועקגעפאָהרען אין קאָלאָניע, מיט דער האָפנונג, אז יהודית וועט איהם איצט באגע־גענען פריינדליך און אז זי גלויבט, אז ער איז אומשולדיג. אָבער ער האָט א טעות געהאַט.

אויפ'ן אנדערען טאָג האָט ער זי געטראָפען אין גאַס. זי איז געגאַנגען צו דער ארבייט.

נפתלי, מיט א שטאַרקען קלאַפּענדיגען האַרץ, איז איהר געגאַנ־גען אנטקעגען. באמערקענדיג איהם פון דערווייטענס, האָט זיך יהודית אָפּגעשטעלט: נאָר באַלד זיך אָפּגעקערט אָן א זייט און איז פאַרביי א פרעמדע, א שטאָלצע.

— יהודית! — האָט זיך נפתלי א יאָג געטאָן נאָך איהר. —

אָבער יהודית איז געגאנגען ווייטער מיט הארטע, פעסטע טריט, א שלאנקע, א רייאענדע.

שווארץ זיינען געוואָרען פאר איהם די טעג.

איינמאָל אין א שטערענלאָזען נאכט האָט ער פארבלאָנדזשעט אין צווייטען וויין־גאָרטען, וואו עס האָט געוועכטעט דער אלטער מיכאל.

בייםביידעל האָט געפלאקערט א פייער און אימיצער פון די ארבייטער איז מיט'ן אלטען געזעסען ביים פייער.

— מען קאָן דאָך אזוי גאָרניט וויסען, — האָט ער דערהערט דעם אלטענס שטים. — נארישקייטען! מען טאָר ניט גלאט אזוי באשולדיגען א מענשען. וועמען קאָן ער דאָ שפּיאָנירען? נפתלי איז פארגליווערט געוואָרען.

— ווארט! — האָט זיך געהערט א יונגע שטימע. — מיר האָבען זיך איבערצייגט. מיר האָבען באקומען א בריף פון אונזערען א חבר.

— כ'גלויב ניט, — האָט איהם איבערגעשלאָגען דער אלטער, — איהר האָט ליב צופיל צו פּלאַפּלען.

פּלוצלונג האָט זיך דערהערט א פייף און נפתלי איז אוועק צוריק אין זיין וויין־גאָרטען.

ניין, ער וועט ניט אוועקגעהן פון דאנען. מאָג זיין הארץ אפילו פּלאצען צווישען זיי. מען דארף זיך נאָר מיט כח אָננעהמען איבערצוטראָגען די צרות. זיי וועלען נאָך ערפאהרען דעם אמת. קומען וועט א טאָג, ווען זיי וועלען איהם ברידערלאך אויסשטרעקען די הענט. יהודית וועט קומען זיך אנטשולדיגען. זיין געוויסען איז ריין.

זאָל ער זיך ווידער אומקעהרען אהין אין בייזען לאנד, וואו ער האָט געפיהרט אן אָרעם לעבען און זיך געיאָגט נאָך אן אטעס־טאט? ניין. ער וועט אין ערגעץ ניט אוועק פון דאנען. און גאָט איז מיט איהר, אז זי האָט אזוי גרינג געגלויבט אין דעם בלבול. אָ, יהודית, יהודית...

נפתלי האָט זיך אראָפּגעלאָזען אויף דער ערד. אין צווייטען וויינגאָרטען האָט ווער געזונגען אָהן ווערטער, מיט א שטארקער שטימע, און ס'האָט זיך געהערט א הילכיגער, זילבערנער געלעכ־

טער פון א מיידעל. דער רייצענדער, קלינגענדער געלעכטער האָט זיך געדרעהט איבער איהם, און ס'האָט זיך איהם פארוואָלט ווייַנען. ער האָט ניט געקאָנט הערען די טענער, וואָס האָבען דערמאָהנט יהודית'ס געלעכטער. ענדליך איז אלץ שטיל געוואָרען און ער האָט געקאָנט ליגען א פארטיפטער אין זיינע אומעדיגע געדאנקען.

אין קאָלאָניע איז געווען א חתונה פון א יונגער, שעהנער מיידעל, א רייכען קאָלאָניסט'ס א טאָכטער. אין הויף, ביי דער כלה, האָט מען אויפגעשטעלט א דאך פון ראָגאָזשעס, מען האָט אָנגעגרייט א סך וויין פאר די געסט, די מוזיק האָט געשפּילט און פּאָרלאך האָבען זיך געדרעהט אין טאנץ. אלע וועכטער זיינען געווען שטיל אין די וויינגערטנער. ס'האָבען ניט געפלאַקערט קיין פייערען, ס'האָבען זיך ניט געהערט קיין שיסערייען, און אין שטילען רוה זיינען געלעגען ארום די ווייטע פעלדער.

נפתלי איז א גאנצען טאָג געלעגען איןביידעל. פארנאכט האָט ער גענומען די ביקס און איז ארויס וועכטעווען. ער איז א פּאָר מאָל ארומגעגאנגען דעם כרם און אומגעקעהרט זיך צום ביידעל. ס'איז שוין געווען פינסטער און דאָס ביידעל איז געשטאַנען פארטראכט, אזוי ווי שעפּצענדיג: טרויעריג איז דעם איינזאמען אויף דער וועלט, טרויעריג. און א טיפער וועה האָט אָנגעפילט זיין נשמה. און דער אָוונט איז געווען א ווארעמער, א שטילער און א צארטער, ווי די לאַסקע פון א מיידעל. ניט ווייט אויף דעם קאַוואַנע־פעלד, אויף דער „מוקטע", האָט אַן אראבישער וועכטער געשפּילט אויף א פייפעלע און די זיסע טענער האָבען זיך אין דער בלויער לופט געטראָגען ווי ווייסע מלאכים'לאך, וואָס זינגען צו גאָט, און טראָגען זיך איבער דער ערד, ווי אָנזאָגער פון שלום און ליבע.

דער אראבער האָט אלץ געשפּילט. און נפתלי האָט געקוקט אין דער קאָלאָניע, וואו יהודית איז געוועזען.

פון דער קאָלאָניע האָט זיך דערהערט דימוזיק. נפתלי האָט א ציטער געטאָן. ער האָט זיך דערמאָהנט, אַז היינט איז א חתונה. דאָרטען וועט געוויס זיין יהודית און עס האָט איהם א ציה געטאָן אהין צו זעהן יהודית אין איהר יום־טוב'דיגען קלייד.

און די מוזיק האָט געשפּילט, און די טענער פון דער פּלייט האָבען געמאַניעט.

— קום, אייל צו אונז, אריין אין קאראהאָד מיט דיין געליב־טער, איהרע אויגען ברענען, ווי שטערען, און זי איז שעהן. זי וואַרט אויף דיר, אייל! דאָס לעבען איז קורץ, און די יוגענט פאַרשווינדט.

אזוי, אזוי, — האָט אויסגעקלאַפּט די פּויק, און די פּלייט האָט ווידער געוויינט, געבעטען און גערופען.

— זיי קאָנען מיך פאַריאָגען, — האָט ער געקלעהרט, — „דאָס איז ניט קיין פּלאַץ פאר א שפּיאָן”, וועלען זיי זאָגען, און א באַליידיגטער, א פאַרפאָלגטער, וועל איך מוזען אוועק פון דאָר־טען.

צום ביידעל איז צוגעקומען אַן אַלטער אַראַבער.

— שלום צו דיר, כאַוואַדזשע, — האָט ער געזאָגט, צוגעהענ־דיג צו נפתלי׳ן, — פאַרוואָס געהסטו ניט אויף דער חתונה? געה, אַלע וועכטער זיינען דאָרט, האָב קיין מורא ניט. איך וועל דאָ היטען.

דעם אַלטען׳ס ווערטער האָבען ווי נאָדלען געשטאָכען זיין האַרץ.

— ווי שעהן מען שפּילט — האָט געזאָגט דער אַראַבער און זיך אַראָפּגעלאָזען אויף דער ערד.

א ווייַלע שפּעטער, ווען דער אַראַבער איז אוועק, איז נפתלי, געיאָגט פון גרויסער בענקשאַפט און איינזאַמקייט, אוועקגעלאָפען אין קאַלאָניען אויף דער חתונה. איין געדאַנק האָט זיך געדרעהט אין זיין קראַנקען קאָפּ, ער וועט דאָרטען זעהן יהודית׳ן. ער וועט הערען איהר שטימע, איהר געלעכטער, אפשר וועט זי איהם א שמייכעל טאָן, און פאַר אַלעמען אין די אויגען איהם נעהמען ביי דער האַנט און אריינפיהרען אין קאראהאָד.

„שפּיאָן, שפּיאָן!” — האָט זיך איהם אויסגעדוכט, אז עמי־צער שרייט איהם נאָך, און א פאַרוואונדעטער איז ער געבליבען שטעהן אין מיטען וועג. ס׳איז געווען שטיל. ס׳האָט זיך בלויז געהערט דער ווייטער רויש פון דער חתונה.

— גאָט מיינער! — האָט אַ קלעהר געטאָן נפתלי אין שרעק.
— איך געה אראָפּ פון זינען.

אויף דער חתונה איז געווען אַ גרויסער טומעל, און קיינער האָט איהם ניט באמערקט. ביי לאַנגע טישען האָבען די קאָלאָניסטען געגעסען און געטרונקען, ארום זיינען געשטאַנען אראבער און אראבקעס, צוקוקענדיג דעם אידישען יום־טוב, די אידישע „פאַנטאַזיע". די יוגענט האָט געטאַנצט. נפתלי האָט געזוכט צווישען דעם עולם יהודית'ן, נאָר ער האָט זי ניט געקאָנט געפינען. אפשר איז זי קראַנק? איז איהם דורכגעלאָפען אַ געדאַנק אין דעם מאָמענט, אָבער אָט האָט ער זי דערזעהן מיט אַ בחור אין אַ שווארצען העמדעל.

דאָס מיידעל איז געווען אין אַ ווייסער קלייד, מיט בלומען אין די האָר און אויפ'ן ברוסט. זי האָט איהם געהאַלטען פאַר'ן האַנט און געשמייכעלט מיט אַ כשופ'דיגען שמייכעל. איהרע אויגען האָבען געגלאַנצט און זי האָט אין גאַנצען געאַטעמט מיט פריהלינג מאָרגען, אַ רייצענדע און שטאַרקע.

נפתלי האָט איהר נאָכגעקוקט, קוים האַלטענדיג זיך אויף זיינע פיס.

מינוטען־וויז האָט זיך איהם געדאַכט, אז ער ליגט אַ קראַנקער אין היץ, און דאָס דרעהען זיך עפּעס שאָטענס ארום איהם, און ער קאָן בשום אופן ניט קומען צום באַוואוסטזיין...

— מוזיקאַנטען! שפּילט אַ פרעהלאַכס! — האָט אַ געשריי געטאָן דער אַלטער מיכאל און די מוזיק האָט אַ קלאַפּ געטאָן.

אַלע האָבען זיך גענומען פאַר די הענט און געלאָזט זיך אין אַ קאראהאָד צוקלאַפּענדיג מיט די פיס אין טאַקט פון די מוזיק. און יהודית מיט אַ בחור האָבען זיך ארויסגעריסען פון קאראהאָד און ארומנעהמענדיג זיך האָבען זיי זיך גענומען דרעהען באַזונדער, ווילד ווי דער פרייער ווינט. איהרע האָר האָבען זיך צוואָרפען, די בלומען זיינען געפאַלען צו די פיס. אום ניט צו פאַלען האָט זיך נפתלי אָנגעשפּארט אָן איינעם פון די שטאַנגען וואָס האָבען אונטערגעשפּארט דעם דאַך. און מיט אַמאָל, וואַקלענדיג זיך ווי אַ שיכור, איז ער אַ טויט־בלאַסער, מיט משוגע'נע אויגען, צוגעלאָפען צו יהודית'ן. ער האָט איהר געוואָלט עטוואָס זאָגען, אָבער

די מיידעל, דערזעהענדיג איהם, האָט א געשריי געטאָן, אוועקשלע־פענדיג דעם בחור אָן א זייט.

צווישען דעם רויש און טומעל האָט קיינער גאָרניט באמערקט. נפתלי איז געבליבען שטעהן א פארשטיינערטער און באלד מיט פעסטע טריט פארלאָזען די חתונה.

געוואָלט האָט ער זיך אומקעהרען אויפ'ן כרם, נאָר ארויס־געהענדיג איז ער אוועק אין דער אנדער זייט. אויפ'ן הארצען איז איהם פלוצים געוואָרען אזוי רוהיג און גוט. דער בייזער געדאנק אונטערצוצינדען די קאָלאָניע האָט איהם איצט אויסגעזעהן משונה'־דיג ווילד.

— הייליגע ערד, זיי מיר מוחל, — האָט א שעפּצע געטאָן נפתלי, און טרעהרען האָבען זיך באוויזען אין זיינע אויגען.

ער איז געגאַנגען שנעל. אין א פּאָר מינוט איז ער געווען אונטער דער קאָלאָניע, ביים זיתים־גאָרטען, דאָרט האָט ער זיך צוגעזעצט אויף א שטיין.

— אך, פאַרוואָס איז ער ניט אוועק מיט אהרנ'ען אין גליל. — דאָרט וואָלט מען דאָך איהם ניט אזוי נידעריג באשול־דיגט. אהרן קאָן דאָך איהם גוט. שוין מאָרגען וועט ער פארלאָזען דעם כרם און אוועקגעהן קיין גליל. דאָ וועט ער אראָפּ פון זינען. פון יהודית'ן מוז ער אוועק.

עס האָט געטאָגט. אין הימעל האָבען שטיל געצאנקט די שטערען. נפתלי איז אויפגעשטאנען און אריין אין גאָרטען, שווער שפּאנענדיג איבער דער צוגראָבענער ערד. ער האָט געפיהלט, אז א גרויסע ליבע צום אייגענעם לאנד פלאקערט אויף אין איהם. זאָלען זיי איהם אָפּשטויסען; די ערד, אָבער, די מאמע־ערד, וועט איהם צוטוליען ווי אַן אייגענעם זוהן.

זי וואַרט שוין לאנג אויף איהרע איבערגעגעבענע קינדער, וועלכע זאָלען אויפאקערען איהר אויסגעדאַרטען ברוסט און זי באפרישען מיט זייער שוויים און בלוט.

נפתלי האָט זיך אוועקגעלעגט אויף דער ערד און זיך צואוויינט מיט שטילע גליקליכע טרעהרען. און די בוימער שאָקלענדיג מיט די קעפּ איבער איהם האָבען ווי געשעפּצעט:

— מיך האָבען דיך ליב. מיר ווע̇לען דיך באַהאַלטען אין די שאָטענס פון אונזערע צווייגען. ליב אונז, ווי מיר ליבען דיך.

און דער פריהמאָרגען האָט זיך צופלאַקערט און באַלד איז אויפגעגאַנגען די זון, באַגילדענדיג די שפּיצען פון יהודה׳ער בערג. די ערד האָט מיט א שמחה ערוואַכט און די גאַנצע וועלט האָט זיך אָנגעפיהלט מיט א געזאַנג.

ווען נפתלי האָט זיך אומגעקעהרט אויפ׳ן כרם, האָבען די וועכטער אויף דער חתונה געטאַנצט דעם לעצטען טאַנץ מיט ארויס־געצויגענע קינזשאַלען אין די אויפגעהויבענע הענט. ארום האָבען אלע געקלאַפּט מיט די הענט צום טאַקט און די מוזיק האָט גע־שפּילט א קאַראָהאָד. געברומט האָט דער באַס, פרעהלאַך געפּויקט האָט די פּויק, נאָר די פליוט האָט געוויינט און געקלאָגט, געקלאָגט און געוויינט...

---

אין צוויי טעג ארום, מיט א פּעקעל אויף דער פּלייצע און מיט דער האָפנונג אויף א בעסערע צוקונפט, האָט נפתלי פאַרלאָזען די קאָלאָניע און צופוס אוועק צום אייביג גרינעם גליל.

(שלוס)

1916.

# שאַטענס קומען, שאַטענס גייען

דער סקולפּטאָר, שלמה פערלמוטער, איז געקומען קיין ארץ ישראל ווי אַ טוריסט. און צום ערשטען מאָל האָט ער דערזעהן אזיזאָ אין אַ הייסען זומער־טאָג, ווען אַ פּאַרמאַטערטער פון דורשט, איז ער געגאַנגען פון גליל קיין ירושלים און איז אריין אין אַן אָרעם דערפעל בעטען אַ טרונק.

ביי אַ ליימענער כאַטקע, אין אַ פאַרמינדערטען שאָטען פון אַ פאַרטריקענטען פייגענבוים האָט געדרעמעלט אַן אַלטע אראַבקע. ער האָט זי אויפגעוועקט, געגעבען אַ קליינע מטבעה און די פרוי האָט אימיצען אַ רוף געטאָן. און אין אַ פּאָר מינוט ארום, מיט אַ קליינעם קרוג אין האַנט, האָט זיך פון כאַטקע באַוויזען אַ יונגע, שלאַנקע פעלאַשקע מיט אַזאַ שטריינגער שענקייט, אַז דער קינסט־לער איז געבליבען שטעהן פאַרוואונדערט. און זי, איינבויגענדיג גראַציעז איהר שוואַרץ קעפּעל, האָט איהם דערלאַנגט דעם קרוג און אַ שמייכעל געטאָן, ווייזענדיג איהרע קליינע, ווייסע שטאַרקע ציינער.

דער קינסטלער האָט אַ טרונק געטאָן, נאָר ער האָט נאָך אַלץ געהאַלטען דעם קרוג און געקוקט אויף דער פעלאַשקע, וועלכע איז אָפּגעגאַנגען אָן אַ זייט און זיך אוועקגעשטעלט לעבען דער אַלטער אונטער'ן פייגענבוים, דערמאָנענדיג אַ שטילע, געהאָרכזאַמע גע־שטאַלט פון ריינער אומשולד. אוועקגעהענדיג האָט ער זי גע־פרעגט, ווי אַלט זי איז, און זי האָט איהם דערצעהלט, אַז זי איז שוין דריי יאָהר פאַרהייראַט פאַר אַ באַיאָהרענטען אראַבער, וועל־כער געפינט זיך איצט אויפ'ן וועג נאָך מעקאַ צו עולה רגל זיין אויפ'ן קבר פון'ם גרויסען נביא.

און דעם גאַנצען טאָג, שפּאַנענדיג איבער די וועגען פון די וויסטע בערג פון יהודה, האָט דער סקולפּטאָר געטראַכט וועגען

דער שעהנער פּעלאַשקע, וועלכע האָט איהם דערלאַנגט אַ קריגעל מיט קאַלטען וואַסער, און די נעדראַנקען וועגען איהר האָבען אָנגעפילט זיין הארץ מיט אַ שטילען טרויער און געבאָרען אין איהם בילדער פון בין השמשות'דיגע זונפארגאנגען ערגעצוואו אין אַן אומבאַוואוסטען גליקליכען לאַנד.

אינגיכען איז דעם סקולפּטאָר אויסגעקומען צו פּאַרלאָזען ארץ ישראל און אומקערען זיך צוריק אין יענער גרויסער שטאָדט, וועלכע איז געוועזען אויסגעשמידט פון גראַניט, שטאָל און אייזען, — פון וואַנען ער איז געקומען.

אָבער אין דער שטאָדט האָט זיך אין איהם אויפ'ס ניי ערוועקט די נאָגענדיגע בענקשאַפט נאָך דער פארביגער, פול־בלוטיגער שענקייט פון דעם לאַנד פון זיינע קינדער־חלומות, און שטענדיג פלעגט ער זיך דערמאָנען אָן דער פּעלאַשקע, וועלכע האָט איהם דערלאַנגט אַ קריגעל מיט קאַלטען וואַסער אין אַ הייסען זומער־טאָג.

אָפט פלעגט ער אָנהויבען אויסצופורעמען איהר געשטאַלט, אָבער ער פלעגט לאָזען אומפארענדיגט, פיהלענדיג, אַז ער איז ניט בכח צו פארקערפערען דעם טיפען טרויער, וואָס האָט זיך געהילט אַרום די ראַנדען פון איהר פנים. און דער קינסטלער פלעגט אומעטיג טראַכטען:

אויפצולעבען איהר געשטאַלט קאָנען נאָר מעלאַנכאָלישע טענער פון די קינדער פון איהר פאָלק, וועלכע לאַגערען אין מדבריות; און די מעלאָדיען פון די יונגע פיהרער פון די קעמלען־קאַראַוואַנען, וואָס ציהען זיך איינזאַם איבער פארלאָזענע וועגען אין שטילע, בלויע נעכט.

* * *

אין איינעם פון די כמורנע הערבסט־טעג האָט שלמה פּערלמוטער, דער קינסטלער, דערפיהלט, אַז די שווערע בענקשאַפט פון דער גרויסער שטאָדט, אין וועלכער ער האָט געוואוינט, האָט דורכגעדרונגען זיין נשמה מיט אַן אויסערגעוועהנליכער קראַפט. ער איז שוין געוועזען עלטער פון פערציג יאָהר, און די שרעק פון טויט האָט זיך אַ ציה געטאָן נאָך איהם, ווי אַ שאָטען, האָט געוואַכט איבער זיין געלעגער, און מיט שוואַרצע פליגעל באַוועהט זיינע נאַכט־חלומות.

אין אזוינע שלאָפלאָזע נעכט פּלעגט ער ליב האָבען צו לייענען די ביבעל. עס פּלעגען אויפשטעהן וואונדערבארע בילדער, אָנגעפילענדיג זיין נשמה מיט א רוהיגען, נאאיווען גלויבען. אָט האָט זיך גאָט באוויזען צו אברהם'ען ביי די דעמבען פון ממרא, ווען ער איז געזעסען ביי דער טיר פון זיין געצעלט אין דער היץ פון מיטען טאָג. דריי מענער, מלאכים, געהען איבער'ן וועג מיט גרויסע שטעקענס אין די הענט, געהען אין רייה און די פּאָלדען פון זייערע לאַנגע, ווייסע קיטלען פאַלען ביז צו דר'ערד.

און דער קינסטלער האָט ווידער באַשלאָסען צו פאָהרען קיין ארץ ישראל. ער האָט פארקויפט זיין סטודיאָ. ער האָט זיך געזעגענט מיט די נאָהענטע און מיט א בארוהיגטען נעמיט, ווי א בעטלער, א פּילגער, האָט ער זיך געזעצט אויפ'ן שיף אריבערצושווימען דעם גרויסען אָקעאן און די ימים.

און ווען נאָך לאַנגע טעג פון וואנדערען האָט ער ווידער דערזעהן די ברעגען פון דער הייליגער ערד, האָט זיך זיין הארץ אָנגעפילט מיט גרויסער פרייד און רעליגיעזען עקסטאַז.

און אין יענער צייט, ווען ער איז אָנגעקומען אין ארץ ישראל, זיינען אין די באיאַרעס צייטיג געוואָרען די אפּעלסינען. און ער איז אוועק אין איינער פון די קאָלאָניעס פון יהודה זוכען פּראָסטע טאָג־ארבייט. ער האָט גרינג געפונען אזא פּלאַץ, און אין א זונינען פריהמאָרגען איז ער אוועק אין דער באיאַרע, וועלכע האָט זיך געפונען ביים וועג, וואס האָט געפיהרט צו אַן אראבישען דערפעל. צוגעהענדיג צום גאָרטען האָט ער דערזעהן א באיאָהרענטען אראַבער רייטענדיג אויף אַן אייזעל און א הינטער איהם איז געגאַנגען א שלאַנקע פרוי, וועלכע האָט איהם אויסגעזעהען צו זיין זעהר באַקאַנט. די פרוי האָט וואס געזאָגט דעם אראַבער און פארקירעווענדיג זיך אַן א זייט האָט זי זיך געלאָזען געהן צום גאָרטען, טרעטענדיג גראַציעז און פאַמעלאך מיט איהרע קליינע טריט פון איהרע באָרוועסע פיס. דער סקולפּטאָר איז נאָכגעגאַנגען נאָך איהר, דערמאָנענדיג זיך אַן יענער פּעלאַשקע, וועלכע האָט איהם געגעבען וואסער צום אָנטרינקען זיך אין א הייסען זומער־טאָג.

זיי זיינען ביידע אריין אין גאָרטען. די אידישע ארבייטער און די מיידלאך זיינען שוין געווען אויפ'ן פּלאַץ און מען האָט

געוואַרט, דער טוי זאָל זיך אויסטריקענען אויף די אַפּעלסינען. אויף דער ערד, לעבען אַ קופּע קערב, זיינען געזעסען אַראַבערינס און צוגעהערט זיך, וואָס עס האָט דערצעהלט זיי זייערע אַ יונגע חבר'טע, אַ בעדואינערין, מיט גרויסע צושראָקענע אויגען, ווי ביי אַ נאָכגעיאָגטער גאַזעל.

אַזיזאַ האָט זיך צוגעזעצט לעבען זיי, און דער קינסטלער האָט זיך געשטעלט פון דערווייטענס, אָנשפּאַרענדיג זיך אָן אַ בוים, ניט קאָנענדיג אָפּרייסען זיינע בליקען פון אַזיזאַ'ס פּנים. דערנאָך איז ער צוגעגאַנגען צו איהר און געפרעגט צי דערקענט זי איהם, און איהר געזאָגט אַז ער איז יענער וואַנדערער, וועמען זי האָט אַמאָל געזעהן אין איהר דאָרף און געגעבען אַ טרונק וואַסער אין אַ הייסען טאָג.

— איך האָב אויך געטראַכט, אַז דאָס ביזטו, הערר מיינער! — האָט געענטפערט אַזיזאַ און אָנגעשטעלט אויף איהם איהרע גרויסע שווארצע אויגען.

אַביסעל שפּעטער האָט מען אַלעמען אַ רוף געטאָן צו דער אַרבייט. די מיידלאך האָבען געשניטען די אַפּעלסינען פון די נידעריגע בוימער און ביי די שפּיצען פון די הויכע פלעגען שטעהן מענער אויף לייטערס. לעבען יעדערען איז געשטאַנען אַן אַראַ־בערין מיט אַ קאָרב אויפ'ן קאָפּ, וועלכע פלעגט אַוועקטראָגען די אַפּעלסינען אין געוועלב, וואו מען האָט זיי סאָרטירט און געפּאַקט אין קאַסטענס.

דער קינסטלער האָט געאַרבייט צוזאַמען מיט די אידישע מיידלאך. ניט ווייט פון איהם, אין דערזעלבער אַלעע, איז געשטאַ־נען אַזיזאַ און ער האָט געטראַכט:

ווי מאָדנע אַלץ קומט פאָר אין זיין לעבען. קאָן זיין, אַז ס'האָט איהם אַ ציה געטאָן צוריק אַהער כדי זיך צו טרעפען מיט דער אָרימער פעלאַשקע, וועמען גאָט האָט באַשאָנקען מיט אמת'ער שענקייט.

אין עטליכע טעג אַרום האָט דער קינסטלער געשניטען די אַפּעלסינען פון די הויכע בוימער און אַזיזאַ איז געשטאַנען לעבען איהם, און מיט ברענענדיגע אויגען האָט זי זיך צוגעהערט צו די צערטליכע רייד פון שלמה פערלמוטער און געהאָרכזאַם זיך גע־

לאָזט גלעטען איהר יונגען, פאַרברױנטען קערפּער, װאָס האָט גע־אַטעמט מיט זון, װינטען און אַראָמאַט פון טרוקענע שטעכעדיגע גראָזען.

און דער קינסטלער האָט דערפיהלט, אַז גאָט האָט איהם באַ־שטראָפט מיט ליבע צו דער אָרימער פעלאַשקע און ער האָט זיך פאַרלאָרען, װי אַ אינגעל ביי דער ערשטער ליעבע. און אַזױ איז פון טאָג צו טאָג געװאָרען אַלץ רײצענדער און שענער. אין איהר האָט זיך דערװעקט די װילדע תאוה פון איהר פאָלק, און איהרע אױגען האָבען געברענט אַלץ ליכטיגער און געקוקט מיט אונטערטעניגקײט אױפ׳ן מאַן פונ׳ם פרעמדען לאַנד, װעלכער האָט זי באַצױבערט מיט גוטע װערטער. זי פלעגט איהם אױעקפיהרען אין די װײטע, שטילע װינקלען פון גאָרטען, און אויף דער ערד, באַמאָלען פון די פאַנטאַסטישע אוזאָרען פון די בוימער און באַ־שטראַלט מיט העלע פלעקען פון דער זון, פלעגט זי אין זײנע אָרעמס מורמלען:

— ליבער, גוטער הער מײנער.

אָפטמאָל פלעגט זי קומען אין גאָרטען צו דער ארבײט אין איהר בעסטען, טונקעל־רױטען לײװענטענעם קלײד, װאָס איז גע־װען אױסגענעהט אױף דער ברוסט מיט בלומען; פלעגט אײנ־פלעכטען אין די האָר אַ סך זילבערנע מטבעות; פלעגט אָנטאָן בראַסלעטען אויף די הענט; האָט געפאַרבט די נעגעל און זיך געצירט מיט בלויע שטערענדלעך אויפ׳ן פּנים.

אַזױ איז פאַרגאַנגען מעהר װי אַ חודש, װאָס האָט זיך פאַר־בײגעטראָגען פאַר שלמה פערלמוטער׳ן װי אַ װינטעלע איבער רױזען.

ארבײט איז געװאָרען װעניגער אין דער באַיאַרע. מען האָט אָפּגעזאָגט אײניגע פרױען, און מיט זײ אַזיזאַ׳ן. און דער קינסטלער האָט זי מעהר ניט געקאָנט טרעפען. ער האָט פאַרלאָזען די אַר־בײט און איז אַװעק װאַנדערען קײן ירושלים, באַזוכט אַלע אַלטע קברים, איז לאַנג געשטאַנען בײם כותל מערבי, צוהערענדיג זיך װי אַלטע אידען טוען תפילה און פאַלען צו מיט די קעפּ צו די ברײטע, קאַלטע שטײנער, באַװאַקסענע מיט מאָך. ער האָט אומ־געבלאָנקעט איבער די שמאָלע, טונקעלע געסלאַך פון דער אַלטער־

אַלטער שטאָדט, צוקוקענדיג זיך צו די פּנים'ער פון די תימנ'ער און ספרד'ישע אידען. פרייטאג־צו־נאַכט איז ער געגאַנגען אין די בתי־מדרשים פון די בוכארער אידען, וואו אויף נידעריגע ווייכע קאַנאַפּעס, באַלויכטען פון אויל־לעמפּלאך, זיצען זיי אין זייערע פיל־פארביגע בגדים און זינגען מעלאַדיש „שיר השירים", אז די ליבע איז בעסער פון וויין און א מיידעל מיט טויבען־אויגען, וואָס קוקט דורכ'ן פענסטער, איז וואונדערשעהן. ער איז דורכגעגאַנגען דעם מדבר פון יריחו, וואו די זאַמדען ציהען זיך ווי כוואַליעס אויף א טייך, און אין לבנה־נעכט גלאַנצען זיי מיט מיליאָנען אָפּ־שפּיגלענדיגע שטיינדעלאך. ער האָט זיך געלאָבט מיט'ן ים המלח, וואָס איז געשלאָפען ווי א פארצוויבערטער בן מלך איינגעהילט אין שווארצען סאַמעט, און האָט געשטילט זיין דורשט מיט דעם ריינעם וואַסער פון פליסענדיגען ירדן.

נאָר ער האָט אַלץ ניט געקאָנט שטילען זיין בענקשאַפט נאָך אזיזא'ן. און איינמאָל, שוין אין אָנהויב פריהלינג, איז שלמה פערלמוטער ארוים פון ירושלים און זיך געלאָזט געהן צום דאָרף, וואו ס'האָט געוואוינט אזיזא. אויפ'ן דריטען טאָג, ווען ער האָט זיך דערנעהנטערט צום פארטריקענטען פייגענבוים, האָט ער דער־זעהן א רעדעל וויינענדיגע פרויען ביי דער טיר פון איהר ליימענער כאַטקע. די שטערענס ביי די פרויען זיינען געווען ארומגעבונדען מיט רויטע טיכלאך, אלס צייכען פון טרויער ביי די קלאָגערינס פון מזרח, און מיט אנדערע טיכלאך האָבען זיי געדרעהט פאר די אוינן, און רייבענדיג דים נאַקען פארגאַנגען זיך אין א געוויין:

— יאַ־וואַ־ראַ־די! — ווינד און וועה אי זמיר!

דער קינסטלער איז אָפּגעגאַנגען אָן א זייט און זיך צוגעזעצט לעבען אַן אַלטען, בלינדען אראבער, וועלכער איז געזעסען אויף א שטיין הינטער די קאַקטוסען ביים שטעג צום דאָרף.

— זאָג מיר, ליבער אַלטער, ביי וועמען אין שטוב האָט גע־טראָפען אַן אומגליק?

— אָ, כאַ־וואַדזשע, שאָטענס קומען, שאָטענס געהען, — האָט געענטפערט דער בלינדער און גענומען דערצעהלען וועגען אזיזא'ן. — פון דעם האָט געוואוסט דאָס גאַנצע דאָרף. זי איז געווען שוואַנגער און איינע פון די אַלטע פרויען האָט פאַר'סמ'ט איהר

מוטער־טראַכט. מיט אַ פּאָר שעה צוריק איז זי געשטאָרבען. אַט די אזיזאַ, וועלכע איז געווען ביי איהר מאַן דאָס ליכט פון זיינע אויגען און די שענסטע טאָכטער פון דעם גאַנצען געגענד איז מעהר ניטאָ צווישען אונז.

שלמה פּערלמוטער האָט פאַרגליווערטערהייט אויסגעהערט דעם בלינדען אראבער און די וויינענדיגע שטימען פון דאָרף האָבען זיך געהערט אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער, אָנוואַרפענדיג אַ שווע־רע מרה שחורה אויף איהם.

ער איז געבליבען זיצען אויפ׳ן שטיין. דער בלינדער איז אוועק אין דאָרף און אַביסעל שפּעטער האָט ער געזעהן ווי די איינוואוינער פון דעם אָרימען דערפעל האָבען זיך אַ לאָז געטאָן נאָך דער מטה, אויף וועלכער ס׳איז געלעגען אזיזאַ׳ס טויטער קערפּער. פאָראויס זיינען געגאַנגען די מענער און אַ פּאָר בלינדע און טרויעריג געזונגען תפילות. די פרויען זיינען געגאַנגען נאָך דער מטה, האָבען געדרעהט מיט די רויטע טיכלאך פאַר די אויגען, און געוויינט און געיאָמערט:

— יאַ־וואַ־דאַ־די! — ווינד און וועה איז מיר!

שלמה פּערלמוטער האָט מיט טרערען אין די אויגען לאַנג נאָכגעקוקט די לויה, ווי זי האָט זיך געצויגען איבער׳ן פעלד צום ווייטען אראבישען בית עולם.

— שאַטענס קומען, שאַטענס גײען — האָט ער זיך דער־מאָנט אָן די ווערטער פון דעם בלינדען אראבער און איז אוועק צוריק מיט׳ן וועג, מיט וועלכען ער איז געקומען.

# שטאַרקער פון טויט.

און אבשלום, דער אינגסטער זוהן פון אַן אָרימען טעפּער, איז געווען אַ חולה נופל. די איינוואוינער פון די וויסטע בערג פון יהודה און פילע פון זיין אייגענעם דערפעל האָבען איהם געהאַלטען פאר אַ הייליגען און אין די טעג, ווען דער רוח הקודש האָט געלויכ־טען אין זיינע טיפע פארבענקטע אויגען, פלעגען זיי אָפט ברענגען צו איהם קראַנקע ער זאָל זיי טרייסטען, היילען און בעטען פאר זיי רחמים.

נאָר די אַלטע מוטער פון אבשלום׳ען וואָס איז געווען אַ טאָכ־טער פון אַן ערד־ארבייטער און געקומען קיין יהודה פון אַ ווייטען בליהענדען לאַנד, פלעגט האַלטען אין איין ווייגען און באַדויערען זיין יוגענד. ווייל ער האָט ניט ווי אַלע אַנדערע בחורים געשפּילט אויף די הילצערנע פייפלאַך ביי די ליימענע באַטקעס פון די ברוין־לייביגע טעכטער פון זיין פאָלק און פלעגט ניט געהן מיט זיי אין די קאַראַהאָדען טאַנצען, אין די שטילע פאַרנאַכטען, ווען די גרוי־סע רויטע זון זעצט זיך הינטער די בערג. און די אַלטע מוטער פלעגט אָפט צוקומען צו גאָט׳ס הויז, וואו אבשלום איז שטענדיג געזעסען אויף אַ גרויסען שטיין, פאַרטיפט אין זיינע געדאַנקען און געקוקט אויפ׳ן ווייטען וועג, וואָס האָט זיך ערגעץ ווייט גע־צויגען אונטען אין טאָל. און זי פלעגט רעדען צו איהם:

— זוהן מיינער, שטעה אויף און קום אַהיים, וואו דו וועסט העלפען דיין פאָטער אין זיין אַרבייט. דיינע ברידער געהען אום מיט די קאַראַוואַנען, וואָס ציהען זיך פון ירושלים צום גרוי־סען בלויען ים און צוריק. זיי האָבען שעהנע פרויען און געזונטע קינדער און פון איינעם פון זיי דערצעהלט מען, אַז ער איז שטאַרק ווי אַ לייב, פלינק ווי אַ ווינט און דער מלך פון די גרינע טאָלען האָט איהם צוגענומען צו זיינע גבורים. און די טאָכטער פון רייך־

כען סוחר אריה האַלט אין איין בענקען נאָך דיר און גאַנצע אווענ־טען זיצט זי ביים שוועל פון אונזער כאַטקע און וואַרט אפשר וועסטו צוקומען אהיים. און אַלע זאָגען, אַז זי איז שעהן, ווי דער פריהלינג אין מיין ווייטען בליהענדען פאָטערלאַנד, און איהרע אויגען זיי־נען ווי צוויי בלויען פאַרטראַכטע טייכעלעך ביי די טויערען פון אַ צויבערגאַרטען. שטעה אויף, מיין זוהן און קום אהיים.

נאָר אבשלום פלעגט אַלץ בלייבען זיצען לעבען גאָט'ס הויז, טרייסטען און היילען קראַנקע, וואָס האָבען פאַרלאָרען זייער גלויבען און רוה, און געבעטען פאַר זיי רחמים.

און אַזוי האָבען זיך געצויגען טעג נאָך טעג אין דעם אָרימען שטילען דערפעל אין די בערג פון יהודה.

און איינמאָל, אין דער צייט פון די ווינטערדיגע רעגענס, איז אבשלום געזעסען אויף זיין שטיין און איהם איז געווען זעהר אומעדיג.

— גאָט, — האָט ער שטיל גערעדט צו זיך, — מיין נשמה איז פול מיט טרויער און וואוהין זאָל איך געהן צו געפינען רוה.

און ער איז צוגעפאַלען מיט'ן פנים צו דער ערד, און דער רוח הקודש האָט גענומען ארויסלייכטען פון זיינע טיפע, פאַרבענקטע אויגען און ער איז אַזוי לאַנג געלעגען לעבען גאָט'ס הויז, וואָס איז געשטאַנען אַ שטילע און אַ ווייסע אויף אַ בערגעל אין שאָטען פון מאַנדעל־בוימער.

דערנאָך האָט ער זיך אויפגעהויבען פון דער ערד און איז פאַמעליך אוועק מיט דער סטעזשקע, וואָס האָט געפיהרט צום ברייטען וועג אין טאָל. ער האָט ניט געוואוסט, וואוהין און צו וואָס ער געהט און אַזוי איז ער געגאַנגען אַ גאַנצען טאָג און מיט אמאָל האָט ער זיך דערזעהן לעבען אַ גרויסער שטאָדט און אַז די זון זעצט זיך שוין הינטער איהרע הויכע ווייסע טורעמס.

און ווידער איז איהם געוואָרען זעהר אומעטיג, און ער האָט שטיל גערעדט צו זיך:

— גאָט, דיין וועלט איז פול מיט טרויער און די מענשען ארום זיינען קראַנק און איינזאַם. מיין נשמה געהט אויס פון וועה. וואוהין זאָל איך געהן זוכען רוה?

און עס האָט איהם אַ ציה געטאָן ווייטער. אין אַ פּאָר טעג ארום איז ער אָנגעקומען קיין גליל אין אַ פרוכטבארען טאָל, וואָס איז

געווען באדעקט מיט א פילפארבינען טעפיך פון העל־רויטע מאָן-בלומען, אדאָניסען און פיילכען.

און אין יענעם טאָל האָט געוואוינט אַן אַלטער רייכער אידי־שער פּרינץ. ער האָט געהאַט א סך צוויי הויקערדיגע קעמלען, שוואר־צע אָקסען און דינפּיסיגע ציגען. זיינע דריי זיהן זיינען געפאלען אין מלחמה, די פרוי איז געשטאָרבען, און ער האָט דערלעבט זיינע טעג מיט זיין בת יחידה רבקה, וואָס איז איהם געווען טיי-ערער ווי דער שיין פון זיינע אויגען.

די פּאסטוכער פון יענעם טאָג פלעגען שטארק בענקען נאָך איהר, און זייער טרויער און ליבע אויסגיסען אויף פייפלאַך אין די שטילע נעכט. נאָר צו אַלע בחורים איז געווען קאַלט איהר הארץ. און די שעהנע יונגע פּרינצעסין מיט די שווארצע צעפּ און שלאַנקע פיס מיט קליינע טריטלעך איז שטענדיג ארומגעגאנגען אליין אָדער מיט איהר אַלטען פאָטער און אַלע אַלע ארום און ארום אין טאָל האָבען געוואוסט, אז די מיידעל ליידעט פון א שווערער מרה שחורה און זוכט דעם טויט. און ווען אבשלום איז געקומען אין טאָל און האָט דערזעהן רבקה'ן מיט איהר פאָטער אין ארייג־גאנג פון זייער גרויסען הויז מיט מארמאָרנע קאָלאָנען, איז ער געבליבען שטעהן א פארטראַכטער. און זי האָט אויף איהם אָנ־געשטעלט איהר אָנגעצויגענעם בליק און געפרעגט ביים פאָטער:

— ווער איז דער יונגערמאַן? ער האָט א פּנים פון א נביא און איז וואונדער שעהן.

— דאָס מוז זיין איינער פון די פּאסטוכער פון די וויסטע־נישען פון יהודה, — האָט געזאָגט, א קוק טוענדיג אויף אבשלום'ען דער אַלטער פּרינץ. — זיי וואנדערען אָפט ארום איבער דעם טאָל. אַלע זיינען זיי שלאַנק און שעהן און זאָגען נביאות.

— פאָטער, וואָס פאַר א אויגען ער האָט! — איז געוואָרען באצויבערט די פּרינצעסין און זיי זיינען אריין אין הויז.

און אבשלום איז געבליבען אין טאָל ביי די פּאסטוכער. איי-נער פון זיי האָט איהם דערקענט און אַלעמען דערצעהלט אז ער איז א נביא און היילט און טרייסט קראַנקע און בעט פאַר זיי רחמים.

און די שעהנע פּרינצעסין רבקה האָט ווידער געזוכט דעם טויט און געוויינט און געיאָמערט דורך די נעכט און אָנגעוואָרפען א שווערען אומעט אויפ'ן אַלטען פּרינץ.

און איינער פון זיינע פּאַסטוכער האָט איהם דערציילט ווע־גען אבשלום'ען און דער פּרינץ האָט געהייסען מען זאָל ברענגען דעם נביא צו איהם. און ווען אבשלום איז געקומען צום פּרינץ, איז ער געווען מיד און שוואך און אין די אויגען זיינע האָט גע־לויכטען דער רוח הקודש. און דער פּרינץ האָט געזאָגט:

— איך האָב איין־איינציגע טאָכטער. איהר איז שווער דאָס לעבען און זי זוכט דעם טויט. זי איז שעהן, יונג און רייך. מען זאָגט, אז דו היילסט קראַנקע. וואָס דו ווילסט וועל איך דיר גע־בען, נאָר טרייב ארויס פון איהר נשמה דעם בייזען אומעט און פאַריאָג די שלעכטע גייסטער, וואָס געהען נאָך איהר נאָך ווי א שאָטען און גיבען איהר ניט קיין רוה.

און אבשלום האָט געפרעגט:

— וואו איז זי, די טאָכטער דיינע?

און דער אַלטער פּרינץ האָט איהם אריינגעפיהרט אין איהר צימער, וואָס איז געווען באַצירט מיט גאָלד און זילבער און מיט פיגורען אויסגעשניצט פון טייערע העלפאַנט־ביינער. און דער יונ־גער נביא איז טרויעריג שטעהן געבליבען אין טיר, ווען ער האָט דערזעהן די קראַנקע פּרינצעסין. זי איז געזעסען אין א ווינקעל און מיט ביידע הענט געהאַלטען צוזאַמענגעדריקט איהר קאָפּ, די אויגען, ווי סאַפּירען, זיינען געווען ברייט און צושראָקען פאַנאַנ־דערגעעפענט און א בייזער אומעט האָט געלויכטען אין זיי.

— טאָכטער מיינע! האָט ארויסגערעדט דער אַלטער פּרינץ.

די מיידעל האָט דערזעהן אבשלום'ען און איז אויפגעשטאַנען. איהרע צוויי דיקע שווארצע צעפּ האָט זי אראָפּגעלאָזט אויף דער ברוסט. זי האָט א קוק געטאָן אויף זיין שלאַנקען דארען קערפּער, וואָס איז געווען אָנגעטאָן אין א לאַנגער ווייסער לייווענטענער העמד. אויף זיינע לאַנגע געדיכטע האָר און צאַרטען לאַנגליכען פּנים מיט די גרויסע פאַרבענקטע אויגען — און געפרעגט:

— ווער ביזטו?

— שוועסטער מיינע, — האָט געענטפערט אבשלום, — איך בין געקומען פון די וויסטע בערג פון יהודה. מיין פאָטער איז אַן אָרימער טעפּער און מיך האָט גאָט באַשטראָפט מיט ווער און אַו־מעט און געהייסען טרייסטען און היילען קראַנקע. אַ; איינ־מאָל בין איך אזוי געזעסען אויף מיין שטיין לעבען גאָט'ס הויז

און מיט אמאָל בין איך צוגעפאַלען צו דער ערד, און ווען איך בין אויפגעשטאַנען, האָב איך אין מיין נשמה דערהערט אַ קול, אַז איך זאָל פאַרלאָזען מיין אָרים דערפעל און געהן אין דער וועלט ליידען מיט ליידענדע, און טרייסטען זיי און בעטען רחמים. און איך בין געקומען אהער צו דיר, יונגע פּרינצעסין, צו פאַריאָגען דיין שווערען אומעט.

און אזוי האָט אבשלום נאָך לאַנג גערעדט צו דער קראַנקער. זי האָט געקוקט אויף איהם און אַלץ ליכטיגער איז געוואָרען איהר פּנים און אַלץ ווייטער זיינען אָפּגעטראָטען פון איהר די שלעכטע גייסטער און דער בייזער אומעט איז אוועקגעפלויגען אויף זיינע שוואַרצע פליגעל.

און אזוי פלעגט דער אַלטער פּרינץ אָפט ברענגען דעם יונגען נביא צו זיך אין הויז. און אמאָל, אין די ברענענדיגע הייסע נאָכמיטאָגען, ווען די שעפעלעך אין טאָל פלעגען מיט אראָפּגעלאָזענע קעפּ פויל צופּען די זאפטיגע גראָזען, פלעגט זיך אבשלום מיט רבקה׳ן טרעפען ביים טייכעל און דאן ווידער צו איהר רעדען און רופען זי דינען גאָט און העלפען ליידענדע.

און איינמאָל האָט פּלוצים אבשלום דערהערט אַ גרויס געוויין און יאָמער, וואָס האָט זיך געטראָגען פון פּרינץ׳ס הויז. די קלאָגערקעס זיינען שוין אָנגעלאָפען ווי שוואַרצע פויגעל און האָבען געדרעהט פאַר די אויגען מיט די רויטע טיכלעך און געשריען:

— ווינד און וועה איז אונז, די פּרינצעסין איז געשטאָרבען.

דער אַלטער פּרינץ איז ארומגעגאַנגען איבער די פּוסטע צימערען און געוויינט אויפ׳ן קול.

מען האָט געפונען זיין טאָכטער אַ טויטע אין בעט.

צוויי טעג פריהער איז זי ניט ארויס פון איהר צימער און מען האָט נאָר געהערט, ווי זי רעדט מיט די שלעכטע גייסטער, וואָס געהען נאָך איהר נאָך און מאַטערט זיך פון אומעט.

און אבשלום איז צוגעגאַנגען צום פּרינץ׳ס הויז און זיך אָפּגעשטעלט ביים טיר.

— הערט אויף צו וויינען, — האָט ער געזאָגט צו די קלאָגערקעס, — אַ נס, אַ גרויסער נס וועט געשעהן.

און מען האָט איהם אריינגעפיהרט אין צימער, וואו די פּרינצעסין איז געלעגען אויף דער ערד אַ טויטע, און ער האָט זיך אראָפּ־

געלאָזט אויף די קני ביי איהר קאָפּ און, שטיל געגומען גלעטען איה־רע האָר, די בלאַסע צארטע באַקען און שטערען, און האָט אַלץ געדערט גוטע, ווארימע ווערטער און געבעטען זי אויפשטעהן. און די יונגע פרינצעסין האָט פּאַמעליך גענומען אויפמאכען איהרע אויגען און אַ מידער ליבער שמייכעל האָט זיך באַוויזען אויף איהרע בלאַסע ליפּען.

און אַלע ארום זיינען צוגעפאַלען צו דער ערד און גענומען זינגען שבחים צו גאָט און צו זיין גרויסען נביא, וואָס איז געקומען פון די וויסטע בערג פון יהודה.

און פון דאַמאָלט אָן פלעגען די פּאַסטוכער פון טאָל באַזינגען די ליבע פון דער יונגער פּרינצעסין צום אָרימען טעפּער׳ס זוהן, די ליבע, וואָס איז געווען שטאַרקער פון טויט.

# די בלויע פויגלען.

דאָס איז געווען אין א צייט ווען איבער די וויסטעניִשען פון יהודה האָט זיך געטראָגען א שווערער הונגער און די בייזע נויט איז געשטאַנען ביי די טירען פון יעדען ליימענעם הייזעל און גע־קראַקעט און געשריען ווי די שוואַרצע ראָבען אין די פינסטערע קאַלטע הערבסט־נעכט ערגעץ וואו אין ווייטען צפון. און אין יע־נער צייט, אין א טרוקענער געגענד לעבען אן אור־אַלטען קבר פון א אידישען נביא, איז געשטאַנען א קליין דערפעל פון עטליכע שטיב־לאך און מיט א ברונעם, ביי וועלכען עס איז געלעגען א גרויסער שטיין. די אידען פון יענעם דערפעל זיינען געווען זעהר פאַר־אָרימט נאָך פון פריהער. די ערד אַרום און אַרום איז געווען א מאגערע, א שטיינערנע, און ווי זיי האָבען זיך ניט געמאַטערט איבער איהר מיט זייערע פאַרצייטיגע סאָכעס, האָט זי זיי נישט געקאָנט צו זאט ערנערען.

און עס האָט געטראָפען אז ביים אָרימסטען פון די ערד־אַרביי־טער איז אויסגעוואקסען א זוהן עזרא, און ער איז געוואָרען שעהן און שטאַרק ווי א יונגער דעמב אין דער גרינקייט פון פריהלינג.

און איינמאָל, אין א זומער־אָווענט, ווען איבער די בערג פון יהודה איז אויפגעגאַנגען א רויטע לבנה, האָט ביי דעם דערפעל לעבען ברונעם זיך אָפּגעשטעלט א קאַראַוואַן. די טרייבער פון קאַ־ראַוואַן, מענער פון אן אנדער פאָלק, האָבען אָנגעטרונקען די קעמ־לען און שוין געוואָלט ציהען ווייטער, נאָר דאָ איז צו זיי צוגע־קומען עזרא, געבענשט זייער אָנקומען, און זיי פאַרבעטען צו זיך. די טרייבער האָבען די גאַסטפריינדליכקייט מיט דאַנקבאַרקייט אָנ־גענומען. און אביסעל שפּעטער זיינען עזרא, זיין פאָטער און די געסט געזעסען ביי פייער און שטיל גערעדט וועגען די ווייטע לענ־

דער איבער די בלויע ימים, וואו מענשען באָדען זיך אין גאָלד און וואו די פרויען זיינען ווייסער פון שניי און זיסער ווי האָניג.

— אָ, גאָט, — האָט עזרא אָפּגעזיפצט, און זיינע גרויסע שווארצע אויגען האָבען זיך אָנגעצונדען מיט אַ פייער פון בענק־שאַפט, און דאָס האַרץ האָט איהם אַזוי שטאַרק גענומען ציהען אין יענע ווייטע וואונדערליכע לענדער.

און נאָך האָט דערצעהלט איינער פון די טרייבער פון קאַ־ראוואַן, זעהר אַן אַלטער מאַן, אַז אויף די ימים איז דאָ אַ אינזעל און דאָרטען פליהען ארום בלויע פויגלען וואָס רעדען אַ מענשליכע שפּראַך און ווייסען אַלע סודות פון דער וועלט, און ווער עס קען איינע פון זיי כאַפּען, ווערט גליקליך, רייך און באַריהמט און דער טויט קען יאָהרען לאַנג ניט אַריין אין זיין הויז.

נאָר די פויגלען איז שווער צו כאַפּען, ווייל זיי ווייסען, אַז מענשען זיינען שלעכט און פליהען אימער הויך, הינטער די וואָל־קענס אין הימעל אַריין, אַרום דעם כסא הכבוד.

— אָ, גאָט, — האָט ווידער אָפּגעזיפצט עזרא און איז לאַנג געלעגען פאַרטראַכט ביים פייער.

שפּעט אין אָוונט האָבען זיך די געסט לאַנגזאַם אויפגעהויבען, אָפּגעזעגענט זיך מיט'ן באַלעבאָס און געזעצט זיך אויף די קעמלען.

און דער קאַראוואַן האָט זיך אוועקגעצויגען ווייטער, מעלאַנ־כאָליש קלינגענדיג מיט די גלעקלאַך אין דער טיפער שטילקייט פון דער רוהיגער זומערנאַכט.

עזרא איז געשטאַנען אויפ'ן שטיין ביים ברונעם, האָט לאַנג נאָכגעקוקט דעם קאַראוואַן, און די לבנה איז שוין אַרויס פון די בערג און געשוואומען אין דערמיט פון הימעל, באַגיסענדיג די שווארצע וויסטע געגענד מיט אַ פאַספּאָריש געהיימניספולען ליכט.

און דערנאָך איז עזרא אוועק אין צווייטען דערפעל, וואו זיין געליבטע האָט געוואוינט, די יונגע שעהנע רחל. פון ווייטען האָט ער געהערט, ווי די נויט שרייט ביי איהר טיר, ווי אַ שווארצע ראָב אין דער נאַכט.

— קראַ, קראַ, קראַ.

ער האָט אָנגעקלאַפּט אין פענסטער און זי איז אַרויס צו איהם אַ שטילע, אַ מידע, איהרע פולע ליפען זיינען געווען בלאַס

און פארשמאכט פון הונגער און די אויגן האָבן געברענט מיט א פיבערדיגע שיין.

ער האָט איהר דערצעהלט וועגן די טרייבער פון קאראוואן, וועגען די ווייטע רייכע לענדער אריבער די ימים און וועגען יענעם אינזעל וואו עס געפינען זיך די בלויע פויגלען, וואָס רעדען א מנשליכע שפראך, ווייסען אלע סודות פון דער וועלט, און ווען מען כאפט איינע פון זיי, ווערט מען רייך, שטארק און באריהמט. און אז ער האָט באשלאָסען געהן זוכען די פויגלען און שפעטער באגליקען זיין אָרים לאַנד.

און א גאנצע נאכט האָבען זיך עזרא'ן גע'חלום'ט, ווייס־לייביגע מיידלאך מיט בלויע אויגען, אָנגעטאָן אין לייכטע, זיידענע קליידער, ווי בת מלכות. אין גלייכע שורות זיינען זיי געגאנגען נאָך וואסער צום זילבערדיגען פאָנטאַן און זייערע גאָלדענע קרוינען האָבען געפינקעלט מיט בריליאנטען. און דער אינזעל האָט זיך איהם גע'חלום'ט און א גרויסער בלויער פויגעל האָט גערעדט צו איהם מיט א מענשליכער שפראך און דערצעהלט פון אוצרות וואָס זיינען באהאלטען אין די בערג פון זיין לאַנד, און אויף מאָרגען איז עזרא שוין ניט געגאנגען אין פעלד אריין.

— לאָזט מיר געהן אין ווייטען לאַנד אריין, — האָט ער געזאָגט צו זיין פאָטער און מוטער. — איך וועל ווערען רייך און באריהמט.

— וואוהין וועסטו געהן? — האָט די מוטער זיך צעוויינט. — דריי קינדער האָב איך געהאַט. האָט איינעם א שלאַנג געטויט, די שוועסטער דיינע איז בלינד געוואָרען, און דו ווילסט אונז אויך פארלאָזען. דער הונגער איז גרויס און דו ועסט פאַלען אין וועג.

נאָר דער פאָטער האָט געזאָגט:

—געה! און זאָל גאָט בענשען דיין וועג.

און אויפ'ן צווייטען פריהמאָרגען, עס האָט נאָר געגומען לייכטען אויפ'ן הימעל, האָט עזרא זיך געלאָזט אין ווייטען וועג, באגלייט מיט די ברכות פון טאַטען און דעם געוויין פון דער מאַמען און דער געליבטער. ער איז געגאנגען דריי טעג און דריי נעכט, ביז ער איז ענדליך אָנגעקומען צו די ברעגען פון גרויסען בלויען ים. אויפ'ן וועג האָבען זיך איהם פאָרגעשטעלט גערטנער, פאָנטאַנען,

גרויסע מויערען און הויכע שעהנע טורעמס. ער איז ווענינ־וואס געשלאפען און כמעט פארגעסען אן שפייז.

זעהט עזרא אויפ'ן ברעג שטעהט א שעהנער, שטארקער יונג, מיט א ברוינעם פנים, מיט א דרייסטען אדלער־בליק, און קוקט אין דער ווייטקייט אריין.

— שלום עליכם! — האט עזרא געזאגט.

— עליכם שלום — האט דער יונג געענטפערט — פון וואנען געהסטו?

— איך געה פון אן ארים דערפעל אין א ווייטען לאנד אריין צו זוכען רייכקייט און באריהמטקייט. זאג מיר, וואו געפינט זיך יענע שטאט, וואס מען קאן פון דארט אריבערשווימען דעם גרויסען ים.

— יענע שטאט איז ניט ווייט — האט דער יונג געזאגט. — קוק, אט ווייזען זיך די שפיצען פון איהרע טורעמס. פארנאכט געהט אפ א שיף צו יענעם אינזעל, צו וועלכען דו שטרעבסט. איך זיך, זיי געשיקט און געדענק, אז גאט איז מיט דעם, וואס וואגט.

און עזרא איז ווייטער געגאנגען און אט זעהט ער: עס זיצט אויפ'ן ברעג אן אלטער אין שמאטעס, אן איינגעדארטער ווי א סקעלעט, און קוקט אויף די כוואליעס, ווי זיי קומען מיט א האס־טיגען רוישען צו לויפען און לויפען אפ צוריק, און אזוי אייביג.

— שלום עליכם! — האט עזרא געזאגט.

— עליכם שלום — האט דער אלטער געענטפערט און אויפ־געהויבען אויפ'ן יונג זיינע טרויעריגע אויגען.

— פון וואנען געהסטו?

— איך געה פון אן ארים דערפעל אין א ווייטען לאנד זוכען רייכקייט און רוהם.

— זוהן מיינער, — האט דער אלטער געזאגט, — קעהר זיך אום צוריק צו דיין פאטער, מוטער און געליבטער און געה ווי פריער נאך דער סאכע. דער הונגער וועט פארביי און גאט וועט ווידער שיקען זיין ברכה אויף די פעלדער. רייכקייט און באריהמטקייט זיינען גלייך ווי די כוואליעס: אט קומען זיי אן און אט געהען זיי אוועק. זיי האלטען זיך נישט אויף תמיד. דאס רוישען זייערס

פילט נאָר אַז די נשמה מיט זאָרג און בענקשאַפט. נאָר עזרא איז ווייטער געגאַנגען און איז ענטדליך אָנגעקומען אין דעם פאַרשפּראָכענעם לאַנד, אין דעם לאַנד פון רייכקייט און גליק.

* * *

און ווען נאָך פילע יאָהרען וואַנדערונגען איבער ווייטע פרעמדע לענדער און אינזלען, אַן אויסגעמאַטערטער פון נויט און אייביגען זוכען די בלויע פויגלען, וואָס טראָגען זיך הינטער די וואָלקענס אין הימעל אַריין אַרום דעם כסא הכבוד, איז עזרא צוריק געקומען צו די ברעגען פון יהודה, האָט ער נאָך אַלץ געטראָפען דעם אַלטען ביים ים אין זיינע שמאַטעס. מיט טרויעריגע אויגען האָט נאָך אַלץ דער אַלטער געקוקט אויף די כוואַליעס, ווי זיי קומען מיט אַ האַסטיגען רוישען צולויפען און לויפען אָפּ צוריק. און אַזוי אייביג.

# א מלאך איז פארבייגעפלויגען

(א פאלעסטינער אידיליע)

.1

נעקומען איז דער פריהלינג. אין א פרעהליכען שווידער און אין א זיסער מידקייט האט געגרינט די הייליגע ערד. אין שניי־ווייסע געוועגדער ווי כלות, האבען זיך באפוצט די מאנדעל־בוימער, פאנאנדערגיסענדיג ווייט ארום כוואליעם ריח. זעל־טען שעהן איז געווען דער פריהלינג אין דער קליינער קאלאניע, וועלכע האט זיך מיט איהרע ווייסע הייזלאך און אראנזשען־גערט־נער צוגעטוליעט צום ברעג ים אין גרויסען עקאליפטוס־וואלד. און אין לבנה־נעכט, ווען דער וואלד פארטראכט זיך צוהערענדיג צום אייביגען ים־גערויש, פלעגען די קאלאניסטען־טעכטער שפא־צירען מיט די ארבייטער איבער די אלעען, זינגענדיג די מעלא־דישע מזרח־לידער, פול מיט צערטליכקייט און ליבע.

איינמאל אין א בלאסער, לינדער נאכט איז דער יונגער ארבייטער שמעון, וועלכער איז ניט לאנג געקומען פון יהודה, אוועק צו א קאלאניסט בעטען ארבייט. איינזאם האט ער זיך געפיהלט אין זיין נייעם פלאץ. און אין דעם פריהלינגס־אווענט האט ער זיך קיין ארט נישט געקאנט געפינען און זיין נשמה האט גענאגט פון בענקשאפט.

ביים קאלאניסט אין שטוב איז געווען פינסטער. אויפ'ן שוועל, איינגאנצען אין ווייסען, איז געזעסען א יונגע מיידעל און שטיל געזונגען. זי האט געהאט א שווארץ־חן'עוודיג פנים און גרויסע בלויע אויגען.

— דער טאטע איז אין דער היים ? — האט שמעון געפרעגט, קוקענדיג אויפ'ן מיידעל.

— ער קומט באלד, — האָט זי געענטפערט.

שמעון האָט זיך אוועקגעזעצט אויף א שטיין, וואָס איז געלעגען ביי דער וואנד און האָט זיך פארטראכט. און דאָס מיידעל האָט העכער אָנגעהויבען זינגען, אָנפילענדיג די זילבער בלויע לופט מיט די טענער פון איהר צארטען קול.

פּלוצים האָט זי זיך אָפּגעשטעלט און געפרעגט שמעון'ען:

— פון וואנען ביזטו געקומען? פריהער האָב איך דיך דאָ קיינמאָל ניט געזעהן.

—איך האָב געארבייט אין יהודה, — האָט ער געענטפערט.

ערגעץ אין וואלד האָט אָהן ווערטער געזונגען אַן אראבישער וועכטער. זיין ליד האָט אבל'דיג געקלאָגט און שמעון'ען איז געוואָרען אומעדיג פון דעם מאָנאָטאָנעם ניגון.

— דער וועכטער זינגט, — האָט דאָס מיידעל געזאָגט. — זיין שעהנע כלה איז געשטאָרבען און איצט בענקט ער און קלאָגט אלץ נאָך איהר.

זי איז אנטשוויגען געוואָרען.

די פולע לבנה איז ארויסגעשוואומען פון אונטער די וואָלקענס, און דער וואלד האָט ווידער אָנגעהויבען שטראהלען און פינקלען.

אויפ'ן וועג האָט זיך באוויזען מרים'ס פאָטער. הינטער איהם, מאָדנע שאָקלענדיג זיך, איז נאָכגעשוואומען זיין שווארצער, הויקערדיגער שאָטען.

— מען ווארט אויף דיר, — האָט מרים געזאָגט, געהענדיג איהם אנטקעגען.

גוט, מען האָט מיר שוין געזאָגט, — האָט ער זיך געווענדעט צו שמעון'ען, — קאָנסט זיך מאָרגען שטעלען ארבייטען.

שלום, — האָט שמעון געזאָגט און א נייג געטאָן זיך צום מיידעל.

שלום! — האָט דער אלטער געענטפערט און איז אריין מיט מרים'ען אין שטוב.

שמעון האָט נאָך לאַנג געבלאָנדזשעט איבער דער קאָלאָניע. אלץ שעהנער איז געוואָרען די נאכט. דער פארשלאָפענער טייכעל אונטער'ן „גאָלדענעם בארג" פון דער קאָלאָניע, האָט זיך איבער־געגאָסען מיט זילבערנע שטראָמען און א טיפער סוד האָט זיך

ווי אין וואלד פארבארגען. פריהמארגענס האבען די בוימער, די גרעזלאך און די פעלד־בלומען, גיסענדיג פון שמחה אלמאז־טרערען, אנגעהויבען זינגען צוזאמען מיט די פויגעל א מארגען־תפלה דער אויפגעהענדער זון. די ערד האט זיך אקאמפאנירט. די גאנצע וועלט איז פול געווארען מיט א געזאנג, און פון די בלויליכע הימלען האט גאט צו דער ערד א שמייכעל געטאן.

.2

שמעון איז פריה ארוים צו דער ארבייט.

די זון האט געשפילט מיט איזומרוסען אין דעם טוי־נאסען גראז. פון ים האט געבלאזען א ווייכער ווינטעל, וועקענדיג אין הארצען שטילע טרוימען. אין דער זעלבער רגע איז פון וואלד ארוים אויפ׳ן וועג מרים.

— מרים, שלום! — האט זיך שמעון דערפרעהט.

— שלום! — האט דאס מיידעל געענטפערט, אראפלאז־זענדיג איהרע אויגען. — איך האב ליב שפאצירען פריהמארגענס און קלייבען בלומען. איך באפוץ מיט זיי מיין צימער.

— זיי שאטען צו די אויגען, — האט שמעון געזאגט. — טראג זיי ניט צו צום פנים. דאס זיינען אנעמאנען.

— איך ווייס. און אט האב איך געפונען א בלויע פיילכען. זעה נאר ווי צארט זי איז.

געשטאנען איז מרים איהם אנטקעגען א צויבערענדע, א שעהנע און שטראהלענד איז געווען דער גלאנץ פון איהרע אויגען, און די יוגענד איהרע איז געווען ווי א ראזיגער פריהמארגען אין וואלד. שמעון האט אנגענומען דאס מיידעל פאר׳ן האנט. זי האט אויפגעציטערט און א שוואכע רויטקייט האט זיך אנגעצונדען אויף איהרע דונקעלע באקען.

— איך בין איצט געגאנגען און וועגען דיר געטראכט, — האט ער געזאגט, ארייגקוקענדיג דער מיידעל אין די אויגען.

זי האט איהר קאפ אראפגעלאזען און די בלום איז ארויסגע־פאלען פון איהר האנט. איבער זיי איז דורכגעפלויגען א מחנה פויגלען, הויך צווימשערענדיג.

— שפעטער וועל איך קומען אין גאָרטען און מיר וועלן צוזאַמען שניידן די אַפּעלסינען, — האָט מרים געזאָגט.

זי האָט אַ שאָקל געטאָן מיט׳ן קאָפּ און איז פאַרשוואונדן הינטער די ביימער. ער האָט איהר לאַנג געקוקט און געטראַכט:

— אפשר וועט זי מיך ליב באַקומען.

אַ געדיכטע, שאָטנדיגע אַלעע האָט אַרומגערינגעלט די באַיאַרע, וואוהין שמעון איז געגאַנגען אַרבייטען. ביים טויער פון גאָרטען, אויף אַ שטיין, איז געזעסען דער וועכטער, אַ יונגער, ברייט־ביינעגער, אָפּגעברענטער בחור.

— אשר, איז נאָך קיינער ניט פאַראַן? — האָט שמעון אַ פרעג געטאָן.

— דאָרטען זיינען חנה און בנימין, — האָט דער וועכטער אָפּגעענטפערט. — שמעון, האָסט געמערקט ווי חנה ווערט מיט יעדען טאָג שעהנער. אַז זי גיט אַ קוק אויף דיר, איז גלייך ווי די זון וואָלט אין פּנים אַ שיין געטאָן. אַך, איז דאָס אַ מיידעל.

חנה איז געווען די בעסטע אַרבייטערקע אין קאָלאָניע. אַן אָפּגעברענטע פון דער זון, אַ בויגזאַמע ווי אַ יונגע צווייגעל, מיט אַ ליבען, רופענדען שמייכעל אויף די פולע ראָזע ליפּען. די יונגע אַרבייטער האָבען געבענקט נאָך איהר און קיינער פון זיי האָט ניט געוואוסט וועמען זי וועט אַוועקגעבען איהר האַרץ.

— שושנה קומט! — האָט שמעון געזאָגט — באַלד וועלן מיר זיך שטעלען אַרבייטען.

אויפ׳ן וועג האָט זיך באַוויזען מיט אַ קערבעלע אין האַנד שושנה, די טאָכטער פון אָרימען שניידער. זעלטען ווען זי פלעגט זיך מיט עמיצען חבר׳ן, און אַן איינזאַמע, אַן אומעדיגע האָט זי שוין צייט איינגע יאָהר געוואַנדערט איבער די קאָלאָניעס.

— עס איז אַזוי לאַנגווייליג, — האָט ווידער אָנגעהויבען דער וועכטער. — און צו חנה׳ן איז נישט צוצוטרעטען. זי איז אַן אומרוהיגע. אַך, מען דאַרף גאָר אַוועק ערגעץ־וואו ווייט און אַן אַלץ פאַרגעסען.

ער האָט מיטביידע הענט צוזאַמענגעדריקט זיין קאָפּ. אין די לאַנגע, שלאָפלאָזע נעכט, זיצענדיג אָנגעשפּאַרט ביי אַ בוים און צוהערענדיג זיך צום קלענסטען גערויש, פלעגט ער חלום׳ען וועגען חנה׳ן. אָט געהט זי איהם אַנטקעגען אין פעלד אַ געזונטע,

א גליקליכע מוטער מיט א קינד אויפ'ן אָרעם ווען ער געהט צוריק פון דער ארבייט א מידער, מיט א קאָסע אויפ'ן אקסעל. זי איז שוין ניט ווייט פון איהם און דאָס ראָזע קינד ציהט זיינע דיקע הענטלאך און לאכט. און ארום און ארום שאָקעלט זיך שטיל דאָס פארטיגע, הויכע ברויט און די זון פארגעהט הינטער די איינענע בלויע בערג.

ווען דער טוי האָט אָפּגעטרוקענט אויף די אָראנזשען, האָבען זיי אָנגעהויבען ארבייטען. שמעון און בנימין זיינען געגאנגען מיט לייטערס און האָבען געשניטען די פירות פון די שפּיץ־בוימער. די מיידלאך האָבען געשניטען מעהר אונטען. לעבען יעדען איינעם איז געשטאַנען אַן אראבקע מיט א קאָרב אויפ'ן קאָפּ, אין וועלכען זי פלעגט אָפּטראָגען די אָראנזשען אין א גרויסען הילצערנעם קאמער, וואו מען האָט זיי סאָרטירט, גע־וויקעלט אין פּאפּיר און געפּאקט אין קעסטלאך.

שושנה האָט געארבייט שווייגענדיג. חנה האָט געזונגען ווי א פויגעל ביים זונען־אויפגאנג, אויך געפּלאַפּעלט אָהן אן אויפהער מיט איהר שווארץ אויגיגער פאטמא, וועלכע האָט געהאַט קוילען־ברענענדיגע אויגען און געזונטע ווייסע צייהן.

— חנה, לאָמיר זיך בייטען מיט די אראבקעס, — האָט זיך א ווייצעל געטאָן בנימין. — מיינע האָט אַן אויסזעהן פון א מכשפה.

— זי וועט צו דיר ניט געהן, — האָט חנה מיט א געלעכטער געענטפערט.

— פאטמא, וועסט געהן צו מיר?

— לא (ניין), — האָט די אראבקע געענטפערט, א שאָקעל געבענדיג מיט'ן קאָפּ אזוי, אז די אָנגעהאנגענע מטבעות האָבען א קלונג געטאָן.

די זון האָט באלויכטען מיט איהרע לעבעדיגע שטראהלען די באַרע, ווארפענדיג פארשידענע צייכנונגען און גאָלדענע פלעקען איבער די שמאָלע אלעען פון גאָרטען.

פלוצים האָט חנה אָנגעהויבען זינגען, און בנימין האָט באלד אונטערגעכאפּט דאָס ליד. איינהערענדיג זיך האָט שמעון גע־חלום'ט וועגען מרים'ען.

— קום צו מיר, געליבטער מיינער, — רופט זי איהם. — לאָמיר געניסען פון דער ליבע ווי לאנג מיר זיינען נאָך יונג

און נישט אויסגעלאָשען איז נאָך דער פייער פון אונזער בלוט. די שטערען וועלען מיט זייער שיין אונז באַלייכטען, די בוימער וועלען אונז מיט א חופּה באַדעקען, די גראָזען און בלומען וועלען זייערע שמעקענדע ריחות צוגיסען.

פאַרנאַכט איז מרים א פאַרטראַכטע, א שטילע אוועק אין גאָר־טען, וועלכער האָט מיט זיינע שלאַנקע קיפּאַריסען געדונקעלט זיך אויפ'ן זוים פון דער אונטערגעהענדער זון. דעם גאַנצען טאָג האָט זי געמאַטערט אן אונפאַרשטענדליכע בענקשאַפט און זי האָט אליין דערמאָנט די פריהמאָרגענדיגע באַגעגעניש מיט שמעון'ען.

— ער איז א ליבער, — האָט זי געקלערט.

ס' איז שוין געווען שפּעט, ווען זי איז געקומען אין באַיאַרע. די אַראַבקעס האָבען שוין אָפּגעטראָגען די לעצטע קערב אַראַנזשען. שמעון האָט איהר געגעבען א שער און זי האָט גענומען פלינק שניידען די אָראַנזשען, ווערטלענדיג זיך מיט חנה'ן. שמעון איז געשטאַנען נעבען איהר און זי פלעגט איהם אָפּט אָנריהרען מיט איהר יונגען, שעהנעם קערפּער. און געשמעקט האָט פון איהר קערפּער א ריח פון וואַלד און גרינע פעלדער און יעדעס מאָל ווען דאָס מיידעל פלעגט זיך צוריהרען צו שמעון'ען, האָט א זיסע מידקייט זיין האַרץ אַרומגענומען.

חנה איז פּלוצים שטיל געוואָרען און א געדיכטער שאָטען האָט באַדעקט איהר פּנים.

אָוועגט־צייט, אין דער אַרבייטער־קיך, האָט חנה, מאָדנע שמייכלענדיג, א פרעג געטאָן שמעון'ען:

— פון ווען אָן האָסטו זיך עס באַפריינדעט מיט מרים'ען? זי איז זעהר א שעהנע, נישט אמת?

— יאָ, א שעהנע, — האָט שמעון געענטפערט און איז אַנט־שווינגען געוואָרען.

## 3.

עס איז געווען א קאַלטע נאַכט. א בייזער ווינד האָט גע־בלאָזען און דער וואַלד, ווי א ים אין א שטורעם, האָט טעמפּ גע־רוישט. שמעון איז געזעסען אין א ווינקעל פון זיין אָרימען חדר. בנימין, ליגענדיג אויפ'ן געלעגער, האָט געקוקט אויפ'ן פאַררויכערטען באַלקען און אונטערגעזונגען עפּעס א ניגון אָהן

ווערטער. אזוי האט ער ליב געהאט צו זינגען אין שעה'ן פון איינזאמקייט, ווען זיין נשמה האט זיך ערגעץ וואו געצויגען און פון בענקשאפט געוויינט. און הערענדיג איהם האט שמעון וואכענדיגערהייד גע'חלום'ט, און געדוכט האט זיך איהם, אז פארשוואונדען איז דער חדר, דער וואלד און בנימין.

— אומעדיג איז מיר — האט פלוצים א זאג געטאן בנימין, און אויפשטעהענדיג פון בעט האט ער אנגעהויבען שפאנען איי־בער'ן חדר — וואס פאר אן אומרוהיגע נאכט! אין אזעלכע נעכט איז גוט צו חלומ'ען מיט א געלעכטער ווענען פריהלינג... און מיר... מיר וועלען פארפאלען ווערען דא אהן לעבען. מיר איז קאלט, און אונז אלעמען איז דא קאלט אהן ליבע. נישטא קיין מיידלאך ביי אונז. און ארום — דער וואלד, דער ים, די גרינע בערג, לאנקעס באדעקט מיט בלומען. עס איז געווען א צייט, ווען אונזערע מיידלאך האבען געפאשעט שאף און געהיט די וויינ־גערטנער. זיי האבען געזוכט זייערע געליבטע אין די בערג, זינ־גענדיג „שיר השירים" און איצט, מידע און בלאסע, פיהרען זיי טרוקענע, קלוגע שמועסען. אויך מיר, שמעון, טויגען ניט פאר א ניי, געזונט לעבען. מיר זיינען זעהר צובראכען, ביי אונז איז ניט פאראן קיין שטארקער רצון. דא דארף מען האבען געזונטע, גלויבענדע מענשען.

ער האט זיך ווידער אווארף געטאן אויפ'ן געלעגער, און באהאלטען זיין פנים אין קישען. און נוצלאז האט זיך איהם געדוכט איז זיין ארבייט אין אייגענעם לאנד, און געגלוסט האט זיך איהם אליץ ווארפען און אוועקגעהן.

— אוועקפאהרען ערגעץ ווייט — האט ער ארויסגערעט, אראפדרעהענדיג דעם קנויט פון לעמפעל.

שמעון האט געשוויגען. ער האט געטראכט גאר וועגען עפעס אנדערש. מרים האט איהם גראד אנגעטראפען אין דער פריה אין וואלד פאר'ן אוועקגעהן. געבענדיג איהם א בלום, האט זי שטיל געזאגט:

— קום אריין צו מיר אין אווענט, דער טאטע איז אין דער פריה אוועקגעפאהרען אין שטאט אריין און וועט מסתמא דארט לאנג פארבלייבען. ווייסט, אונזער ווייסער פערד איז גע'פגר'ט

און דער פֿאָטער וויל קויפֿען א נייעם. ער וועט ניט אזוי גיך קומען צוריק.

היינט אין אָוועגט וועט ער זיין אין איין צימער און וועט איהר קאָנען זאָגען וועגען זיין ליבע. ווי פֿרעהליך און אומרוהיג זיין הארץ קלאפּט. נאָכדעם האָט זיך געצויגען א לאנגער אומ־ענדליכער טאָג! אָט האָט דער זונען־אונטערגאנג באדעקט מיט א העל־רויטען גלאנץ דעם גאנצען הימעל און איינגעהילט אין דעמערונג די בערג־שפּיצען. אין זעלבען טאָג, געהענדיג פֿון דער ארבייט, האָט חנה געזאָגט:

— שמעון, היינט וועט זיין א פֿינסטערע נאכט. איך וועל צו דיר קומען, און מיר וועלען געהן ווייט אין וואלד אריין, צום ים צו. איך האָב ליב פֿינסטערע נעכט. מיר וועלען הויך זינגען און שיסען. גוט? — איהרע אויגען האָבען זיך אָנגעצונדען און א רויטקייט האָט איהר פּנים באדעקט.

— היינט וועל איך ניט געהן — האָט שמעון א זאָג געטאָן — קום מאָרגען, חנה.

—איך וועל אליין געהן. עס איז דאָך אזוי גוט איבער'ן וואַלד צו בלאָנדזשען אין א שטארק פֿינסטערער נאכט.

און מרים האָט פֿארפּוצט איהר צימער מיט בלומען און אָנגעטאָן איהר שעהנסטע שבת'דיגע קלייד. פֿארנאכט האָט זי זיך פֿארקלערט צוגעזעצט צום פֿענסטער. דער לעצטער שטראהל פֿון דער אונטערגעהענדער זון האָט באגילט איהר בלאָנדען קאָפּ, גליטשענדיג זיך איבער איהר פּנים. דערנאָך איז אָנגעקומען דער אָוועגט. מרים זיצט נאָך אלץ ביים פֿענסטער און וואַרט. אָט האָט מען שוין די לעצטע ליד אין ארבייטער־קיך אָבגעזונגען, דער פֿייער פֿון זייער קראָאסין־לעמפּעל איז אויסגעלאָשען. אפשר איז ער קראנק געוואָרען — טראכט אומרוהיג דאָס מיידעל. נאָר ניין, אימיצער איז פֿון אונטער די ביימער ארויסגעגאנגען אויפ'ן ייעג.

—דאָס איז ער. ער קומט, ליבער מיינער!

זי האָט פֿלינק פֿארמאכט דאָס פֿענסטער און אָנגעצונדען דעם לאָמפּ. א שטילער עניות'דיגער קלאפּ אין טיר. זי האָט אויפֿגעציטערט.

— קום אריין!

— שלום! וואו האסטו אנגענומען אזוי פיל בלומען?
זי האט איהם דערלאנגטביידע הענט.

— ביי דיר איז ווי אין א גארטען — האט שמעון ווייטער גערעדט, האלטענדיג איהרע הענט און קוקענדיג איהר אין איהרע בלויע אויגען.

זי האט איהם געבעטען זעצען זיך און געעפענט דאס פענס־טער. אויפ׳ן הויף האבען גערוישט די קיפארים‏ען, ווייט אין וואלד האט געשריען אן איינזאמער נאכט־פויגעל, און ערגעץ וואו האבען געוואיעט שאקאלען.

— דער ים רוישט! — האט שטיל אנגעהויבען מרים. — ס׳איז אומעטיג אין אזא מין אווענט. אט איהר, ארבייטער, זינגט אלע צוזאמען אין קיך ביי דער וועטשערע און אייך איז פרעהליך... און מיר איז אזוי אומעטיג.

מיט אמאל איז זי אנשוויגען געווארען.

— מיר איז ניט אומעטיג — האט שמעון געזאגט, — איך טראכט תמיד וועגען דיר. זינט איך האב דיך דערזעהן, קלער איך נאר וועגען דיר.

דאס מיידעל האט ברייט פאנאנדערגעמאכט איהרע אויגען און אראפגעלאזען דעם קאפ.

א ווייל׳ע האבען זיי געשוויגען. אין וואלד האט נאך אלץ געשריען דער איינזאמער נאכט־פויגעל און געוואיעט האבען די שאקאלען.

— דו ביסט שעהן, מרים, און דיינע אויגען זיינען ווי די פיילכען אין אונזער וואלד.

— רעד נישט אזוי — האט זי א שעפטשע געטאן און צוגע־גאנגען צום פענסטער. נאר ער איז איהר נאכגעגאנגען, אנגענומען איהרע הענט און אנגעהויבען זי קושען. זי האט זיי ניט אוועקגענומען און איז געשטאנען פאר איהם א שטילע, ווי א אומעטיגע תפלה. א פרייד האט איהם ארומגענומען און ער האט גענומען רעדען וועגען זיין ליבע. זי האט זיך צוגעטוליעט צו איהם און פארמאכט די אויגען, א גליקליכע, מיט א שמייכעל אויף די ליפען.

— ליבער מיינער — האט זי קוים, קוים געשטעפטשעט — טייערער מיינער!

.4

שבת. אין א טיפע, שווארצע מחשבה איז פארזונקען דער עקאליפּטוס־וואלד. נידריג איבער'ן גרויען ברויזענדען ים זיינען געשוואומען פּארמלאָזע, דונקעלע וואָלקענס און א געדיכטער נעבעל האָט באדעקט די ווייטע גליל בערג.

נאָך מיטאג האָבען איינינע ארבייטער, און אויך שמעון, גע־קלערט אוועקגעהן צום זומפּ אויף געיעג נאָך ווילדע קאטשקעס, אָבער ס'האָט אָנגעהויבען שפּריצען א רעגענדיל און יעדערער איז אוועק צוריק אהיים. חנה איז געגאנגען מיט שמעון'ען. שוין לאנג, אז זי האָט זיך געקליבען איהם עפּעס זאָגען, אָבער זי פלעגט זיך אלץ ניט אנטשליסען. און אין דעם פארוואָלקענטען טאָג האָט איהר הארץ שטארק געקלעמט פון וועהטאָג. מיטאָג צייט איז זי געזעסען א פארטראכטע, און אומזיסט האָט דער שומר פון באיארא געזונגען די שעהנסטע לידער, זי איז די גאנצע צייט געזעסען און געשוויגען.

שוין פון פריהמאָרגען אָן האָט זיך שמעון געפיהלט שוואך. דער קאָפּ האָט איהם וועה געטאָן און דער גאנצער גוף האָט גענאָגט.

— איך פיבער, — האָט ער געזאָגט, א ציטער טוענדיג.

חנה האָט אָנגענומען איהם ביי די הענט און געזאָגט:

— געה, לעג זיך צו, שמעון. איך וועל שפּעטער קומען צו דיר.

דער רעגען האָט גענומען שטארקער גיסען. זיי האָבען זיך אוועקגעשטעלט אונטער'ן בוים.

— דו, חנה, האָסט שטארקע, אָנגעמאזאָליעטע הענט. אן אמת'ע ארבייטערקע ביסטו. און בנימין קלאָגט זיך נאָך אויף אונזערע מיידלאך.

— ער איז גערעכט — האָט זי געענטפערט. — זיינען דען די קאָלאָניסטקע־טעכטער ארבייטערקעס? מרים האָט צארטע, ווייסע הענט. נו, געה און לעג זיך, שמעון.

— יאָ, זי איז אינגאנצען אזא צארטע, א ווייסע ווי א מלאך— האָט שמעון געזאָגט און א ליכטיגער שמייכעל איז דורכגעלאָפען איבער זיין פּנים.

חנה האט זיך פלוצים אומגעקערט צוריק און פארשווינדענדיג הינטער די בוימער איז זי אוועק צום ים. נאך דעם איז זי אריין צו שושנה׳ן און געקלאגט זיך אויף איהרביינקשאפט און ביידע מיידלאך האבען שטיל געוויינט.

שמעון איז אוועק אהיים.

— וואס פאר א מאדנע זי איז — האט ער געטראכט, ציטערענדיג פון קעלט.

אין צימער האט ער זיך אנידערגעלעגט אויף זיין הארטען געלעגער און צוגעדעקט זיך מיט׳ן אלטען פאלטא. דער פינסטערער טאג האט מיט א האפנונגסלאזען בליק פון גוסס געקוקט אין קליינעם, דונקעלען פענסטער, און האט אנגעפילט דאס צימער מיט א שווייגענדען טרויער.

— מרים, דו וועסט ניט קומען צו מיר? — האט שמעון גערעט פון היץ. — מיר איז היים און שטיקענד.

פארנאכט איז געקומען חנה. שטיל איז זי אריינגעגאנגען און האט זיך אוועקגעשטעלט נעבען זיין געלעגער. אין צימער איז געווען פינסטער.

— שמעון, דו שלאפסט? — האט זי געפרעגט און אנגעבויגען זיך איבער איהם.

— דאס ביסטו, חנה? ווען ביסטו געקומען? ווי פינסטער עס איז.

— אט באלד וועל איך אנצינדען דעם לאמפ — האט חנה געזאגט.

אין די שויבען פון די פענסטער האט נאך אלץ געקלאפט דער רעגען. חנה האט אנגעצונדען דאס נאפט־לעמפעל און דער ארימער ארבייטער חדר האט זיך באלויכטען מיט א דונקעלען שיין. די שאטענס האבען פלוצים אויפגעציטערט און זיך פאררוקט אין די ווינקלען. חנה האט זיך אוועקגעזעצט אויפ׳ן ברעג פון זיין געלעגער און אנגעהויבען שטיל צו רעדען:

— שמעון וויסט, איך קלייב זיך קיין גליל; קום מיט מיר, ליבער! מיר וועלען זיך באזעצען ערגעץ אויף א בארג, פון וואנען מיר וועלען קאנען זעהן אונזער לאנד. אויסבויען וועלען מיר זיך א קליין הייזעל אונטער די שאטענס פון די אלטע בוימער

און וועלען לעבען א שעהן ארבייטער לעבען. וואס פאר א תכלית איז וואנדערען איבער די קאלאניעס?

שמעון האט געהערט און געקוקט אויף חנה'ן. ער האט באַמערקט, אז איהרע אויגען זיינען רויט פון טרעהרען, און האט זיך זעהר פארוואונדערט.

— חנה, האסט געוויינט? — האט ער געפרעגט.

— יא, מיין פריינד! דאס קומט זעלטען מיט מיר פאר. מיט אמאל איז מיר געווארען שווער און די טרעהרען האבען זיך אליין אנגעהויבען גיסען. איך וועל דיר אמאל דערצעהלען, פארוואס איך האב געוויינט. אט, ווען מיר וועלען געהן אין גליל.

— אויף פסח קלייב איך זיך קיין ירושלים. און נאכדעם אפשר אויך אין גליל. טרוימען איז אזוי שעהן, אבער דאס לעבען איז דארט שווער, און ווער ווייס, צי איך וועל דארטען קאַנען ארבייטען.

— צו וואס זשע ביזטו אהער געקומען צו פאהרען, ווען עס שרעקט דיר דאס שווערע לעבען?

— ניט דאס איז עס — האט שמעון מיעד געענטפערט, — גארניט דאס.

אין אווענט האט שמעון געקראגען היץ. חנה איז ניט אפּגעטראטען פון איהם און געווארט אויף בנימינ'ען. זי האט אראפּגעדרעהט דעם לאמפּ. שמעון האט צייטענווייז געקרעכצט. דאן פלעגט זיך די מיידעל אנבויגען איבער איהם, שעפּטשען איהם ליבליבע ווערטער און פעסט, פעסט צודריקען איהרע ליפּען צו זיין הייסען, ברענענדיגען שטערען.

— וואו זיינען מיר? — האט שמעון געפרעגט.

איהם האט זיך געדוכט, אז ער איז אין א טאל, וואו עס שטעהט א ווייסע שוהל באדעקט מיט שטראמען פון לבנה שטראהלען. וואו ניט וואו, ווי איינזאמע וועכטער, שאקלען זיך שטיל די הויכע פאלמען. פון וויימענס זעהט זיך איבער א פארגעסענעם קבר אן איינזאמער קיפּארים. דער בענקענדער רוח אלהים שוועבט אין דער לאזור לופט איבער דער ערד. ער געהט אריין אין שוהל. עס איז פינסטערלאך. אויף דער בימה ברענט א ליכט, ווארפענ־

דיג א טונקעלען שיין אויף א זיך שאקלענדען זקן, וועלכער שעפּט־שעט א תפלה.

— דאס איז מיין טאטע! — וויל ער א געשריי טאן און קאן ניט.

### 5.

אין איינינע וואכען ארום איז געווען א יום טוב אין קאלאָ־ניע. דער וואלד האט זיך באלייכט מיט א פאנטאסטישען פלאם פון פלאקערענדע צולייגטע פייערען. די בחורים און די מייד־לאך, האלטענדיג זיך פאר די הענט, האבען געפיהרט ארום זיי קאראהאדען. זיי האבען געפאטשט אין די הענט, געשאסען אין דער לופטען, צורייסענדיג די נאכט שטילקייט און דאס שווייגען פון די פעלדער.

מרים האט אין דעם יום טוב אָוועגט געלויכטען מיט אן אויסערגעוועהנליך שעהנקייט. טאנצענדיג אין קאראהאד, האט זי געהאלטען שמעונ'ען פאר'ן האנד, און ער איז געווען ווי אין א נעבעל פון דער נאהענטקייט פון זיין געליבטער מיידעל.

ווען די יוגענד האט זיך צוזייט איבער'ן וואלד, האט שמעון שטיל א שעפּטשע געטאן מרים'ען:

— קום צום ים.

און זיי זיינען פארשוואונדען אונטער די בוימער, וואו עס האט זיך צווישען די באיארעס און וויינגערטנער געשלענגעלט דער וועג צום ים. אין דער נאכט האבען ניט געוואיעט די שאקאַלען, אנגעשראקענע פון דעם יום טוב'דיגען שיסען, און ניט אי־בערגערופען האבען זיך די וועכטער אראבער, וועלכע האבען רוהיג געדרעמעלט אין זייערע ביידלאך.

מיט מידע טריט זיינען זיי געגאנגען און געשוויגען. לידער טענער האבען זיך געטראגען פון דער קאלאניע, שטיל און לאנזאם אפשטארבענדיג איבער זיי. שמעון האט דערקענט צווישען זיי חנה'ס קול. זי האט ליידענשאפטליכער און העכער פון אלעמען געזונגען:

„חבקיני נא,
נשקיני נא
על עין ועל פה".

זיי זיינען צוגעגאנגען צום ברעג ים וואָס איז געווען באַ־גאָסען מיט אַ פאַנטאַסטישען לבנה־שיין. און זיך אָפּגעשטעלט פאַרוואונדעטע און באַצויבערטע. עס האָט געשיינט ווי אויף זיינע כוואַליעס וואָלטען שווימען וואַסער־מיידלאַך. מיט זילבערנע פּאָדים פלעכטען זיי זייערע גרינע, רויטע, בלויע האָר, באַפּוצט די ברוסטען מיט גאָלדענע בלומען און וועבען אַ פאַר'כשופ'טען וועג צו לעגענדאַרען שלאָס פון ים־קעניג. מיט שטראַהלען נעה־מען זיי אַדורך זייערע קערפּערס און פינקלענדיג מיט ברענענדיגע אַלאַמאַזען, לאַכען זיי הויך און ווייזען די שטערען זייערע ווייסע ציינער. שטיל, מיט אַ פאַרשלאָפענעם געמורמעל, האָבען זיך גע־קייקעלט די כוואַליעס צום ברעג, געקושט איהם, און ווידער גע־טראָגען זיך צו דער ברייטער ווייטקייט, פון וואַנען זיי פלעגען לויפען צוריק צו איהר.

— ווי גוט דאָ איז נאָר איך האָב מורא — האָט מרים גע־זאָגט און צוגעדריקט זיך צו שמעון'ען.

— האָב ניט מורא, טייערע! די קאָלאָניע איז דאָך ניט ווייט פון דאַנען. קיינער וועט אונז ניט אָנריהרען.

— דער טאַטע קאָן מיך זוכען. ער קוקט מיר נאָך און לאָזט מיך ניט ארבייטען אין פעלד און איך וויל ארבייטען, ווי חנה ארבייט, אין ווייַנגערטנער און אין באַיאַרעס.

מיר וועלען אַוועק פון דאַנען אין אַן אַנדער קאָלאָניע און וועלען דאָרטען ארבייטען צוזאַמען — האָט שמעון געזאָגט, אַרומנעהמענדיג דאָס ציטערענדע מיידעל.

— ניין, איך קאָן ניט פאַרלאָזען מיינע עלטערען.

שמעון האָט זיך שווייגענדיג אַראָפּגעלאָזט צו דער ערד, צו־פוסענס פון מיידעל און באַהאַלטען זיין קאָפּ אין די פאַלדען פון איהר קלייד. עס איז איהם געוואָרען זעהר אומעדיג און מיט אַ וועהטאָג האָט איהם געדריקט דאָס האַרץ.

— שמעון, ליבער, שטעה אויף — האָט דאָס מיידעל געבעטען זיך.

און ער האָט אָנגעהויבען צו קושען זי, ציטערענדיג ווי אין אַ פיבער. און מרים, אַ דערשראָקענע, האָט געבעטען:

— ליבער, קום אַוועק פון דאַנען. איך האָב מורא!

## 6.

דער יום טוב אין קאָלאָניע האָט זיך ביז׳ן פֿריהמאָרגען פֿאַר־צויגען. די יוגענד האָט אָהן אַן אויפהער געטאַנצט און געזונגען. און מרים, אַ באַשפּריצטע פֿון נאַכט־טהוי, האָט ווידער געדרעהט זיך מיט שמעונ׳ען אין קאָראָהאָד...

אויף מאָרגען, נאָכ׳ן יום טוב, איז מרים קראַנק געוואָרען אויף געלען פֿיבער און מען האָט זי אַוועקגעפֿיהרט אין דער צווייטער קאָלאָניע, וואו עס איז געוועזן אַ שפּיטאָל.

איהר צימער איז געוואָרען פּוסט און פֿאַרוועלקט זיינען געוואָרען די בלומען אויפ׳ן פֿענסטער.

אַ שטילער, שווייגענדער אומעט האָט באַהערשט שמעונ׳ען און אין אַ פּאָר טעג האָט ער זיך פֿאַרענדערט. זיין פּנים האָט זיך אויסגעצויגען און זיינע אויגען איינגעפֿאַלען. ער האָט פֿאַר־לאָזען די אַרבייט און איז ביי דער נאַכט אַוועק פֿון וואַלד, מיט׳ן וועג וואָס געהט קיין יהודה. ער איז געגאַנגען, ניט וויסענדיג וואוהין און נאָך וואָס ער געהט.

---

אַ פֿינסטערע נאַכט אָהן שטערען. אַ ווינט טרייבט ערגעץ אין די בערג אַריין די וואָלקענס און וויגט מיט צאָרן די צעדערען אונטער די פֿענסטער פֿון שפּיטאָל. די קאָלאָניע שלאָפֿט און ווייט אַרום האָבען זיך איינגעהילט די פֿעלדער און בערג. אין דער קליינער שפּיטאָל־פּאַלאַטע איז שטיל און האַלב פֿינסטער. דאָס נאַפֿט־לעמפּעל באַלייכט מיט אַ גסיסה־שיין די קראַנקע, די ווייסע ווענט און דעם גרויען סופֿיט. מרים׳ס בעטעל שטעהט אין ווינקעל. די קראַנקע ליגט מיט אָפֿענע אויגען. געל און פֿינסטער זיינען די פּיילכען בלויע אויגען. דאָס פּנים און דער גאַנצער גוף איז געל און אויסגעדאַרט. ביים געלער דרעמעלט די מידע שוועסטער. עס שטעהען ביי דער זייט נאָך צוויי בעטען. אין זיי ליגען פֿרויען, פֿון וועלכע איינע איז שוין כמעט געזונד, און שלאָפֿט רוהיג.

שטיל.

נאָר ווען ניט ווען הערט זיך אַ שוואַכער קרעכץ פֿון דער

קראנקער, און דער ווינט וויגט שטארקער די ביימער פון אונטער'ן פענסטער.

— קוקט, קוקט ווי גוט מיר טאנצען — רעדט מרים פון היץ. — דאָס איז מיין געווינשטער! דאָס איז מיין געליבטער! קוקט ווי שעהן ער איז, מיט וואָס פאר א פייער עס ברענען זיינע שווארצע אויגען... אך, ווי ס'איז היים!

דאָס דרעהט זי זיך מיט שמעונ'ען אין קאראהאָד ארום צו־לייגטען פייער, וואָס בריהט זיי מיט זיינע פונקען. די קאָלאָניס־טען שטעהען ארום און זינגענדיג מיט קלינגענדיגע טענער, פאט־שען זיי אין די הענט און שרייען:

— הידד! הידד!

און זי טאנצט אָהן א אויפהער מיט שמעונ'ען ארום דעם פייער און די קאָלאָניסטען שרייען און זינגען.

עטליכע שעה פאר'ן טויט האָט זי געזעהן א שווארץ, צוזאקערט פעלד, איבער וועלכען עס הענגט א שווארצע נאכט. זי האָט זיך פארבלאָנדזשעט און שפּענענדיג אַלץ געזונקען אין טיפען זומפּ.

אין מזרח האָט זיך דער פריהמאָרגען אָנגעצונדען.

.1911

# חאדרא.

ווי א טרויעריג מזרח־מעשה'לע, באצירט מיט בלייבע ליליען און קאלטע הערבסט־בלומען איז זי צו מיר געקומען אין א לבנה־נאכט, שטילשווייגענד מיר ארייגעקוקט אין די אויגען, ארומגע־הילט מיט צארטע לאסקעס מיין צעוועהטאגטע נשמה, מיך געקושט שמייכלענדיג און מיט א שטיל צארט ווינטעלע זיך אוועקגעטרא־גען אויפ'ן שניי־ווייסען חרמן אין איהר גרינעם פראכטפאלען שלאס.

געקומען אין א שווייגענדע נאכט, איינגעהילט אין טרויער. אויף מיר איז ארויפגעפאלען אן אומעט. ווייט הינטער דער קא־לאניע בין איך געזעסען אויף דער ערד נעבען מיין וועכטער־ביידעל און צוזאמען מיט א יונגען אראבער געהיט די וויינגערטנער, חלומ'ענדיג וועגען מיין קראנקע, שעהנע געליבטע, וואס בלאנ־דזשעט ארום אין לעבען, אזוי ווי איך אהן א ציל און אהן א וועג...

אין ביידעל, קוקענדיג פארטראכט אויף די שטערען, איז געזעסען שאכאט. ער האט מרה־שחורה'דיג געזונגען וועגען זיין פארשטארבענע פרוי איישע. זי איז געוועזען שלאנק ווי א צעדער־בוים אויפ'ן הויכען בארג און שעהן, ווי די נאכט פון ליבע און טרויער אינ'ם טאל פון שרון.

מיר זיינען געזעסען שווייגענדיג. די שווארצע נאכט איז וואס אמאל געווארען אלץ מעהר געהיימניספולער און פאנטאסטישער. זי האט אוועקגעטראגען אין איהר אייגענער וועלט פון ליבע און שעהנהייט. עפעס נישט ווילענדיג האט זיך געטראכט וועגען טויט, וועגען איינזאמע פארוויאניטע בלומען אויף אלטע קברים. און מיך האט עס עפעס ווי געצויגען צו דעם אלטען וועכטער איבראהים. דארט איז געוועזען א מיידעל חאדרא, זי האט מיך באצויבערט מיט איהר אויסערגעוועהנליכער שעהנהייט און גרא־ציע. איהר פאטער, דער פאסטוך, איז דער'הרג'עט געווארען פון

א ווילדען בעדואין. זי האָט זיך אויפגעהאַלטען ביי איהר זייד־דען אין וויינגאַרטען, פארהילכענדיג מיט איהרע לידער די גאַנצע גרינע אומגעגענד און הויכקייט. א סך טערקישע לידעס האָט פאר איהר געפּאָדערט דער אַלטער און אומזיסט איז געווען די מיה פון די וועכטער, וועלכע האָבען זיך צוגעאָסען אין די נאַכט־ליכע לידער אויף זייערע פּאַסטוך־פּייפּעלעך...

— שאראט, קום צו איבראהימ'ען, — האָב איך געזאָגט מיין אראבער.

— טאיב (גוט) — האָט ער געענטפערט שמייכלענדיג: יאַללאַ! קום צו איהם.

מיר זיינען שווייגענדיג געגאַנגען איבער א שמאַלער סטעזשקע צווישען די קוסטען איבער א ווייטען וועג, וועלכער איז פאר־פאַלען געוואָרען אין די בערג, האָט זיך געצויגען א קאראוואן.

— דין, דין, דין — האָבען געקלונגען די גלעקלאַך, און עפּעס וועמעס א שטאַרקע יונגע שטימע האָט מאָנאָטאָנע געצויגען פונ'ם טויט פון זיין געליבטע און איהר צושטערטעס הויז, פון זיין ביטערען שיקזאַל און איינזאַמקייט, צוזינגענדיג:

„יאַל־לע־יעלי, יעל־לע־יעלי". אך, נאַכט דו מיינע!... און ס'האָט זיך אין דעם ליד געפיהלט א מידער טרויער פון א איינגע־שלאָפענעם לאַנג פארגעסענעם לעבען. ווי די הערבסט־זוהן וואָלט באַלויכטען דעם וואַלד און אויף זיינע הויכע שפּיצען וואָלטען פאר־געהן איהרע לעצטע שטראַהלען.

— דין, דין, דין — זיינען ערגעץ פארשטאָרבען די גלעקלעך און פּונקט ווי א ווייטע לעגענדע איז אָפּגעשטאָרבען דאָס ליד.

---

איבראהים האָט אויף אונזער גרוס געענטפערט מיט א גוטען שמייכעל. צודרוקענדיג זיין האַנט צום ברוסט, האָט ער גע־ענטפערט:

—פרידען צו אייער קומען.

מיר האָבען זיך אַנידערגעזעצט ארונטערגעהמענדיג די פיס אונטער זיך. אראָפּגעלאָזען האַלב אויף די קניען, האָט ער זיך

געזעצט אנטקעגען אונז ביי דעם האלב־פארלאָשענעם פייער און ווי תפלה־טוענדיג האָט ער געקוקט אויף די פלאַמען, וועלכע האָבען פון צייט צו צייט אויפגעשפרונגען, באלויכטענדיג מיט א רויטען אָפּשיין זיין קלוג, רוהיג, פארברענט געזיכט און ברוינע נאַקעטע ברוסט.

איך האָב חאדרא'ן ארומגעזיכט מיט די אויגען.

צום פייער איז צוגעקומען איינגעהילט אין שמאַטעס א האלב נאַקעטע שמוציגע אַלטע פרוי. א פארגאַסענע מיט ליכט פון דער לבנה און פון פייער, איז זי געווען עהנליך אויף א מכשפה פון א וואלד־לעגענדע. פלוצלונג האָבען ווייכע טענער אָנגעהויבען גלעטען מיין נשמה.

— איך ליב דיך, מיין טייערער, מיין געוואונשטער!

דאָס האָט געזונגען חאדרא. זי איז געווען אין וועכטער־ביידעל.

— אללאה, אללאה! האָט שאַכאַט אָפּגעזיפצט און, איינהי־לענדיג זיך אין זיין פעלד, איז ער אנטשוויגען געוואָרען.

— גיב מיר צו טרינקען, איבראַהים.

— חאדרא, דערלאַנג דעם קרוג, — האָט דער אלטער א גע־שריי געטאָן.

איך האָב אויפגעציטערט. מיט א קליינעם קרוג אין די הענט איז זי ארויסגעקומען, א ברוין־הויטיג, געהיימניספול ווע־זען פון גרענצלאָזע מדבריות, איינגאַנצען באַגאָסען מיט דעם מעלאַנכאָלישען גלאַנץ פון דער לבנה. דערלאַנגענדיג מיר דעם קרוג, האָט זי גראַציעז איינגעבויגען דעם קאָפּ קלינגענדיג מיט די מטבעה'ס פון איהר צירונג און געשמייכעלט:

— דו ביזט שעהן, חאדרא, — האָב איך איהר שטיל אריינ־געררוימט.

— אלץ איז פון אללאה, מיין הערר — האָט געענטפערט דאָס מיידעל. צוגענומען דעם קרוג איז זי אוועק אָן א זייט און זיך אנידערגעזעצט אונטער א מאַנדעל־בוים, מיך אָנקוקענדיג מיט איהרע גרויסע רונדע אויגען, אין וועלכע עס איז געווען פארבאָר־גען ווילדע תאוה, ליבעס־דורשט און ווילדע טאַפּפערקייט.

מיר איז קאַלט געוואָרען און צוטוליענדיג זיך צו שאַכאַט'ן, האָב איך פארמאַכט די אויגען.

און איך האָב דערזעהן חאדרא׳ן אדורכגעדרונגען מיט לבנה שטראַהלען, מיט אַ קרוין פון אונשטערבליכער שעהנהייט אויף איהר שווארצען קאָפּ אָפּגעשאָטען מיט ברענענדיגע רובינען. אויף אַ הימלישע סטעזשקע געהט זי אַנטקעגען דעם העל־רויטען מאָרגען־שיין פון דער אויפגעהענדער זוהן. איך שטרענג מיך אָן אום אויפצושטעהן, נאָר עפּעס איינער אַ שרעקליכער מיט אַ גרויסער מעכטיגער האנד האָט מיך צוגעשמידט צו דר׳ערד און מיר איז אזוי שווער, אזוי שווער צו אָטעמען... ארום מיר איז אַ זאמד־דיגער מדבר, אַ מידער וואנדערער, אויסגעמאַטערט פון דורשט, געה איך פונ׳ם טויטען ים נאָר ירחון. דער זאמד איז אָנגעגליט, די זון ברענט אָהן רחמנות, פארלירענדיג די לעצטע קרעפטען, פאל איך אנידער אויף דעם הייסען ברענענדיגען זאמד.

— אך, וואסער, וואסער!

און די מדבר פארוואנדעלט זיך אין אַ בליהענדען טאָל. ארום הויבען זיך אויף גרינע בערג, אומעטום פליסען קלאָרע טייכ־לעך, בליצענדיג און שפּילענדיג קעגען דער זון. שטאָלצע שלאַנ־קע פאלמען ציהען זיך הויך אין הימעל אריין. עס בלאָזט אַ קיהל ווינטעלע.

— שטעה אויף, מיין אינגעל, — רופט מיך חאדרא, דער־לאנגענדיג דעם קרוג, — טרינק, דאָס וואסער איז קאַלט און פריש. מיר זיינען דאָ אליין, מיין ליבער. דאָרט, אין די בערג, ליגט אַ קליינער טאָל, איינגאַנצען באדעקט מיט אַדאָניסען. אהין וועלען מיר אנטלויפען, כ׳וועל דיך ערלויבען צו קושען מיין ברוינעם קער־פער, כ׳וועל דיר שענקען מיין ליבע, וועלכע איז ברענענדיגער ווי די פלאמען... איהרע גרונדלאָזע אויגען בליצען און אטעמען מיט פייערדיגע ליידענשאפט. און פלוצלונג כאפּט זי מיך פאר די האַנד און מיר טראָגען זיך אוועק מיט אונבאגרייפליכער שנעלקייט.

— — — — — — — — — — — —

איך האָב אויפגעוואכט. הויך איז געשטאַנען די לבנה און שטיל אראָפּגעקוקט אויף דער ערד. דאָס פייער איז שוין אינ־גאנצען פארלאָשען געווען. איבראהים, די אלטע און שאכאַט זיינען געשלאָפען. קעגען דעם אָפּגלאַנץ פון דער לבנה האָבען זיי אויסגעזעהן וואונדערבאר און לעגענדאריש. איך בין שטיל צוגעגאַנגען צום וועכטער־ביידעל. אויף אַ ראָגאָזשע, אויסגעצוי־

גען ווי א סטרונע, איז חאדרא געשלאָפען. זי האָט געאטעמט גלייך און רוהיג. א לבנה־שטראהל, וואָס האָט דורכגעדרונגען דורך די צוריסענע ראָגאָזשע, האָט פאר׳גנב׳ענדיג זיך אָן א זייט, באַ־לויכטען איהר געזיכט מיט׳ן צויבער־שמייכעל אויף איהרע האלב־אָפענע ליפּען. איך בין צוגעפאלען צו איהר און אָנגעהויבען צו קושען איהרע ליפּען, די אויגען, דעם האלז און די ברוסט. זי האָט ערוואַכט און א געשריי געטאָן, נאָר באלד איז זי אנשוויגען געווארען, צודריקענדיג מיך מיט א ווילדער קראַפט צו איהר ברוסט...

פאר זונען־אויפגאנג האָט זיך מיר גע׳חלומ׳ט א גרינער אינזעל אין דערמיט פון שטורמישען ים. אין א קריסטאלענעם שלאָס אויף א געלענער פון ראָזע אויפגעטויכט וואלקענדלעך ליג איך אויסגעמאַטערט פון חאדרא׳ן.

---

ווי א טרויעריגע מזרח־מעשה׳לע, באצירט מיט בלייכע ליליען און קברים־בלומען פון הערבסט, איז אין א לבנה־נאכט געקומען צו מיר די געטין פון שעהנהייט. שטילשווייגענדיג מיר אריינגע־קוקט אין די אויגען, ארומגעהילט מיט צארטע לאסקעס מיין צע־וועהטאָגטע נשמה, געקושט מיך שמייכלענדיג און זיך אוועקגעטראָ־גען אויפ׳ן שניי־ווייסען חרמן אין איהר גרינעם פּראכטפולען שלאָס.

1909.

## צום נביא׳ס קבר

דאָס איז געווען נאָך דעם ווי די ענגלישע סאָלדאַטען זיינען אריין אין ירושלים און פארנומען יהודה. איבער׳ן גאַנצען לאַנד האָט געשוועבט טויט און טרויער, און די טרעהרען פון די אונ־טערדריקטע האָבען זיך געגאָסען אָהן אויפהער, איינזאַפענדיג זיך אין דער ערד ווי דער מאָרגען־ און אָוועגט־טוי.

און אין יענע אומרוהיגע טעג האָט אין קליינעם דערפעל, וואָס ליגט צוגעטוליעט ביים פוס פון די בערג פון אפרים, געוואוינט אן אָרימע פעלאַכין מיט איהר יונגער שעהנער טאָכטער, כאַדידזשע. דאָס מיידעל איז אַלט געווען פערצעהן יאָהר, און האָט זיך פאר־רעכענט פאר דער שעהנסטער אין דער אומגעגענד.

פריהער, ווען עס האָט נאָך געלעבט איהר פאָטער, דער שלאַנ־קער און שטאַרקער מוסטאפא, האָבען מוטער און טאָכטער ניט געוואוסט פון קיין נויט. זיי האָבען באַארבייט ניט קיין גרויס פעלד, וואָס האָט זיי גענערט, און דאָס רוהיגע לעבען פלעגט זיי פון צייט צו צייט שענקען זיינע פריידען, און זיי פלעגען דאנקען אללא׳ן און דעם גרויסען נביא מאכמעד.

זיינען אָנגעקומען שווארצע טעג, און מען האָט מוסטאפא׳ן פארטריבען אין מלחמה, און מוטער און טאָכטער זיינען איבער־געבליבען אליין ווי פילע און פילע אנדערע פרויען. די מוטער האָט אומאויפהערליך געוויינט, ביז איהרע אויגען זיינען האלב בלינד געוואָרען פון טרעהרען, און אויפ׳ן פנים האָבען זיך אוועק־געלייגט די שאָטענס פון שמערץ און טרויער. דאָס איינגענע פעלד איז פארוואקסען געוואָרען מיט שטעכיגע גראָזען און אין די מאָרגען־ און אָוועגט־שטונדען האָט שוין דאָרט מעהר ניט געהערט זיך די פרעהליכע שטימע פון דער יונגער כאַדידזשע, און נאָר די הונגעריגע שאקאלען האָבען געבלאָנדזשעט איבער די ניט־

צואקערטע פּאסען, און אונהיימליך געוואָיעט דורך די נעכט, ווי זיי וואָלטען באקלאָגט דעם טויט פון דעם פעלאך, וואָס איז געפאלען אין א פרעמדען לאנד.

איינמאָל האָט זיך דער אלמנה גע׳חלום׳ט א שווערער חלום — אן אויסגעטריקענטער ווי א סקעלעט, מיט פינסטערע לעבער אָנ־שטאָט אויגען, דורך און דורך א פארוואונדעטער, א פארבלוטיגטער, איז צו איהר געקומען איהר מאן, מוסטאפא. ער האָט געקלאָגט, געשלאָגען זיך מיט׳ן קאָפּ אָן וואנט, און אלץ גע׳טענה׳ט, אז די ערד וויל ניט צונעהמען זיין קערפּער, און זיין נשמה קאָן קיין רוה ניט געפינען.

די אלמנה האָט זיך אויפגעכאפּט מיט א געוויין און געזאָגט צו באדידזשע:

— קינד מיינס, איך האָב געזעהן א שרעקליכען חלום — דיין פאָטער קאָן ניט געפינען קיין רוה נאָכ׳ן טויט. לאָמיר געהן גאָט בעטען אויפ׳ן קבר פון נביא, און פון דאָרטען וועלען מיר אוועקגעהן אין די ערטער, וואו די אידען באארבייטען זייערע פעלדער און גערטנער. ביי זיי וועלען מיר געפינען ארבייט, און אזוי וועט גאָט אונז אויפהאלטען ביים לעבען.

און אין עטליכע טעג ארום, ווי נאָר די בערג פון יהודה האָבען זיך אָנגעצונדען מיט פורפור און גאָלד, זיינען מוטער און טאָכטער ארויס פון אייגענעם דערפעל און געלאָזט זיך אויפ׳ן וועג, וואָס האָט געפיהרט צום נביא׳ס קבר. די אלמנה איז געגאנגען און געוויינט, אלץ אומקוקענדיג זיך צוריק אויפ׳ן דארף, וואו די טעג פון איהר יוגענד זיינען פארגאנגען, און וואו איצט איז פאר־לאָשען געוואָרען דאָס פייער פון איהר הויז, — און אָט געהט זי צום נביא׳ס קבר מיט ליידיגע הענט ווי א בעטלערין. און עס פלעגט זיין פריהער, ווען מוסטאפא האָט געלעבט, פלעגען זיי עולה רגל זיין יעדעס יאָהר צום נביא׳ס קבר, פיהרענדיג מיט זיך פון אלעם גוטען: פאלמען־בלעטער, שמעקעדיגע גראָזען, פיל־פארביגע בלומען און טייערע בשמים, און דאָרטען, אויפ׳ן קבר, האָט מען געגעסען, געטרונקען און אויסגעזונגען אלערליי ליבע־געזאנגען, און ביינאכט איז מען געזעסען ארום די פייערען ביי דער ווייסער געהיימניספולער מאָשעע, גערויכערט קאַליאַן, און די אלטע אראבער, וואָס זיינען געוועזן אין מעקא, האָבען דערצעהלט

די נסים פון דעם נביא'ס לעבען, און נאָהענט איבער א פעלז האָט געמורמעלט א וואסערל, און אין הימעל איז געשוואומען די שטילע גרויסע לבנה, באלייכטענדיג גאָט'ס וועלט מיט אַ זילבערנעם כישוף־שיין.

— ווי ביטער איז אונז איצט,—האָט די פעלאַכין אָפּגעזיפצט און האָט זיך ווידער צוואויינט.

זיי זיינען געגאנגען איבער א וויסטען פעלד, וואָס איז געווען פארוואקסען מיט שטעכיגען גראָז, דערנער און ווילדע בלומען. עס האָט געבלאָזען א מאָרגען־ווינטעל, די זון איז שוין אויפגעגאנגען, דאָס דערפעל איז געבליבען ווייט פון הינטען, און די אפרים־בערג האָבען זיך פארצויגען מיט א בלייכען, דינעם וואָלקען־שלייער.

מיטאָג צייט זיינען זיי צוגעקומען צו אן איילבירט־וועלדעל און האָבען זיך אוועקגעזעצט אָפּרוהען און דערפרישען זיך מיט ברויט און וואסער. עס איז פארבייגעגאנגען אן אלטער אראבער און האָט זיך אָפּגעשטעלט.

— וואוהין געהט איהר, פרויען? — האָט ער געפרעגט.

— איך בין אן אלמנה, — האָט די פעלאַכין געענטפערט. — מיין מאן איז געפאַלען אין שלאַכט, און דאָס איז מיין טאָכטער, און מיר געהן בעטען גאָט אויפ'ן נביא'ס קבר.

— זאָל אייך אללא בענשען אין אייער וועג, — האָט דער אלטער געזאָגט, און האָט זיך אַנידערגעזעצט.

— נאָט האָט פארלאָזט אונזער פאָלק, — האָט ווייטער גערעט דער אלטער און ער האָט אָנגעהויבען צו דערצעהלען, ווי איבער'ן גאנצען לאַנד געהט ארום טרויער, ביטערער מזל, און שווערער, בייזער הונגער, און די קערפּער פון די טויטע הייליגע מוסולמאנער פוילען אויף די פעלדער און וועגען, און שווארצע פויגעל דרעהען זיך סטייעס־ווייז איבער זיי, און קראַקען מורא'דיג ווי איבער אומרייניגע נבלות, און די פרעמדע סאָלדאטען פארגוואלטיגען זייערע ווייבער און טעכטער און שטעקען זיי אָן מיט מיאוס'ע קראַנקהייטען.

— אללא, אללא, — האָט געזיפצט די אלמנה. און דאָס פּנים ביים אלטען האָט אויסגעזעהן אַזוי אומעטיג, אויסגעמאַטערט און

גוט, אז זי האָט איהם אָנגענומען פאַר א הייליגען און איהם דערצעהלט איהר חלום.

— אַלץ איז פון גאָט, — האָט געענטפערט דער אַלטער. — געה און טו תפילה, און דער גרויסער נביא וועט דערהערען דיין געבעט.

די מוטער און טאָכטער האָבען זיך טיף פאַרנייגט פאַר איהם.

— געהט בשלום, — האָט דער אַלטער געזאָגט, און איז זיך אוועק זיין וועג, אָנשפּאַרענדיג זיך אויף א הויכען שטעקען.

און די פרויען זיינען ווייטער געגאַנגען דורך דעם אויבירט־וועלדעל, טרעטענדיג פּאַמעלאַך אויף דעם הייסען זאמד. די זון שטעהט שוין זעהר הויך, די בלויע לופט איז ווי פאַרגליוועט, ווייט ארום הערט זיך קיין שאָרך. די אַלטע, פיל־פאַרצווייגטע אויסגעבויגענע בוימער זיינען פאַרזונקען אין א טיפען שלאָף, און עס איז אַזוי הייס און שווער צו געהן.

און אָט זיינען זיי ארויס פון וואַלד. פון ווייטענס האָט זיך געזעהן א פעלד, באַדעקט מיט ווייסע סאָלדאַטסקע ביידלאַך. עס האָבען זיך באַוויזען וועגענער, פערד, און אויטאָמאָבילען. עס האָבען זיך דערהערט שטימען. כאַדידזשע האָט זיך א ווײַלע אָפּגעשטעלט. די מוטער האָט זי גענומען פאַר די הענט און געזאָגט:

— קום ווייטער, טאָכטער מיינע, עס קאָן נאָך צופאַלען דער אוועגט אויפ׳ן וועג, און די צייט איצט איז אַזאַ אומרוהיגע.

און זיי זיינען אוועק ווייטער, און ארויס אויפ׳ן ברייטען סולטאַנער וועג.

פּלוצלונג האָט זיי אָנגעיאָגט א גרויסער, מיליטערישער אויטאָמאָביל. זיי זיינען דערשראָקען אראָפּ פון וועג. דער אויטאָמאָביל האָט זיך אָפּגעשטעלט, און א הויכער, ברייט־פּלייציגער סאָלדאַט איז צוגעגאַנגען צו כאַדידזשע.

— וואוהין געהסטו, בינטי? — האָט ער געפרעגט, איינעסענדיג זיך אין איהר מיט א פאַרשוואומענעם, תאווה־געזיכט.

— כאַוואַדזשאַ, מיר געהען תפילה טאָן צום נביא׳ם קבר — האָט די אַלטע געענטפערט.

דערווייל איז צוגעקומען נאָך א סאָלדאַט, וועלכער האָט גערעדט אביסעל אראביש.

זעצט זיך מיט אונז, און מיר וועלען אייך אונטערפיהרען, דער וועג איז דאָך אזא לאַנגער און שווערער, — האָט ער פאַר־געלעגט.

— זעה נאָר וואָס פאר א אויגען די קליינע האָט, — האָט דער ערשטער סאָלדאַט צוגעוואונקען.

און כאַדידזשע איז געשטאַנען פאר זיי מיט אַן אראָפּגע־לאָזענעם קאָפּ, א דערשראָקענע ווי א יונגע הירשין. איהר גאַנצער, שלאַנקער, בויגזאַמער קערפער, מיט די קליינינקע, שטייפע בריסט, אָנגעטאָן אין א לאַנגן וואָלענעם קלייד, וואָס איז געווען אויסגע־נעהט מיט בלויע בלימלאַך, מיט דעם יונגען מיידעלשען טאַטואיר־טען פנים, מיט די מטבעות איינגעפלאָכטען אין די האָר, האָט די סאָלדאַטען צורייצט.

— וואָס מאכסטו מיט איהר לאַנגע רייד? — האָט דער ערשטער, אומגעדולדיג, געזאָגט. — שלעפּ זי מיט געוואַלט, אויב זי וויל ניט מיט גוטען.

— ניין, וואַרט אביסעל, — האָט דער צווייטער געזאָגט, און האָט ווידער אָנגעהויבען איינרעדען די אַראַבקעס צו פאָהרען מיט זיי.

אויסגעמאַטערטע פון לאַנגען וועג און דורשט, און באַרוהיג־טע פון די גוטע ווערטער, האָבען זיי ענדליך נאָכגעגעבען און געלאָזט זיך נעהמען פון די סאָלדאַטען אין אויטאָמאָביל, וועלכער איז גלייך אָפּגעפאָהרען ווייטער.

צעהן יונגע, שטאַרקע סאָלדאַטען האָבען גלייך אַרומגערינ־געלט דאָס מיידעל, און זי איז געזעסען אויפ'ן ברעט וואַרפענדיג פון אַלע זייטען דערשראָקענע בליקען. די סאָלדאַטען האָבען אָנגעפאַנגען גראָב צו וויצלען זיך, און יעדער האָט געקוקט אויפ'ן מיידעל מיט א זשעדנעקייט פון א חיה און גערוקט זיך צו איהר אַלץ נעהנטער.

— לאָזט זי אָפּ, איך בעט אייך, זי איז דאָך נאָך א קינד, — האָט די מוטער, וויינענדיג גענומען בעטען און קושען די הענט ביי די סאָלדאַטען. נאָר עמיצער האָט זי אוועקגעשליידערט אָן א זייט און עס האָט זיך אָנגעהויבען א ווילד־ציניש געלעכטער, וואָס האָט פאַרשטיקט די געשרייען פון כאַדידזשע'ן.

* * *

אַ ביסעל שפּעטער האָט זיך דער אויטאָמאָביל אָפּגעשטעלט און צוויי סאָלדאַטען האָבען ארויסגעטראָגען כאדידזשע׳ן א האלב טויטע, האָבען זי אוועקגעלעגט לעבען וועג, אויפ׳ן זאמד, און דער אויטאָמאָביל איז זיך אוועק ווייטער.

די מוטער האָט זיך א וואָרף געטאָן צו איהר טאָכטער, און רייסענדיג זיך די האָר פון קאָפּ, איז זי פארגאנגען אין א ביטערען געוויין, שרייענדיג:

— אָ, יאמא, יאמא, יאמא! מאמע! מאמע!

# ווען די ווײַנטרויבן בליהען

איך געה היטען די ווײַנגערטנער. די שמוציגע שטאָדט מיט איהרע שמאָלע גאַסען און געסלאַך איז שוין ווייט פון מיר. בײַ די זײַטען פונ'ם קולטאנער וועג האָבען זיך ברייט צוואווארפען און זײַנען אוועק העט ווייט פעלדער און פעלדער מיט ראָזעווע פלאַקס און מיט בלומען־קעפּלאַך, וואָס זײַנען לײַכט און לופטיג ווי די פעדערלאַך. פאַר די אויגען האָט זיך א שפּרייט געטאָן די בלויע קייט פון די בערג פון יהודה מיט זייערע וואונדערבאַרע פאָרמען — און עס איז מיט אמאָל געוואָרען אזוי גרינג און פרײַ צו אָטעמען.

אָט איז די קאָלאָניע. פון דער ווייטענס זעהט מען שוין די ווײַסע שול מיט די גרויסע פענסטער, אין וועלכע עס שפּיגעלט זיך אָפּ די אונטערגעהענדע זון; און בײַ דער זײַט, לעבען די קאַליפּטען בוימער, שטעהט א קליין שטיבעלע. דאָס איז די באָד. באַלד לעבען דעם שטיבעלע שטעהט א ברונען, וואוהין פרויען קומען מיט עמער און קריגלעך און וואו קינדער שפּילען זיך מיט'ן זעזלע וואָס שטעהט דאָרטען. ארבייטער מיט „פּיאָשען" אויף די פּלייצעס קומען אהין פון אַלע זײַטען זיך דערפרישען מיט דעם קאַלטען וואסער. דער וועכטער פון דער באָד, רבי ברוך, אן אַלטער אויסגעדינטער ניקאָלאַיעווסקער סאָלדאַט, קען אַלע בחורים בײַ די נעמען.

— נאָר ניט אַלע מיט אמאָל, חברה, — קאָמאַנדעוועט ער. — שטעהט „סמירנאָ". פאַר אַלעמען איז קיין פּלאַץ ניטאָ. העי, ,בנציון, דו בּיזט מיר שוין שולדיג דרײַ מעטאַליק. דו מיינסט, אז ווײַל איך בין שוין א זקן, האָב איך שוין קיין זכרון ניט? ניין, גוטער ברודער, האָסט א טעות!

איך געה ווײַטער, צום ארבייטער־רעסטאָראַן. דער שטילער,

פאַרטראַכטער, אין בלויען איינגעהילטער בין־השמשות, ווערט אַלץ געדיכטער און געדיכטער און מען באַמערקט גאָר ניט, ווי עס קומט אָן אַ שטילער, וואַרימער אויף־דער־נאַכט. די בוימער אונ־טער די פענסטער ווערן לעבעדיגער, שטיל שאָקלען זיי די צווייַ־גן און וואַרטן אויף דעם זילבער־טוי. אַ גאַנצן טאָג האָבן זיי זיך אונטער די שטראַהלען פון דער הייסער זון געבראָטן און שטאַרק געבענקט נאָך אַ קיהלן ווינטעלע, קוקענדיג פאַרשמאַכט אויפ׳ן הימעל, צי עס רוקען זיך ניט אָן קיין וואָלקענס.

אין דעם אַרבייטער־רעסטאָראַן איז נאָך קיינער נישטאָ. די בעל־הבית׳טע גרייט דעם לאַנגען טיש.

— איהר זענט אהער געקומען אויף אַ לאַנגער צייט? — פרעגט זי מיך.

— ביז מען וועט די וויינטרויבען אַראָפּנעהמען פון די וויינ־גערטנער, — ענטפער איך. די שומרים עסען אַלע ביי אייך?

— כמעט אַלע, — ענטפערט זי. — באַלד וועלען זיי קומען אהער.

פונ׳ם שכנ׳ישען צימער הערט מען ווי פון יענער זייט וואַנט פאַרוויגט אַ פרוי אַ קינד זינגענדיג מיט אַן אַנגענעהמער שטימע. שטעל איך זיך אַוועק ביים אָפענעם פענסטער, און אויפ׳ן האַרצען ווערט מיר עפּעס אַזוי גוט, אַזוי רוהיג.

עס קומט אָן פון דער אַרבייט דעם בעל־הבית׳טעס טאָכטער, רבקה. זי איז אַ געזונטע, פעסט־געבויטע מיידעל, מיט צוויי בלויע אויגען און מיט אַ שוואַרץ חנ׳עוודיגען פּנים.

ווי זי איז נאָר אַריינגעקומען, האָט זי אין אַ ווינקעל אַוועק־געשטעלט דאָס קוישעלע, און אין מיטען דערינען האָט זי זיך פאַנאַנדערגעלאַכט, און דאָס גאַנצע צימער איז דערפון גלייך פול געוואָרען מיט פרייד און מיט דעם ריח פון פרישען גראָז.

— מאַמע, איך בין שרעקליך הונגעריג, — זאָגט זי.

דערנאָך גיט זי אַ קוק אויף מיר, צולאַכט זיך ווידער און פרעגט:

— איהר זייט ווידער געקומען צו אונז?

און מאָרגען היט איך שוין די וויינגערטנער. איך זיץ אויף די טרעפּ פון וועכטער־ביידעל און קוק פון דערווייטענס אויף דער

קאַלאָניע, וועלכע שפּרייט זיך פאַר מיר, איינגעהילט אין דעם גרינס פון די מאַנדלען און אָראַנזשען־גערטנער.

עס רוקט זיך אָן דער בין השמשות. אין דער בלויער לופט שוועבט אַ שטילער אומעט. אַ שטיל ווינטעלע בלאָזט און שאָקעלט די צווייגען, און עס דאַכט זיך, אַז שטילערהייט זיינען זיי מתפּלל: „דערבאַרעמדיגער גאָט! דערבאַרעמדיגער גאָט!" און העט־ווייט איבער'ן ים, מיט בלוטיגער רויטקייט אין זיך איינגעזאַפּט, רוקען זיך פאַרשיידענערליי משונה'דיגע וואָלקענס, איינער אַ גרויסער, מיט פורפורנע קאַנטען, קוקט אויס ווי אַ ריזיג גרויסער פויגעל מיט איין פוס און מיט אַ לאַנגען שאַרפען שנאָבעל. אַ צווייטען קוקט אויס ווי אַן אור־אַלטער גאָט פון מצרים, אויף וועלכען עס פאָהרט רייטענדיג אַ אינגעלע מיט רויטע בעקעלאַך און מיט צושפּרייטע הענט. און די איבעריגע קוקען אויס ווי די גייסטער, וועלכע היטען די אוצרות פון די בערג.

„עס וועט היינט זיין אַ פינסטערע נאַכט", — קלער איך מיר. און עס פאַלט אויף מיר אַ שרעק.

פון דער קאָלאָניע דערטראָגען זיך צו מיר אויף די פליגלען פונ'ם ווינט אָפּגעריסענע קלאַנגען פון מענשליכע קולות. איך ווייס, אַז מיט וועכטער האָט זיך שוין ניט איינמאָל אַן אומגליק געטראָפען, און איצט קומט מיר אַלץ אויפ'ן זינען די אַלע וועכטער, וועלכע זיינען דער'הרג'עט געוואָרען. איך זעה זיי מיט די אויגען און האַלט אין איין קלערען וועגען זיי.

עס איז געוואָרען פינסטער.

איך באַהאַלט דעם לייטער צווישען די בוימלאַך און הויב זיך אָן אַרומדרעהען אַרום דעם וויינגאָרטען. די מורא, וואָס לויערט פון אַלע ווינקעלאַך אַרום, צווינגט מיר אַרומצוקוקען זיך אין אַלע זייטען. דער ווינט הויבט אָן בלאָזען שטאַרקער. איך געה צו צום וועכטער, וואָס געפינט זיך ניט ווייט, צו דעם אַלטען קאַפּלאַן. ער שטעהט איינגעבויגען איבער אַ קליין פייערל און גרייט פאַר זיך צו עסען, און אויף דער ערד, איינגעהילט אין אַן „אַבאַיע" ליגט דער יונגער אַראַבער לאַסעם, און עפּעס אַזוי אומעטיג און הארצרייסענד זינגט ער אויס אַ מעשה'לע וועגען אַ הייליגען דערוויש, וועלכער האָט לאַנג געוואַנדערט איבער דעם מדבר, אויסגעהענדיג נאָך אַ טרונק וואַסער;

א מעשה'לע וועגען דעם, ווי גאָט האָט זיך אויף דעם הייליגען דערוויש דערבארעמט און איהם צוגעשיקט א קאַלטען וואסער־קוואל אונטער'ן שאָטען פון א הויכען פאַלמען־בוים, וואו דער נביא האָט זיך פאר איהם באוויזען.

האַלבע נאַכט.

איך געה איבער די אַלעען פון דעם מאנדעל־גאָרטען, וואָס ליגט צוואוואָרפען ביי דעם בערגעל פונ'ם וויינגאָרטען. די בוימער רוישען, און מיר דאכט זיך אַלץ, אז אראבער באפאַלען די קאָלאָניע און הרג'ענען דאָרטען אוים מענער, פרויען און קינדער. אַלעמאָל דוכט זיך מיר, אז איך הער, ווי פון דאָרטען שרייט מען פאַר־צווייפעלט: „ראַטעוועט"!

אָבער איך בארוהיג זיך אַליין:

„עט, נארישקייטען! דאָס רוישט בלויז דער ווינט און די שאַקאַלען וואָיען".

— איך דערפיהל, ווי איך בין זעהר מיעד. עס ווילט זיך שלאָפען. זעץ איך זיך אוועק אויף דער ערד, און באַלד הויבען מיר זיך אָן צו פלאָנטערען אין קאָפּ עפּעס אזעלכע משונה'דיגע, פאַנטאַסטישע זאכען. עס פאַלט מיר איין, אז איך בין א וואנדע־רער אין די וויסטע בערג. ניין — איינער פון דעם חיל פון יהושע בן נון; מיך האָט מען געשיקט אלס מרגל צו זעהן וואו דעם שונא'ס מחנות געפינען זיך; ווען די זון וועט אויפגעהן אין מזרח, וועט יהושע בן נון דעם שונא'ס מחנות באפאַלען; איך וועל זיך אין דער שלאַכט שטאַרק אויסצייכענען און ווען איך וועל זיך מיט נצחון אומקערען צוריק אהיים, וועלען מיר אקעגען געהן מיט טענץ און געזאנג די שוואַרץ־הויטיגע טעכטער פון יהודה, פונקט ווי יפתח'ס טאָכטער איז ארויס מיט פויקען און טענץ.

— שלאָפסט?

איך גיב זיך א כאַפּ אָן איבערגעשראָקענער, איך דערזעה, ווי לעבען מיר שטעהט דער עלטסטער שומר פון דער קאָלאָניע.

ענדליך הויבט אָן טאָגען. א געדיכטער טוי פאַלט אויף דער ערד, און דער ליכטיגער מאָרגען־שטערן צוברענט זיך העל אין מזרח, באפוצענדיג אין פורפור און אין גאָלד די אלע וואָלקענס, וואָס האָבען זיך ביינאַכט אָהן א ציעל און אָהן א תכלית ארומגע־בלאָנקעט איבער'ן הימעל אין דער פינסטער.

פאמעלאך לאָז איך זיך געהן צום וועכטער־ביידעל. איבער'ן גאַנצען קערפּער פיהל איך א מין זיסע מידקייט און עס ווילט זיך מיר אזוי שלאָפען. פון די קוסטעס, וועלכע זיינען מיט טוי באַשפּריצט, טראָגט זיך א דופטיגער ריח. אן איבערגעשראָקענער שאקאל אנטלויפט און באהאלט זיך הינטער די וויינגערטנער.

מיט עטליכע שטונדען שפּעטער דערפיהל איך, ווי די שטראַהלען פון דער זון וועקען מיך. איך טו זיך אַ שנעל און געה באַלד אוועק באָדען זיך אין אַ נאָהענטער באַיארע. דאָרטען געפינט זיך א ברייטע „בירקא", פון וואנען די וואסער שטראָמט דורך דינוועס אין גאָרטען אריין, באפרישענדיג די בוימער. ביי די טויערען פון דער באיארא שטעהט א באָרפוסע בעדואינער מיידעל, וועלכע קוקט אזוי שטאָלץ ווי א שטרענגע פּרינצעסין.

— פון וואנען ביזטו?

— איך בין פון די בערג, חאוואדזשע, — ענטפערט זי, עפּענענדיג דעם טויער.

אין גאָרטען ארבייט רבקה און צוויי יונגע לייט. מיט „פּיאַשען" צוגראָבען זיי די ערד ארום די בוימער. ווען זי דערזעהט מיך, גיט זי א וואָרף דעם "פּיאָזש" אין א זייט און גיט זיך א גלייך־אויס מיט איהר גאנצען, שלאנקען, פעסטגעבויטען קערפּער, פון וועלכען עס אטעמט פּשוט מיט כח און גבורה.

— אויף דער נאכט וועל איך קומען צו דיר אין ווייגנאָרטען, — זאָגט זי מיר.

די ארבייטער לאכען:

— אזוי, אזוי.

זיך אויסגעבאָדען, געה איך צוריק צום ווייננאָרטען, און אויפ'ן וועג ריים איך געלע, שמעקענדיגע בלימעלאך. און בייטאָג ליג איך א פארמאטערטער פון היץ, אין שאָטען, ביים ביידעל און קוק אין דער ווייטקייט. ווייט־ווייט פונ'ם ווייננאָרטען, דאָרטען וואו עס זעהען זיך די בערג פון יהודה, געהען ערגיץ איינזאמע וואַנדערער און פון צייט צו צייט ציהען זיך ווערבליודען־קאראוואַנען. די בלויע לופט איז ווי פארגליווערט. די קוסטעס דרעמלען, אטעמענדיג מיט דעם געשמאקען ריח פון די בליהענדע וויינטרויבען.

— אָט דאָרטען, — קלער איך מיר פויל, — פאָהרט זיך אַ טראַבער אויף אַן עזעלע און נאָך איהם שלעפּט זיך א פרוי, אָנגע־

טאָן אין שווארצען. ווי קליין זיי קוקען אויס פון דער ווייטענס! עס קאָן זיין, אז די אראבערין איז גראָד זעהר א שעהנע און האסט דעם אלטען מאן, וועלכער צווינגט זי נאָכצוגעהן נאָך איהם א באָרפוסע אויף די הייסע שטיינער פון דעם ווייטען וועג... און אפשר איז דאָס גאָר אן אלטע מאמע מיט א קראנקען זוהן, און זיי איילען זיך ביידע קיין מעקא בעטען גאָט אויפ׳ן נביא׳ס קבר.

אויף דער סטעזשקע, צווישען די קוסטעס, באווייזט זיך משה׳־לע דער שומר. ער איז א קאָלאָניסט׳ס א זוהן. א שטארקער, א געזונטער בכור׳ל מיט צוויי שווארצע אויגעלאך און מיט א קאָפּ, וואָס איז שטענדיג פול מיט טרוימען און חלומות. זיין פריינד, דער אלטער קאפלאן, שלאָפט איצטער. לאסעם איז אוועק צו זיין ווייב אין דאָרף, און משה׳לע האָט דאריבער ניט פאר וועמען אי־בערצוגעבען זיינע טרוימען וועגען די פארשיידענע וואונדערבארע מדינות, וועגען די זעלטענע אוצרות אין די ווייטע בערג — די טרוימען, וועלכע ווערען געשאפען אין זיין מוח אין די פינסטערע נעכט, ווען ער היט די וויינגערטנער.

ער זעצט זיך אוועק און פרעגט:

— ווי אזוי לעבען מענשען דאָרטען, פון יענער זייט ים? דערצעהל מיר! דאָרטען היטען אויך אידען די וויינגערטנער און אראבער באפאלען זיי ביינאכט?...

— אלע, אלע באפאלען די אידען. אבער היטען היטען זיי פרעמדע וויינגערטנער און די בעלי־בתים האָבען זיי דאָרטען ניט ליב...

— פאר וואָס? — פארטראכט זיך משה׳לע.

דערנאָך פרעגט ער:

— איז דאָס אמת, וואָס לאסעם זאָגט, אז אין די בערג זיינען באהאלטען גאָלדענע אוצרות און ווען מען געפינט זיי, קאָן מען ווערען רייכער אפילו פונ׳ם סולטאן?

— אמת, אמת.

די זון לאָזט זיך ארונטער אלץ נידעריגער און נידעריגער. די בוימלאך האָבען זיך ווי פונ׳ם שלאָף אויפגעכאפט און עס האָט זיך דערהערט ווי זיי שעפטשען שוין זייער פארנאכטיגע תפלה. דער טאָג ווערט פאמעלאך פארשוואונדען און אין די פעלדער צולעגען

זיך די פארנאכטיגע שאָטענס און די שפּיצען פון די בערג פון יהודה ווערען באגילדעט פון די לעצטע שטראהלען פון דער זון.

— מען דאַרף ווידער געהן היטען די וויינגערטנער!

* * *

רוהיג און געמיטליך געהען זיך די טעג. איך האָב דאָס גע־פיהל, גלייך ווי איך וואָלט אין א פריהלינגס פריה־מאָרגען אויף א ברייטען פעלד געגאנגען דער זון אנטקעגען. מיט די וועכטער טרעף איך זיך זעלטען. די צייט פארברענג איך מיט משה'לען און מיט'ן אלטען קאפּלאן, מיט וועלכען איך האָב ליב צו שמועד־סען וועגען גאָט, וועגען דער שעהנער וועלט און וועגען אנדערע פראגען. דער אלטער האָט א סך געזעהן אין זיין לעבען, א סך געטראכט און איצט איז ער צופרידען דערפון, וואָס ער היט די וויינגערטנער אין אייגענעם לאנד.

אָפּטמאָל, אין די אויפדערנאכטען, קומט צו מיר רבקה. פון דער ווייטענס, נאָך איידער זי קומט צו צום וויינגאָרטען, זינגט זי א ליד און איך דערקען איהר שטימע. ווען זי קומט צו, צולעגען מיר א פייער, זעצען זיך אוועק דערביי — און וואָס מיר צורעדען! זי האַלט אין איין שטעלען פראגען: פאר וואָס עס חלום'ען זיך מענשען אזעלכע משונה'דיגע חלומות? וואָס איז ליבע? וועגען דעם קלערט זי שטענדיג... זי איז נאאיוו ווי א קליינע מיידעלע, די רבקה. דערנאָך, זאָגט זי, אז זי איז מיד און לעגט זיך אוועק לעבען פייער.

— רבקה, דו שלאָפסט? — פרעג איך, אנבויגענדיג זיך איבער איהר.

זי אטעמט שטיל און א קוים מערקבארער שמייכעל שוועבט אויף איהר ליבליכען פּנים.

— דו שלאָפסט?

זי ענטפערט ניט.

און דאָס הייסט, אז איצט מעג מען איהר געבען א קוש...

אָפּטמאָל, נאָך איהר אוועקגעהן, זיץ איך לאנג ביים פייער, וואָס טליעט נאָך קוים־קוים און טרוים. מיר דוכט זיך, אז איך געה מיט איהר צו א ווייטען היימישען דאָרף. אין דרויסען איז

שרעקליך היים. מיר זיינען מיד, דערזעהען מיר, ווי ביים וועג וואקסט א צעדערבוים, זעצען מיר זיך אוועק אין זיין שאָטען. ארום און ארום זאמלען די שניטער און שניטערקעס די סנאָפּעס אויף די פעלדער הינטער די פעלדער זעהט מען די ווייסע, דאָרפישע שטיבלאך און די גרינע גערטנער ארום זיי.

— עס איז נאָך וויט? — פרעגט רבקה, ארויפלעגענדיג איהר מידען קאָפּ אויף מיין אקסעל.

— הינטער יענעם בארג, אין א טיפען טאָל, שטעהט דאָס שטיבעלע, וואו מיין מאמע וואוינט. דאָרטעןווארט זי אויף אונז.

עס געהט פארביי א בעטלער אין א צוריסענעם מאנטעל. ער איז באָרפוס. די טרוקענע, שווארצע הויט פון זיינע פיאטעס איז צושפּאָלטען. ער קוקט אויף די שניטערס און, אויפהויבענדיג די הענט צום הימעל, זאָגט ער ארוים הויך אויפ'ן קול:

— גאָט, בענש זייער ארבייט!

— דאָס איז א נביא, — שעפּטשעט שטיל רבקה. — לאָמיר זיך צוריהרען צו זיינע צוריסענע קליידער.

דערנאָך געהען מיר צו צו די שניטערס, און מיר זיינען אזוי מיד.

— איך בין דורשטיג, — זאָגט רבקה.

די שניטערס רינגלען אונז ארום און דערלאנגען אונז קריגעלאך מיט קאלטען וואסער.

— טרינקט, טייערע! — הערען זיך שטימען פון אלע זייטען.

— טרינקט, דאָס וואסער איז פריש.

א יונגע שניטערין מיט גרויסע זילבערנע אויערינגלאך, שרייט אוים אין דער הויך:

— אך, איך האָב געטראָפען! דאָס זיינען פארליבטע!... איך דערקאָן דאָס אין זייערע אויגען... לאָמיר זיי מיט בלומען באווארפען!

— מיט בלומען! מיט בלומען! — כאפּען אלע אונטער. — זיי זיינען ביידע יונג און שעהן.

און פונקט ווי א רעגען פון לעבעדיגע העל־קאָלירענדע זומער־פויגעלאך הויבען פעלד־בלומען אָן צו פאלען אויף אונז. מיר ווערען פשוט דערטרונקען אין בלומען. און רבקה בעט זיך: „לאָמיר אוועק פון דאנען. זיי וועלען אונז מיט די בלומען דערשטיקען".

אָט אזוי טרוים איך, זיצענדיג ביי דעם פייער, וואָס טליעט נאָך קוים־קוים.

אויף די אנדערע ווייִנגערטנער שפּאַצירען ארום די וועכטער. פון דער קאָלאָניע קומען צו זיי מיידלאָך. מען זינגט ארום די פאנאנדערגעלעגטע פייערען, וואָס ברענען אזוי פרעהלאך, און אָפט טאנצט מען ביז'ן ווייסען טאָג אריין.

* * *

ענדע יולי.

פון די גערטנער הויבט מען אָן ארונטערצונעהמען די וויינ־טרויבען. בחורים, מיידלאָך און קינדער, אלע אָנגעטאָן אין ווייסען, מיט ברייטע שטרויענע קאפּעלושען, ארבייטען פלייסיג, לאכענדיג און זינגענדיג. שלאנקע "פאלאשקעס" מיט זילבערנע מטבעות אין די לאנגע צעפּ, האלטען אין איין טראָגען קוישען מיט וויינטרויבען אין די וועכטער־ביידלאך, פון וואנען עס ציהען זיך אָהן אן אויפהער קעמעל־קאראוואנען צום קעלטער, וואו מען ארבייט שוין בייטאָג און ביינאכט.

איך ארבייט מיט רבקה'ן צוזאמען. כדי צו זיין באשיצט פון דער זון, האָט זי זיך דעם קאָפּ מיט א ווייסען טיכעל ארומגעבונדען, און דאָס פּאסט איהר זעהר שעהן. מיר האלטען זיך די גאנצע צייט צוזאמען און איך באלעווע זיך אלץ מיט איהר. מיט א קוש צוקוועטש איך וויינטרויבען ביי איהר אויף די ליפּען, אָפּפארבענדיג זיי מיט א געדיכטען טונקעל־רויטען זאפט. זי וועהרט זיך, בייזערט זיך כלומרשט און לאכט, און דאָס פּאסט איהר זעהר שעהן.

— גענוג שוין, גענוג שוין! דו ביזט צופיל פארשייט!

— נאָך איינמאָל! — בעט איך זיך ביי איהר און נעהם זי ארום.

די ארבייט איז געענדיגט.

אלע וועכטער מאכען א גרויסע שמחה. מען טרינקט וויין, מען טאנצט, מען זינגט, מען דערצעהלט זיך מעשה'לאך און מען שיסט אין דער לופטען, ארויפוואַרפענדיג א שרעק אויף די שאַ־קאלען, וועלכע רוקען זיך ברוגזה, שטילינקערהייט, מיט ברענענ־

דיגע אויגעלאך און מיט צובלאזענע עקען נעהנטער צו די וויינגערט־נער.

פארטאג צינדען די וועכטער אונטער די ביידלאך. דאס ברענגען זיי א קרבן צו דעם גאט פון ליכט און פרייד. באלויכטען פון דער רויטער שיין שטעהען זיי אלע אין א ראד און זינגע חזי "שבועה", און אויף די בערג פון יהודה צינדען זיך אן די ערשטע שטראהלען פון דער זון.

* * *

איך קער זיך אום צוריק אין שטאט. אויף די וויינגערטנער איז אלץ שטיל, אפגעשטארבען. ביי דער טיר פון דער ארבייטער־קיך שטעהט רבקה און קוקט, ווי איך לאז זיך געהן צופוס אויף דעם וועג, וואס פיהרט אוועק פון דער קאלאניע.

איך שטעל זיך אפ און שריי אויס, מאכענדיג צו איהר מיט דער האנט:

— שלום!

און זי ענטפערט:

— שלום! פארגעס ניט און קום איבעראיאהר.

און איך געה ווייטער.

## דער יאסמין־אראמאט

ווען אין ירושלים האבען זיך די ווינטערויבען צובליהט, האט מיך א ציה געטאן צו די קאלאניעס פון יהודה.

ווי נאר די היץ איז אפגעפאלען און דער טאג האט קיהל אן אטעם געטאן, בין איך ארוים פון מיין הויז און זיך געלאזט געהן צו די אלטע שטאדט־טויערן. דארטען צווישען א גרופע בעטלער און בלינדע אראבער, וואס זיינען געזעסען אויף דער ערד מיט מעשענע שיסעלאך אין די אויסגעשטרעקטע הענט און זינגענדיג געבעטעלט, האב איך זיך אביסעל אפגעשטעלט, געלאקט פון דער אור־אלטער הייליגער שטאדט, וואס איז געווען איינגעטונקט אין דעם העל־גאלדענעם ליכט פון דער פארגעהענדער זון.

נאכדעם בין איך אוועק ווייטער. און ווען איך בין שוין געווען אין די בערג, האט די זון זיך שוין אנגעפאנגען צו זעצען און מיין נשמה איז אנגעפילט געווארען מיט יענעם שטילען הייליגען טרויער, וואס שוועבט ארום שטענדיג איבער אט דעם וויסטען פארלאזענעם לאנד.

איך בין געגאנגען לאנגזאם, ווי א בעטלער, מיט א טארבע אויף די פלייצעס, מיט א שטעקען אין האנט, ווי א פילגער, וואס איז געקומען אהער פון א ווייטען לאנד מתפלל צו זיין אויף די קברים פון די גרויסע נביאים און טרעטען אויף די שטעגען, וואו עס האבען אמאל געבלאנדזשעט די פאסטוכער פון ישראל, זינגענדיג שיר השירים...

איך בין געגאנגען לאנגזאם, און די זון האט זיך שוין איינגאנצען געזעצט הינטער דעם איינזאמען פאלמען־בוים אויף'ן בארג און דער אוונט איז צוגעפאלען.

עס איז מיר ארויף אויפ'ן זינען א גריכישער מאנאסטיר, וואס שטעהט דארטען אויפ'ן וועג, וואו מיר פלעגט אפט אויס־

קומען צו נעכטיגען און די געשטאַלט פון אַ שטילען מאַנאַך, מיט וועמען איך האָב זיך געהאַט באַפריינדעט, איז פאַר מיר ארויס־געשוואומען. און איך האָב באַשלאָסען ביי איהם אָנקלאַפּען אויפ'ן וועג.

איך בין געגאַנגען און וועגען איהם געקלערט, און די נאַכט איז געוואָרען אַלץ פינסטערער. קליינינקע שאַקאַלען מיט פייער־דיגע, הונגעריגע אויגען האָבען מיר געהאַלטען אין איין איבער־לויפען דעם וועג, באַהאַלטענדיג זיך אין די שפּאַלטען פון די בערג.

שפּעט אין אָווענט בין איך צוגעקומען צו אַן אַראַבישער קרעטשמע, וואו אין שאָטען פון הונדערט־יאָהריגע דעמבעס האָט געפּלאָסען אַ קוואַל פון קאַלטען וואַסער. דאָרט איז געשטאַנען אַ קאַראַוואַן, וואָס האָט געפיהרט טייערע טערקישע טעפּיכען, זיידענס, סאַמעט צו די ירושלים'ער סוחרים. די פיהרער פון קאַראַוואַן האָבען אָנגעטרונקען די קעמלען און זיך געקליבען ווייטער אין וועג. ביים אריינגאַנג פון דער קרעטשמע איז געזע־סען אַן אַלטער אַראַבער, דער בעל־הבית, און געראויכערט קאַליאַן. ער האָט מיך געפרעגט, צי האָב איך קיין מורא ניט צו געהן אַליין, און ווען איך האָב זיך אָפּגעזעגענט מיט איהם, האָט ער שטיל אַ זאָג געטאָן:

— געה אין פרידען.

ארום האַלבע נאַכט בין איך צוגעקומען צום גריכישען מאַ־נאַסטיר, וואָס איז געשטאַנען ניט ווייט פון אַן אַראַבישען שטעד־טעל. איך האָב אָנגעקלאַפּט. ווי שטענדיג האָט מיין באַקאַנטער מאַנאַך מיר געעפענט דעם טויער און מיר פריינדליך אויפגענומען נומען:

— איהר וואַנדערט אַלץ ארום אַליין דורך די נעכט, — האָט ער אַ זאָג געטאָן. — ווייזט אויס, איהר בענקט נאָך עמי־צען.

מיט'ן לאַמטערענדעל אין האַנט, האָט ער מיך אריינגעפיהרט אין זיין צעל און דאָרטען אָנגעצונדען אַ קעראָסין־לעמפּעל. אין ווינקעל אויף דער וואַנד האָב איך דערזעהן אַ גרויסען זילבערנעם קרוצעפיקס.

— זיצט, — האָט ער געזאָגט און מיך גענומען פאַנאַנדער־פרעגען, ווי עס לעבט זיך מיר.

זיין טונקעל פּאַרטראַכט פּנים איז געווען בלאַס, און מיר האָט זיך געדוכט, אַז עס איז אויסגעדראַט געוואָרען פאַר דער קורצער צייט, וואָס איך האָב איהם ניט געזעהן.

ער האָט זיך געזעצט לעבען מיר. אַ מערקווירדיגע רוהיג־קייט האָט געשטראָמט פון אָט־דעם מענשען. און זיין ווייכע ברוסט־שטימע האָט איינגעוויגט, ווי אַ היימיש לידעל... לאַנג זיינען מיר געזעסען און גערעדט. ער איז עפּעס געווען באַזונ־דערס טרויעריג אין יענער נאַכט. אָפט זיך פאַרטראַכט און אַלץ געוואָרפען בענקענדע בליקען אויף דעם גרויסען, זילבערנעם קרוי־ציפיקס, וואָס איז געהאַנגען אין ווינקעל. נאָכדעם האָט ער מיר גענומען דערצעהלען וועגען אַ טערקישער מיידעל, וואָס איז איבער איהם געשטאָרבען. דאָס איז געווען מיט אַ יאָהר צוויי צוריק. ער האָט געוואוינט אין סמירנא. ער איז דאָרט געווען אַ לערער אין אַ שולע. אין יענעם הויז, וואו ער האָט געהאַט אַ צימער, האָט אויך געוואוינט אַ נייטאָרין, מיט וועלכער ער פלעגט זיך אָפט טרעפען. איינמאָל רופט זי זיך צו איהם אָן:

— קומט, איך וועל אייך באַקענען מיט אַ זעהר רייכער און שעהנער טערקישער מיידעל, איכ׳ל זאָגען, איהר זייט מיינער אַ ברודער.

ער האָט זיך דערפרעהט. אָט־די געהיימניספולע וועזענס, מיט די פאַרהילטע פּנים׳ער, האָבען איהם שטענדיג צו זיך געצויגען. אין עטליכע טעג אַרום איז די נייטאָרין מיט איהם אַוועק. דעם גאַנצען וועג האָט זי זיך מיט איהם גערייצט, אַז די טערקישע מיידעל וועט איהם אַזוי באַצויבערען, אַז ער וועט מיט איהר גאָר אויפהערען צו ריידען. זיי זיינען צוגעקומען צו אַ קלייניננקער ווילע, אַרומגערינגעלט מיט אַ גרויסען גאַרטען, לעבען ים. שוין פון דערווייטען האָט ער דערשפּירט אַ שטאַרקען גערוך פון יאַסמין, וואָס האָט איהם אָנגעהויבען צו טומלען דעם קאָפּ. די נייטאָרין האָט איהם איבערגעלאָזט לעבען טויער, און אַליין איז זי אריין אין הויז. אין עטליכע מינוט אַרום האָט אַן אַלטע דינסט איהם אריינגערופען. דורכגעהענדיג דעם גאַרטען, האָט ער אומעטום געזעהן אַ סך יאַסמין־קוויטען און זייער אַראָמאַט האָט איהם אַלץ מעהר צוטומעלט זיין קאָפּ. זיי האָבען געבליהט קופּעסווייז, און די אַנדערע בלומען האָבען זיך פאַרלוירען אין זייער ווייס־

געלען קאָליר. ער איז אריין אין הויז. אין אַ נידעריגען צימער, באַהאַנגען מיט טייערע טעפּיכער, האָט איהם איישאַ באַגעגענט. איהר פּנים איז געווען אָפּגעדעקט, און געווען איז ער טונקעל־ברוין און ווייך, ווי סאַמעט. זי האָט געטראָגען אַן אויסגענעהט קלייד און קליינינקע שיכלאך מיט גאָלדענע אוזאָרען.

— דאָס איז מיין ברודער, — האָט די נייטאָרין געזאָגט — ער האָט אייך געוואָלט זעהן.

איישאַ האָט אַ שמייכעל געטאָן, דערלאַנגט איהם די הענט און אָנגעפאַנגען צו רעדען פראַנצויזיש. און איהרע אויגען, שווארצע ווי קויל, האָבען אויסגעדריקט נייגעריגקייט און פרייד. נאָכדעם האָט מען איהם איבערגעלאָזט אליין און מען איז אריין אין אַ צווייטען צימער צו מעסטען אַ קלייד. און ער האָט זיך אוועקגע־שטעלט ביים פענסטער און פאַרטראַכט געקוקט אין גאָרטען, וואו דער שטראָם פון אַ גרויסען פאָנטאַן האָט געפינקעלט, ווי אַ רעגען־בויגען אין די שטראַהלען פון דער פאַרגעהענדער זון. און ווען די מיידלאך זיינען צוריק אריין אין צימער, האָט אַ דינסט אריינ־געבראַכט קאַפע אין קליינינקע פאַרצעלייענע טעפעלאך. זיי האָ־בען זיך אַרומגעזעצט אַרום טיש. איישאַ האָט איהם געפרעגט, וואָס ער טוט, און זי האָט זיך שטאַרק פאַראינטערעסירט מיט די שולען, וועגען וועלכע ער האָט איהר אָנגעפאַנגען צו דערצעהלען. זי האָט זיך געהאַלטען איינפאַך, פריי, און אין געשפּרעך האָט זי אַרויסגעצייגט אַ סך באַלעזענקייט. ער איז געווען באַצויבערט.

פאַר'ן אוועקגאַנג האָט זי איהם געגעבען אַ בינטעל יאַסמין־קווייטען און געזאָגט אַז דאָס איז איהר באַליבטע בלום, און זאָל ער צו איהר קומען. אויפ'ן צווייטען טאָג אין דער זעלביגער צייט איז ער שוין געווען ביים טויער פון איהר גאָרטען. זי איז געזעסען לעבען פאָנטאַן און איהם באַמערקט, איז זי אויפגעשטאַ־נען און אריין אין הויז. דאָס האַרץ איז איהם איינגעפאַלען, נאָר עס האָט זיך באַוויזען אַ דינסט און איהם אַ רוף געטאָן. איישאַ האָט איהם ווידער באַגעגענט אין דעם זעלביגען צימער.

— מיר טוט הנאה, וואָס איהר זייט געקומען, — האָט זי געזאָגט, — נאָר זייט פאָרזיכטיג, אַז מיין פאָטער זאָל אייך ניט באַמערקען. נאָכדעם האָט זי איהם אוועקגעזעצט לעבען זיך אויף אַ ווייכער סאָפאַ און אָנגעפאַנגען דערצעהלען וועגען זיך, ווי זי

וואוינט אליין, און אז ציימענוויז באפאלט זי א בענקעניש ביז טרערען פון אזא איינזאמקייט. ער האט אויף איהר געקוקט און דער פאר׳שכור׳ענדער יאסמין־אראמאט, מיט וועלכען, ווי איהם האט זיך געדוכט, איהר גאנצער יונגער קערפער איז געוועזן דורכגעזאפט, האט איהם ווי איינגעוויגט.

און אזוי האבען זיי זיך אנגעפאנגען צו באגעגענען אלע אוועגט. די דינסט האט געהיט ביים טויער, דער פאטער זאל פלוצלונג ניט אנקומען. אפטמאל פלעגט זי אין א הויכען זיל־בערנעם בשמים־לעמפעל רויכערען טייערע געווירצען, וואס האט נאך שטארקער געוועקט אין זיי די תאוה.

איינמאל, אין איהר געבורטס־טאג, האט ער איהר געבראכט א גאלדענעם מעדאליאן. זי האט איהם ניט געוואלט נעהמען.

— איך פארלאנג נאר דיין ליבע, — האט זי געזאגט. און ווען זיי זיינען ארוים אין גאס, האט זי צו זיך צוגערופען אן ארימען אינגעלע, איהם א קוש געטאן אין קאפ און איהם אוועק־געגעבען דעם מעדאליאן...

עס זיינען אוועק טעג נאך טעג. איינמאל איז ער געקומען צו איהר און דערצעהלט, אז זיין מוטער, א פרומע אלטע פרוי, בעט איהם קומען אהיים און חתונה האבען. דאס האט ער גע־שפאסט, נאר איישא האט אויף׳ן צווייטען טאג דורך דער דינסט איבערגעגעבען, אז זי קען איהם איצט ניט זעהן. ער איז בייז געווארען און איז אוועק. אזוי האט זיך אנגעפאנגען זייער ער־שטער ברוגז. א סך טעג האט ער זי ניט געזעהן. נאכדעם האט ער איהר אנגעשריבען א בריף, אז ער פאהרט אוועק און וויל זי זעהן. זי האט איהם געענטפערט,, אז ער קען קומען. זי האט איהם באגעגענט שוויגענד. זי איז געוועזן בלאס, טרערען האבען געפינקעלט אין איהרע אויגען. זי האט איהם נאר געפרעגט, וואס ער וויל. ער איז צוגעפאלען צו איהרע פיס, געקושט דעם זוים פון איהר קלייד און געבעטען איהם פארגעבען. מיט די אויגען נאר האט זי אנגעצייגט אויף דער טיר, אז ער זאל אוועק־געהן. ער איז ארויסגעגאנגען און הינטער זיך דערהערט איהר געוויין. ער איז אפגעפאהרען. אין עטליכע טעג ארום האט ער דערהאלטען א בריף פון דער נייטארין, אז איישא איז גע־שטארבען. זי האט זיך פאר׳סמ׳ט. מען האט זי געפונען אין דעם

נידעריגען צימער אויף דער ערד, באַשאָטען מיט יאַסמין. פאַר איהם האָט זי איבערגעלאָזט אַ קורץ צעטעלע: „איך האָב דיך ליב געהאַט".

---

ווען איך האָב פאַרלאָזען דעם מאָנאַסטיר, איז שוין די זון פון לאַנג געהאַט אויפגעגאַנגען. מיין באַקאַנטער מאָנאַך האָט פאַר מיר געעפענט דעם טויער.

— געהט אין פרידען, — האָט ער מיר געזאָגט, ער איז געשטאַנען פאַר מיר אַ בלאַסער, פול מיט הכנעה, אין דער לאַנגער שוואַרצער ראַסע מיט אַן אַראָפּגעלאָזטען קאָפּ. איך האָב איהם די האַנט, און בין אַוועק צו דער אידישער קאָלאָניע, וואו די וויינ־טרויבען האָבען זיך שוין געהאַט צובליט.

# די קליינע פּאַולינאַ

דער דאָקטאָר פּילאָזאָף סטאַראָבינסקי איז געווען א מענש ניט קיין באַוועגליכער, מיט זעהר א בלאַסען פּנים, אויף וועלכען עס האָט שטענדיג געשוועבט א שטילער און גוטמוטיגער שמייכעל.

אין דער אימיגראַנטען קאָלאָניע האָבען אַלע געקוקט אויף איהם ווי אויף א מאָדנער בריאה. מיט קיין פרוי האָט מען איהם קיינמאָל אין ערגעץ ניט באַגעגענט, און אויף דעם חשבון פלעגען טאַקי די סטודענטען גאַנץ אָפט אפּלאַכען פון איהם; מען פלעגט דערצעהלען אזא חכמה:

איינמאָל האָט איהם א גאַסען־מיידעל אפּגעשטעלט אין גאַס און איהם פאַרגעשלאַגען, ער זאָל מיט איהר געהן פאַרברענגען; האָט ער, דער דאָקטאָר פּילאָזאָף, פאַר איהר זיך גאַנץ העפליך א נייג געטאָן, און אַנטשולדיגענדיג זיך געענטפערט, אז ער אַיז א וועגעטאַריאַנער און עסט ניט קיין פליישיגס...

יעדען פריה־מאַרגען, פּונקט ניין א זייגער, פלעגט ער, מיט א פּאַרטפעל אונטער'ן אָרם, אַוועקגעהן אין דער גרויסער ביבליאָ־טעק, און דאָרטען האָט ער זיך לאַנג אין אַלטע ביכער געגריבעלט, אַרבייטענדיג איבער זיינע פילאָזאָפישע ווערק, און אין די אויף־דער־נאַכטען פלעגט ער לאַנג זיצען אין א קאַפע־הויז, וואו מוזיק שפּילט און פון דערווייטענס געקוקט אויף שעהנע, רייך־פאַרפּוצטע פרויען, וועלכע ער האָט שטענדיג באַטראַכט, ווי וועזענס, צו וועל־כע ער קען ניט צוקומען.

נאָך אזעלכע פרויען פלעגט ער געוועהנליך שטאַרק בענקען אין די שלאָפלאָזע נעכט, ווען זיין קערפּער האָט, ווי א העהליש פייער געברענט פון תאוה; ווי א קינד האָט ער געטרוימט, אז ער קומט אריין אין פאַר'כשופ'טע שלעסער, וואו עס געפינען זיך שעהנע און שלאַנקע פרויען, וועלכע וואַרטען אויף איהם און צערט־לען איהם אזוי שטאַרק.

איינמאָל אין אבענד, ווען סטאַראָבינסקי האָט געשפּאַצירט ביים ברעג טייך, האָט ער מיט א מאָל דערהערט א געשריי פון א פרוי. ניט ווייט פון איהם האָט עפּעס א שכור זיך צוגעטשעפּעט צו א יונגער מיידעל. דער דאָקטאר פילאָזאָף האָט זיך מיט כעס א לאָז געטאָן צום שכור. יענער האָט זיך דערשראָקען און איז אַוועק.

די מיידעל האָט מיט דאנקבארע בליקען א קוק געטאָן אויף סטאַראָבינסקי'ן און געזאָגט:

— איהר זייט אזא גוטער. א דאנק אייך!

ביי'ם עלעקטרישען לאַמטערן האָט ער זיך מיט איהר אָפּגע־שטעלט, און דאן האָט ער דערזעהן, אז זי איז זעהר א שעהנע.

— ווי צויבערליך זי איז! — האָט סטאַראָבינסקי א קלער געטאָן, איינקוקענדיג זיך אין איהר קיילעכדיגען, טונקעלען פּנים מיט דעם קליינינקען פּוכקען מיילכעל, וואס האָט זיך ווי א פּורפּור־בלום געראָזעוועט.

— אפשר ווילט איהר מיט מיר אריינגעהן אין א קאַפע? — האָט ער שעהמעוודיג א פרעג געטאָן.

— און איהר זיינט ניט אזא שלעכטער, ווי אנדערע? — האָט די מיידעל, לאַכענדיג, געפרעגט, אנשטעלענדיג אויף איהם שארף די צוויי דיכטיגע שווארצע אויגען איהרע מיט די לאַנגע געדיכטע וויעס.

איהר שטימע איז געווען אביסעל הייזעריגלאַך, אבער זעהר אנגענעם און לאַשטשענד.

זיי זיינען ביידע אוועק אין א קאַפע, און אויפ'ן וועג האָט די מיידעל געפּלוידערט, פּונקט ווי א פויגעלע פאַרטאָג; און דערביי האָט זי איהם געהאַלטען אין איין אריינקוקען אין די אויגען. אין צעהן מינוט צייט האָט זי איהם אַלץ דערצעהלט וועגען זיך. אַלט איז זי זעכצעהן יאָהר. איהר פאָטער, אן ארימער איטאַליענער, איז דער'הרג'עט געוואָרען אין שלאַכט. איהר מוטער געפינט זיך אין א סאַנאַטאָריום פון שווינדזיכטיגע. איהר באָבע איז א בייזע, זי האָט זי ארויסגעטריבען. איצט איז איהר ניט גוט; שוין צוויי יאָהר, זינט זי איז א דיענסט אין פרעמדע הייזער. אין איין רייכען הויז, וואו זי האָט געדינט, האָט דער בעל־הבית זי פאַרגוואַל־

טיגט; דערביי האָט ער איהר מיט א שמאטע דאָס מויל פאר־שטאָפּט, אז זי זאל ניט שרייען, און אויף מארגען האָט ער איהר געקויפט א העלע, ראזעווע קלייד און שעהנע האלבע שיכלאך מיט הויכע אפּזאצען, און מיט א שטיקעל צייט שפּעטער האָט ער זי ארויסגעטריבען... זי האָט זיך דאן איבער די גאסען ארומגע־בלאָנקעט א נידערגעשלאגענע, א פארווײנטע, איז צוגעגאנגען עפּעס א יונגערמאַן, א מאָהלער, און האָט זי גענומען צו זיך... א נאָ־קעטע האָט זי פאר איהם פּאָזירט. דער מאהלער איז געווען א גוטער מענש, אבער ער איז אוועקגעפאהרען ערגעץ ווייט אין אן אנדער לאַנד — און זי איז ווידער געבליבען איינע אליין, עלענד; איצט איז זי שוין דאָ דריי טעג אין דער שטאָדט און קיין געלט האָט זי ניט. נו, בלאַנקעט זי זיך גלאַט אזוי ארום איבער די גאַסען.

דערצעהלענדיג דאס האָט די מיידעל געהאלטען אין איין לאַכען, גלייך זי וואלט דאָ איבערגעגעבען זעהר א קאמישע און אנגענעמע פּאסירונג פון איהר לעבען. און סטאראָבינסקי איז גע־ווען צוטומעלט און געדוכט האָט זיך איהם, אז פון דער מיידעל׳ס צוויי שווארצע אויגען רייסען זיך ממש צו איהם אין הארצען אריין עפּיס אזעלכע ווארימע שטראהלען פון גליק, און די גאנצע וועלט ווערט א צויבערליכער וואונדערבארער גאָרטען.

אין יענער נאכט האָבען די ווענט פון דעם ארימען צימער, אין וועלכען דער דאָקטאָר פילאָזאָף האָט געוואוינט, צום ערשטען מאָל געהערט עפּעס אזעלכע מאָדנע, נייע ווערטער...

אויף דער ווייכער זאָפע איז געלעגען די האַלב־נאַקעטע שעה־נע מיידעל פּאולינא. איהר הענט, די אַקסלען און די ברוסט זיינען געווען ענטבלויזט, און די שפּורען פון הייסע קושען האָבען זיך נאָך אויף זיי געוויטעלט. דער מיידעל׳ס אויגען האָבען זיך מיט א באַזונדער מין גלאַנץ איבערגעצויגען, פּונקט ווי א שטערען אין א ווארימער זומער־נאַכט, און לאַכענדיג האָט זי געקוקט אויף סטאראָבינסקי׳ן, וועלכער איז ביי איהרע פיס געלעגען און גע־פיהלט, ווי די ליידענשאפט נעהמט ביי איהם צו דעם פּארשטאַנד.

און אין צווייטען צימער האָט די אַלטע בעל־הבית׳טע גע־

וואָרטשעט, געווען בייז און עטליכע מאָל אַלץ דאָס זעלבע פאַר זיך איבערגע'חזר'ט:

— עך, הערר סטאַראָבינסקי... הערר סטאַראָבינסקי...

אין דער פריה זיינען זיי ביידע ארויס אין גאַס. פאולינא האָט דעם דאָקטאָר פילאָזאָף פעסט געטוליעט צו זיך האַלטענדיג זיין אָרם. און ווען די באַקאַנטע האָבען איהם דערזעהן אין גאַס מיט אַזא שעהנער מיידעל, זיינען זיי געבליבען שטעהן איבער־ראשט.

— נו, אונזער פילאָזאָף איז שוין קאַפוט! — האָט זיך אָפּגערופען איינער.

— אָבער וואו האָט ער דאָס געפּאַקט אַזא שעהנינקע? — האָט זיך געוואונדערט אַ צווייטער. — היינט גאָה ווייס!...

די נייעס האָט זיך גלייך פאַרשפּרייט איבער דער גאַנצער קאָלאָניע, און אַלע האָבען שוין געהאַט פון וואָס צו ריידען.

אָבער סטאַראָבינסקי'ס גליק האָט לאַנג ניט געדויערט.

דעם זעלבען טאָג איז פּאולינא אַוועק, זאָגענדיג, אַז זי געהט זוכען אַרבייט — און מעהר איז זי ניט געקומען.

אומזיסט האָט סטאַראָבינסקי דעם גאַנצען אויף־דער־נאַכט געוואַרט. זי איז ניט געקומען.

איבער אַלע גאַסען איז ער זי געגאַנגען זוכען. עטליכע מאָל האָט ער זיך אַרומגעדרעהט אַרום דעם וואָקזאַל, וואו די גאַסען־מיידלאַך שפּאַצירען; יעדעס מאָל, ווי ער האָט נאָר פון דער־ווייטענס דערזעהן אַ פרויען־פיגור, וואָס האָט אויסגעקוקט ווי פּאוּ־לינא'ס, האָט ער זיך געלאָזט געהן שנעל — אָבער זי האָט ער אַלץ ניט געפונען.

האָבען זיך אָנגעהויבען אונערטרעגליך שווערע, שלאָפלאָזע נעכט. פאַר די אויגען האָט איהם אַלץ געשוועבט די געשטאַלט פון דער קליינער פּאולינא, וועלכע איז געווען די ערשטע, וואָס האָט איהם פאַרשאַפט אַזוי פיל פאַרגעניגען... ער האָט אַלץ ניט געקענט פאַרגעסען יענע נאַכט, ווען זי איז אַ האַלב־נאַקעטע געלעגען אויף דער ווייכער זאָפע און פון איהר יונגען קערפּער

האָט זיך געטראָגען אַזאַ פּאַר׳שיכור׳ענדער אַראָמאַט, אַז די נשמה איז אויסגעגאַנגען פון זיסע ליידען און וועה...

אַזוי זיינען אַוועק טעג און טעג. און סטאַראָבינסקי איז שרעקליך אַ תל געוואָרען, און ער האָט אָנגעהויבען צו געהן נאָך מעהר איינגעבויגען. און ווען באַקאַנטע האָבען איהם געפרעגט, וואו ס׳איז אהינגעקומען די מיידעל, מיט וועלכער ער האָט דאָן געשפּאַצירט, האָט ער פאַרביסען די ליפּען און איז אַוועק, ניט ענטפערענדיג אַ וואָרט.

ביז עס איז ענדליך געקומען אַ פריהמאָרגען, און די אַלטע בעל־הבית׳טע האָט איהם דערלאַנגט אַ בריף:

שנעל און אומגעדולדיג האָט ער דעם בריף געעפענט. דאָס איז געווען אַ בריף פון פּאולינאַ׳ן.

זי האָט געשריבען:

„ליבער הערר:—

„מעג איך זיך ערלויבען אייך אָנצושרייבען אַ פּאָר ווערטער? איהר דענקט אודאי, אַז איך האָב אייך איינגאַנצען פאַרגעסען. אָבער דאָס איז ניט אַזוי. ווען איך בין פון אייך אַוועק, האָב איך, דעם זעלבען טאָג, געפונען אַ שטעלע, אָבער מעהר ווי עטליכע טעג האָב איך ניט געאַרבייט. איך האָב זיך פאַרקיהלט, געוואָרען ערנסט קראַנק און מען האָט מיך געמוזט צונעהמען אין האָספּיטאַל. דאַריבער האָב איך צו אייך ניט געקענט קומען. איך האָף, אַז איהר האָט ניט פאַרגעסען די קליינע פּאולינאַ. קומט צו מיר. אויב אימיצער וועט אייך פרעגען, פון וואַנען איהר קענט מיך, זאָלט איהר זאָגען, אַז מיר פלעגען עסען אין איין פּאַנסיאָן. איך האָף, אַז איצט וועלען זיך אייערע געדאַנקען אריבערטראָגען אין דעם האָספּיטאַל, וואו די קליינע פּאולינאַ וועט זיך אַזוי דערפרע־ העןן איבער אייך".

אַן אומרוהיגער האָט זיך סטאַראָבינסקי גענומען ארומדרע־ העןן איבער׳ן צימער הין און צוריק. שפּעטער האָט ער געקויפט מאַראַנצען, טייטלען און אויך אַ בוקעט בלומען, און איז אַוועק אין שפּיטאָל.

די טיר פון דער פּאַלאַטאַ, וואו פּאַולינאַ איז געלעגען, איז געווען אָפן, און אַזוי שנעל ווי סטאַראָבינסקי איז נאָר אריין, האָט ער זי גלייך דערזעהן.

א פריידענס־געשריי האָט זיך פון איהר הארצען ארויסגעריסען, און ער איז, מיט א קלאַפּענדען הארץ צוגעגאַנגען צו איהר.

ליגענדיג א קראַנקע אין בעט, האָט זי אויסגעקוקט נאָך שעה־נער; איהרע שווארצע האָר האָבען זיך ווי שלאַנגען געשפּרייט איבער׳ן ווייסען קישען, און דער אויסדרוק פון איהר בלאַסען פּנים איז געווען אַזאַ שטילער, אַזאַ אונטערטעניגער.

— גוט מאָרגען, פּאַולינאַ! — האָט סטאַראָבינסקי געזאָגט, דערלאַנגענדיג דער מיידעל דעם בוקעט בלומען, — וואָס מאַכט איהר?

ער האָט געוואָלט א שמייכעל טאָן, אָבער דאָס פּנים האָט זיך ביי איהם פאַרקרימט ווי פון א שטאַרקען וועהטאָג.

ארום און ארום האָט זיך געהערט א שטיל שעפּטשען. אין דער לופט האָט זיך געטראָגען דער שאַרפער און שווערער גערוך פון רעצעפּטען, און א נאָגענדע בענקעניש וואָס דערמאָנט אָן טויט האָט זיך מיט א מורא׳דיגער שווערינקייט אויפ׳ן הארצען געלעגט.

— וואָס פאַר א גוטער מענש איהר זיינט! — האָט די מיידעל געזאָגט, און זי האָט גענומען ריידען וועגען זיך: — דאָ איז אַזוי אומעטיג! ביינאַכט קען מען ניט שלאָפען, און ווי אויף צולהכעיס זיינען די נעכט אַזעלכע לאַנגע, אז ס׳איז א שרעק. ארום און ארום האַלט מען אין איין קרעכצען; מענשען וויינען, און עס געהט ניט אוועק דער טאָג, א מענש זאָל דאָ נישט שטאַרבען... נעכטען איז דאָ געשטאָרבען א יונגע מיידעל, מיט אַזעלכע צוויי שעהנע בלאָנדע צעפּ... איהר טוט וועה דער האַלז, און אַלע מאָל דוכט זיך איהר אויס, אז אָט־אָט געהט איהר אויס דער אטעם. און פאַרוואָס חלומ׳ען זיך איהר אַלץ אַזעלכע שרעקליכע חלומות? אַלע נאַכט קומט איהר די געשטאָרבענע באָבע צו חלום, שטעלט איהר ארויס א לאַנגע צונג און מאַכט עפּעס אַזעלכע משונה׳דיגע העויות, פּונקט ווי א בייזע מכשפה אין וואַלד... און אונטער׳ן

פענסטער וויינט אימיצער אלע נאכט, בעט זיך אזוי רחמנות'דיג און דראפעט די שויבען...

— און ווען דער פריהמארגען קומט אן, ווערט מיר גרינגער אויפ'ן הארצען, — האט זי מיט א זיפץ א זאג געטאן, — און איהר זייט אזא גוטער וואס איהר זייט געקומען!... איצטער בין איך קראנק, אבער ווען איך וועל געזונט ווערען, וועל איך קומען צוריק צו אייך און מיר וועלען וואוינען צוזאמען... איהר ווייסט, איך קען זעהר גוט קאכען...

דריי מאל אין וואך איז סטאראבינסקי געקומען אין האספי־טאל זעהן די קליינע פאולינא, און יעדעס מאל האט ער איהר אן אנדער מתנה געבראכט. די לעצטע גראשענס פון זיינע קליינע פארדינסטען האט ער אויסגעגעבען און אלץ געקלערט: — הלואי זאל זי שוין וואס גיכער געזונט ווערען!

אבער פאולינא'ן איז וואס א טאג געווארען אלץ ערגער און ערגער. און דא איז נאך געקומען דער הייסער זומער; א קראנקהייט, פון וועלכער מענשען זיינען געפאלען ווי פעלד־בלומען אונטער א שניט־מעסער, האט זיך איבער דער שטאדט פארשפרייט; איבער די גאסען האט מען אלע מאל געזעהן לויות און לויות, און ארום האבען זיך די צווייגען פון די בוימער געבויגען אונטער דער שווערער משא פון פרוכטען, אויף די פעלדער האבען זיך די קארן־זאנגען געלאזט וויגען פון ווינט און דאס גראז האט מיט גרינקייט דאס אויג פארכאפט.

ביי סטאראבינסקי'ן האט די אונטערשטע ליפ א ציטער געטאן און ער האט דערפיהלט ווי אין מוח האט זיך איהם עפעס אפגעריסען. ער האט זיך צוגערוקט צו דער וואנט, כדי ער זאל ניט אומפאלען. דערנאך האט ער זיך שטיל ווי א שאטען ארויס־גערוקט פון האספיטאל...

* * *

נאך פאולינא'ס ארון איז נאכגעגאנגען בלויז איין מענש. דאס איז געווען דער דאקטאר פילאזאף סטאראבינסקי, אנגעטאן

איז ער געווען אין זיינע בעסטע קליידער און אויפ'ן ארבעל פון זיין גרויען רעקעל איז געווען אנגעניים א שווארצער באנד.

די פארבייגעהענדע שווייצארער האבען אראפגענומען די היטלען, און באגלייטענדיג דעם ארון מיט די בליקען, האבען זיי שטיל איינער דעם אנדערען געזאגט:

— דאס איז א רוסישער! ...

# עדעלווייס. *

יעדעס יאָהר, ווי נאָר עס זיינען אָנגעקומען די זומערדיגע וואַקאַציעס, פלעגט דער יונגער סטודענט שמואל, וואָס האָט שטודירט אין איינעם פון די שווייצאַרישע אוניווערסיטעטען, אַוועק אין די בערג. דאָס איז געווען אַ יונגערמאַן, אַ שטאַרק געבויטער, אַ שלאַנקער, מיט בלויע אויגען און העל־בלאָנדע האָר, עהנליך אויף אַ רוסישען בחור פון די ברייטע סטעפּעס

איינמאָל אין אָנהויב הערבסט, ווען די היצען זיינען שוין מעהר ניט געווען און אויף לאַנג האָבען זיך אָפּגעשטעלט נאָלדענע טעג אין דעם קליינעם לאַנד, איז שמואל געקומען אין אַ דערפעל „צוויי־טייכלעך” און זיך באַזעצט אין אַ פויערשע הייזעל ביי יענעם וועג, וואָס האָט געפיהרט צו די בערג, וואו עס בליהען די צאַרט־סאַמעטענע, קיינמאָל ניט וועלקענדע, עדעלווייסעס.

גאַנצע טעג האָט ער ארומגעוואַנדערט איבער דער געגענד און געזונגען אַ גליקליכער, וואָס דאַרף זיך מעהר איצט ניט פאַרנעמען מיט לערנען זיך. געגאַנגען איבער'ן וואַלד רעדענדיג אַליין מיט זיך און מיט דער פולער ברוסט איינגעאָטעמט דעם דופטיגען ריח פון דער סמאָלע וואָס האָט פון די בוימער געטריפט, האָט געוועקט דעם ווידער־קול אין די בערג, און, אַריינקלייבענדיג זיך אין די פאַסטוכשעביידלעך, דערצעהלען די אַלט־בערגינע איינוואוינער וועגען די וואונדער פון די ווייטע לענדער.

אָפּטמאָל איז ער אַוועק אין פעלד מיט בחורים און מיידלעך און מיט זיי צוזאַמען שנעל געאַרבייט פון באַגינען ביז פאַרנאַכט.

---

* עדעלווייס — ווייסע סאַמעטענע בלימלאַך, וואָס וואַקסען אין די אַלפּענבערג.

אזוי האָט שמואל פאַרבראַכט זיין וואַקאַציע. א פרעהליכער און א געזונטער, הנאה־האָבענדיג פון יעדער שעה אין זיינע פרייע טעג, באַצירענדיג מיט זונען־בלומען זיין יוגענד.

ביי יענער פויערטע, וואו שמואל האָט געוואוינט, זיינען גע־ווען דריי זיהן. איינמאל איז דער אינגסטער פון זיי אוועק אין די בערג קלייבען עדעלוויים און זיך מעהר ניט אומגעקערט. די ברידער זיינען אוועק איהם זוכען. ערשט אויפ׳ן צווייטען טאָג, פאַרנאַכט־צו, האָבען זיי געפונען זיין צוריסענעם קערפער אין שניי באַשפריצט מיט בלוט.

מיט דריי טעג שפּעטער האָבען די איינוואוינער פון קליי־נעם דערפעל „צוויי טייכלעך״, שטיל און אומעטיג מקבר געווען דעם אינגעל. נאָכ׳ן ארון זיינען געגאַנגען אַלטע אין שוואַרצען, און די פויערים, — אין זייערע בעסטע קליידער. און ארום און ארום זיינען געשטאַנען די הויכע אַלפּען. זייערע שניי־שפּיצען האָבען פאַרבלענדענד געבלאַנקט אויף דער זון. און זייער שעהנ־קייט איז געווען ניט פאַרבלענדענד.

און דערפאר איצט, ווען איהרע צוויי זיהן מיט שמואל׳ן האָבען זיך אוועקגעלאָזען אין די בערג רייסען עדעלוויים, איז די פויערטע געשטאַנען אויפ׳ן שוועל און, באַגלייטענדיג זיי, האָט זי געוויינט און תפילה געטאָן, אז גאָט זאָל זיי זייער לעבען היי־טען. און די בחורים מיט די ראַנצעס און שטריק אויף די פּליי־צעס, אָנגעטאָן אין די גרויסע בערג־שיך, זיינען מיט הילכיגע טריט געגאַנגען אַלץ העכער, וואַרפענדיג הויכע אויסגעשרייען אין דער נאַכט און זינגענדיג זייערע לאַנדס־לידער, ווי א פּאַס־טוך רופט צוזאַמען א טשערעדע בהמות, ווי זיי איילען זיך אויף זיין רוף, קלינגענדיג מיט די גלעקלעך דין־דין־דין; ווי א מיי־דעל באַגעגענט זיך מיט איהר געליבטען ביים באַרג־קוואַל און, ווי א ווינטערדיגער שטורם טראָגט זיך פון די אַלפּען און שטורמט און ברויזט און פאַרוואַרפט מיט שניי די קליינע דערפלעך.

שפּעט ביינאַכט האָבען זיי געטראָפען א שווייצארישע קאָמ־פּאַניע און צווישען זיי האָט שמואל דערקענט א רוסישע מיידעל,

וועלכע איז איצט פון רוסלאנד געקומען צו גאסט צו איהרען א ברודער, א פאָליטישען עמיגראנט. די קאָמפּאַניע איז געגאַנגען צום „שווארצע"ן טייך, נאָר זיי זיינען אראָפּ פון וועג און איצט, טרעפענדיג די בחורים, האָבען זיי באַשלאָסען געהן מיט זיי קליי־בען עדעלוויים.

שמואל'ן האָט זעהר דערפרעהט די צופעליגע באגעגעניש מיט דער רוסישער מיידעל, וועלכע האָט אויסגעזעהן צו זיין זעהר שעהן. זיי זיינען געגאַנגען צוזאמען. און אין יענע פלעצער, וואו זיי פלעגט אויסקומען צו פארקירצען דעם וועג, האָט ער איהר געהאָל־פען אריבערשפּרינגען די וואסערלעך, וואָס לויפען פון אלע זייי־טען פון דער הויך און מורמלען אונאויפהערליך אין דער שטיל־קייט פון דער נאכט.

זי האָט מיט צוטרוי יעדעס מאָל געלאָזט זיך אָננעהמען ביי דער האנט. איהר איז געפעלען געוועזן זיין שטארקע, שלאַנקע פי־גור, זיין ברוסט־שטימע און זי האָט געפיהלט זיין אָפענעם קוק פון זיין יונגען פנים. ער האָט דערצעהלט וועגען זיך, וועגען זיין שטודיר־ארבייט און ווי ער פארברענגט די צייט אין די בערג און זי, הערענדיג איהם, האָט קלינגענדיג געלאכט און איהר קול פלעגט אויפגעכאפּט ווערען פון ווידער־קול פון אלע זייטען בערג.

און שמואל האָט אלץ גערעדט: ווי וואָלט זיך איהם וועלען גוט זעהן איהר פנים און פארוואָס איז די נאכט אזוי פינסטער. וואָלט כאָטש די לבנה אויפגעגאַנגען. און דאָס מיידעל האָט לאכענדיג געענטפערט: אזוי איז בעסער, זאָל ער זיך טראכטען, אז זי איז זעהר שעהן, ווייל דער מאָרגען וועט איהם ברענגען א שרעקליכע ענטוישונג. ער וועט דערזעהן א וואלד־מכשפה, מיט געלע קעצישע אויגען, מיט א צוקנייטשטען פנים און א דאר־פּויגעלשען נאָז. און דאמאלס וועט ער פון איהר אנטלויפען. נאָר ביז באגינען מוז ער זי היטען פון אלע בייזע בערג־גייסטער.

און זי האָט איהם ווידער צוטרויליך דערלאַנגט איהרע ווייי־כע ווארימע הענט, און ווי א קינד געלאכט, ווען ער פלעגט זי אריבערטראָגען איבער א ברייטען וואסערל. די נאַכט האָט גע־

גומען בלייבען. שטיל האָבען זיך גענומען אויסלעשען די שטע־
רען אין הימעל. עס האָט זיך אָנגעצונדען דער מזרח. און די
שפּיץ פון די בערג האָבען זיך באַגאָסען מיט גאָלד. און אָט אין
די מאָרגען דעמערונגען האָט דער סטודענט באַמערקט, אז זיין
באגלייטערין איז א בונטע שעהנהייט. און זי, קוקענדיג אויף
איהם, האָט שמייכלענדיג געשעפּטשעט מיט איהר קליינעם פּוכ־
לעם זאפּטיגען מיילכעל:

— אמת, א מכשפה? א וואלד־מכשפה פון א פינסטערער
אלטער חורבה.

מיט'ן אויפגאנג פון דער זון איז די מיידעל געזעסען אויף א
שטיין און געקוקט אויף די פעלזען, וואו שמואל, צוגעבונדען צו
א שטריק, האָט געקליבען פאר איהר עדעלווייס. באלד האָט ער
זיך אומגעקעהרט צו איהר און דערלאנגט א בלימעל און אויף
זיין צארט גרויען סאמעט האָט זיך געטונקעלט א טראָפּען בלוט.

— ביי מיר דרעהט זיך היינט זעהר דער קאָפּ, — האָט ער
געזאָגט דערלאנגענדיג איהר די עדעלווייס — איך האָב שוין מעהר
ניט געקענט קלייבען, אפילו די האַנט פארבלוטיגט. באהאלט
דאָס בלימעל צום אנדענקונג פון אונזער צופעליגער באגעגעניש.

אביסעל שפּעטער האָט זיך די שווייצארישע קאָמפּאַניע גע־
נומען קלייבען צום „שווארצען" טייכעל און די מיידעל האָט גע־
זאָגט דעם סטודענטביים געזעגענען:

— אין א פּאָר טעג ארום קעהר איך זיך אום אין רוסלאנד.
נאָר אין קומענדיגען יאָהר וועל איך ווידער זיין דאָ און דאַן
וועל איך אייך א קוש טאָן פאר די עדעלווייס.

עס זיינען געקומען די הערבסט רעגענס מיט די ווינטען, נאָך
זיי האָבען גענומען ברויזען די ווינטערדיגע שטורעמס, פאר־
ווארפענדיג מיט שניי די וועגענס אין קליינע דערפלעך. שמואל
איז שוין לאַנג געווען אין שטאָדט, געגאנגען הערען לעקציעס,
האָט געשניטען טויטע אין אַן אנאַטאָמישען טעאַטער. אין די
אָוועגטען פיל געלעזען און איינגאַנצען פארגעסען יענע שעהנע
רוסישע מיידעל, וועלכע ער האָט געטראָפען ביינאכט אין די בערג.
נאָר איינמאָל איז געקומען פון איהר א בריף. זי האָט איהם

דערמאָנט אָן דער עדעלוויים, וואָס ער האָט איהר געשענקט. גע־בעטען, ער זאָל איהר שרייבען, ווי עס לעבט זיך איהם. דאָס האַרץ פון סטודענט איז פול געוואָרען מיט פרייד. ער האָט זיך דערמאָנט אין איהר און דערהערט איהר געלעכטער אין די בערג. זיי האָבען זיך אָנגעהויבען דורכשרייבען. מיט יעדען טאָג האָט ער אַלץ מעהר און מעהר גענומען בענקען נאָך איהר.

ער האָט איהר געשריבען וועגען זיינע חלומות און זעהונגען און וועגען זיינע טראַכטונגען און פאַנטאַזיעס. דערצעהלט איהר פון זיינע קינדער־יאָהרען, געמאָלען איהר אַן אָרים, פאַרשטיקט שטעדטעל. די אַלטע אידישע בית־מדרש'ן, וואו ער האָט פאַר־בראַכט פיל טעג פון זיין פריהער יוגענד. און זי האָט איהם געשריבען וועגען איהרע אונקלאָרע מיידעלשע פאַרלאַנגען, וועג־גען מוזיק און שעהנקייט און וועגען דעם, אַז זי זוכט מענשען, נאָר זי קען זיי ניט געפינען און דערפאַר וויינט זי אַזוי אָפט.

ווידער איז געקומען דער פריהלינג מיט זיינע רופענדע וויים־קייטען. דערנאָך דער צייטיגער זומער און שמואל האָט געקראָ־גען אַ בריף פון אסיען, אַז זי איז אין אַ נאָהענטער שטאָדט, זאָל ער קומען צו איהר.

ביינאַכט איז דער סטודענט געזעסען אין וואַגאָן און געטראַכט וועגען דער רוסישער מיידעל, און דער צוג האָט זיך געטראָגען אַלץ ווייטער און ווייטער.

אין דער פריה איז ער אוועק צו איהר.

זי האָט איהם דערזעהן פון ווייטען פון באַלקאָן, האָט זי איהם אַראָפּגעוואָרפען אַ בריף. ביי שמואל'ן איז דאָס האַרץ איינגעפאַלען.

— זי וויל מיך ניט זעהן, — האָט ער אַ טראַכט געטאָן.

נאָר דאָס מיידעל האָט געשריבען, ער זאָל אויף איהר פאַר־נאַכט וואַרטען אויף דער גרויסער בריק, זי וועט איהם ברענגען רויטע פעלד־בלומען. זי איז דאָ מיט איהר מוטער און ברודער און וויל זיך מיט איהם דאָ, פאַר זיי, ניט טרעפען.

שמואל איז אַ גאַנצען טאָג געגאַנגען איבער די גאַסען און האָט געשמייכעלט, און פאַרבייגעהער, קוקענדיג אויפ'ן גליקליכען

בחור, האָבען אויך ניט ווילענדיג געשמייכעלט. צופעליג האָט ער באגעגענט א באקאנטע מיאוסע סטודענטקע פון זיין אוניווער־זיטעט. ער האָט זיך דערפרעהט מיט איהר און, ווען זיי האָבען זיך פאנאנדערגעשיידט, האָט זי געזאָגט:

— איך האָב נאָך אייך קיינמאָל אזא וואוילען און ליבליכען ניט געזעהן.

אָט זעצט זיך שוין די זון. שמואל שטעהט שוין אויף דער בריק און, אָנגעשפּאַרט אָן די פּארענצע, קוקט ער אראָפּ אונטען, וואו עס לויפען די בלויע כוואליעס און ווי אויף זיי וויגען זיך שטיל ווייסע שוואנען. זיי שווימען צו צו איהם, ציהען אויס זייערע שלאנקע העלזער, ווארטען, מען זאָל זיי עפּעס געבען און שווימען ווידער אָפּ.

א בונט רויטער פּאַס אין מערב איז שוין אויך פארלאָשען געוואָרען. דער אָוונט קומט. פון ביידע זייטען בריק האָבען זיך אָנגעצונדען די פּיל־פּארביגע עלעקטרישע לעמפּלאך. די גאסען האָבען זיך באלויכטען. דער טראמוואי רוישט. אימיצער שרייט, לאכט און דאָרטען אויפ׳ן טייך זינגט מען אויס די שיפלעך.

דער סטודענט, פארטראכט, קוקט אלץ אויף די כוואליעס. שטיל איז צוגעגאנגען צו איהם אסיא און לייכט א ריהר געטאָן איהם מיט די בלומען איבער׳ן פּנים. ער האָט זיך א קעהר געטאָן צו איהר און דערפרעהט א געשריי געטאָן. זי איז גע־שטאַנען פאר איהם א שלאנקע, א שעהנע, אָנגעטאָן אין א ווייסען זומער־קלייד. ער האָט זי א כאַפּ געטאָן פאר ביידע הענט. זי האָט די בלומען געלאָזט פאלען. ער האָט זיי אויפגעהויבען.

זי איז געווען גאר רוהיג. אזוי ווי זי וואָלט איהם געזעהן נעכטען און אייערנעכטען. און ער, פון אויפרעגונג, האָט גע־רעדט ווי פון וועג, ביז ווערהטאָג האָט זיך איהם געוואָלט צוזאמענ־דריקען זי אין זיינע אָרעמס. דעמאָלט האָט זי איהם גענומען פאר א האַנט און אוועקגעפיהרט אויפ׳ן קליינעם האלב־אינזעל ביים טייכוויי־זער. זיי האָבען זיך אוועקגעזעצט דאָרט אין א שטילען ווינקעל ביי די סאמע כוואליעס און ער האָט איהר גע־נומען דערמאָנען וועגען דעם קוש, וואָס זי האָט איהם צוגעזאָגט צו

געבען, און די מיידעל, צאַרט דערוויטערנדיג איהם פון זיך, האָט איהם צוגעזאָגט צו געבען דעם קוש ביים געזעגענען זיך.

דער ווייסער שוואַן פלעגט אַלע ווײלע בגנבה צושווימען, זיך צוהערען, ווי דער סטודענט בעט לאַסקעס ביי דער מיידעל און קושט איהרע הענט, שטעהענדיג אויף די קני, און דערנאָך אַפּשווימען א שטאָלצער.

און אַסיאַ פלעגט לאַכען:

— זעה, ווי דער שוואַן שפּיאָנירט.

אונבאַמערקט איז אַוועק די זומער־נאַכט. זיי האָבען זיך גע־דארפט איינגיכען צושיידען. שמואל האָט דערפיהלט, אז אַן אומ־ענדליכער טיפער טרויער צו איהר שענקייט וועט איהם שוין קיין מאָל ניט אָפּלאָזען.

זיי זיינען אויפגעשטאַנען, פאַרלאָזען דעם האַלב־אינזעל.

— מיר, הפּנים, וועלען זיך שוין מעהר קיינמאָל ניט זעהן, — האָט זי שטיל געזאָגט, — אין עטליכע טעג ארום פאָהרען מיר אַלע אַוועק צוריק אין רוסלאַנד.

שמואל האָט גאָרניט געענטפערט. איהם איז געוועזן אומעדיג ביז טרערען.

זיי האָבען זיך גענומען פאַר די הענט, ווי קינדער, און מיט פויל זיס־מידיגע טריט אַוועק צום וואָקזאַל.

— איהר וועט מיר שרייבען? — האָט ער געפרעגט, און זיין שטים האָט געציטערט פון טרויער.

— איך וויים ניט, — האָט זי געענטפערט.

אויפ׳ן וואָקזאַל זיינען זיי געזעסען אין א ווינקעלע און וואַר־טענדיג אויפ׳ן צוג האָבען זיי געשוויגען. אַלע ליכטיגער איז געוואָרען דער פריהמאָרגען און אויף אונזיכטבארע פליגעל זיינען אַוועקגעפלויגען די נאַכט־מחשבות.

דער צוג איז געקומען. זיי זיינען ארוים אויף דער פּלאַט־פאָרם.

ער האָט איהר דערלאַנגט די האַנט.

מיט אַמאָל האָט די מיידעל ארומגענומען זיין קאָפּ און איהם געגעבען א לאַנגען קוש.

דער סטודענט איז ווי פאר'שכור'ט אריין אין וואגאן. ער האט ארום זיך גאר ניט געזעהן, נאר געפיהלט דעם זיסען קוש פון מיידעל, דעם אראמאט פון וועלכען ער האט דערנאך געדענקט דעם גאנצען לעבען.

און אסיא האט זיך אומגעקעהרט אין רוסלאנד, און שמואל האט שוין מעהר קיינמאל פון איהר גאר ניט געהערט.

# איין טאָג.

זיינע קינדער־יאָהרען האָבען זיך געצויגען אין א פינסטערען קעלער פון א לאַנגער שמוציגער גאַס, וואוהין די זון פלעגט נאָר אַמאָל, פאַרנאַכט, ביים פאַרגעהן, שטיל און אומעטיג א שיין טאָן מיט גאָלד אויף די גרויע שווייגענדע ווענט פון די הויכע מויערען, וואָס זיינען פאַרכמורעט געשטאַנען נאָהענט איינע געגען אַנדערע.

זיינע עלטערען האָבען געלעבט שלעכט און אָרים און דער פאָטער, א ברייט־פּלייציגער יונג מיט א פּנים פון א פאַרברעכער, פלעגט טרינקען, שפּילען אין קאָרטען מיט גנבים און אָפט קומען אַהיים א שיכור׳ער און שלאָגען דער מאַמען. דאַן פלעגט ער זיך באַהאַלטען אין א ווינקעל, ציטערען ווי אין א פיבער און ווי א הונגעריגע ווילדע חיה ארויסקוקען פון דאָרט מיט צושראָקענע גרויסע אויגען.

פון אַלע זיינע ברידער און שוועסטער איז ער געווען דער שוואַכסטער און דער אינגסטער, און פלעגט פון זיי אימער כאַפּען קלעפּ און מוזען געהן גנב׳ענען נאַשערייען פון די טישלאַך, וואָס שטעהען ביי די טירען פון די קלייטען אויפ׳ן ראָג פון דער גאַס.

ווען ער איז אונטערגעוואַקסען, האָט איהם זיין פאָטער אָפּ־געגעבען צו א שוסטער אויף דריי יאָהר אין אַן אַנדער גאַס, וואָס איז געווען אויך אַזוי שמוציג, לאַנג און האַלב פינסטער, ווי די גאַס, וואו ער איז געבאָרען געוואָרען.

דאָרט האָט מען איהם ווידער אָפט געשלאָגען און פאַר די אַר־בייטער, וואָס פלעגען פאַר׳שכור׳ען זייער געלד, פלעגט ער ווידער מוזען געהן גנב׳ענען בולקעס און זויערע אוגערקעס אין די קלייטען אויפ׳ן ראָג פון דער גאַס.

און אַזוי איז ער געוואַקסען, א בייזער און א פאַרביטערטער, מיט האַס צו אַלעמען און צו אַלץ ארום און ארום. זיין דאַר פּנים

איז אַלעמאָל געווען בלאַס און טרוקען, די וואַסערדיגע אויגען האָבען געקוקט טרויעריג און צושראָקען און אַ ביטרער זשעדנער שמייכעל האָט זיך אָפט באַוויזען אויף זיינע ליפּען, ווען ער פלעגט זיצען ביי דער אַרבייט אַ שווייגענדער און טראַכטען גאָט ווייסט וועגען וואָס.

דערנאָך איז געקומען זיין יוגענד. ער איז געוואָרען אַ בחור מיט ברייטע פּלייצעס און שטאַרקע מוסקולען און איהם האָט זיך פאַרוואָלט פאַנאַנדערלאָזען זיינע פליגעל און אַוועקטראָגען זיך אין דער וועלט אַריין העט ווייט, וואו עס ציהען זיך ברייטע פעלדער מיט הויכע רוישענדע גראָזען. און ער איז אַוועק פון זיין שטי־קענדער שטאָדט און פון זיין לאַנגער, שמוציגער, האַלב טונקעלער גאַס.

און דאָרט, אין די נייע פּלעצער, וואוהין ער איז געקומען, האָט ער געטראָפען נייע מענשען, וואָס האָבען שטענדיג פיל און שעהן גערעדט וועגען קאַמף מיט די שוואַרצע כחות, וואָס דריקען און מאַטערען די אָרימע און שוואַכע. ער איז צוגעשטאַנען צו זיי.

אין זיין נשמה האָט ווידער אויפגעפלאַקערט אַ האַס. ער פלעגט אַלץ טאָן וואָס די נייע מענשען האָבען איהם געהייסען און לעזען זייערע ביכלאַך און צוהערען זיך צו זייערע רייד, ווי דאָס וואָלטען געווען שעהנע און גוטע געזאַנגען צו גאָט, וואָס לויטערען און מאַכען גרינג אויפ'ן הארצען און שטילען דעם האַס.

און אַמאָל איז ער אַרויס אויף די גאַסען פון אַ גרויסער שטאָדט מיט די נייע מענשען זינגען נייע לידער וועגען אַ פרייען לעבען. נאָר מיט אַמאָל זיינען אָנגעלאָפען קאָזאַקען אויף ווילדע פעדר און מ'האָט אַלעמען גענומען שלאָגען און איהם האָט מען אַ צובלוטיגטען דערנאָך געבראַכט אין אַ טורמע און דאָרטען פאַרשפּאַרט אין אַ פינסטערען נאַסען חדר, הינטער אייזערנע גראַ־טעס. און עס האָבען זיך אַ ציה געטאָן שווערע איינזאַמע טעג נאָך טעג און אין דער נשמה זיינער האָט אַלץ געפלאַקערט אַ ביי‎זער האַס צו אַלץ און צו אַלעמען אַרום און אַרום.

איינמאָל אין פריהלינג האָט מען איהם געפיהרט מיט'ן עטאַפּ פון איין טורמע אין דער צווייטער. די גרופּע אַרעסטאַנטען איז געווען אַ קליינע, פון עטליכע מענשען, און מיט זיי זיינען מיטגע־גאַנגען נאָר צוויי סאָלדאַטען. עס איז געווען נאָך גאַנץ פריה.

פוןביידע זייטען וועג האָבען זיך געצויגען פעלדער מיט פרישען גרינעם גראָז און בונטע בלומען און אין הימעל האָבען נאָך דאָ און דאָרט געוואַנדערט ווייסע און פרעהליכע וואָלקענדלאַך, ווי זיי וואָלטען געאיילט אהיים נאָך אַ לוסטיגער שמחה'לע.

די ארעסטאַנטען און סאָלדאַטען זיינען געווען גוט געשטימט און איהם האָט זיך געוואָלט שרייען אויס ווילדער פרייד, וואָס האָט די גאַנצע צייט פון פאַרטאָג זיך געריסען פון זיין נשמה. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבען, וואָס ער איז געגאַנגען איבער אַ ברייטען וועג און די בלויע ווייטקייט האָט זיך צו־שפּרייט פאַר איהם ביז אין הימעל אריין און געלאָקט און גערופען און מיט איהר שטיל ווינטעל דערצעהלט וועגען ענדלאָזע סטעפּען, איבער וועלכע עס רייטען ארום גבורים און זינגען מעכטיגע לידער, וואָס פאַרגעהען ווייט, ווייט — אין אַלע עקען פון דער וועלט.

און ווען בייטאָג האָט גענומען שפּריצען אַ רעגענדעל און דער עטאַפּ האָט זיך אוועקגעלייגט אָפּרוהען אונטער אַ קופּע בוימער, האָט ער זיך מיט אַמאָל אַ לאָז געטאָן לויפען און מען האָט איהם ניט געקענט כאַפּען. און אַזוי האָט ער זיך אין אַ פּאָר שעה ארום דערזעהן לעבען אַן אַלטען רוסישען פרויען מאָנאַסטיר ניט ווייט פון אַ וואַלד.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט און זיך ארומגעקוקט. ווייט ארום האָט מען קיינעם ניט געזעהן. ער האָט זיך אויסגעצויגען אויפ'ן גראָז און גענומען איינאָטעמען דעם געשמאַקען אַראָמאַט פון דער ווייכער וואַרימער ערד און האָט מיט אַמאָל דערפיהלט, אַז ער איז מיד און הונגעריג. נאָר איהם איז געווען גוט אויפ'ן האַרצען און וואונדערבאַר לייכט ווי אין איהר וואָלט קיין האַס ניט געווען.

ער איז אויפגעשטאַנען און איז אוועק צום מאָנאַסטיר. ער האָט אָנגעקלאַפּט אין טויער און אַן אַלטע מאָנאַשקע אין שוואַר־צען איז אַרויס פרעגען, וואָס ער וויל, דער וואַנדערער. דער נאָך האָט זי איהם אַרויסגעטראָגען אַ גרויס שטיק פעטען חזיר מיט ברויט און אַ טרונק בראָנפען.

— אַ דאַנק, מאַטושקאַ, — האָבען געציטערט ביי איהם די הענט פון פרייד.

און ווען ער האָט זיך אָנגעגעסען, איז ער אוועק צום וואַלד און זיך געלייגט שלאָפען. און דער שלאָף איז באַלד ווי אויף פליג־

לען אַנגעפּלויגענע און גענומען פאַנאַנדערשפּרייטען פאַר איהם מאָדנע וואונדער־שעהנע געשטאַלטען און בילדער און ווען ער פלעגט מינוטענווייז האַלב אויפמאַכען די אויגען, האָט ער געזעהן איבער זיך אַ ברייטען, טיפען, בלויען הימעל און פון דערווייטען דעם מאָנאַסטיר מיט זיין הויכען ווייסען גלאָקען טורעם און מיט דעם קופּערנעם קופּאָל און זילבערנעם צלם, און ביים טויער איז געשטאַנען אַן אַלטע פרוי אין שוואַרצען און געהאַלטען אַ שטיק ברויט אין האַנט פאַר גאָט'ס אַ וואַנדערער.

דערנאָך איז ער אויפגעשטאַנען און איז אַריין אין וואַלד. די שפּיצען פון די ביימער אַרום האָבען שטיל גערוישט. עס האָט געשמעקט מיט נאַסען גרינעם מאָך, מיט סמאָלע און מיט שוועמלאָך. און אין הארצען האָט געזונגען די פרייד וואָס ער איז פריי, און אַרום איז אַזאַ שעהנע וועלט און די גרויסע שטיקענדע שטעדט זיינען ווייט, ווייט פון איהם.

מיט אַמאָל האָט ער דערזעהן ווי פון הינטער די ביימער האָט זיך אויפ'ן וועג באַוויזען אַ יונגע מאָנאַשקע מיט אַ קלומאַקעל אין האַנט. ער האָט אויפגעציטערט און איז געבליבען שטעהן. אַ זיס פיינליכער געפיהל, וואָס האָט שוין לאַנג געמאַטערט איהם אין די נעכט, האָט ווי אַ גרויסע כוואַליע זיך צוגאָסען איבער זיין יונגען קערפּער. און די מאָנאַשקע איז צו איהם צוגעקומען אַלץ נעהנטער. ער האָט זי אָפּגעשטעלט און געפרעגט פון וואַנען זי געהט. זי האָט אויסגעזעהן צו זיין נאָך זעהר יונג מיט אַ רונד, אָפּגעברענט געזיכט און פאַרריסען נעזעל. זי האָט זיך דערשראָקען, ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערען, און געוואָלט געהן ווייטער. ער האָט איהר פאַרשטעלט דעם וועג און איז געוואָרען ווילד. זי האָט געוואָלט נעהמען שרייען, האָט ער זי אַ שטופּ געטאָן און זי איז געפאַלען צוווישען צוויי ביימער אין פייכטען מאָך.

און ווען ער האָט זיך אַביסעל שפּעטער אויפגעהויבען פון דער ערד, איז די מאָנאַשקע געלעגען אַ דערשטיקטע און אַ פאַרבלוטיגטע, און ער, שרייענדיג ווי אַ ווילדע חיה, האָט זיך געלאָזט לויפען פון וואַלד מיט צושויבערטע האָר און דער אווענט ווינט איז איהם געפלויגען אַקעגען אין גערויש מיט די הויכע פרישע גראָזען און מיט די ביימער פון וואַלד.

און ווען, אין אַ יאָהר אַרום, אין פריהלינג, איז מען פאַר־

טאָג געגאַנגען איהם אין טורמע אויפוועקען צו פיהרען צו דער תליה פאר׳ן מאָרד, האָט ער גע׳חלומ׳ט וועגען דעם איינציגען טאָג אין זיין לעבען, ווען ער איז געווען פריי און געטראָפען אין וואלד דייוונגע מאַנאשקע. און אויף זיין פּנים האָט געשוועבט א שמייכעל...

# רחמנות

אָפּט פלעגט ער פארבייגעהן איהרע פענסטער אין די פריה־מאָרגענס אויפ'ן וועג צום פּאָליציי־צירקעל, אָט דער יונגער דאָ־רינקער פּריסטאוו, מיט'ן בלאַסען פּנים און פיבערדיגען גלאַנץ אין די גרויסע פארבענקטע בלויע אויגען. און יעדעס מאָל, ווען ראָזע, א מיידעל פון א פרומער אידישער פאמאַליע, האָט ניט־ווילענדיג באמערקט זיין טרויעריגען בליק, האָט איהר ארומגע־כאַפּט א מאָדנער געפיהל פון רחמנות און שרעק, און שטונדענווייז פלעגט זי דערנאָך וועגען איהם קלערען.

געוועהנליך פלעגט ער פארבייגעהן זעהר פריה. מיט א סידור אין האַנד פלעגט זי זיך זעצען ביים פענסטער און וואַרטען און בעטען גאָט, אז ער זאָל איהר פארגעבען איהרע זינדיגע גע־דאַנקען. די פרישע רויטע ליפּען פון דער שעהנער מיידעל האָבען געשעפּטשעט א תפילה, און די אויגען האָבען אַלץ געקוקט אין גאַס און געזוכט צווישען דער מענגע פארבייגעהער די באַקאַנטע פיגור פון דעם יונגען פּריסטאוו מיט דעם פיבערהאַפטען גלאַנץ און די פארבענקטע גרויסע אויגען.

אַמאָל פלעגט זי איהם גאָר פארגעסען אויף א לאַנגער צייט, נאָר טיף אין דער נשמה האָט שטיל געבליהט א רחמנות צו אימיצען, וואָס איז קראַנק, פאר'סמ'ט פונ'ם ברוטאַלען לעבען, און וואָס טראָגט אין הארצען דעם גיפט פון האַס.

און איינמאָל האָט געטראָפען, אז אין שטאָדט האָבען רע־וואָלוציאָנערען דער'הרג'עט א הויכען באַאַמטען. דאָס איז געווען אין א פריהלינגס־מאָרגען. דאָס מיידעל איז אויפגעשטאַנען פריה, זיך אוועקגעזעצט נעבען אָפענעם פענסטער, לאַנג ארויסגעקוקט אין גאַס אויף די בוימער, וואָס האָבען איבער נאַכט צעעפענט זייערע קנאָספען און אויף די מענשען, וועמעס פּנים'ער האָבען

געשטראַהלט מיט האָפנונג — און איהר איז געוואָרען גוט און פרעהלאַך.

פלוצלונג האָט זיך דערהערט אַ פּאַרטויבענדע אויפּרייסונג. די גאַנצע גאַס איז איינגעוויקעלט געוואָרען אין רויך און מענשען מיט ווילדע קולות האָבען גענומען לויפען אין אַלע זייטען, ארומ־געכאַפּט מיט אַ זינלאָזען שרעק. שנעל האָט זי פאַרקלאַפּט דאָס פענסטער, זיך אַ וואָרף געטאָן אין דעם צווייטען צימער רופען איהר עלטערען ברודער. דערנאָך זיינען זייביידע ארויסגעלאָפען אין גאַס און אין דעם רויש און טומעל פון דעם לויפענדען המון, האָט זי מיט אַמאָל דערזעהן די באַקאַנטע פיגור פון'ם פּריסטאַוו. ער איז געלאָפען ווי אַ משוגע'נער און האָט געשריען, פאָכענדיג מיט דער בלאַנקער שווערד. און נאָך איהם זיינען געלאָפען פּאָלי־ציסטען מיט גרויסע רעוואָלווערען אין די הענט און געשאָסען אין דעם אומקריכענדען רויך וואָס האָט נאָך אַלץ איינגעוויקעלט די גאַס.

און אַ ביסעל שפּעטער האָבען שוין אַלע ארום געוואוסט, אַז אימיצער האָט געוואָרפען אַ באָמבע און גע'הרג'עט אַ הויכען באַאמטען זיין קוטשער און אַ קליין מיידעלע אַ גימנאַזיסטקע.

עס האָבען זיך אָנגעפאַנגען ארעסטען. מען האָט געזוכט די שולדיגע און מען האָט זיי ניט געקענט געפינען. און דעמאָלט האָט די פּאָליציי באַשלאָסען אומצוברענגען עטליכע בחורים פון די בעסטע אידישע פאַמיליעס. צווישען זיי האָבען זיי אין זינען געהאַט אויך ראָזע'ס ברודער, אַ קינסטלער, פון אַ יאָהר דריי־און־צוואַנציג.

* * *

דאָס איז געווען אויף מאָרגען נאָך דער לויה פון די דער־הרג'טע. עס איז געווען פרייטאָג. פון אין דער פריה אָן האָט זיך אין הימעל באַוויזען אַ טונקעל בלויער וואָלקען מיט מאָדנע אויסטערלישע עקען, אַקוראַט, ווי אַן אומגעהויערע לעגענדאַרישע חיה וואָלט אויסגעצויגען איהרע שוואַרצע לאַפּעס און געוואָלט פאַרדעקען דעם גאַנצען הימעל. נאָכדעם איז אראָפּ דאָס ערשטע פריהלינגס־רעגענדעל. דאָס מיידעל מיט'ן ברודער זיינען גע־שטאַנען ביים פענסטער און זיך געפרעהט, ווי קינדער... און

יענעם גאנצען טאָג האָט די זון געהאַלטען אין איין באַהאַלטען זיך הינטער די וואָלקענס, און אַזוי איז אָנגעקומען דער פאַר־טראַכטער בלויער בין־השמשות. די מוטער האָט אָנגעצונדען די שבת ליכט אין די גרויסע זילבערנע לייכטער. אין גראַמען צימער האָט זיך דערפיהלט די מנוחה פון שבת. נאָך ליכט־בענ־שען האָט זיך ראָזע צוגעזעצט צום פענסטער וואַרטען אויפ'ן פאָ־טער, וועלכער איז מיט ביידע ברידער אַוועק אין בית המדרש מקבל שבת זיין.

פונ'ם בית המדרש איז ער געקומען אַ פאַר'דאגה'טער און דערצעהלט, אַז מען האָט אַרעסטירט צוויי אידישע בחורים פון בכבוד'ע פאַמיליעס. מען באַשולדיגט זיי אין דעם מאָרד פונ'ם הויכען באַאַמטען.

די שבת סעודה איז פאַרביי אומעטיג אין יענעם אָבענד. עס האָט זיך געדוכט, אַז שאָטענס האָבען זיך באַהאַלטען אין די ווינקלען און שושקען זיך: „אַ צרה, אַן אומגליק וועט קומען אויף דעם הויז"...

שפּעט אין אָבענד האָט מען פּלוצלינג אָנגעקלונגען און ווען מען האָט, אויף דעם באַקאַנטען קול פון הויז־וועכטער, אויפגע־עפענט די טיהר, האָבען זיך אין וואָהנונג אריינגעריסען עטליכע פּאָליציי באַאַמטע מיט צוויי זשאַנדאַרען.

ראָזע האָט זיך שוין געקליבען צו געהן שלאָפען. זי האָט דערהערט די פרעמדע שטימען, און גלייך פאַרשטאַנען, אַז מען איז געקומען אַרעסטירען איהר ברודער און איז פאַרצאַפּעלט גע־וואָרען ווי אַ פאַרוואונדעטע. טולענדיג איהר האַלב־נאַקעטען און פיבערדיגען קערפּער אין אַ גרויסער שאַל, איז זי אַרויסגעגאַנגען פון איהר צימער, און דער ערשטער, וואָס האָט זיך איהר געוואָר־פען אין די אויגען איז געווען דער באַקאַנטער יונגער פּריסטאַוו מיט זיין פאַרבענקטען בליק. ביי איהר זיינען אָפּגענומען געוואָ־רען די פיס, און זי האָט זיך פון אָרט ניט געקענט ריהרען. איהר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז די בלאַסע דינע ליפּען פונ'ם פּריסטאַוו האָבען וואָס אַ שעפּטשע געטאָן און ער האָט אומבאַמערקט זיך פאַר איהר פאַרנייגט.

זי האָט עפּעס וואָס געוואָלט ענטפערען, נעהמען בעטען, אַז איהר ברודער איז אומשולדיג, נאָר עפּעס אַ הייסער שטראָם

איז איהר אונטערגעקומען צום האלז, פארקוועטשט דאס הארץ, און זי האט זיך היסטעריש צעוויינט. נאכדעם האט זיך אלץ אנגעהויבען דרעהען און שווינדלען פאר איהר, און נאר זיינע אויגען האבען געבליסטשעט גרויס, ווי שטערען, פארביינקטע, פארברענטע אין א זשעדנעם פיבערהאפטען פייער.

און ווען זי האט זיך אויפגעכאפט, האט אין הויז געהערשט א טיפע שטילקייט. דער פאטער וואס האט זיך איהר אויסגעוויזען מיט אמאל פארעלטערט אויף א סך יאהרען, איז שטיל גענאנגען איבער איהר צימער און שווער געזיפצט.

אין צעהן טעג ארום האט מען איהר ברודער מיט נאך פיר בחורים אויפגעהאנגען אין א הינטער־ווינקעל פון טורמע הויף. און ביים זונען־אויפגאנג, בעת די קערפער זיינען שוין געווען פארשאטען איז אנגעקומען א באגנאדיגונג, און דעמאלט איז איינע פון די מוטערס פון די אומשולדיג פאר׳משפט׳ע אראפ פון זינען און זיך ארויסגעווארפען פון פענסטער פון א הויכען מויער.

די אלע טעג, וואס האבען זיך געצויגען ביז דעם טויט־שטראף, האט א שוידערליכער קאשמאר געדריקט דאס מיידעל און זי איז געלעגען קראנק. און ווען זי האט זיך דערוואוסט, אז אלץ האט זיך שוין געענדיגט, איז זי שטיל אויפגעשטאנען און, צוזאמען מיט פאטער און מוטער און מיט׳ן אינגערען ברודער, קריעה געריסען און זיך געזעצט שבעה. און אין די טעג פון טרויער פלעגט זי ריידען צו זיך אליין:

מיין ברודער איז קראנק געווען... לאנג געלעגען און געקעמפפט מיט׳ן טויט און גאט האט ביי איהם צוגענומען די נשמה... מען האט איהם אויפגעהויבען און אוועקגעלייגט אויף שטרוי... צוגעדעקט מיט א שווארצען טוך און אנגעצונדען ליכט ביי זיין צוקאפענס... אלע נאהענטע זיינען געשטאנען ארום איהם און געוויינט... דערנאך האט מען איהם אוועקגעטראגען אויף׳ן בית־עולם און דער וועג האט זיך געצויגען א לאנגער... פאראויס זייַנען געגאנגען תלמוד־תורה יתומים און געזונגען: "צדק לפניו יהלך"... א סך יונגע בחורים שטארבען... איהר ברודער איז אויך אזוי געשטארבען, און אט זיצט זי נאך איהם שבעה...

אינגיכען האט איהר פאטער באשלאסען, אז די קינדער מיט

דער מוטער זאָלען אָפּפאָהרען קיין אויסלאַנד. די מוטער איז קראַנק געוואָרען, און דאָקטוירים האָבען איהר געראַטען אָפּפאָהרען וואָס גיכער אין די בערג.

עס איז געקומען דער טאָג פון אָפּפאָהרען. עס איז געווען ענדע מאַי. א גרויסע קאָמפּאַניע מיט בלומען איז געפאָהרען זיי באַגלייטען צום וואָקזאַל. איינער פון זיי, א גימנאַזיסט, וואָס איז געווען פארליבט אין ראָזא'ן, האָט די גאַנצע צייט טרויעריג געקוקט אויף'ן מיידעל האַלטענדיג אין האַנט א גרויסען בוקעט פון שמעקענדיגען בעז.

אויף'ן וואָקזאַל איז געווען רוישיג און טומעלדיג. דער צוג איז שוין געשטאַנען גרייט. עס האָבען זיך געהערט די אויסגע־שרייען פון די טרעגער. עס האָט זיך ווער מיט וועמען געזע־געגט. עס האָבען זיך געהערט קלאַנגען פון קושען. און אויף דעם אַלעמען האָט זיך געטראָגען דער ווארימער אַראָמאַט פון די פריהלינגס־פעלדער, נעבען וועלכע עס איז געשטאַנען דער וואָקזאַל.

ראָזא האָט זיך מיט אַלעמען שוין אָפּגעזעגענט און, שוין אויפהייבענדיג זיך אויף די טרעפּלאַך פון וואַגאָן האָט זיך איהר מיט אַמאָל אָפּגעדוכט, אַז זי זעהט צווישען עולם דעם באַקאַנטען יונגען פּריסטאַוו, נעבען וועלכען עס שטעהט אַן אַלטינקע פרוי און צלם'ט איהם ווי זי וואָלט איהם מיטגעגעבען אהר ברכה אויף'ן ווייטען וועג.

און די גאַנצע נאַכט האָט זיך איהר אינ'ם שטיקענדען וואַגאָן נע'חלום'ט זיינע גרויסע פאַרוועהטאָגטע אויגען און עפּעס א יונ־גער קול האָט געקלונגען, גערעדט וועגען רחמים.

* * *

זיי זיינען געקומען אין דעם קליינינקען בליהענדען לאַנד פון די שנעע־ווייסע אַלפּען־בערג. דאָרטען האָבען זיי געהאַט פריינד. זיי האָבען דאָרט אביסעל פאַרווײלט, און נאָכדעם האָבען זיי געדונגען א הייזקע ביי א פראַנצויזישען פויער אין די סאַוואָיער בערג.

עס איז געוועזען א זומערדיגער מיטען־טאָג, ווען זיי זיינען אהין אָנגעקומען. אַלע פרויען און מענער זיינען געווען אויף

די היי־פעלדער. פון דער קליינינקער סטאַנציע האָט מען זיך נאָך געדאַרפט צו פוס אויפהויבען העכער. דאָס דערפעל איז געלעגען כמעט ביים סאַמע שפּיץ פון בארג, נעבען אַ סאָסנאָווען וואַלד.

אויפגעהויבען האָבען זיי זיך לאַנגזאַם. ראָזע האָט איצטער אויסגעזעהן זעהר שעהן. איהרע באַקען זיינען לייכט אָפּגעברענט געוואָרען, און איהרע לאַנגע שוואַרצע האָאָר זיינען געווען פאַרפלאָכטען אין צוויי צעפּ, וואָס האָבען איהר געמאַכט פיל יונגער. די איבערגעלעבטע צרות האָבען אַרויפגעלעגט אויף איהר פּנים אַ שטילען טרויער. און זעהענדיג איצט די ווילדע און פרייע גרויסקייט פון די בערג אַרום, איז זי אין האַרצען געוואָרען נאָך פרומער

עס האָט זיך פאַר זיי אָנגעפאַנגען אַ שטילע צייט. די טעג זיינען געווען לויטערע, זוניגע, און דאָס מיידעל מיט'ן ברודער פלעגען אָפט מאַכען קליינע שפּאַצירען אין די נאָהענטע טאָלען און בערג. נאָר אַמאָל פלעגט זיך אויפהייבען אַ ווינט, שוואַרצע וואָלקענס האָבען זיך פאַרזאַמעלט, אומגעקראָכען אויף די בערג־רוקענס. עס איז אָנגעלאָפען אַ שטורם. און דעמאָלט פלעגט בייז רוישען דער וואַלד, דונער־קראַכען פלעגען אויפטרייסלען די הייזקעס, און עס האָט זיך געדוכט, אַז אַלע בייזע בערג־גייסטער האָבען זיך צוזאַמענגעקליבען אויף מלחמה און געברומט און געוואָיעט. די אַלטע פויערטעס פלעגען אָנצינדען לעמפּלאַך פאַר די איקאָנעס און שעפּטשען תפילות.

און איינמאָל האָט זיך אין דערפעל באַוויזען אַ יונגערמאַן אין אַ רוסיש העמדעל. ער איז צוגעגאַנגען צום טיהר פון אַ פויער, האָט דאָרטען לאַנג גערעדט. די פויערטע האָט איהם צוגעפיהרט צו אַ קליינער הייזקע, און אין עטליכע טעג אַרום האָט ער זיך דאָרטען באַזעצט. און ווען ראָזע האָט איהם דערזעהן אַמאָל ביי זיין טיר איז זי געבליבען פאַרגאַפט. דאָס איז געווען דער בלאַסער שווינדזיכטיגער פריסטאַוו, וואָס האָט איהר אַזוי אָפט פאַרפאָלגט מיט זיינע גרויסע פאַרבענקטע אויגען.

און ווידער האָט זי אָנגעהויבען וועגען איהם צו טראַכטען, נאָר האָט איהם אַלץ אויסגעמיטען. ער אָבער פלעגט יעדען טאָג

פארבייגעהן זייער שטיבעל, אריינקוקען אין די פענסטער, זיך אפּשטעלען און הוסטען און לאנגזאם ווייטער געהן צום וואלד.

אזוי האבען זיך געצויגען די טעג.

* * *

דאס איז געווען, בעת די זאנגען האבען זיך שוין געהאט גע־ברוינט אויף די פעלדער. עטליכע יונגע פּויערים פונ'ם קליין בארגיג דערפעל זיינען פארטאג אוועק אין וואלד און אויפ'ן וועג האבען זיי זיך אנגעשטויסען אויף א טויטען קערפּער פון א היימ־לאזען אלטען מאן. זיי האבען איהם באטראכט, ניט געפונען אויף איהם קיין סמנים פון רציחה, זיך אומגעקעהרט אהיים און דער־צעהלט, וואס זיי האבען געזעהן, און דאס גאנצע דארף איז ארויס קוקען אויפ'ן טויטען קערפּער פונ'ם וואנדערער, וואס איז געווען עהנליך אויף אן איטאליענער. זיי האבען זיך אלע ארומגעשטעלט און עטליכע מינוטען שווייגענדיג געהאלטען די היטלען אין די הענט. דער מת איז געלעגען מיט'ן פּנים ארויף. דער פריהמאר־גען ווינט האט באוועגט זיינע גרויע האאר, און א בלויער פאר־שוואלענער פינגער פון א פוס האט ארויסגעשטארצט פונ'ם צורי־סענעם שוך.

די פּויערים האבען דעם טויטען קערפּער איבערגעטראגען אין דערפעל און אוועקלעלעגט איהם אין א שטאהל. אין דריי טעג ארום האבען זיי אנגעטאן זייער יום טוב'דיגע בגדים, איינגע־שפּאנט א פערד אין א וואגען, ארויפגעשטעלט א טרונע, וועלכע זיי האבען אליין צוזאמענגעקלאפּט און אפּגעפארבט אין שווארצען, און די לויה פון דעם היימלאזען וואנדערער האט זיך געריהרט ארויף צום בארג, וואו עס האט זיך געטוליעט זייער קליינער בית עולם.

אין דעם גאנצען טאג נאך דער לויה האט זיך ראזע גע־פיהלט זעהר טרויעריג. פארנאכט איז זי לאנג געזעסען אויף דער שוועל פון טיר. עס איז צוגעפאלען א ליכטיגער לבנה־אבענד. פון וואלד האט זיך דערטראגען אן איינזאמער קוקו־רוף. זי האט זיך אויפגעהויבען און איז ארויס אויפ'ן וועג, זיך אפּגע־שטעלט ביים קוואל נעבען שטיינערנעם צלם. איבער'ן וואלד האט זיך באוויזען די לבנה, און אפּגעווארפען אויסטערלישע

שאָטענס פון די בוימער אויף די ערד. אין פענסטער פון פרי־סטאַוו׳ס הייזקע האָט אַ שיין געטאָן אַ קליין פייער׳ל פון אַ קעראָסין־לעמפּעל, און ראָזע האָט זיך דערמאָנט, אַז זי האָט איהם שוין עטליכע טעג ניט געזעהן. זי איז אַוועק ווייטער און פאַר איהר האָט זיך אנפּלעקט דער סאַוואָיער טהאָל פאַרטרונקען אין זילבער־שיין. פון דערווייטען האָט זיך אַלץ געהערט דער קוקור־רוּף, און איהר האָט אַ ציה געטאָן צוריק אין דערפעל.

פאַרבייגעהענדיג דעם פריסטאַוו׳ס הייזקע האָט ראָזאַ זיך אָפּגעשטעלט. דאָס הארץ האָט איהר שטאַרק אָנגעהויבען צו קלאַפּען, און דאָס געפיהל פון טרויער און איינזאַמקייט, וואָס האָט איהר באַהערשט דעם אָוונט האָט איהר צוגעפיהרט צו זיין טיר. זי האָט שטיל אָנגעקלאַפּט. קיינער האָט ניט געענטפערט. זי האָט שוין געוואָלט אַוועקגעהן, און ווידער אָנגעקלאַפּט. און ווען זי האָט דערהערט זיין הייזעריג קול, האָט זי אויפגעעפענט די טיר און געבליבען שטעהן ביים שוועל.

דער קראַנקער איז געלעגען אויף אַ ברייטער אַלטער היל־צערנער בעט, און ביים קארגען ליכט פון לעמפּעל געלייענט דאָס עוואנגעליום. ער האָט אויסגעזעהן זעהר מאָגער... די איינגע־פאַלענע באַקען זיינען געווען פאַרוואַקסען מיט הארטע האָאר, און געפלאַמט מיט רויטע שווינדזיכטיגע פלעקען.

דערזעהן דאָס מיידעל האָט ער אַרויסגעלאָזט דאָס בוך פון האַנט, זיך אויפגעהויבען אויפ׳ן בעט און, ווי ער וואָלט אויף איהר געוואַרט, הייזעריג אַרויסגערעדט:

ענדליך זיינט איהר דאָך געקומען, האַ! — איך האָב גע־וואוסט, אַז איהר וועט היינט קומען. קומט אריין, וואָס זיינט איהר געבליבען שטעהן ביי דער טיהר, אָט שטעהט אַ בענקעל, זעצט זיך נעבען מיין בעט איך פיהל זיך עפּעס די טעג שוואַך און מוז ליגען.

ראָזע איז צוגעגאַנגען צום בעט און זיך צוגעזעצט אויף אַ שטול.

דער קראַנקער האָט ווידער אָנגעהויבען:

— איך האָב געוואוסט, אַז היינט וועט אַ וואונדער געשעהן. און צו מיר וועט אַ מלאָך קומען. איך האָב דעם גאַנצען אָוונט

געלייענט דאָס עוואַנגעליום און, ווי אין די קינדער־יאָהרען, גע־גלויבט, אַז גאָט האָט לעבעדיג געמאַכט טויטע, זעהענדיג־געמאַכט בלינדע.

און איהר זייט אַזאַ גוטע וואָס איהר זייט איצטער געקו־מען... און פאַרוואָס האָט איהר מיך פריהער אַזוי אויסגעמיטען? און איך פלעג פאַרבייגעהן אַלע טאָג אייער שטיבעל און געוואָלט זיך מיט אייך באַפריינדען.

ער האָט זיך פאַרהוסט. ראָזאַ האָט איהם אונטערגעטראָ־גען אַ גלאָז מילך.

— אַ דאַנק, — האָט ער געזאָגט, אַוועקלעגענדיג דעם קאָפּ אויפ'ן קישען.

— אייך רופט מען, דאַכט זיך, ראָזאַ אַבראַמאָוונאַ, ניט אמת? אָט אַזוי ליגענדיג גאַנצע טעג קלעהרט מען אַלץ און מען קלעהרט.... אַמאָל לעבט פּלוצלונג אויף דאָס קליין היימיש שטעדטעל מיט די ברייטע סטעפּעס אַרום, דער אַלטער קלויסטער מיט'ן הויכען הילצערנעם גלאָקען־טהורם... איהר ווייסט, מיין פאָטער איז געווען אַ גלאָקען־ציהער, און איך פלעג אַזוי ליב האָבען אין די זונטאָגדיגע פריהמאָרגענס הערען דעם גלאָקען־קלאַנג, וואָס רופט דעם עולם אין גאָט'ס הויז... אַ גוטער מענש איז געווען מיין פאָטער, אָבער אַ שיכור אַ גרויסער און געשטאָרבען איז ער יונג. דאַן האָט זיך אָנגעהויבען מיין וואָגלעניש, קעלט, הונגער... ביז איך בין ענדליך געוואָרען אַ שרייבערל אין פּאָליציי־צירקעל... ער איז אַנשוויגען געוואָרען און האָט זיך איינגעגעסען מיט זיינע פיבערהאַפטע אויגען אין איהר שעהנער, שלאַנקער פיגור...

אַביסעל שפּעטער האָט ער ווידער גערעדט:

— עס איז אַזוי שווער איינזאַם צו ליגען, אין די שלאָפלאָזע נעכט, ווען עס קומען אַרויף אויפ'ן זינען די געשטאַלטען פון אומ־שולדיגע, וואָס דו אַליין האָסט אומגעבראַכט.

ליבע ראָזאַ אַבראַמאָוונאַ, זעצט זיך צו נעהענטער צו מיר, גיט מיר אייער האַנט, ס'אַ צאַרטע ווייסע הענט ביי אייך און אַ פּנים, אַזאַ שטילער, אַ פרומער... אויף אייך, אידישע מיידלאַך, ליגט עפּעס אַזאַ מאָדנער חן אויסגעגאָסען...

ער האָט נאָך לאַנג אַזוי גערעדט און דערצעהלט וועגען זיך מיט טרעהרען אין אויגען און ראָזאַ'ס האַרץ איז פול געוואָרען מיט

רחמנות. זי האָט זיך צו איהם צוגעבויגען און שטיל גענומען גלעטען זיין קאָפּ.

— איהר זייט אַזאַ וואוילער איהר וועט נאָך געזונט ווערען, געזונט ווערען...

און ווען זי איז אַוועק פון איהם איז איהר געווען אַזוי גוט און גרינג אויף דער נשמה ווי זי וואָלט אימיצען געראַטעוועט פון אַ שווערען טויט. און אַ פרייד האָט אָנגעפּיהלט איהר הארץ. אין וואלד האָט זיך נאָך אַלץ געהערט דער איינזאַמער קוקו רוף.

# די מיידעל פון די בערג.

אין א שטיל געסעלע, ביים עק פון א לאנגער, ברייטער גאס, איז געשטאנען א צוויי־גארענדיגע הילצערנע שטיבעלע, און ביים פענסטער האט דארטען א גרויסער בוים געוואקסען. יעדען פריה־לינג האט זיך דער בוים פאנאנדערגעבליהט און דערמיט דערמאנט אלע מענשען ארום און ארום, אז איצט איז געקומען די צייט פון ליבע און געזאנג, און עס האט זיך ברייטער ווי אלע מאל די בלויע ווייטקייט גענומען שפרייטען.

הינטען איז געווען א קאפע־הויז און אין די איבעריגע ארימע צימערלאך האבען זיך איין ענגשאפט געשטיקט אידישע סטודענ־טען, און אויך א באיאהרענטער אימיגראנט, א שכור, פון וועמען די ווייב איז אוועק. און אויבען האט געוואוינט די בעל־הבית'טע אליין, א גרייז־גרויע אלטיטשקע, מיט א וויסען הינ־טעלע, און אויך עטליכע גאסען מיידלאך.

דער אימיגראנט איוואנאוו פלעגט גאנץ אפט ביי זיך אין צימער גאנצע שמחות פראווען, און אויף די שמחות זיינען אלע מאל געווען די סטודענטען, די גאסען מיידלאך פונ'ם אויבער־שטען שטאק און אויך די רוסישע פראסטיטוטקע טאטיאנא.

אליין איז טאטיאנא געווען א מענש מיט א גוטער, ברייטער נשמה, א געוועזענע פויערטע — און ווי זי קומט קיין אויסלאנד — דאס האט קיינער ניט געוואוסט. אין דער רוסישער קאלאניע האבען זי אלע געקענט; מיט אלעמען איז זי געווען נאהענט באפריינדעט, און אין איהר פרייען לעבען האט זי זיך געהאט איהר אייגענעם שטייגער: די ארימע סטודענטען פלעגט זי זיך איבערגעבען אומזיסט, און גאנץ אפט פלעגט זי זיי נאך מכבד זיין מיט א מיטאג און אליין זיך אנ'שכור'ען און טאנצען א „קאזאטשאק" און וויינענדיג זינגען ארעסטאנטען־לידער וועגען

ענגע תפיסות און ביטערען מזל. ביי אנדערע אבער פלעגט זי נעהמען א סך געלט און דערנאך אוועקגעהן צו איוואנאוו'ען פראַוען א הוליאנקע.

איינמאל, אין א שטילען פריהלינגס-אווענט, ווען דער בוים איז א צובליהטער געשטאנען און דערמאנט די מענשען וועגען ליבע און געזאנג, איז טאטיאנא געקומען צו איוואנאוו'ן מיט א יונגער שווייצארישער מיידעל.

געהאלטען האט זיך די יונגע מיידעל זעהר שטיל און שעהמעווודיג, און טאטיאנא האט אויף רוסיש וועגען איהר דערצעהלט, אז זי האט אמאל געהאט א געליבטען, א מוזיקער, וועלכער האט צוגעזאגט, אז ער וועט זי נעהמען און זיין ווארט ניט געהאלטען; אז ער איז פון איהר אוועק ערגיץ ווייט אין אן אנדער שטאדט — און אז פון דעמאלט אן איז זי אזא שווייגענדיגע און מאכט דעם איינדרוק ווי זי וואלט מורא געהאט פאר מענשען.

די מיידעל האט פאר זיך א צימער געדונגען אויפ'ן אויבערשטען שטאק; און כאטש די סטודענטען האבען זיך מיט אלע מעגליכקייטען געסטארעט צו פארפיהרען א נעהענטערע באקאנטשאפט מיט איהר, האט זיך זיי דאס בשום אופן ניט איינגעגעבען, און, ווילענדיג ניט ווילענדיג, איז זיי אויסגעקומען בלויז צו טרוימען וועגען איהר, דער בערג-מיידעל מיט די צוויי דיקע גאלדענע צעפ און מיט דעם שעהנעם, חן'עוודיגען גאנג, וואס דריקט אויס א וועלט מיט ליידענשאפט און רייץ.

די גאסען-מיידלאך ,וועלכע האבען אין די שכנ'ישע צימערלאך געוואוינט, האבען זי זעהר ניט ליב געהאט דערפאר, וואס זי איז געווען אזא שטאלצע און זיך שטענדיג געהאלטען פון דערווייטענס. „וואס איז דאס פאר א מין פויגעל!" — האבען זיי זיך גע'חידוש'ט, — „יעדען פריהמארגען געהט זי אוועק און אויף דערנאכט, ווען זי קומט צוריק אהיים, פארשפארט זי זיך אין צימער און האט מורא די נאז צו ווייזען!"

איינמאל איז צו איוואנאוו'ען אויף א הוליאנקע צופעליג אריינגעפאלען א יונגער אידישער מאהלער. דאס איז געווען זעהר א לעבעדיגער, שווארץ חן'עוודיגער בחור; מיט אן אפענעם פנים, וואס קוקט שטענדיג אויס שטארק באגייסטערט, גלייך ווי אלץ, וואס

ער זעהט מיט זיינע אויגען אויף גאָט'ס וועלט איז אזוי וואונדער־באַר און שעהן, פּונקט ווי אין אַ קינדער־מעשה'לע.

דאָס געלט אויף דער הוליאַנקע האָט געגעבען טאַטיאַנאַ; אליין איז זי געווען זעהר פרעהליך, און אויסערגעוועהנליך גוט געשטימט.

— הוליעט, חברה! — האָט זי לוסטיג געשריען, — דאָס געלט האָב איך היינט ביי אַ רייכען „העכט" געפּאַקט...

דער מאהלער האָט אויך געגעבען געלט אויף עטליכע פלעשער וויין, און די שמחה איז געוואָרען נאָך גרעסער.

— אַך, ווען די שעהנע מיידעל פונ'ם אויבערשטען שטאָק וואָלט דאָ איצט געווען! — האָט פּלוצים אויסגעשריען איינער פון די סטודענטען. און אַ צווייטער האָט דערצעהלט, אַז נעכטען אויף דער נאַכט האָט ער זי ביים ברעג טייך געטראָפען; זי איז, אַ פאַרטראַכטע, געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אָן די אייזערנע שטאַכע־טען און געקוקט אויף די כוואַליעס; איז ער צוגעגאַנגען און האָט איהר עפּעס געזאָגט, אָבער זי האָט זיך אפילו ניט אומגעקוקט אויף איהם.

האָט דער מאַלער נייגעריג אַ פרעג געטאָן:

— ווער איז זי? און וואו וואוינט זי, די שעהנע מיידעל?

האָט מען איהם געענטפערט, אַז ער זאָל גאָר ניט וואַגען אפילו צו טרוימען וועגען איהר.

די חברה איז וואָס אַמאָל געוואָרען לעבעדיגער און פרעהליכער און טאַטיאַנאַ האָט שוין, ווי שטענדיג אין אַזאַ פאַל, געזונגען איהרע אַרעסטאַנטען־לידער און זיך געריסען צו טאַנצען.

ביים יונגען מאַלער האָט זיך, פונ'ם וויין, דער קאָפּ אביסעל פאַרדרעהט. ער האָט דערפיהלט, ווי די פּיס ווערען ביי איהם שוואַכער, האָט ער זיך אויפגעהויבען און שטילערהייד אַרויס אין קאָרידאָר.

אין קאָרידאָר האָט אַ קליינינק גאַז־פייערל געברענט, און אין דער האַלב טונקעלקייט האָט זיך אָנגעזעהן די טיר, וואָס פיהרט אין דעם קאַפּע־הויז, און אויך די אויסגעבויגענע טרעפּ, וואָס פיה־רען אַרויף אויפ'ן צווייטען שטאָק.

אָנגעשפּאַרט אָן דער וואַנט איז דער מאַלער געשטאַנען אַ ווייַלע, און דערנאָך האָט ער שוין געוואָלט אַריינגעהן צוריק אין

צימער, אָבער אין דער מינוט האָט ער דערהערט פּרויען־טריט אויף די טרעפּ, און באַלד האָט זיך געוויזן די שלאַנקע שוואַרצאַרישע מיידעל.

ווי ער האָט זי נאָר דערזעהן, איז איהם גלייך איינגעפאַלען, אַז דאָס איז זי, די שעהנע מיידעל, וועגען וועלכער די סטודענטען האָבען גערעדט.

— וואוהין געהט איהר? — האָט ער זי געפרעגט קוקענדיג אויף איהר צערטליך מיט די צוויי גוטע אויגען.

זי האָט זיך פאַרשעהמט, געבליבען שטעהן אין גרויסער פאַרלעגענהייט און געענטפערט שטיל:

— איך האָב געוואָלט געהן אין קאַפע־הויז, טרינקען אַ גלאָז לימאָנאַד...

דער מאַלער האָט זי צערטליך ביי דער האַנט אָנגענומען.

— וואָס פאַר שעהנע בלאָנדע צעפּ איהר האָט!

זי האָט מיט'ן גאַנצען קערפּער אַ ציטער געטאָן און איז רויט געוואָרען ביז איבער די אויערען.

— זייט ניט אַזאַ שעמעוודיגע, — האָט ער איהר צערטליך געזאָגט, — קומט אריין צו אונז, וועלען מיר צוזאַמען פאַרברענגען. נאָר אויב איהר ווילט ניט, — האָט ער דרייסט צוגעגעבען, — וועל איך ארויסקומען צו אייך. פאַר מיר דאַרפט איהר קיין מורא ניט האָבען, איך וועל אייך קיין שלעכטס ניט טאָן.

און ער האָט איהר גלייך גענומען דערצעהלען:

ער איז אַ קינסטלער. ניט לאַנג צוריק איז ער אַהער פון פּאַריז געקומען. דאָ האָט ער כמעט קיינעם ניט, און ס'איז איהם זעהר אומעטיג; אַהער אין דער געזעלשאַפט איז ער אריינגעפאַלען צופעליגערווייזע...

און זי איז לעבען איהם מיט אַן אַרונטערגעלאָזענעם קאָפּ געשטאַנען, געהערט, וואָס ער רעדט און גאָרניט געענטפערט...

— אָבער אין מיין צימער איז ניט אויפגעראַמט... — האָט זי נאָך אַ קורצען שווייגען אַ שוואַכען תירוץ געגעבען.

— דאָס מאַכט ניט! האָט ער געזאָגט, און אָננעמענדיג זי ביי דער האַנט, איז ער מיט איהר אַרויף אויפ'ן צווייטען שטאָק.

ביי דער טיר האָט זי זיך אָפּגעשטעלט און איהם געבעטען,

אז ער זאָל אַ ווײַלע וואַרטען, ביז זי וועט דאָס צימער אויפראַ־
מען, אָבער דער האַלב שכור'ער מאַלער האָט האַסטיג די טיר אויפ־
געפּראַלט און איז אַריין אין צימער.

די מיידעל האָט זיך נאָך מעהר פאַרלאָרען, און, ווי זי
וואָלט אַליין ניט געוואוסט, וואָס זי טוט, האָט זי די לאָמפּ פאַר־
לאָשען...

און נאָכדעם איז שוין אַוועק אַ נאַכט פון ליבע...

די פּשוט'ע בערג־מיידעל האָט איינגעהילט דעם מאַלער אין
אַזעלכע הייסע און צאַרטע לאַסקעס, אַז דער גאַנצער קערפּער
האָט ווי אין אַ העלישען פייער געברענט...

און פון'ם אונטערשטען שטאָק האָט מען אַ גאַנצע נאַכט
ביז'ן ווייסען טאָג אַריין געהערט קולות. איוואַנאָוו און די סטו־
דענטען האָבען שכור'ערהייט געשריען:

„וואו איז אונזער מאַלער אַהינגעקומען?"

און אין דערפריה, ווען זיי האָבען זיך דערוואוסט, אַז דער
מאַלער האָט גענעכטיגט ביי דער שעהנער מיידעל, אויפ'ן צוויי־
טען שטאָק, זיינען זיי אַלע געווען שטאַרק איבעררַאַשט.

— איך האָב דאָס באַלד פאַרשטאַנען! — האָט זיך אָנ־
גערופען איינער פון די סטודענטען. — בלויז פאַר אונז האָט זי
געשפּילט די ראָלע פון אַ צנועה...

— דאָס בעסטע עפּעלע עסט דער חזיר אויף!... — האָט מיט
פאַרדרוס געזאָגט אַ צווייטער סטודענט

— אָבער ווער האָט זיך דאָס געקענט ריכטען אויף איהר,
אויף דער שעמעוודיגער בערטאַ'ן! — האָט איוואַנאָוו געשאָקעלט
מיט'ן קאָפּ און געבויגען מיט די אַקסלען.

נאָך דעם האָבען שוין די סטודענטען דרייסטער אָנגעהויי־
בען צוצושטעהן צו איהר, און אַלע מאָל, ווען זיי האָבען זיך נאָר
מיט איהר געטראָפען, האָבען זיי אויף איהר געקוקט מיט אַזעל־
כע בליקען, וואָס האָבען אָהן ווערטער געזאָגט אַזוי:

„איצט ווייסען מיר שוין, ווער דו ביזט"...

אָבער זי האָט זיך אַלץ אויף זיי ניט אומגעקוקט; שטיל
און באַשיידען פלעגט זי אַלץ פאַרבייגעהן אַ שלאַנקע, אַ ריי־
צענדע און שטעלען אויף דער ערד אַזעלכע טאַקטפולע טריט,
וואָס האָבען אין זיך געהאַט אַ ים מיט חן.

פאר'ן מאלער מיט דער בערג־מיידעל האט זיך אנגעהויבען א וואונדערבארע צייט. יעדען טאג האבען זיי זיך געטראפען. זי האט ליב געהאט צו שפאצירען מיט איהם אויף יענע שטילע וועגען, וואו גערטנער ציהען זיך פון ביידע זייטען, און פון די רייכע הייזער, וואס שטעהען אין גרינס איינגעהילט, טראגען זיך די קלאנגען פון מוזיק.

אבער לאנג האט די וואונדערבארע צייט ניט געדויערט. דער מאלער האט גאר ניט פארדינט און ער אהט געזאגט דער מיידעל, אז ער מוז אוועקפאהרען ערגעץ אין אן אנדער שטאדט.

זי איז בלאס געווארען און גאר ניט געענטפערט. און מיט עטליכע טעג שפעטער, ווען ער איז אויף דער נאכט צו איהר געקומען, האט זי איהם דערלאנגט הונדערט פראנק, זאגענדיג, אז דאס האט זי באקומען פון איהר מוטער...

ביינאכט האט זי איהם פלוצלונג אויפגעוועקט און איהם דערצעהלט, אז איהר האט זיך גע'חלום'ט, אז זי איז אין דערהיים, אין דעם דארף, וואס שטעהט צווישען די בערג; זי קומט אריין אין דעם ווערקשטאט, וואו עס ארבייט איהר פאטער, דער סטאליאר, און זעהט ווי א גרויסער, שווארצער הונט באלעוועט זיך מיט די סטרוזשקעס; דער הונט לויפט איהר אקעגען מיט א גדולה און לעקט איהר די הענט; און דער טאטע, א בייזער, אן אנגעכמורעטער, קוקט אויף איהר ווי אויף א פרעמדער.

"עפעס האב איך אזוי מורא! — האט זי געזאגט טוליענדיג זיך צו איהם. — דאס איז א שלעכטער חלום!"

אין דער פריה האט דער מאלער פלוצלונג דערהערט א רויש אין קארידאר, און באלד נאך דעם — א שטארקען קלאפ אין טיר

צוויי געהיים־פאליציאנטען זיינען אריינגעקומען, און נאך זיי האבען זיך אין צימער אריינגעשפארט די סטודענטען, נאסען מיידלאך און די בעל־הבית'טע.

בערטא'ן האט מען ארעסטירט.

ווען מען האט זי דורכ'ן קארידאר דורכגעפיהרט, האבען די מיידלאך איהר נאכגעקוקט מיט אזעלכע בליקען, גלייך ווי זיי וואלטען אן איהר א נקמה דערלעבט, און איינער האט גאר אנגעקוואלען:

— איצט וויסען מיר שוין, וואס פאר א פויגעל דאס איז!

* * *

די בארג־מיידעל איז אפגעזעסען אין געפענגניש דריי חדשים, ווייל עס האט זיך ארויסגעוויזען, אז זי האט אין א פאנסיאן צוגע'גנב'עט הונדערט פראנק. אפפאהרענדיג מיט'ן עטאפ אהיים, האט זי דעם מאלער צוגעשיקט א בריוועלע.

„איך האב דיך ליב", איז אין בריוועלע געשטאנען... און מעהר גארניט.

# גאָט, דערבאַרם זיך!

דאָס לעבען פון דער פּאָליטישער אימיגראַנטקע חנה, האָט זיך אין דער שווייץ געצויגען ווי אַן אונענדליך אומעדיגער וועג אין אַ הערבסט־טאָג. אַ קליינע, ניט קיין שעהנע, אַ באַשיידענע, איז זעלטען ווער עס האָט זיך מיט איהר אָפּגעגעבען. זי האָט שטענדיג געפיהלט אַ שווערע איינזאַמקייט. די מענשען אַרום איהר פלעגען זיך איהר אויסדוכטען שווערע און בייזע. און דאָס מיידעל האָט שטערבליך געבענקט, ניט געפינענדיג פאַר זיך קיין פּלאַץ אויף דער ערד.

און היינטיגען אווענט איז חנה גאָר באַזונדערס ניט געוועזן מיט זיך. זי איז געזעסען ביים פענסטער פון איהר אָרימען צימער און געקוקט אויף דער גאַס אַרויס. די נאַכט איז געוועזן אַ הערבסטיגע, אַ פייכטע, אַ דין רעגענדעל האָט זיך געצויגען און דער ווינט האָט געיאָגט איבער די טראָטואַרען געלע טויטע בלעטער, אַראָפּגעפאַלענע פון די קאַשטאַנען־ביימער, וואָס וואַקסען ביי די זייטען.

הינטער דער וואַנט, אין צווייטען צימער, האָט אַ סטודענט געשפּילט אויף אַ פידעל און געהוסט. חנה האָט זיך דערמאָנט דעם באַל וואו זי איז געוועזן נעכטען ביינאַכט. זי איז געוועזן אָנגעטאָן אין די בעסטע קליידער, באַפּוצט מיט אַ בלומעל און איז געגאַנגען צום באַל מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ, קוקענדיג אויף דער ערד, זיך האַלטענדיג נאָהענט ביי די ווענט, ווי זי וואָלט אַ בלינדע געוועזן. און ווען עס האָט זיך געוויזען דאָס שעהן באַלויכטענע גרויסע הויז, וואו די אימיגראַנטען פלעגען תמיד מאַכען זייערע אווענטען און ספּעקטאַקלען, האָט זי אַ קלער געטאָן:

— צו וואָס בין איך געקומען אהער?

נאָר פון דער אָפענער טיר האָבען זיך מיט אמאָל דערהערט

די טענער פון א רופענדער מוזיק, וועלכע האָבען ארומגעטוליעט די נשמה מיט א ווייכער צארטקייט, פאר'כישופ'ט דעם געדאנק און אוועקגעלאָקט אין א וועלט פון איבערערדישע חלומות. איהר האָט זיך מיט אמאָל פארוואָלט ביז וועהטאָג, צו געפינען זיך אין רוישיגען פיל־פארביגען המון, זיך פארדרעהען אין א ווילדען טאַנץ און גלאַט אזוי קלינגענדיג לאכען אָהן אן אויפהער.

זי האָט גענומען א בילעט און איז אריין אין זאַל. אימיצער האָט א זאָג געטאָן א צווייטען הינטער איהר:

— זעהט וואָס פאר א מיאוס'קייט! פון וואַנען נעהמען זיי זיך?

די מיידעל איז שטעהן געבליבען, און אויף א מאָמענט האָבען זיך ביי איהר א בויג געטאָן די פיס. זי האָט געוואָלט גיך ארויס, נאָר די קלאַנגען פון דער מוזיק האָבען זי געלאָקט און זי איבערגערעדט, און זי איז געגאַנגען ווייטער ווי איז א נעבעל.

אין זאַל איז דאָן געווען ליכטיג, רוישענדיג. דאָרט האָבען העל געברענט פארשידענפארביגע פייערען. די ווענט זיינען גע־ווען באַצירט מיט גירלאַנדען פון בלומען, עס האָט געשמעקט מיט פיילכען, מיט פעלד־ליליען, און דער אראָמאַט זייערער האָט זיך געטראָגען ווי כוואַליעס און די קעפ פארדרעהט, דערמאָנענדיג עפּעס ווייטעס און טייערעס, וואָס איז געווען און וועט שוין ניט זיין. אונטער די מעלאָדישע טענער פון אָרקעסטער האָבען זיך פאַרלעך געדרעהט. מיידלאך און פרויען, אָנגעטאָן אין גרינגען דורכזיכ־טיגען וויים־ראָזיגען געוועב, דורך וועלכען עס האָבען זיך געזעהן די ליניען פון זייערע קערפּער, האָבען אויסגעזעהן באַגעהרליך און שעהן.

חנה איז עטליכע מאָל זיך דורכגעגאַנגען אין זאַל, נאָר קיינער האָט זי ניט אָפּגעשטעלט, אייניגע באַקאַנטע סטודענטען האָבען גע־טאַנצט מיט אַנדערע מיידלאך. איהר איז געוואָרען אומעדיג און זי האָט זיך פארשלאָגען אין א ווינקעל לעבען א צווייגיגער בודע, וואו א שווארץ חן'עוודיגע יונגע מיידעל אין א ציגיינער־קלייד האָט „געטראָפען" אלעמען אויף די הענט.

די מוזיק פלעגט אלע ווײלע אויפהערען און ווידער אָנהויבען. חנה האָט ווידער געקלערט מיט א בענקשאַפט: פאַרוואָס, פאַרוואָס בין איך געקומען אהער?

דערנאָך איז זי אריבערגעגאַנגען אין אַ צווייטען ווינקעל.

דאָ איז געשטאַנען דער בופעט און אַרום די קליינע טישלעך זיינען געזעסען קליינע גרופּען און געטרונקען. פילע פון זיי זיינען שוין געווען שיכור׳לאַך, און זייערע שטימען האָבן געקלונגען הויך און פרעך. עפּעס איינער אַ יונגער בחור אין אַ בלויען העמדעל האָט זיך מיט דער פויסט געקלאַפּט אין ברוסט און גע־שריען:

— דאָס זיינען מיר די ליידענדע פאַר׳ן פאָלק!

און אַ צווייטער, אין ברילען, האָט איהם איבערגעשריען:

— דו לייגסט.. אַלע זייט איהר פאַרקויפטע נשמות.

ביי אַן אַנדער טישעל האָט אַן אַלטער אימיגראַנט מיט אַ הייזעריגען ציטעריגען קול זיך געזונגען וועגען דעם פויער, דעם ברויט־געבער, „אָט שטעהט ער, אויף דעם גרויסען רוסישען טייך, דער פויער, דער ברויטגעבער, און קרעכצט אַ פאַרשמידטער אין קייטען און די נאַכט אַרום איז אַ הערבסטיגע, אָהן־שטערענדיגע, מען זעהט קיין פייערעל ניט אין דער ווייט".

— עך, האַרציגער, — האָט אונטערגעכאַפּט אַ צווייטע שטימע, אַ יונגע, אַ פיהלענדע.

ביי חנה׳ן האָט זיך דאָס האַרץ אַ שלאָג געטאָן, ווי אַ פאַר־וואונדעטער פויגעל. די טרערען האָבען זיך אַ דרעה געטאָן אין איהרע אויגען. זי וואָלט זיך צוגעזעצט, נאָר גראָד האָט זיך אַ סקאַנדאַל אָנגעפאַנגען ביים צווייטען טישעל. אַלע האָבען זיך אַ וואָרף געטאָן אַהין און עס איז ענטשטאַנען אַן אַלגעמיינער גע־שלעג. חנה׳ן איז געוואָרען אונערטרעגליך צו זיין דאָ און זי איז אוועק אַהיים.

און ביז איצט איז זי ניט אַרוים אין גאַס.

הינטער דער וואַנט האָט אַלץ געשפּילט דער סטודענט. חנה האָט פאַרמאַכט דאָס פענסטער און גענומען שפּרייזען איבער׳ן צימער. די געדאַנקען האָבען זיך געפּלאָנטערט ביי איהר אין קאָפּ און איהר אַלץ קיין רוה ניט געגעבען. אין די אויערען האָט אַהן אַן אויפהער געקלונגען: זאיך גלויב ניט אין אייערע אידעאַ־לען, ניט איהר דאַרפט זיין די אָנזאָגער פון אַ בעסערער צוקונפט פאַר דער וועלט.

פון צייט צו צייט פלעגט זי פּלוצלונג בלייבען שטעהן אין

מיטען צימער און זיך אַרומקוקען, ווי זי וואָלט ערשט איצט צום ערשטען מאָל אהער אריינגעקומען. די נאַקעטע טריבע ווענט, דאָס אייזערנע בעטעל, דער טיש מיט אַ ציטונג באַדעקט, און צוויי שטולען — דאָס איז אַלץ. ווי אין אַ טורמע — האָט זי גע־טראַכט,' — נאָר דאָרטען זייענדיג איז אָבער אין דער נשמה ניט געווען אזוי פיל טרויער און ס'האָט זיך אַלץ אזוי געגלויבט אין דאָס גוטע און דאָס ליכטיגע.

עס האָט זיך געדוכט, אַז זאָלען נאָר די ווענט איינפאַלען און דאָס לעבען וועט מיט אַמאָל אָנהויבען בעסער ווערען און מעהר וועט זי ניט זיין קיין איינזאַמע, קיין באַליידיגטע. און יעצט איז אין דער נשמה אַ קבר און לאַנג זיינען שוין פאַרלאָשען אַלע חלומות, און ס'איז אויסגעגאַנגען דער גלויבען אין מענשען.

זי האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויפ'ן בעט, זיך פאַנאַנדערגעוויינט, ציטערענדיג מיט איהרע קינדישע פּלייצעס.

אין טיר האָט זיך דאַן דערהערט אַ פאָרזיכטיגער קלאַפּ. זי איז אויפגעשפּרונגען, די אויגען אויסגעווישט זיך און געבעטען אריינקומען.

אויפ'ן שוועל האָט זיך באַוויזען דער סטודענט מיט דער פידעל אין האַנט. דאָס איז געווען אַ יונגער בחור, מיט אַ שמאָ־לען דאַרען פּנים און גרויסע פיבערהאַפטע אויגען.

— איך שטער אייך ניט? — האָט אָנגעהויבען דער סטודענט.

— ניין! איהר קענט אריינקומען, — האָט בלאַס שמייכ־לענדיג געענטפערט דאָס מיידעל און אינסטינקטיוו גענומען פאַר־בעסערען איהרע האָר.

אוועקלעגענדיג די פידעל אויפ'ן טיש, האָט זיך דער סטודענט אוועקגעזעצט. חנה האָט אויסגעגלאָצט אויף איהם איהרע אויגען און ניט געוואוסט וואָס צו ריידען ווייטער. דאָס איז געווען אזוי מאָדנע, וואָס ער איז געקומען צו איהר. זי האָט איהם ווייניג געקענט. פאַר דער גאַנצער צייט וואָס זיי זיינען זיך געווען שכנים, האָט זי מיט איהם איינגאַנצען עטליכע מאָל געדעדט באַגעגענדיג זיך אין קאָרידאָר.

דער בחור האָט זיך ארומגעקוקט:

— שלעכטע צימערען אין דעם הויז, פייכטקייט און איך הוסט אַלץ.

ער האָט אַ ריהר געטאָן אַ סטרונע און ווייך אַ קוק געטאָן אויף חנה׳ן.

אַ מאָדנער, אנגענעהמער און אונרוהיגער ציטער האָט אַ כאַפּ געטאָן איהר גאַנץ וועזען. ס׳האָט זיך איהר אויסגעוויזען, אַז אָט וועלען אריבער די מאַטערענדע בענקשאַפט און די אונ־צופרידענהייט, און עס וועט ווערען אַזוי גוט און גרינג.

ביידע האָבען געשוויגען.

ערגעץ־וואו האָט געדראַפּעט אַ מויז.

דער סטודענט האָט ניט אויפגעהערט ריהרען די סטרונעס און ס׳האָט זיך געהערט, ווי דער ווינט ווארפט טראָפּענס רעגען אין די שויבען.

ווידער האָט זיך די מיידעל דערמאָנט אויף דעם נעכטיגען באַל, דעם דופט פון די פּיילכען, פון די ווייסע פעלד־ליליען און די פאַרטראַכטע טענער פון דער מוזיק. ווי האָט זיך איהר איצט געוואָלט כאָטש אַ טראָפּען גליק. אָט וועט זי באַלד צוגעהן צום סטודענט, איהם ארומנעהמען, אַזוי שטיל, אַזוי צאַרט ווי אַ מאַמע און דורכפיהרען די האַנט דורך זיינע האָר און איהם אַ סך גוטע וואַרימע ווערטער זאָגען.

נאָר געזעסען איז זי מיט אַן אראָפּגעלאָזענעם קאָפּ, מיט מידע, אוועקגעוואָרפענע הענט אויף די קני און ניט געוואוסט וועגען וואָס צו ריידען.

ניט געפינענדיג וועגען וואָס מיט איהר צו ריידען, איז דער סטודענט נאָך אביסעל געזעסען און איז אוועק. הינטער דער וואַנט האָט זיך ווידער דערהערט די פּידעל.

חנה׳ן איז געוואָרען פאַרדרוסיג, פאַרוואָס זי האָט איהם אַזוי גיך אָפּגעלאָזען. אפשר בענקט ער אויך, און זוכט אויך אימיצען אַ נאָהענטען. עטליכע מאָל איז זי פאַרזיכטיג צוגעגאַנגען צו זיין טיר געוואָלט איהם רופען, נאָר יעדעס מאָל אָפּגעשטאַנען אַ ווייל‏ע און זיך שטיל צוריק אומגעקערט אין צימער.

ענדליך איז אין סטודענט׳ס צימער געוואָרען פינסטער און שטיל.

חנה האָט אויפגעפּראַלט די פענסטער. מיט דער גאַנצער ברוסט האָט זי איינגעאָטעמט די נאַסע נאַכט־לופט. איהר איז גע־ווען שטיקענד. זי האָט געברענט אין היץ. דער ווינט האָט איהר אין

פּנים אריינגעשמיסען טראָפּענס רעגען, מיט איהרע האָר זיך אַ שפּיל געטאָן.

דערנאָך האָט זי פאַרלאָשען דעם לאָמפּ און לאָזענדיג דאָס פענ־סטער אָפען, האָט זי זיך אַ ניט־אויסגעטאָנענע אַ וואַרף געטען אויפ'ן בעט. דער ווינט האָט זיך געריסען אין צימער'ל און ס'האָט זיך געהערט ווי אויפ'ן גאַס האָבען געוויּשט טרויעריג די נאַקעטע ביימער אָהן האָפנונג אויף אַ פריהלינג.

לאַנג איז חנה געלעגען מיט אָפענע אויגען. דאָ האָט זיך איהר אויסגעוויזען, אַז זי איז אין טורמע און אויף מאָרגען וואַרט אויף איהר די תליה. זי הערט די שווערע טריט אין קאָרידאָר: דאָס געהט מען נאָך איהר. דאָ האָט זיך איהר אויסגעוויזען, אַז זי איז אין דערהיים ביי די איהריגע, זי ליגט קראַנק און די אַלטע מוטער בויגט זיך איבער איהר אַ באַזאָרגטע. און זי קלאָגט זיך אויף איהר ביטערען מזל, אויף די צובראָכענע חלומות און אַז איהר ווילט זיך שוין מעהר ניט לעבען, און די מאַמע שעפּטשעט אַלץ:

— גאָט וועט רחמנות האָבען אויף אונז.

און אַזאַ טיפער, אונענדליכער גלויבען שטראַלט אַראָפּ פון איהר אַלטען צוקנייטשטען פּנים, און אַליין הויבט זי אויך אָן צו גלויבען און חזר'ט איבער מיט דער מאַמען:

— גאָט, גאָט וועט דערבאַרעמען זיך אויף אונז.

* * *

אין דער פריה, ווען דער סטודענט איז אַרויס אויפ'ן גאַס, האָט ער מיט אַמאָל דערהערט אַ שווערען, טעמפּען פאַל. ס'האָט זיך אויסגעדוכט ווי ערגעץ נאָהענט האָט געפּלאַצט אַ גומע־רייף פון אַן אָטאָמאָביל־ראָד, אַ פרוי, געהענדיג מיט אַ קאָרב אויפ'ן מאַרק, האָט היסטעריש אַ געשריי געטאָן און געלאָזט זיך לויפען צו דעם בוים, וואָס איז געשטאַנען הינטער חנה'ס פענסטער. דער סטודענט איז איהר נאָכגעלאָפען. אויפ'ן טראָטואר איז געלע־גען די טויטע חנה, איהר פּנים איז פאַרגליווערט געווען אין אַ טי־פען גלויביגען עקסטאַז און איבערוועהט מיט היילינע וואונדער־באַרע חלומות.

דער סטודענט האָט זיך פאַר'ן קאָפּ געכאַפּט און זיך צע־וויינט ווי אַ קינד.

דריי טעג דערנאָך איז געווען חנה'ס לויה. ביים טויער פון מאַרג, האָט זיך צונויפגענומען אַ גרופּע אימיגראַנטען, געשטאַנען און צווישען זיך שטיל גערעדט. ענדליך איז ארויסגעטראָגען געוואָרען איהר אָרון און אוועקגעשטעלט געוואָרען אויפ'ן וואָגען. דער גע'הרג'עטערס מאַמע, אַן אָרימע פּראָסטע אידענע, וואָס איז נאָר וואָס געקומען פון רוסלאַנד, האָט זיך געשטיקט מיט געוויין, דערנאָך ברעכענדיג מיט די הענט האָט זי אָנגעהויבען הויך קלאָגען, אַזוי ווי אין דער היים, ווען דער בר מנין ליגט אויף דער ערד, ליכט ברענען צוקאָפּענס, און ארום קלאָגען די קרובים.

צוויי מיידלאך האָבען די אַלטע גענומען פאַר די הענט, און די לויה האָט זיך אוועקגעצויגען צו דער פאָרשטאָדט, וואו ס'האָט זיך געפונען דער אַלטער אידישער בית עולם. דער טאָג איז געווען אַ טריבער. בייז האָט געברומט דער טייך און זיך געטראָגען העט ווייט. אביסעל ביי דער זייט פון דער פּראָצעסיע איז געגאַנגען אַן אַלטער איד פון חברה קדישא און אָהן אַן אויפהער קרעכצענדיג, האָט ער גערעדט פאַר זיך:

— זיך אַליין דער'הרג'ענען איז אַ גרויסע עבירה, אַ גרויסע עבירה, — דאָס האָבען זיך אונזערע קינדער איבערגענומען פון אַנדערע פעלקער.

אָט איז דער בית עולם. ביים אריינגאַנג איז אַ קליין פעלדעל און צוויי הויכע טאָפּאָלען ציהען זיך אין הימעל.

דער טויטען-וואָגען האָט זיך אָפּגעשטעלט.

עטליכע מענשען האָבען גיך אַראָפּגענומען דעם אָרון און צו־געטראָגען צום אָפענעם קבר. די מאַמע האָט געוויינט. אומעדיג האָבען געררושט די בוימער. אַלע זיינען געשטאַנען שטיל מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ. דער אַלטער איד האָט קדיש געזאָגט און אַלע־מען האָט זיך געוואָלט וואָס גיכער, גיכער צוריק אין שטאָדט צו וואַרימע, נאָהענטע פייערען.

# אויף דער וואָלגאַ.

עס איז געווען אַ וואַרימע נאַכט.

איך בין געשטאַנען אויפ'ן דעק פון שיף, וואָס איז געשוואו־מען אויפ'ן גרויסען רוסישען טייך, און האָב געטראַכט וועגען יע־נעם בייזען קאַלטען לאַנד, פון וואַנען מיר האָט זיך איינגעגעבען ניט לאַנג צוריק צו אַנטלויפען.

ארום אויפ'ן שיף איז געווען אַן עולם מענשען, צווישען וועל־כע עס האָט זיך געהערט אַ געדיכט געשפּרעך, געלעכטער, שעהנע ציהענדע פאָלקס־לידער וועגען ברייטע סטעפּעס, וועגען אַן איינ־זאַמער בעריאָזקעלע, און וועגען אַ ניט־אָפּגעקאָשעטען ערד־פּאַס, אַ פאַרלאָזענעם. פון אַ זאַל אין צווייטען קלאַס האָבען זיך גע־טראָגען בענקענדע און ליידענשאַפטליכע פּיאַנאָ־טענער, און ס'האָט זיך אויסגעדוכט, אַז זיי געהען אויס פון מענשליכע טרערען און טרויער.

מיט אמאָל האָב איך באַמערקט, ווי עפּעס אַ פרוי איז צוגע־גאַנגען, זיך אָפּגעשטעלט לעבען מיר, זיך אָנשפּארענדיג אָן די פּאַרענטשעס... כאָטש אין דער פינסטער האָב איך ניט געקענט גוט איהר פּנים זעהן, האָט זיך מיר דאָך אויסגעוויזען, אַז זי איז מיר זעהר באַקאַנט. עפּעס מיט אַן אונענדליכע נאָהענטקייט האָט אַ וועה געטאָן אויף מיר פון איהר גאַנצער הויכער שלאַנקער פיגור.

— איז אפשר דאָס שורעטשקאַ? — האָב איך אַ קלער געטאָן, זיך איינקוקענדיג אין איהר און אין מיין געדאַנק האָבען אויפגע־וועקט זיך די טעג פון מיין פריהער יוגענד. ס'איז אויפגעשטאַנען דאָס אַלטע פּריצישע הויז מיט דער וועראַנדע, ארומגעהילט מיט די קריכענדע פלאַנצען און ווילדע בלומען. פאַרנאַכט, די פענסטער פון הויז ברענען מיט פאַרבשיינדענדיגען גאָלד ליכט פון דער פאַר־געהענדיגער זון. אַ מיידעל אין ווייסע קליידער, מיט אַראָפּגעלאָ־

זענע אויף דער ברוסט שווערע צעפּ פון דער פאַרב פון צייטיגען קאָרן, שטעהט ביים פּאַרטקעלע פון פּלויט און קוקט ווייט אין פעלד, פון וואַנען די פעלד־אַרבייטער מיט זייערע מוידען קעהרען זיך אום זינגענדיג פון דער אַרבייט. און איך, אַ אינגעל, האָב זיך באַהאַלטען אָן אַ זייט הינטער אַ בוים און קאָן די אויגען ניט אָפּרייסען פון איהר ליבען אַביסעל אָפּגעברענטען יונגען פּנים. און אַזוי שטאַרק שלאָגט מיין האַרץ.

— איז אפשר דאָס שורעטשקאַ?

און די פרוי קוקט אַלץ פאַרטראַכט אין דער ווייט אויף יענער זייט וואָלגאַ, וואו עס בלאַנדזשען איינזאַמע פייערלעך פון די דאָ און דאָרט פאַנאַנדערגעוואָרפענע דערפלעך.

מיר האָט זיך זעהר פאַרוואָלט אָנהויבען רעדען מיט איהר, נאָר כ'האָב אַ טראַכט געטאָן, אפשר איז עס גאָר ניט זי. נאָר מיט אַמאָל האָט זיך אַ קאָלער געטאָן, ווי אַ פיל פאַרביגער ראַקעט, אַ גרויסער שטערן איבער'ן הימעל, און די פרוי האָט ניט ווילענדיג אויסגעשריען:

— זעהט, זעהט!

און איך האָב דערקענט שורעטשקע'ס קול. אַ גרויסע פרייד האָט מיך אַ בלענד געטאָן און איך האָב געפרעגט:

— דאָס זייט איהר, שורעטשקאַ סטעפּאַנאָוואַ?

זי האָט אייניגע מינוטען געקוקט אויף מיר פאַרוואונדערט, דערנאָך דערקענט און אויסגעצויגען ביידע הענט און בלאַס־שמייכלענדיג האָט זי עטליכע מאָל איבערגע'חזר'ט:

— זעהט ווי גרויס איהר זייט געוואָרען. איך געדענק דאָך אייך אַלס אַ אינגעל.

מיר האָבען זיך פאַנאַנדערגערעדט, דערמאָנט דאָס שטילע שטעדטעל ביי דער וואָלגאַ, וואו עס וואוינען איהרע עלטערען און וואו איך האָב ביי אַ פאָטאָגראַפער געדינט אַלס אַ שיק־אינגעל.

— צעהן יאָהר איז שוין אַוועק זינט דאַן — האָט אַ זאָג געטאָן שורעטשקאַ, — ניט קיין באַזונדערע האָפנונגען איז דאָ אין דער צוקונפט.

שוין עטליכע יאָהר ווי זי איז אַ דאָרף־לעהרערין, לעבט אָרים און איינטאָניג. דער פאָטער איהרער איז געשטאָרבען און זיין גאַנץ פאַרמעגען איז אַוועק אין שטויב, און מיך האָט אויסגעמאַטערט

די טורמע און ווער ווייס, וואָס מיך ערוואַרט נאָך דעם אַנטלויפען פון יענעם קאַלטען בייזען לאַנד.

מיר זיינען אוועק אַן אַ זייט און זיך צוגעזעצט.

— דערצעהלט, דערצעהלט פון יענער צייט, ווען מיר פלעגען זיך אַזוי אָפט טרעפען — האָט געבעטען שורעטשקאַ מיט אַ מאַטער שטימע, דריקענדיג מיין האַנט.

און איך דערצעהל איהר, ווי איך האָב זי אַמאָל אין דער יו־גענד ליב געהאַט.

אָט בין איך ווייטער אַ אינגעל. עס איז אַ מאַי־מאָרגען; אין שטוּם שלאָפען נאָך אַלע, אויפ'ן טייך ציהען די „בורלאַקעס" שווע־רע משאות: „אוכנעם, גיב נאָך אַמאָל..." און אַזוי טרויעריג הערען זיך זייערע שטימען, און די ערשטע זונען־שטראַלען האָבען מיט אַ נעלעכטער אריינגעקוקט אין צימער און אַ שפּיל געטאָן אויף די ווענט. איך ליג מיט אָפענע אויגען און טראַכט וועגען שורעטשקע'ן, צו וועלכער, דעם בעל־הבית זוהן, אַ הויכער דאַרער בחור, אַ גימנאַזיסט, האָט מיך נעכטען געשיקט מיט אַ בריף. איך האָב אַ לויף געטאָן צום פּריצישען הויף; דאָרט איז אַלץ אַזוי וואונדערבאַר, אין מיטען גאָרטען שפּריצט אַ פאָנטאַן און די בלו־מען אויף די בייטען זיינען אַזעלכע פיל־פאַרביגע און דופטיגע, און איך געה צו צו דער פאָרטקע פון צוים און קלינג אָן. שורעטשקע לויפט מיר אַרויס אַנטקעגען און פיהרט מיך אריין אין הויז. איך גיב איהר דעם בריף. זי לעזט איהם גיך דורך און לאַכט, און צום סוף צורייסט זי איהם אויף קלייניגקע שטיקלעך און זאָגט:

— אָט אַ מאָדנער.

איך וויל אוועקגעהן, נאָר זי פאַרהאַלט מיך, נעהמט גלעטען מיין קאָפּ און זאָגט:

— וואָס פאַר אַ וואויל אינגעל.

און די האַנד ביי איהר איז אַזאַ ווייסע, אַ וואַרימע, און אַזוי שעהן ווי ביי אַ מלאך. און מיר ווערט אַזוי גוט פון איהר צערט־לען. איך שטעה מיט אַן אַראָפּגעלאָזטען קאָפּ, אין מיינע אויגען זיינען טרערען, און זי פרעגט מיך, פון וואַנען איך בין געקומען, און איך דערצעהל איהר, אַז איך בין אַ יתום און מיין מאַמע איז זעהר אָרים און האָט ניט געהאַט וואָס צו געבען מיר עסען. לאַנג האָב איך געוואונדערט איבער דער וואָלגאַ, וואַלגערענדיג זיך אי־

בער די פינסטערע שענקען און פינסטערע נאַכטלעגער מיט שלע־פער און גנבים.

אין דעם זעלבען טאָג, פאַרנאַכט, נאָך דער ארבייט, געה איך אין דער אַלעע, ביי דער וואָלגאַ וואו שורעטשקאַ שפּאַצירט ארום מיט גימנאַזיסטען. מיט זיי איז אויך מיין בעל־הבית זוהן. איך זיץ אויף אַ זייט און בין מקנא די גרויסע בחורים, וואָס קענען רעדען מיט איהר אַזוי פריי. און איהר געלעכטער קלינגט אַלע ווייַלע אַזוי ווי אַ גלעקעלע אין דעם דעמערינג פון דעם אָנקומענ־דיגען אָווענט. און מיר ווערט אַזוי אומעטיג. מאָרגען אין דער פריה מוז איך ווייטער געהן מיט דער בעל הבית'טע אויפ'ן מארק, שלעפען שווערע משאות און דערנאָך אַ גאַנצען טאָג ארבייטען אין דער פינסטערער לאַבאָראַטאָריע און אַזוי אַלע טאָג, אַלע טאָג.

— זעהסט, איך האָב גאָרניט געוואוסט אַז איהר האָט מיך אַזוי ליב געהאַט — האָט שטיל געזאָגט שורעטשקע. — אייער בעל־הבית'ס זוהן איז מיר געווען אַזוי אונאַנגענעהם. ער איז געווען אַ נודנער בחור און פלעגט מיר דערעסען מיט זיינע בריף.

— הערט ווייטער, ווי ס'איז געווען. גאַנצע טעג פלעג איך פאַרברענגען און חלומ'ען וועגען אייך, איהר זייט מיר פאָרגעקומען ווי אַ לעגענדאַרע פּרינצעסין און אָפט, פאַרנאַכט, פלעג איך שטעהן הינטער'ן פּאַרקאַן פון אייער הויז און צוהערען זיך צו אייער שטימע, ווי איהר, לאַכענדיג לויפט אַרום מיט די קינדער איבער'ן גאָר־טען. איך פלעג איבערפיהרען די ארבייטען אין פאָטאָגראַפיע און ענדליך האָט מיך דער בעל הבית ארויסגעטריבען און ווידער האָב איך אָנגעהויבען צו וואַנדערען איבער דער וואָלגאַ היימלאָז און אָהן אַ ציל.

— מיין אָרימער, און אַלץ איבער מיר — האָט געזאָגט שו־רעטשקאַ. — ווען איך וואָלט דאָס געוואוסט!

זי האָט שטאַרק אַ דריק געטאָן מיין האַנט און ביידע האָבען מיר געשוויגען. ארום האָט מען אַלץ גערוישט און געזונגען. די שיף האָט שטיל געשניטען די בלויע כוואַליעס פון דער וואָלגאַ. מיר זיינען פאַרבייגעפאָהרען דעם פעלז פון סטיענקאַ ראַזין.

עמיץ האָט גענומען אויפ'ן קול זינגען:

„אויפ'ן וואָלגאַ שטעהט אַ פעלז
באַוואַקסען מיט דיקען מאָך איז ער”.

אלע זיינען געשטאַנען און געקוקט אין דער פינסטערניש, פון וואַנען ס׳האָט זיך טונקעל אויסגעטיילט אַ גרויסער פעלז און ס׳האָט זיך אויסגעוויזן, אַז סטיענקאַ ראַזין זיצט אויף איהם פאַר־זונקען אין טיפע מחשבות.

פלוצלונג האָט שורעטשקע אַ זאָג געטאָן:

— איהר ווייסט, אויף דער נעקסטער סטאַנציע מוז איך אַרויסגעהן, און מיר וועלען זיך וואַהרשיינליך שוין קיינמאָל מעהר ניט זעהן.

זי איז געשטאַנען געגען מיר אַ שטילע און אַ טרויעריגע און האָט בלאַס געשמייכעלט. די שורעטשקע, וועלכע איך האָב אַזוי ליב געהאַט אין מיין קינדהייט. איך בין צוגעפאַלען מיט די ליפען צו איהר האַנט.

אַביסעל שפּעטער איז זי אַראָפּ פון שיף און איך בין ווידער געבליבען אַליין און האָב אַפילו פאַרגעסען צו פאַרלאַנגען פון איהר דעם אַדרעס. זי האָט מיר גאָרניט געזאָגט וועגען דעם און דער פּאַ־ראָכאָד האָט מיך געפיהרט אַלץ ווייטער פון יענעם קאַלטען לאַנד, פון וואַנען איך בין ערשט ניט לאַנג אַנטלאָפען.

# די קינסטלערין און דער געלערנטער

דער געלערנטער, דוד קויפמאַן, האָט געלעבט איינזאַם אין אַ פאַרשטאָדט פון פּאַריז. דאָרט האָט ער אין אַ קליינער כעמישער לאַבאָראַטאָריום שוין עטליכע יאָהר געאַרבייט אויף עפּעס אַ גרויסער ערפינדונג.

אין'ם קרייז פון כעמיקער, אין וועלכע ער איז געווען באַקאַנט, האָט מען אָפט גערעדט, אַז ער זאָגט צו אַ סך אין דער צוקונפט, און וועט מסתמא צום סוף אויך פאַרנעמען אַ פּלאַץ אַלס פּראָפעסאָר אין איינעם פון די אייראָפּעאַישע אוניווערזיטעטען.

נאָר דערוויילע האָט קויפמאַן געלעבט זעהר אָרעם, אויף די קנאַפּע מיטלען, וואָס זיינע נאָהענטע פלעגען איהם שיקען פון אַ קליינער פּוילישער שטעדטעל, זיין געבורטס-אָרט און וואו ער האָט אין דער יוגענד פאַרבראַכט אין דער ישיבה.

באַקאַנטע האָט ער אין דער גרויסער פיל-פאַרביגע פּאַריז געהאַט ווייניג. די געוועזענע אוניווערזיטעט-חברים, ענדיגענדיג זייער שטודיום, זיינען זיך שוין לאַנג פאַנאַנדערגעפאָהרען און מיט נייע מענשען צוזאַמענגעהן זיך האָט איהם געשטערט זיין געוואוינהייט צו שווייגען, זיין צוטראַגענקייט און אומגעשיקטקייט אין זיינע באַוועגונגען.

ער איז שוין געווען אַריבער דרייסיג און אויסגעזעהן האָט ער אַ סך עלטער. זיין גאַנג איז געווען אַן איינגעבויגענער, נאַכלעסיג געקליידעט, און דער שניפּס איז קיינמאָל ניט געווען אויפ'ן פּלאַץ. זיין געזיכט אָבער איז געווען אַ לענגליכעס, אַ בלייכס מיט אַ באַגייסטערטער שעהנקייט, וואָס מען זעהט אָפט אויף די בילדער פון אידישע קינסטלער, ווען זיי מאָלען אַ קלויזניק, אַ זיצענדיגען ביי אַ ציטריגען פייערל פון אַ חלב-ליכטעל אין גאָט'ס הויז, אַ פאַרטיפטען אין העברעע ווערטען.

דאָס בחור'שע לעבען האָט איהם געמאַטערט, און אָפט האָט איהם אַרומגעכאַפּט אַ פּייניגענדע בענקשאַפט נאָך פרויען־לאַס־קעס און נאָך אַ רוהיגען געמיטליכען פאַמיליען־לעבען, וואָס ער וועט, ווי ער האָט געדענקט, קיינמאָל ניט דערגרייכען דורך זיין אָרימקייט און דורך זיין ניט קאָנען צונויפקומען זיך מיט מענשען.

און אַט אַזעלכע טעג זיינען געווען די שווערסטע אין זיין לעבען. ער האָט זיך געפיהלט אין זיי צובראָכען, מיד, און די נעכט האָט דער קערפּער געברענט אין היץ און געפיבערט, און אין אַ כאַאָס פון חלומות זיינען געשפּרונגען אַרום איהם נאַקעטע, שאַנדלאָזע פרויען און צוזאַגענדיג געלאַקט און גערופען און געלאַכט. און זייערע האָר, פלאַטערנדיג און זיך קרייזלענדיג ווי שלאַנגען, האָבען געברענט ווי פייער.

אָפט איז ער געגאַנגען אויף די בולווארען, וואו עס האָבען אַרומגעבלאָנקעט גאַסען־מיידלאָך. לאַנג האָט ער זיך דאָרט געדרעהט הין און צוריק מיט'ן היטעל אין דער האַנט, זיך ענטשולדיגענדיג און רויטווערענדיג, האָט אָפּגעשטעלט עפּעס אַ מיידעל און פאַרגעשלאָגען פאַרברענגען מיט איהם אַזוי זיך, ווי פריינד, ווען ביידען איז אומעדיג און מען איז אַליין.

אין מעהרסטע פאַלען פלעגען זיך די פּאַריזערינס אויסלאַכען פון איהם.

— פון וועלכער געגענד ביזטו געקומען? — האָבען אויך אַנדערע געפרעגט און פאַרלאָזענדיג איהם, אַ וואָרף געטאָן:

— זיי געזונד, מיין אַלטיטשקער.

איינמאָל ווען דער געלערנטער קיפמאַן האָט געקראָגען פון אַ גאַסען מיידעל אַזאַ ענטפער, איז איהם געוואָרען זעהר טרויעריג. ער איז לאַנג פאַרטראַכט געשטאַנען אויף'ן מיטען בולוואר מיט'ן היטעל אין האַנט, און ווי ער וואָלט דעם וועג פאַרלאָרען, ניט געוואוסט וואוהין צו געהן ווייטער.

דערנאָכדעם איז ער זיך פאַמעלעך צוגעגאַנגען צו אַ טראַמוויי־סטאַנציע. עס איז געווען אַ זונטאָג. פון טראַמוויי איז אַרויס איינע נאָך די אַנדערע יונגע פּאַרלעך און זיך געלאָזען געהן מיט'ן ברעג פון דער סענא, וואו אין דער נאָהענט האָט זיך געהערט מוזיק און אַ פרעהליכער גערויש פון דער מאַסע.

קיפמאַן איז געשטאַנען אָנגעלעהנט אָן אַ בוים און געקוקט

אויף די פארבייגעהער. די פנים׳ער ביי די מיידלאך און פרויען זיינען געווען איבערוועהט מיט פריהלינג־טרוימען. ביי די מעהר־סטע אויף דער ברוסט און אויף די גארטלען האבען זיך געזעהן קליינע בוקעטען פון בלויע פיילכען, און אלע פרויען האבען זיך אין יענעם טאג אויסגעוויזען אין זיינע אויגען באזונדערס שעהן און רייצענד.

ער איז אוועק אין לוקסענבורגער גארטען. דארט, אין לאטיי־נישען קווארטאל צווישען קינסטלער און סטודענטען, פלעגען זיך געפינען מאדעל־מיידלאך, וועלכע האבען איהם געקענט און האבען גערן אמאל מיט איהם פארבראכט אייניגע שעה. ער האט געהאפט אויך איצט צו טרעפען אימיצען פון זיי. אומעטום אין גארטען, צווישען די אלעעס און ביי די פאנטאנען זיינען געווען א סך גאַ־סען־מיידלאך, וועלכע האבען געלאכט און איבערגעווארפען זיך מיט וויצען מיט די קינסטלער, וואס זיינען געזעסען דארט ארום און געראכערט זייערע לולקעלעך. נאר קיין באקאנטע האט ער נית געטראפען. ער האט אביסעל ארומגעוואנדערט ארום דעם ברייטען פאנטאן, וואו די קינדער האבען אפגעלאזט שיפעלעך שווימען. דער־נאך איז ער אוועק צו לוקסענבורגער מוזעאום. ביים אריינגאנג האט ער דערזעהן נית קיין גרויסע סטאטוע פון שווארצען בראנז: דוד מיט׳ן קאפ פון גלות הפלשתי. און ביי דער סטאטוע איז גע־שטאנען א שלאנקע פרוי מיט א שטרויענעם הוט אין האנט. זי האט אויסגעזעהן ווי א רוסישע קורסיסטקע. איהר פנים איז געווען רונד און ליב, מיט זומער־שפרינקעלעך, איהר נעזעל רייצענד, און מיט א ווייסען שלאנקען האלז. דאס איז געווען א באוווסטע מאלערין פון דער נייער דעקאדענטישער שולע. א פרוי, אן עקסצענטרישע מיט אן אריגינעלען אונרוהיגען כאראקטער און מיט א צארטען טיפען טרויער אין דער נשמה איבער אלץ וואס איז פארשווינדע־דיג שעהן.

קיפמאן האט אנגעשטעלט אויף איהר זיינע גרויסע פאר־טרויערטע שווארצע אויגען. זי האט דערפיהלט זיין בליק און א קוק טוענדיג אויף איהם, איז זי איבערראשט געווארען פון דער גייסטיגער שעהנהייט אויף זיין לאנגען בלייכליכען פנים.

זי האט א טראכט געטאן: דאס מוז זיכער זיין א מאדנער

מענש, א צודרעהטער, ביי וועלכען דער שניפּס וועט זיך שוין אַזוי ביז'ן טויט אריין אויפ'ן ריכטיגען פּלאַץ ניט געפינען.

און ער איז געשטאַנען און געפּרובט טרעפען: ווער קען זי זיין?

ער האָט מורא געהאט מיט איהר אָנהויבען צו ריידען: אפשר איז זי ניט פון יענע. זי קען זיך באליידיגען. און ער האָט ניט געוואוסט, וואָס ער זאָל דאָ טאָן און זי איז איהם אזוי געפעלען געוואָרען. איהרע גערדיכטע גאָלדענע האָר האָבען געפינקעלט אויף דער זון, דאָס נעזעל האָט געררייצט און איהר גאַנצער שלאַנקער פיגור איז געוועזען אזוי אָנציהענד.

די קינסטלערין האָט א שמייכעל געטאָן און צוגעגאַנגען צו א נאָהענטער באנק און זיך אוועקגעזעצט. זי האָט באמערקט, אז ער וויל מיט איהר אָנהויבען ריידען און מיט נייגעריגקייט גע־וואַרט, וואָס וועט זיין ווייטער.

קיפּמאַן איז צוגעגאַנגען און זיך אויך געזעצט אויף דער אַנ־דערער זייט באנק. אנטקעגען זיי, ביי א גרויסען שטיינערנעם באַרעליף, עפּעס פון אן אַלטען גריכישען בילד פון פאַסטוכ'ער לעבען, האָט שטיל געמורמעלט אַ פאָנטאַן, ארומגעזעצט ביי די ברעגען מיט געלע פעלד־בלומען־צעבערלעך.

עס איז צוגעגאַנגען אַ אָרים מיידעלע מיט קערבעל בלומען. קיפּמאַן האָט געקויפט אַ בוקעטעל. ס'זיינען פאַרביי עטליכע לאַנ־גע מינוטען, איז ער פּלוצים אויפגעשטאַנען, אראָפּגענומען דאָס היטעל און מיט די פיילכען אין די הענט, רויט ווערענדיג און זיך פּלאָנטערענדיג אין די רייד, האָט ער איהר פארגעשלאָגען צו פאַר־ברענגען מיט איהר דעם טאָג.

שמייכלענדיג האָט זי איהם אויסגעהערט, געבעטען זיך זע־צען לעבען איהר און געפרעגט, ווער ער איז.

ער האָט איהר אין קורצען דערצעהלט וועגען זיך. די קינסט־לערין איז געוואָרען ערנסט און איינגעשטימט געהן מיט איהם.

— נאָר פאַרבעסערט אייער שניפּס, — האָט זי געזאָגט שטיל לאַכענדיג, — און וואוהין ווען מיר געהן?

עטליכע מינוטען שפּעטער זיינען זיי שוין געזעסען אין טראַמ־וואַי, וואָס האָט זיי געפיהרט צו זיין הויז. זי האָט קאָקעטירט,

זיך געשפּילט מיט איהם, און זיך אַלץ געסטאַרעט צו שפּילען די ראָלע פון א גאַסען־מיידעל.

און ער האָט זיך געשעמט און זיך געדרויטעלט, און אין דער נשמה איז ער געווען אומגעהייער גליקליך, אז דער מזל האָט איהם היינט צוגעשיקט אזא ליבעס ווען.

אויפ׳ן וועג זיינען זיי אריין אין א רעסטאָראַנט טרינקען קאַפע. דערנאָך האָבען זיי געקויפט וויין און נאַשערייען, און ווען ס׳האָט גענומען טונקעל ווערען, זיינען זיי אריין אין הויז.

זי האָט ארומגעקוקט זיין צימער און אויסציהענדיג איהרע ליפּען ווי צו א קוש, האָט זי געזאָגט:

— וואס פאר אן אומאָרדנונג!

נאָכדעם האָט זי אריינגעקוקט אין זיין קליין לאַבאָראַטאָריום, וואו עס האָבען זיך געפונען פאַרשידענע גלעזער און מעסט־גלעזלאך. זי האָט אויפגעמאכט א שענקעלע, וואו עס האָבען זיך געפונען פארשידענערליי פארביגע זאַלצען און ווען זי האָט באמערקט אין ווינקעל א קליין דרייפוסעל מיט א פייערעל, און אויף איהם עפּעס א פליסיגס אין א גלעזעל, האָט זי א זאָג געטאָן:

— אינגאנצען, ווי א יאָהר־צייט נאָך א טויטען אין א פּני־סטערען ווינקעל.

זי האָט גענומען ריין מאכען דאָס הויז און צוגרייטען נאַשע־רייען, אַלץ רעדענדיג און פונאנדערפרעגענדיג זיך וועגען זיין לעבען. און ווען זיי האָבען זיך געזעצט עסען, האָט זי זיך גע־טוליעט צו איהם ווי א קאַץ, און ער, א פאַר׳שיכור׳טער האָט גע־קושט איהר שטערען, איהר האלז און נאָר געוואלט ביי איהר גע־וואהר ווערען, ווי אזוי זי, אזא אינטעליגענטע, איז געקומען צו אזא לעבען.

עס איז איהר איינגעפאלען דערצעהלען איהם א מעשה וועגען א מאטראָז, וואָס האָט זי פארפיהרט און אליין אוועק אין א ווייט לאנד. און ער איז געווען גערירט, ווי א קינד געגלעט איהר קאָפּ און אַלץ שעפּטשענדיג גוטע ווערטער, וועלכע זיינען איהם נאָר געקומען אויפ׳ן געדאנק.

דערנאָך האָבען זיי פאַרהאנגען די פענסטער, פאַרלאָשען דעם

לאָמפּ און אָנגעצונדען פייער אין קאמין. און זייביידען האָבען זיך אװעקגעזעצט אויף א קאַסטען, אנטקעגען שיין. מינוטענװייז האָט זיך איהם אויסגעװיזען, אז לעבען איהם זיצט א פרוי, װעלכע ער האָט שוין לאנג ליב, נאָך װעלכער ער האָט שטארק געבענקט און זי איז איצט געקומען צו איהם. האַלטענדיג איהרע הענט, האָט ער איהר שטיל דערצעהלט װעגען זיין קליינעם אידישען שטעדטעל, װאו ער איז געבוירען געװאָרען; װעגען דער ישביה, דערנאָך װי ער איז אװעק זיך לערנען אין אויסלאנד, װי ער האָט געהונגערט זייענדיג א סטודענט, און װעלכע גרויסע האָפנונגען ער האָט איצט אין דער צוקונפט. און זי האָט פארטראכט געקוקט אין זיין פּנים און געטראכט װעגען דעם איינזאַמען לעבען פון'ם אינטערעסאנטען מענשען.

װען זי איז פון איהם אװעק, איז שוין געװען שפּעט אין אָװענט. ער האָט איהר ארויסבאגלייט פון הויז, דערנאָך זיך אומ־געקערט אין לאבאָראַטאָריום און איז לאנג געשטאַנען פארטראכטביים דריי־פיסעל װאו עס האָט שוין עטליכע טעג געברענט א פייערל.

און ביי נאכט, אין כאַאָס פון חלומות זיינען װידער געשפרונגען ארום איהם שאַנדלאָזע נאַקעטע פרויען און געלאָקט און געלאכט, און זייערע רויטע האָר, אראפּפאלענדיג װי שלאַנגען, האָבען גע־ברענט װי פייער.

* * *

אויף מאָרגען איז צו איהם געקומען א איינגעל און איהם איבערגעגעבען א גרויסען בוקעט ראָזען מיט א בריװעלע. אין בריװעלע איז געשטאַנען:

„איך בין די יעניגע, װאָס האָט נעכטען אָװענט פארבראַכט אין אייער הויז. קומט צו מיר און מיר װעלען װידער פאר־ברענגען אַן אָװענט און דאָס מאָל — אין מיין סטודיאָ, אויפ'ן בולװאר „סען זשערמען".

אינ'ם בריװעלע איז געלעגען א װיזיט־קארטעל מיט'ן נאָמען פון א באַװאוסטער מאַלערין.

# א שטורם

דער זומער איז געווען א הייסער, און א טרוקענער. די תבואות אויף די פעלדער זיינען געווען קליין און באדעקט מיט גרויען שטויב. אויף די לאנקעס האבען זיך די בהמות ארומגע־בלאנקעט טרויעריגע און אומעטיגע, און די בוימער אין די גערט־נער זיינען געשטאנען פארשמאכט און אלץ געקוקט צום הימעל, צי דער ווינט יאגט ניט אן געדיכטע וואלקענס.

איבער'ן שטעדטעל האבען זיך געטראגען אלערליי קראנק־הייטען, און פון טורמע, וועלכע איז געשטאנען ווייט און אין א זייט, וואו דער וועג פארקירעוועט זיך צום קריסטליכען בית־עולם, האט מען אפט געזעהן ווי אין די שווארצע דושנע נעכט עפענען זיך אויף איהרע שווערע אייזערנע טויערען און פון דארטען אין שווארצע סאסנע־טרונעס טראגט מען ארויס מתים און אהן קברות־לידער און אהן תפילות ציהען זיך לויות אויפ'ן וועג וואס פיהרט צום ארעסטאנטען־בית עולם.

אין איינער פון די כמורנע טורמע־קאמערען, שוין לאנג וואר־טענדיג פאר'ן עטאפ, האבען זיך געשטיקט א גרופע ארעס־טאנטען.

דער מעהרסטער טייל פון זיי זיינען געוועזען פויערים, וועל־כע מען האט אפגעריסען פון דער ערד און פאר'משפט פאר פאר־שיידענע פארברעכענס. איינינגע פון זיי זיינען געווען אין קייטען און געגאנגען אויף קאטארגע קיין סיביר. דער טרוקענער זומער האט אויף זיי שווער געווירקט, און זיי פלעגען שטענדיג ריידען וועגען זייערע דערפער, און וועגען די זאנגען, וואס ווערען פאר־טריקענט פון דער הייסער זון. די איבעריגע זיינען געווען עטליכע יונגע גנבים, אן אנטלאפענער סאלדאט און איינינגע מאלדאוואנעס

אין זייערע לאנגע לייוועגטענע העמדער, מיט רויטע אויסגע־נעהטע גארטלען.

יעדען טאָג פלעגט אן אנדער אַרעסטאנט קראנק ווערען, און די שטימונג ביי די פארשפארטע איז געווען אַ שווערע און אַ נעדריקטע. עס האָט זיך געדוכט, אז אין דעם שיין פון די זוניגע שטראהלען גערהט איבער׳ן טורמע הויף עמיצער א ניט־געזעהענער, קלייבט זיך אריין אין די האלב־פינסטערע קאמערען און זייהט א שווערע קראנקהייט מיט קאָשמארען, האלוצינאציעס און אונ־זיניגע רייד פון היץ.

אויפכאפענדיג זיך גאנץ פריה, פלעגען די ארעסטאנטען נאָכ־פרעגען ביי די וועכטער, ווער ס׳איז געשטאָרבען ביי נאכט, ווער עס איז קראנק געווארען, און דערנאָך רעדען וועגען דעם לאַנג־ערוואַרטעטען עטאפּ. אין זייערע אויגען איז געווען א בענקשאפט נאָך דעם ווייטען וועג און די פרייע ווינטען.

דערנאָך פלעגט זיך ציהען א לאנגוויילינער טאָג. זיי פלע־גען זיך ארומקריגען, זוכען אָפּצוטאָן איינער דעם צווייטען בייזע שפּיצלאך. און אָפט מאטערען איינעם פון די אלטע מאָלדאַוואנען און צווינגען איהם צו טאנצען א פרעהליכם מיט זיינע קראַנקע, שוואכע פיס.

דער אַנטלאָפענער סאָלדאט פלעגט גאנצע טעג ארומשפאצירען איבער׳ן קאמער און מיט טרערען אין די אויגען ריידען צו זיך אליין, אז ער איז דער איין־און־איינציגער ביי זיין מוטער, און מען האָט ניט געהאט קיין רעכט איהם צוצונעמען פאר א סאָל־דאט, און דערביי רחמנות׳דיג פארציהען א ליד וועגען א יונגען פויער, וואָס געהט ארויס פארטאָג אויף א פרעמד פעלד פארגיסען זיין שווייס, נאָכגעהענדיג נאָכ׳ן אַקער.

אָפט פלעגען די אַרעסטאנטען שטעהן ביים פענסטער, קוקען אויפ׳ן הימעל, וואו עס האָט זיך באוויזען א וואָלקען, און פּרובען טרעפען צי עס וועט זיין אַ רעגען. און ווען דער וואָלקען איז פאמעלאך פארשוואונדען, פלעגען זיי ווידער אריינפאלען אין א שווערער שטימונג, און אומרוהיג ארומשפאנען איבער׳ן קאמער.

איינמאָל, נאָכ׳ן אויסרופען, ווען די ארעסטאנטען האָבען זיך שוין געקליבען שלאָפען געהן, איז מיט אמאָל אריינגעקומען דער טורמע־אויפזעהער און זיי אָנגעזאגט די גוטע בשורה, אז מאָרגען

פארטאג געהט אפ דער עטאפ. אין יענער נאכט זיינען די ארעס־טאנטען ניט געשלאפען, און ביז פארטאג האט דער וועכטער געהערט זייער שעפטשען און רעדען וועגען די נייע טורמעס, וואו־הין מען שיקט זיי, און וועגען זייערע אויף לאנג פארלאזטע היימען.

מיט'ן זונאויפגאנג זיינען זיי שוין, געווען אויפ'ן הויף, וואו עס האבען אויף זיי געווארט דער קאנוואי. דער פריה־מארגען איז געווען א דושנער, א שטיקענדער, און ווייט אין מערב זייט האבען זיך באוויזען מאדנע צוריסענע בלויע וואלקענס, וועלכע האבען זיך געצויגען אלץ ווייטער און ווייטער ווי וועלענדיג פארכאפען דעם גאנצען הימעל.

דער עלטסטער קאנוואינער, א געלער גרויסער פויער מיט א געשטופעלטען בייזען פנים, האט געיאגט די ארעסטאנטען, און ווי נאר די זון האט זיך אביסעל אויפגעהויבען אין הימעל איז שוין דער עטאפ ארויס פון טורמע. פאראויס זיינען געגאנגען די קא־טארזשניקעס, קלינגענדיג מיט די קייטען. די איינוואוינער פון שטעדטעל, וועלכע האבען שוין לאנג קיין עטאפ ניט אנגעזעהן, האבען זיך א לאז געטאן פון זייערע הייזלאך און מיט טרויעריגע בליקען באגלייט די אומגליקליכע. נאך איינעם א יונגען ארעס־טאנט איז נאכגעלאפען אן אלטע פרוי, וויינענדיג און קלאגענדיג ווי נאך א טויטען. דאס איז געוועזען א יונגער, בלאנדער פויער פון א נאהענטען דארף, וועלכער האט דער'הרג'עט זיין ווייב.

— געה, געה אוועק, אלטע — האט דער קאנוואי געטריבען. און די פרוי האט אלץ געקלאגט און געבראכען די הענט אויף דעם ביטערען מזל פון איהר זוהן.

דער עטאפ איז דורך די הויפט גאס פון שטעדטעל און איז ארויס אויף דער נאהענטער באהן־סטאנציע. ביי די זייטען האבען זיך געשפרייט פעלדער און פעלדער — און מיט אמאל האט דער ווינט, וואס איז פון ערגעץ וואו אנגעלאפען, גענומען ווינען די טרוקענע גראזען און בויגען צו דער ערד די נידעריגע מאגערע זאנגען.

די ארעסטאנטען האבען פרייער אפגעאטעמט, מיט פרייד געקוקט אויף די וואלקענס, וועלכע האבען זיך אלץ ווייטער גע־

צויגען איבער'ן הימעל, און איינער דעם צווייטען אָנגעזאָגט: „גאָט וועט היינט א רעגען, א רעגען שיקען". און דער קאַנוואַי ביי די זייטען האָט בייז געשריען אויף די אָפּשטעהענדע און אונטער־געיאָגט זיי מיט די ביקסען, און די פּנים'ער ביי זיי זיינען געווען טרוקען, בייז און פול מיט רציחה.

שפּעטער ווען עס האָט זיך מיט אמאָל דערהערט דאָס קנאַ־לען פון דונערען און עס האָט זיך אָנגעהויבען א שטאַרקער רעגען, איז דער עטאַפּ צוגעגאַנגען צו א דאָרף, און האָט זיך פאַנאַנדער־געלייגט אונטער א דאַך איבער צו וואַרטען דעם שטורם.

די גוט־האַרציגע פּויערטעס האָבען זיי צוגעטראָגען עסען און אונטערשפּאַרענדיג מיט דער לינקער האַנט די באַק, און מיט דער רעכטער האַלטענדיג די לינקע ביים עלענבויגען, האָבען זיי רחמנות'דיג געקוקט אויף די אַרעסטאַנטען און שווער געזיפצט.

די אַרעסטאַנטען, זעהענדיג ווי אַרום לעבען די פעלדער אָפּ אונטער'ן רעגען, האָבען גענומען רעדען וועגען גאָט'ס ברכה, וואָס שפּרייט זיך איצט אַרום.

— פאַר א יאָהרען האָבען מיר געהונגערט, — האָט זיך אָפּגערופען איינער פון די אַרעסטאַנטען, — ס'איז געווען א שלעכט יאָהר, דאָס ברויט איז פאַרטריקענט געוואָרען אויף די פעלדער. נאָר איצט האָט גאָט אין צייט דעם רעגען געשיקט.

— און ווער וויים, וואָס אין אונזערע דערפער טוט זיך, דאָר־טען אויף דער וואָלגא — האָט זיך פאַרטראַכט דער עלטסטער קאָנ־וואָינער, און זיין בייזער פּנים האָט זיך באַדעקט מיט א שטילען טרויער. — ווען איך בין אַוועק פאַר א סאָלדאַט, איז נאָך ביי אונז געווען פון אַלדאָס גוטס, נאָר די לעצטע צייט קריג איך אַלץ שלעכטע בריף, אז אונזער באַלעבאַטישקייט געהט אונטער. — און ער האָט גענומען דערצעהלען וועגען זיין פאָטער, דעם אַלטען פּויער, וואָס האָט שוין איצט קיין כח ניט צו באַאַרבייטען די אייגענע ערד.

די אַרעסטאַנטען האָבען זיך שטיל צוגעהערט און אומעטיג געשאָקעלט מיט די קעפּ.

— א ביסעל שפּעטער, — האָט מיט אמאָל זיך פאַרנאַנדערגע־וויינט דער יונגער קאַטאָרזשניק, וואָס האָט גע'הרג'עט זיין פרוי.

און ער האָט גענומען דערצעהלען:

מיט אַ פּאָר יאָהר צוריק איז ער אוועק פון שטוב און זיך אָנגעדונגען צו ארבייטען ביי אַ רייכען פּויער. ביי זיי אין דאָרף איז ניט געווען וואס צו טאָן, ערד האָבען זיי געהאט ווייניג, און מיט דער קליינער באַלעבאַטישקייט האָבען זיך ספּראוועט די עלטערע ברידער. ביים רייכען פּויער האָט זיך איהם געלעבט גוט, נאָך דער ארבייט פלעגט ער אוועקגעהן הוליען און אָפט אין קאַראהאָד טאַנצען מיט די דאָרפס־מיידלאך, וועלכע האָבען איהם זעהר גערן געהאט, פאר זיין שעהנעם וואוקס און געדיכט בלאָנדע האָר.

נאָר אָט איז איינמאָל צו זיין רייכען בעל־הבית געקומען אַ ווייטע קרובה, אַ יתומה, וועלכע מען האָט גערופען מאַרפאַ. דאָס איז געווען אַ מיידעל מיט שווארצע אויגען, מיט לאַנגע צעפּ און אין הארצען ביי איהר האָט געוואוינט דער טייפעל, אַזוי רייצענד און שעהן איז זי געווען. ווען ער האָט זי צום ערשטען מאָל דערזעהן האָט איהם דאָס הארץ גענומען שטאַרק קלאַפּען, און אין פּנים האָט איהם ווי די זון אַ שיין געטאָן, און זי האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט און געזאָגט:

— זעה נאָר, וואָס האָסטו דיין מויל פאַנאַנדערגעעפענט? האָסט נאָך קיין מיידלאך ניט געזעהן? — און האָט איהם שעלמיש אַ קלאַפּ געטאָן אין פּלייצע, און אַ ציה געטאָן איהם פאר זיינע בלאָנדע האָר.

און אויף מאָרגען נאָך אַ רעגען זענען זיי ביידע ארויס אין פעלד איבערוואַרפען דאָס היי צום אויסטריקענען. זי האָט געארבייט און געזונגען, און איהרע לידער זיינען געווען זיס און אומעטיג, אַז דאָס הארץ פלעגט זיך רייסען פון ברוסט. עטליכע מאָל האָט ער זי געוואָלט ארומנעהמען און אַ קוש טאָן. נאָר זי פלעגט זיך ארויסדרעהען פון זיינע הענט, און אוועקלויפענדיג אויסשטעלען אַ צונג און ווייזען איהרע ווייסע שטאַרקע צייהן, אָנפיהלענדיג די לופט מיט אַ הילכיגען געלעכטער. ביי איהם פלעגען ציטערען די פּיס, און אין די אויגען פלעגט פינסטער ווערען פון תאוה.

און ער האָט זיך פארלוירען און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. ער, אַן אָרימער פּויער, זי אַ קרובה פון זיין רייכען בעל־הבית, צו וועלכער דאָס גאַנצע דאָרף שקצים האָבען זיך גע'שדכ'נט. זיי

פלעגען שלאָפען אין איין הויז, און אין די נעכט פלעגט ער הערען איהר אטעם, און די ווארימקייט פון איהר יונגען שטארקען קער־פער פלעגט איהם רייצען און ניט לאָזען איינשלאָפען.

און אזוי האָט זיך געצויגען דער גאַנצער זומער ביז דער הערבסט איז געקומען. דאן האָט ער זי גענומען בעטען, זי זאָל מיט איהם חתונה האָבען. זי פלעגט ניט וועלען הערען, און אין די זונטאגדיגע פארנאכטען אוועק אין די קאראהאָדען טאַנצען מיט אנדערע בחורים, און ער פלעגט זיצען אין שענק און שכור'ען מיט די אלטע פויערים.

איינמאָל אין א יום־טוב אין דער פריה, ווען זיי זיינען געגאנגען אין קלויסטער, האָט זי איהם געפרעגט, צו וויל ער טאקע אין דער אמת'ען מיט איהר חתונה האָבען. ער האָט געמיינט, אַז זי רייצט איהם ווידער און איז בייז געוואָרען, נאָר זי האָט איהם פארזיכערט, אַז זי האָט איהם ליב און זי וועט ווערען זיין פרוי. אין אַ מאָנאַט ארום האָט דאָס גאַנצע דארף געהוליעט אויף זייער חתונה, און דער בעל־הבית האָט איהם געגעבען אַ שטיק ערד מיט א נייעם הויז.

און דאָ האָבען זיך אָנגעהויבען זיינע צרות. דער קלאַנג, וואָס האָט זיך געטראָגען וועגען איהר איבער'ן דארף, אַז זי איז אַ צולאָזענע, האָט זיך ארויסגעוויזען פאר אמת. און דאָס האָט איהם געמאטערט, און ער האָט געטראָגען אין הארצען אַ שווערען פארבאָרגענעם האס. נאָר איהר קערפער פלעגט איהם אלץ משוגע מאכען פון תאוה.

און איינמאָל, דאָס איז געווען אין אַ זומער, אין אַ יום־טוב־דיגען אָוועגט איז ער געזעסען אין שענק מיט די פויערים און געטרונקען, און ווען ער האָט אומגעקעהרט צוריק אהיים האָט זיך מיט אמאָל פאַנאַדערגעשפּילט אַ שטורעם און ס'האָט גענומען שטאַרק רעגנענען. ער האָט גענומען שנעל שפּאַנען, און ווען ער איז צונעקומען צום הויז, האָט איהם זעהר פארוואונדערט, וואָס מען זעהט ניט קיין ליכט אין די פענסטער, ווייל ס'איז נאָך געווען פריה און מארפא האָט באדארפט אויף איהם ווארטען מיט דער וועטשערע. עפּעס האָט זיך אָפּגעריסען אין זיין הארצען, און ווען ער איז צוגעקומען צום פּלויט, האָבען איהם ווי אָפּגענומען די פיס און ער האָט ניט געקאָנט ווייטער געהן.

ער האָט דערפיהלט, אז עמיצער געפינט זיך ביי איהם אין הויז מיט מארפא'ן, און עס האָט אלץ געדונערט און גערעגענט, און מיט אמאָל איז א בליץ דורך — דורך די שויבען פון זיין פענסטער און אויף א מאָמענט האָט ער דערזעהן מארפא'ן מיט זיין געוועזענעם אלטען בעל־הבית.

ווי א ווילדער האָט ער זיך א לאָז געטאָן צו דער טיר. אין דערזעלבער צייט האָט מארפא אָנגעצונדען דאָס לעמפעל. און ווען ער איז אריין אין שטוב, איז זי געשטאַנען ביי דער טיר און דער אלטער רייכער בעל־הבית איז געזעסען אויף דער באַנק מיט אן אראָפּגעלאָזטען קאָפּ. ביי איהם איז פינסטער געוואָרען אין די אויגען און ער האָט פארלוירען דעם פארשטאַנד. — — — —

— — — — — — — — — — — — —

אין א פּאָר מינוט ארום איז דער אלטער בעל־הבית ארויסגעלאָפען אין דרויסען, און ווען אויף זיינע געשרייען זיינען די פויערים אָנגעלאָפען, האָבען זיי געפונען מארפא'ן מיט א צוהאַקטען קאָפּ אין א טייך בלוט און לעבען איהר איז ער געשטאַנען און געיאָמערט ווי א משוגע'נער מיט א פארבלוטיגטער קאָסע אין דער האַנט.

* * *

דער ארעסטאַנט איז אַנטשוויגען געוואָרען, א טרייסעל טורענדיג מיט די קייטען.

דער שטורם איז אלץ שטילער און שטילער געוואָרען. איצט האָבען זיך די פארשטיקטע קנאַלען פון דונערס געהערט פון ווייטען, און עס האָט געשפּריצט א דין רעגענדעל, פון צווישען די וואָלקענס האָט זיך באַוויזען די זון, און איבער'ן גאַנצען הימעל האָט זיך אויסגעצויגען א פיל־פארביגער רעגענבויגען. דאָס פּנים פון עלטסטען קאָנוואָיער איז מיט אמאָל ווידער געוואָרען בייז און ער האָט א געשריי געטאָן:

— שטעהט אויף! מיר געהן!

און דער עטאַפּ האָט זיך אוועקגעצויגען ווייטער מיט'ן ברייטען וועג פארביי די אָפּגעפּרישטע, און אויפגעלעבטע פעלדער.

# שנאה.

זיי זיינען געזעסן אין לאנגען ליכטיגען קארידאר פון שטאדט־שפיטאל און געווארט אויפ'ן פראפעסאר. פיר זיינען זיי געווען: א יונגער רוסישער אימיגראנט, סארמאטאוו, א בחור מיט א בלאסען צארטען פנים און דינע, בלוטלאזע ליפען; זיין כלה, אנירטא, א שווארץ-אויגיגע, קליין־רוסאנקע מיט אן אפשיין פון א פריהלינגסמארגען אויף איהרע פרישע באקען, און א דיקער איטאליענער, א ליידענדער אויף וואסערקראנקהייט, מיט זיין אלטער מוטער.

איבער'ן קארידאר זיינען שטיל אומגעגאנגען בארמהערציגע שוועסטער, דינער און קראנקע, מיט בענקשאפט קוקענדיג אין די גרויסע פענסטער, הינטער וועלכע עס האבען זיך געזעהן בוימער, אנגעטאן אין מאי־בעז און א פרייע ברייטקייט האט זיך געשפרייט א באגאסענע מיט דער בלישטשענדער זון.

סארמאטאוו און זיין כלה האבען זיך אפט געווענדט צו דער פארבייגעהענדיגער „שוועסטער" מיט דער פראגע: ווען וועט שוין קומען דער פראפעסאר. זיי האבען זיך זעהר געאיילט. נאך מיטאג האבען זיי באשלאסען אוועקגעהן הינטער'ן שטאדט. עס איז געווען דער ערשטער פריהלינג, וואס זיי האבען זיך איינער דעם אנדערען געליבט, און ווי נאר עס האבען זיך באוויזען די בלויע פיילכען אין די פעלדער, און ס'איז אוועק דער אקערמאן זינגענדיג נאך זיין אקער־אייזען, זיינען זיי טאג-טעגליך הינטער דער שטאדט געגאנגען און געוואנדערט איבער דער שעהנער בארגיגער געגענד פון דער קליינער שווייצארישער שטאדט.

אלע זייערע געשפרעכען, טרוימען און האפנונגען זיינען פול געווען מיט זייער פארלאזענער היים, נאך וועלכער ביידע האבען שטארק געבענקט. און ביידע האבען געגלויבט אין זייערע יונגע קרעפטען און זייער לעבען האט זיך זיי פאראויס געמאלט אונענדליך אינטערעסאנט און פארכאפענד, אזוי ווי עס וואלטען

זיך פאר זיי אויפגעעפענט די טירען פון א געהיימניספולען פאר-מאכטען גארטען.

נעכטען ביי דער נאכט האט זייער פרייד מיט אמאל זיך פאר־טרויערט. אין שטאדט איז געווען א פאלקס יום־טוב — א יום-טוב פון פריהלינג און זון פאר קינדער. אויף א גרויסען רונ־דיגען פלאץ, באוואקסען מיט פרישען גראז, האט זיך אויפגעקלי־בען א גרויסע פילפארביגע מאסע. פון אלע זייטען האבען זיך געהערט טענער פון מוזיק, בערג-לידער און פרייד־געשרייען פון די זארגלאזע קינדער, וועלכע עס האבען אמוזירט פארשידענע פאיא־צען, בלאזענס און קונצענמאכערס. און ביי דער נאכט איז דער פלאץ געווען באגאסען מיט פילפארביגע עלעקטרישע פייערלאך און די גרויסע קינדערשע קארוסעלען, מיט זייערע הילצערנע מאדנע פערד און הירשען, האבען זיך אהן אן אויפהער געדרעהט אונטער דער הייזעריג־שרייענדער מוזיק פון די ביליגע קאטערינקעס.

סארמאטאוו מיט זיין כלה זיינען געשטאנען אויף יענעם ארט פון פלאץ, וואו אויף א אנגעצויגענעם שטריק אין דער הויך האט א פרוי געוויזען קונצען מיט פארבונדענע אויגען. די מאסע האט מיט אן איינגעהאלטענעם אטעם געקוקט ווי די פרוי זעצט זיך אויפ'ן שטריק, שפרינגט און דרעהט זיך אויף איין פוס.

סארמאטאוו האט ניט ווילענדיג א געשריי געטאן. איהם האט זיך אויסגעוויזען אז די פרוי פאלט אראפ. אין דער רגע האט עפעס א ווארימע כוואליע א שפאר געטאן איהם אין האלז און אנ־געפילט זיין מויל. און ווען ער האט צוגעלעגט זיין טיכעל צו די ליפען, האט עס זיך בפארבט מיט בלוט. מען האט איהם אוועק-געפיהרט אהיים און גערופען א דאקטאר, וועלכער האט געראטען אוועקגעהן צו א באריהמטען פראפעסאר.

און איצט, אפווארטענדיג דעם פראפעסאר, וואס האט אלץ זיך ניט געוויזען, האט סארמאטאוו זיך שוין געפיהלט גוט און ניט געגלויבט אין דער ערנסטקייט פון זיין קראנקהייט. ער האט גע־האלטען די הענד פון זיין כלה און מיט אונענליכע צארטקייט געקוקט איהר אין פנים.

אנטקעגען זיי איז געזעסען דער איטאליענער מיט זיין אלטער מוטער, זיין פנים איז געווען אנגעשוואלען און די אויגען אנגעגאסען מיט געלקייט און שווער געאטעמט. מיט א ניט באהאלטענער שנאה

האָט ער געקוקט אויף סארמאטאָוו׳ן מיט זיין כלה. ער איז געווען אַן אַלמן, אַ שענקער און ניט לאַנג צוריק האָט איהם איינע פון די גאַסען־פרויען, מיט וועלכער ער האָט געלעבט, באַ׳גנב׳עט און אַנט־לאָפען. וויסענדיג, אַז ער איז אַ האָפנונגסלאָזער קראַנקער, איז ער געקומען אין שפּיטאָל שטאַרבען.

אין קאָרידאָר האָט זיך באַוויזען אַן אַלטיטשקער, מיט אַ גאַנץ פליכעוואַטען קאָפּ אין אַ ווייסען כאַלאַט. הינטער איהם האָבען נאָכגעפאָלגט אַסיסטענטען, צוויי באַרמהערציגע שוועסטער און אַ גרופּע סטודענטען.

די קראַנקע האָבען זיך אויפגעהויבען.

אַ ביסעל שפּעטער איז דער איטאַליענער גערופען געוואָרען צום פּראָפעסאָר און אין גיכען האָט איהם די „שוועסטער" ארויסגע-פיהרט פון דאָרט און איבערגעגעבען דעם דינער, וועלכער האָט איהם אריינגעזעצט אין אַן אייזערן וועגעלע און אָפּגעפיהרט אין איינע פון די פּאַלאַטען פאַר די האָפנונגסלאָזע.

דערנאָך האָט מען גערופען סארמאטאָוו׳ן צום פּראָפעסאָר.

אַניוטא איז געבליבען זיצען אין קאָרידאָר ביים פענסטער. זי האָט געקוקט אויף די בעז־בוימער, אויף דעם מיט זון באַגאָסענעם פרייען פּלאַץ און עס האָט זיך איהר געוואָלט וויינען. דערנאָך האָט זי באַמערקט, ווי צו די טויערען פון שפּיטאָל איז צוגעפאָהרען דער וואָגען פון „גיכער הילף", צוויי דינער האָבען אויף טרעגערס ארויסגעטראָגען אַ פאַרוואונדעטען מענשען. דער וואָגען איז אוועק און איבער׳ן הויף איז דורכגעגאַנגען אַ בחור מיט אַ יונגער דינסט־מיידעל.ביידע האָבען געלאַכט און די זון האָט געשפּילט אין דער מיידעל׳ס רויטע האָר.

פון פּראָפעסאָר איז סארמאטאָוו ארויס בלאַסער ווי געוועהנ־ליך. די הענט ביי איהם האָבען אומבאַמערקט געציטערט פון עפּעס אַ דונקעלען אונרוהיגען געפיהל:

— אויף היינט איז שוין פאַרפאַלען אונזער שפּאַציר, — האָט ער אומעדיג אַ שמייכעל געטאָן. — איך מוז דאָ איבערבלייבען אויף אַ קורצער צייט. קיין ערנסטקייט איז דאָ ניטאָ, האָט געזאָגט דער פּראָפעסאָר.

ער האָט זי געטרייסט, דערנאָך געקוקט אין פענסטער פון קאָרידאָר, ווי זי איז געגאַנגען דורכ׳ן שפּיטאָל-הויף און איז ארויס

אויפ'ן פרייען פלאץ און ווי איהר ווייסער פריהלינגס־קלייד האט זיך אויסגעטיילט אויפ'ן ליליען־פאן פונ'ם ווייטען הימעל.

ביי דער נאכט האט זיך איהם גע'חלום'ט דער קינדערשער פריהלינגס־יום־טוב אויפ'ן פלאץ, די קלאנגען פון דער מוזיק, לי־דער, די פיל־פארביגע פייערלאך און די מאדנע הילצערנע פערד און הירשען פון די קארוסעלען. און הויך איבער א שטריק איז געגאנגען א פרוי מיט פארבונדענע אויגען און געמאכט קונצען. איהם האט זיך געדוכט, אז זי פאלט און ווען ער האט זיך מיט א געשריי אויפגעכאפט, האט איהם ווידער פון האלז א שלאג געטאן בלוט.

אין דער פריה האט מען איהם איבערגעפיהרט אין א קליי־נער פאלאטע, וואו עס איז געלעגען דער שווערער איטאליענער, וועלכען ער האט געזעהן אין קארידאר. סארמאטאוו האט זיך מיט איהם פריינדליך באגריסט, נאר יענער האט איהם גאר ניט גע־ענטפערט. ער איז געלעגען אויפ'ן רוקען, שווער געאטעמט און מיט מוטיגע אויגען געקוקט צום באלקען.

בייטאג איז צו סארמאטאוו'ן געקומען זיין כלה. זי איז אריין אן אויפגערעגטע, א פאררויטעלטע, מיט בלומען, און מיט פעקלעך פון פארשידענע נאשערייען. זי האט זיך אוועקגעזעצט אויפ'ן ברעג פון בעט, זיך אראפגעבויגען צו איהם, געקושט זיין קאפ און פארוואָרפענדיג איהם מיט פראגען ארומגעפיהרט שטיל איהרע ווארימע הענט ארום זיין בלאסען פנים און גערעדט, גערעדט אהן אן אויפהער וועגען זייער ליבע, און איהרע ווערטער זיינען געווען אזוי ווי פייער, און האבען פאר'שכור'ט ווי אלטער, שמעקענדיגער וויין. און דער איטאליענער האט אויף זיי געוואָרפען בייזע בלי־קען פול מיט שנאה, און שווער געאטעמט, זיך פארשטיקענדיג פון דער עראינערונג, אז א גאסען־פרוי האט איהם בא'גנב'עט און זיך באהאלטען.

נאך אניוטא'ס אוועקגעהן, איז סארמאטאוו געלעגען שמייכ־לענדיג און אויפ'ן קול דערצעהלט וועגען זיין ליבע און וועגען זיין גליק און אז דער פראפעסאר האט געזאגט, אז ער איז ניט געפעהר־ליך קראנק און אז ער וועט אינגיכען ארויס פון שפיטאל.

און דאס האט זיך אזוי איבערגע'חזר'ט יעדען טאג. און א האס האט זיך צובערענט אינ'ם הארץ פונ'ם שטארבענדען איטאליע־

נער צו סארמאטאָוו'ן, און ווען די כלה פלעגט קומען, פלעגט ער זיך אָפּקערען צום וואַנט און זיין שווערער אָטעם פלעגט ווערען גיכער און אָפּגעהאַקט.

און איינמאָל, דאָס איז געווען אין אַ מאַי־נאַכט, ווען דער פאַר'שיכור'ענדער אַראָמאַט פון בלומען און בוימער, און די בענקשאַפט צו ליבע־צערטליכקייטען, האָט זיך אויסגעוויזען, האָבען דורכגעדרונגען די ווענט פון שפּיטאָל, האָט סאַרמאַטאָוו ניט געקענט איינשלאָפען. איהם האָט זיך געוואָלט רעדען וועגען זיין כלה.

— איהר שלאָפט? — האָט ער געפרעגט ביים איטאַליענער, און ווען ער האָט געזעהן, ווי יענער האָט זיך איבערגעקערט מיט'ן פּנים צו איהם, האָט ער אָנגעהויבען צו רעדען, אַז אין אַזעלכע נעכט קען ער ניט איינשלאָפען. איהם דוכט זיך אַלץ, אַז ער זיצט מיט זיין כלה אויפ'ן באַלקאָן אין איהר הויז. און ער האָט ניט באַוויזען צו ענדיגען, ווי דער איטאַליענער איז פּלוצלונג אויפגעשפּרונגען, און אַראָפּהענגענדיג זיינע גרויסע געשוואָלענע פיס, האָט ער גענומען שרייען מיט אַ הייזעריגען קול:

— דו וועסט שוין אַמאָל אויפהערען? אויך דו וועסט איינגיכען שטאַרבען ווי איך. דאָס נאַרען דיך אַלע, אַז דו וועסט גיך געזונד ווערען. איך האָב אַליין געהערט, ווי די „שוועסטער" האָט געזאָגט דיין כלה, אַז דיינע טעג זיינען געצעהלטע. זי צערטעלט דיך און אין דער נשמה טראַכט זי שוין וועגען אַ צווייטען. וואַרט, אויב ביי דיר איז נאָך דאָ אַביסעל געלד, וועט זי דאָס ביי דיר צונעהמען און אַוועקגעהן מיט אַ צווייטען! און ער, דער נאַר, האַלט אין איין איבער'חזר'ן: ליבע, ליבע און אַ שפּאַציר אין די בערג. אונזער וועק איז צום קיהל־שטיבעל און פון דאָרט צום בית־עולם!

דעם איטאַליענער'ס פּנים האָט זיך אָנגעגאָסען מיט בלוט און די נעל־מוטנע אויגען, האָט זיך אויסגעוויזען, קריכען איהם פון קאָפּ אַרויס.

אין די ערשטע מינוטען האָט סאַרמאַטאָוו ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערען, דערנאָך האָט וועהטאָגליך זיך צונויפגעדריקט זיין האַרץ, און ער האָט זיך צואווייינט ווי אַ קינד.

אין דער פּאַלאַטע איז אַריין די באַרמהאַרציגע שוועסטער.

# ליידענשאפט

מיר זיינען געזעסן אין דער סטודיאָ פון אַ באַריהמטען קינסטלער און שטיל גערעדט. ס׳האָט זיך אָנגערוקט אַ טרויעריגער ווינטערדיגער בין השמשות. אינ׳ם גרויסען קאַמין האָט העל געפלאַקערט דאָס פייער, און מיט אַ רויטליכען פאַנטאַסטישען שיין האָט עס באַלויכטען אַ גרויס בילד פון אַ גרופּע האַלב־נאַקעטע נעגערינס, וועלכע האָבען זיך געדרעהט אין אַ ווילדען קאַראַהאָד.

דער קינסטלער, אַ דיקער מרה־שחורה׳דיגער מאַן, אימער אַ פאַרבאַהאַלטען אין זיך, האָט זיך פאַררוקט אין אַ ווינקעל, און דאָרט שטיל געזעסן און האָט געשוויגען. ביים פייער אויף אַ קליין בענקעלע האָט זיך געוואַרעמט דאָס מאָדעלען־מיידעל, טולענדיג איהר האַלב־נאַקעטען קערפּער אין אַ גרינעם־ראָזעווען שאַל, און פאַרטראַכט איינהערענדיג זיך צו דעם, וואָס עס האָט דערצעהלט אַ יונגער סקולפּטאָר פון אַ נאָהענטער סטודיאָ. וועגען אַלעמענס אַ באַקאַנטער יונגער מיידעל, וועלכע איז די טעג געשטאָרבען און האָט אויסגעזעהן רייצענד־שעהן ליגענדיג אַ טויטע אין איהר טרונע.

— מאָדנע, האָט שטיל פאַרטגעזעצט דער סקולפּטאָר, ביים לעבען איז זי קיינמאָל נישט געווען אַזוי שעהן. איך פלעג זי זעהן כמעט יעדען טאָג, און קיינמאָל האָט דאָס מיידעל נישט דערוועקט ביי מיר אַזעלכע אומרוהיגע געפיהלען, ווי נעכטען, ווען איך בין געשטאַנען ביי איהר טרונע. איך האָב נישט געקאָנט אָוועקנעמען מיין בליק פון איהר וואַקסען פּנים מיט די בלויע איינגעצויגענע ליפּען און מיט די טונקעלע לאַנגע וויעס. אין איהר פּנים איז געווען עטוואָס אַזוינס, וואָס האָט מיך ווי פאַר׳כישוף׳ט, און מינוטענווייז האָט זיך מיר אויסגעוויזען, אָט אָט וועט זי זיך אויפ־

כאַפּען און די גאַנצע ניט אַרויסגעוויזענע ליידענשאַפט פון איהר
יונגען קערפּער וועט זיך מיט אַמאָל דערוועקען.

דער סקולפּטאָר איז אַנטשוויגען געוואָרען.

אין דער סטודיאָ איז געוואָרען אַלץ טונקעלער. דאָס מאָדע־
לען־מיידעל האָט אונטערגעוואָרפען נאָך עטליכע שטיקלאַך האָלץ
אינ'ם קאַמין. דאָס פייער האָט העלער אויפגעפלאַקערט און די
טאַנצענדיגע האַלב־נאַקעטע נעגערינס האָבען זיך ווי געריסען פון
דעם בילד אין זייער ווילדען קאַראַהאַד.

— איך ווייס פון דעם געפיהל, — האָט זיך פּלוצלינג אָפּ־
גערופען דער קינסטלער פון זיין ווינקעל. — דאָס איז געווען מיט
עטליכע יאָהר צוריק. איך האָב דאַן געוואוינט אין איינער פון
די גרויסע אייראָפּעאישע שטעדט און געלעבט אין אָרעמקייט.
אויף איינער פון די אָרעמסטע גאַסען האָב איך געהאַט אַ קליינע
פאָטאָגראַפישע סטודיאָ. אַרבייט האָב איך געהאַט זעהר ווייניג,
און פלעג זיך אָפּגעבען מעהר מיט מיין קונסט־אַרבייט.

„איינמאָל, — דאָס איז געווען אין אַ זעהר הייסען, שטיקענ־
דען זומער־טאָג — זיץ איך אַזוי ביי דער אָפענער טיר פון מיין
סטודיאָ און קוק, ווי די אָרעמע שמוציגע קינדער פון דער גאַס
שפּילען זיך מיט אַן אַלטען פארשלאָפענעם הונד, וועמען זייער
שפּיל האָט שוין, ווייזט אויס, לאַנג דערעסען. מיט אַמאָל האָב
איך באַמערקט, אַז צו מיר געהט צו אַ פרוי. זי איז געווען אָנגע־
טאָן אין שוואַרצען, און האָט אויסגעוויזען צו זיין זעהר פאַר־
טרויערט און דערשלאָגען. זי האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים שוועל
און געפרעגט צו איך בין דער פאָטאָגראַף. ביי איהר איז נעכטען
געשטאָרבען אַ מיידעלע און עס איז ביי איהר קיין איינציג בילד
נישטאָ פון דעם קינד, און זי וויל עס יעצט כאָטש צום לעצטען מאָל
לאָזען פאָטאָגראַפירען. איך פלעג קיינמאָל נישט געהן אויף אַזעל־
כע באַשטעלונגען, נאָר אין איהר פולען, רייפען קערפּער און אינ'ם
בלאַס־מאַטעוועם געזיכט מיט די גרויסע שוואַרצע פאַרוויינטע אויי־
גען איז געווען עטוואַס אַזוינס וואָס האָט מיך אָפּגעהאַלטען פון
אָפּזאָגען איהר, און איך בין גלייך אַוועק מיט איהר צו פאָטאָגראַ־
פירען דאָס טויטע קינד.

„מיר זיינען לאַנג געגאַנגען איבער די שמוציגע גאַסען פון
דער פאָרשטאָט. די פרוי האָט די גאַנצע צייט געשוויגען,

און מיך האָט אַלץ געצויגען נאָך איהר, פאַרשטעלענדיג זיך דעם אויסזעהן פון איהר טויט קינד.

"אם ענדע זיינען מיר צוגעקומען צו אַנ'אַלטע הויז, און גענומען אַרויפגעהן איבער טונקעלע געדרעהטע טרעפּ. דערנאָך האָט זי געעפענט אַ טיר און מיר זיינען אַריין אין אַ זעהר אָרעמען אָבער ריינעם וואָהנונג, וואו עס האָט זיך נאָך געפילט דער שאַרפער ריח פון רפואות אויסגעמישט מיט אַ פרישען אַראָמאַט פון גרינע יעלאָווע צווייגלאַך.

"אין אַ טיפען שטוהל איז געזעסען אַנ'אַלטעטשקע, אַ גרויע און פאַרזונקענע און שטיל געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. פון הינטער אַ דין הילצערנעם ווענטעל האָט זיך געהערט אימיצענס אַ מאָנאָטאָנע ציהענדיגע שטימע, אַזוי ווי עס וואָלט דאָרט אימיצער אויסגעזונגען טרויעריגע פסוקים פון תהלים. די פרוי האָט מיר אַריינגעלאָזט אין אַ צווייטען צימער און פאַרמאַכט נאָך מיר די טיר. דאָס ערשטע, וואָס האָט זיך מיר געוואָרפען אין די אויגען, איז געווען אַ קליינע שוואַרצע טרונע, וועלכע איז געלעגען אויפ'ן טיש און אין איהר אייגגעטונקען אין גאַנצען אין ווייסע ליליען און ראָזען אַ שעהן טויט פּנימ'ל פון אַ קליינער זיבען־יעהריגער מיידעלע.

„צוויי ליכט האָבען געברענט ביי איהר צוקאָפּענס, און זייערע שוואַכע פלאַמעלאַך האָבען קוים, קוים געלויכטען אינ'ם שטאַרקען זונען־שיין, וועלכער האָט אָנגעפילט דעם גאַנצען צימער.

„אַ מאָדנער מיסטישער מורא־געפיהל האָט מיך אַרומגענומען. איך האָב זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ שטוהל אַקעגען דער טרונע, און ווי נישט פיהלענדיג וואָס איך טו, אָנגעהויבען צייכנען דאָס טויטע קינדער־געזיכט.

„שטיל און נישט באַמערקט איז דערנאָך אַריין די פרוי און האָט זיך אַוועקגעזעצט, אָנשטעלענדיג איהר פאַרוויינטען בליק צוזאַמען מיט מיר אויפ'ן וואַקסענעם בלויען פּנים'ל פונ'ם טויטען קינד.

"לאַנג זיינען מיר אַזוי געזעסען, ניט ריהרענדיג זיך פון אונזערע ערטער, און איך האָב ביסלעכווייז אָנגעהויבען פיהלען, אַז אָט די פרוי מיט איהר שטילען טרויער איבער דעם נאָהענטען טויטען מיידעלע נעהמט מיך ווי איינהילען אין אַ שלייער פון אַן אויפגערעגטען תאוה־געפיהל. און פונ'ם צווייטען צימער דורכ'ן

הילצערנעם װענטעל, האָט זיך װײַטער געהערט דאָס יאָמערדיגע שטילע געזאַנג, װי אימעצער װאָלט נאָך אַלץ דאָרט די טרויעריגע תהלים־פּסוקים געצויגען. איך האָב איהר געװיזען די צייכנונג. זי האָט מיט שטילען דאַנק געדריקט מײַן האַנט.

"דערנאָך האָב איך פּאַמעליך גענומען אַרויסגעהן און די פרוי איז בעגאַנגען נאָך מיר. אינ'ם פינסטערען קאָרידאָר האָבען מיר זיך װי נישט װילענדיג אָפּגעשטעלט. זי האָט זיך װי נישט באַמערקטערהייד אַ טוליע געטאָן צו מיר, און איך האָב מיט אַמאָל נאָהענט דערפיהלט די אויפּרעגענדע װאַרעמקייט פון איהר קערפּער. איהר קערפּער.

„ביי מיר האָבען גענומען ציטערען די קני. איך האָב אַ נעם געטאָן איהר פּנים און עס צוזאַמענגעדריקט מיט מײַנע פיבערדיגע פינגער:

— דו ביזט אַזוי שעהן.

זי האָט פאַרמאַכט די אויגען און איז צוגעפאַלען צו דער װאַנד װי אין אַ ליידענשאַפטליכער אונמאַכט.

„פאַר מיר האָט װי אַ שװעב געטאָן דאָס געזיכט פונ'ם טויטען מיידעלע, און איך האָב זיך שטיל װי אַ שאָטען אַראָפּגעלאָזט פון די טרעפּ."

*   *   *

אין סטודיאָ איז שוין אינגאַנצען טונקעל געװאָרען. דאָס פייער אינ'ם קאַמין האָט נאָך שטיל געפלאַקערט, און מיר זיינען נאָך דאָרט לאַנג געזעסען און געשװיגען.

# די מורא.

אויפ'ן ברעג ים, אויף דער וועראַנדע פון אַ זומער-וואוינונג, איז געזעסען אַ קליינע פאַמיליע און מיט זיי אַן אַלמן, אַ דענטיסט. אַ מאַן, אומגעפעהר אַ יאָהר פערציג, אַ דאַרער און אַ הויכער, מיט אַ נייגונג צו מעלאַנכאָליע.

ס'איז געווען אַ פינסטערער אָוונט.

ניט ווייט הינטער די בוימער, אין אַ ביידעל, פון וואַנען ס'האָט זיך געזעהן אַ מוטנער פייערעל, איז געלעגען אַ גוף פון אַ דערטרונקענעם נעגער, און אַלע ווײַלע, האָט זיך דערטראָגען שווערע, ציהענדיגע קרעכצען פון אַן אַלטער פרוי, וואָס האָט באַקלאָגט דעם מת.

די בעל'הבית'טע, אַ הויכע, שעהנע בלאָנדינקע, האָט מיט אויפרעגונג דערצעהלט, ווי דער נעגער איז אומגעקומען. אַ גרויסער עולם איז געווען ביים ברעג, דער נעגער איז ווייט אַוועקגעשוואומען, פלוצים האָט זיך דערהערט אַ געשריי נאָך הילף. ער האָט זיך גענומען טרינקען. קיינער האָט איהם נישט געקאָנט ראַטעווען. די כוואַליעס זיינען געווען גרויסע, און פאַרנאַכט איז זיין אויפגעשוואָלענער, שווארצער גוף שוין געלעגען אויפ'ן ווייסען זאַמד. אַ נייגעריגער עולם איז געשטאַנען אַרום.

דער דענטיסט וואָס איז די גאַנצע צייט געזעסען אין אַ פינסטערען ווינקעל אין אַ טיפען שטול, האָט שווייגענדיג זיך צוגעהערט, בייסענדיג די נעגעל פון אומרוהיגקייט. ער איז געווען אַנגעכמורעט און ס'האָט זיך אויסגעדוכט, אַז יעדער קרעכץ פון דער וויינענדיגער נעגערין פילט אַן זיין גאַנץ וועזען מיט אַ מאַטערדיגען, שאַרפען וועהטאָג.

אביסעל שפּעטער האָט ער שטיל אָנגעהויבען:

— היינט פריה, פאַהרענדיג צו אייך, האָב איך נאָך אין וואַגאָן דערפּיהלט, אַליין ניט וויסענדיג פאַרוואָס, אַז אימיצער וועט דאָ היינט שטאַרבען. אייך וועט אפשר אויסקומען מאָדנע, נאָר איך האָב דאָס געוואוסט. און דערפאַר האָב איך זיך דעם גאַנצען טאָג געפּיהלט אַזוי שלעכט. איך בין זיך מודה, איך ציטער פאַר'ן טויט ביז אַ פּיזישען וועהטאָג. ווען איך זעה אַ לויה, פאַרגעהט מיר דאָס האַרץ, די פיס ווערען מיר אָפּגענומען און דערנאָך בלאָנדזשע איך ארום אַזוי ווי אַ קראַנקער. אָנגעהויבען האָט זיך דאָס מיט מיר, ווען איך בין נאָך געווען אַ קינד פון אַ יאָהר צעהן; מיין באָבע איז געשטאָרבען, זי איז געווען אַן אַלטע, אַ שטאָלצע פרוי, וואָס האָט געוואוינט איינזאַם. די פריינד האָבען זי אריינגעלעגט אין אָרון, אָנגעצונדען ליכט, און אַן אַלטער איד פון חברה קדישה האָט געזאָגט תהילים. ס'איז געווען אַ הערבסטיגער, רעגענדיגער אָוונט און מיר האָט זיך שרעקליך געוואָלט זעהען די באָבען. אונז קינדער האָט מען גאָרניט געזאָגט וועגען איהר טויט, פון דעסטוועגען האָב איך געוואוסט. איך בין דורכגעלאָפען די גאַס און אויפגעהויבען זיך אויף די פינסטערע טרעפּ, וואו זי האָט געוואוינט. עפּעס אַ געהיימע קראַפט האָט מיך אהין געצויגען. די טיר האָב איך געטראָפען האַלב אָפען און גלייך דערזעהן אַ לאַנגען, שווארצען אָרון אויף דער ערד, צוויי גראָבע אָנגעצונדענע ליכט אין מעשענע לייכטער ביי איהר צוקאָפּענס, און אין ווינקעל, אויף אַ נידעריגען טאַבורעטעל איז געזעסען שלאָפענדיג דער אַלטער איד מיט'ן תהילים אויף די קני. מיר האָט זיך געוואָלט אויסשרייען און אַנטלויפען, נאָר איך בין אריין אין צימער און לאַנג געקוקט אויפ'ן אָרון און אויף די ציטערדיגע פייערען פון די ליכט, וואָס האָבען אויפגעצאַנקט פונ'ם אַטעם-לופט דורך דער אָפענער טיר. דערנאָך האָב איך זיך אראָפּגעלאָזט אויף דר'ערד און אַ רוף געטאָן די באָבען. דער רעגען האָט געקלאַפּט אין די שויבען פון די פענסטער. איך ווייס ניט, ווי לאַנג איך בין אַזוי געזעסען ביים אָרון, מיך האָט ארומגעכאַפּט אַ שלאָף. מיר איז אראָפּגעפאַלען דער קאָפּ, און איך בין אַזוי איינגעשלאָפען אין דער לייגג פונ'ם אָרון פון מיין טויטער באָבען. אויפגעוועקט האָט מיך אַ היסטערישער געשריי פון מיין מוטער, וואָס האָט מיך לאַנג ארומגעזוכט אין יענעם פינסטערען, רעגענדיגען אָוונט. נאָך דעם

בין איך לאַנג געלעגען קראַנק. און פון יעמאָלט אָן פאַרפאָלגט מיך דער שרעק פון טויט, און פאַר׳סמ׳ט מיר דאָס לעבען.

מיט א יאָהר צעהן צוריק האָב איך צום ערשטען מאָל ליב באַקומען א מיידעל. זי איז געווען א וואונדערליך ליב וועזען מיט סאַמעט־שוואַרצע אויגען, א נאַאיווע און א ריינע, פון א פיינער אידישער פאַמיליע. מיר האָבען זיך באַגעגענט זומער אויף א פיקניק אין וואַלד. צוויי קאָמפּאַניעס זיינען זיך צופעליג צו־זאַמענגעקומען און ס׳איז געוואָרען פרעהליך. מ׳האָט זיך פאַנאַנ־דערגעלעגט אויפ׳ן גראָז אין די בונטע קאָסטיומען, און ארום און ארום זיינען געשטאַנען די הונדערט יאָהריגע דעמבען. די מיידעל האָט זיך באַוויזען פון הינטער די בוימער אין איהר דורכזיכטיגען ראָזעווען קלייד, אַן אָפּגעברענטע, א יונגע און א שעהנע, מיט א שטילען, ווייכען שיין אין איהרע שוואַרצע סאַמעט־אויגען. איך האָב זיך אויפגעשטעלט איהר אַנטקעגען, און איהר דערלאַנגט די האַנט, ווי מיר וואָלטען זיך שוין פון לאַנג אָן געקענט. דערנאָך זיינען מיר צוזאַמען געפאָהרען אויף א שיפעל. און שפּעט אין אָוועגט, געזעגענענדיג זיך מיט איהר, שטעהענדיג לעבען איהר טיר, האָב איך שוין געוואוסט, אַז זי וועט זיין מיין כלה און מיין האַרץ איז אָנגעפילט געוואָרען מיט אַן אומענדליכער פרייד. מיר האָבען זיך אָנגעהויבען באַגעגענען טאָג איין, טאָג אויס. זי איז געווען זעהר סענטימענטאַל, און אַזוי ווי אויף להכעיס, האָט זי ליב געהאַט ווייטע, שטילע ווינקעלען אויף די בית עולם׳ס. אהין פלעגט זי מיך אָפט אַוועקפיהרען אין די שטילע הערבסטיגע טעג. מיר פלעגען זיך זעצען אויף א פאַרלאָזענעם קבר און זי האָט מיך שווייגענדיג געצערטעלט. און איך האָב זיך געשעהמט איהר צו דערצעהלען וועגען מיין שרעק פאַר׳ן טויט, און נאָכדעם זיינען מיינע נעכט געווען פול מיט קאַשמאַרען. פון די פינסטערע ווינק־לען פון מיין צימער, קוקענדיג אויף מיר מיט שוואַרצע אויגען, האָט געקריצט מיט די געלע צייהנער דער אַלטער מיאוס׳ער טויט. ענדליך האָט זיך דערנעהנטערט דער טאָג פון אונזער חתונה. מיין גליק איז געווען אַזוי גרויס. אָט די ליבע מיידעל האָט באַדאַרפט ווערען מיין פרוי! איך האָב אָנגעגרייט א קליינע וואוינונג אויף איינער פון די שטילע גאַסען הינטער׳ן שטאָט. איך האָב זי באַ־פוצט מיט בלומען און אָנגעקויפט אַלערליי סטאַטועטקעס, און

אונזער שלאָפצימער איז אינגאַנצען איינגעטונקט געווען אין רוי־טע און ווייסע רויזען. מיר זיינען געשטאַנען אונטער דער חופה. אונז האָט מקדש געווען אַן אַלטער רב, און אַרום זיינען געשטאַנען אונזערע פריינט מיט אַלערליי פיל־פאַרביגע, ברענענדיגע ליכטלאַך אין די הענט. דערנאָך האָט געשפּילט מוזיק, מ׳האָט גע־טאַנצט און ס׳האָט זיך אָנגעהויבען די חתונה וואָס האָט זיך פאַר־צויגען ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין.

פאַרטאָג זיינען מיר געפאָהרען אין אונזער נייער וואוינונג. איך בין געווען פאַר׳שיכור׳ט פון גליק און דעם גאַנצען וועג האָב איך באַשאָטען מיט קושען מיין געליבטע. אין שטוב זיינען מיר אַריין פאַמעליך, אַרומגענומענערהייט, מיד פון ליבע. איך האָב אָנגעצונדען ליכט און מיר זיינען אַריין אין שלאָפצימער.

— אַזוי ווי אין אַ גאָרטען! — האָט זי אַ שעפּטשע געטאָן און אַרומגענומען מיין האַלז מיט איהרע וואַרימע מיידעלשע הענט.

זי איז נאָך געווען אין איהר ווייסער חופה־קלייד און אַ קרענ־צעל פון מירטען איז געווען אויף איהר קאָפּ — „אַזוי ווי אין אַ גאָרטען!" — האָט זי נאָך אַמאָל אויסגערופען, און אונזערע ליפּען האָבען זיך צונויפגעגאָסען אין אַ לאַנגען, ליידענשאַפטליכען קוש. אַ זיסע כוואַליע האָט מיך אַרומגעכאַפּט און אַוועקגעטראָגען אין וואונדערליכע וועלטען. און פּלוצים האָט זיך דערהערט פון אונ־טערשטען שטאָק, וואו דער בעל־הבית האָט געוואוינט, אַ האַרצ־רייסענדיגער אויסגעשריי: מאַ־מאַ!... איך האָב אויפגעעפענט די אויגען און מיט שרעק אַרויסגעלאָזט מיין געליבטע פון מיינע הענט. דער געשריי האָט זיך איבערגע׳חזר׳ט עטליכע מאָל: מ אַ מ אַ!

— מ׳שלאָגט אימיצען, — האָט געזאָגט מיין געליבטע. — דאָס שרייט אַ פרוי!

איך האָב זיך אַ וואָרף געטאָן צום פענסטער. אין דער אונ־שטער וואוינונג איז געווען ליכטיג.

— מיר מוזען אַרונטערגעהען זעהן, וואָס דאָרט טוט זיך, — איז זי צוגעשטאַנען צו מיר.

ציטערענדיג אַזוי ווי פון פיבער, האָב איך זי אָנגענומען פאַר דער האַנט, און מיר האָבען זיך ביידע אַראָפּגעלאָזט די טרעפּ. איך האָב געהאַט דעם פאָרגעפיהל, אַז אימיצער איז דאָ געשטאָרבען.

און דאָס געפיהל האָט צוזאַמענגעשרומפּט מיין ליבע אין אַ מאַטער־דיגען שרעק. און ווירקליך, די בעל־הבית׳טע האָט אונז באַגעגענט אין טיר מיט אַ געוויין: איהר מאַן איז פּלוצלינג געשטאָרבען. ער איז געוועזן אין גאַנצען געזונט, געקומען ביינאַכט אַ פרעהליכער, גערעט און געשפּאַסט מיט איהר און פּלוצים זיך אַ כאַפּ געטאָן פאַר׳ן האַרץ און געפאַלען טויט.

— מאַמאַ, — האָט זי זיך ווידער צושריען און אַזוי ווי משוגע זיך גענומען קלאַפּען מיט די פויסטען אין דער ברוסט. דערנאָך האָט זי אונז ביידען אַריינגעשלעפּט אין צימער, וואו ס׳איז געלעגען דער טויטער. ער איז געווען נאָך אַ יונגער, נאָר זעהר אַ דיקער, מיט אַרויסגעשטאַרצטע אויגען, וואָס זיינען נאָך געווען אָפען. ער איז געלעגען אויפ׳ן בעט האַלב אָן אויסגעטאָנענער און אַ גרויסער בריליאַנט אין זיין רינג אויף דער לינקער האַנט האָט געפינקעלט און איבערגעגאָסען זיך אין שטראַהלענדיגע פייערלאַך. מיר זיינען ביידע געשטאַנען און געשוויגען. זי אין איהר ווייסער חופּה קלייד מיט׳ן קראַנץ מירטען אויפ׳ן קאָפּ, און איך אין מיין שוואַרצען פראַק מיט אַ רויטער רויז אין לאַץ. איך האָב דער־פיהלט, אַז איך ווער משוגע. מיין גאַנצער גליק איז געוואָרען פאַר׳סמ׳ט מיט דעם טויט פון אַן אונז פרעמדען מענשען. אַ צובראָכענער בין איך אַרויף אין אונזער וואוינונג. זי האָט מיך איינגעלייגט און געפּרואווט מיך באַרוהיגען, נאָר איך האָב אַלץ געהערט דעם געשריי פון דער פרוי, און פון די ווינקלען פון מיין צימער, האָט געקוקט אויף מיר מיט שוואַרצע לעבער אַנשטאַט אויגען, דער אַלטער מיאוסטער טויט קריצענדיג מיט די געלע גרויסע ציינער.

---

דער דענטיסט איז אַנטשוויגען געוואָרען. און פון ביידעל הינטער די בוימער האָט זיך נאָך אַלץ געהערט דער יאָמער פון דער אַלטער נעגערין און פון ווייטען האָט געהיימניספול געברומט דער ים.

# ווערא מאַיסעיעווגאַ.

ווי נאָר די סטודענטקע ווערא מאַיסעיעווגא איז אַרויס פון וואָקזאַל און זיך דערזעהן אין דער שטאָדט, איז זי באַפאַלען א שווערער אומעט און א פאַרגעפיהל פון עפּעס שרעקליכעס, אומ־פאַרמיידליכס, וועגען וואָס עס האָט זיך אַזוי ניט געוואָלט טראַכ־טען די לעצטע צייט, האָט וועהטאָענדיג איהר צוגעדריקט דאָס האַרץ.

אויפ'ן ראָג פון א גרויסער רוישענדער גאַס האָט זי זיך אָפּגעשטעלט וואַרטען אויפ'ן טראַמוואַי וואָס האָט זי געדאַרפט פיהרען אויף יענער זייט טייך, וואו איהר פאָטער האָט געוואוינט, אַן אַלטער פּאָליטישער אימיגראַנט פון די פאָלקס־באַפרייער.

ווערא מאַיסעיעווגא האָט זיך צוגעשפּאַרט צום אייזערנעם עלעקטרישען סלופּ, אָפּוואַרטענדיג דעם טראַמוואַי. זי האָט א טראַכט געטאָן, אַז אין א חודש אַרום הויבען זיך אָן די האַלב־דאָקטאָרסקע עקזאַמענעס, און זי איז אַזוי ווייניג פאַרבאַרייט דער־צו. און דערנאָכדעם האָט זי זיך דערמאָנט אָן שטילען בערגיגען דערפעל, וואו זי איז געווען צוגאַסט ביי איהרער א חבר'טע און פון וואַנען זי איז עס איצט געקומען. פאַר איהר זיינען אויפ־געשטאַנען הונדערט־יעהריגע דעמבעס ביי די זייטען פון א שטילען וועג, וואו זי האָט אַזוי ליב געהאַט דורכצוגעהן זיך אין די פריה־מאָרגענס און אין די אווענט־שעה'ען, א קליינע הילצערנע שאַלע, א שווייצערער דאָרף־הייזעל, דאָס קלינגען פון די גלעקלאַך אויף די קיה, וואָס פּאַשען זיך אין די בערג, און די רויטע אַלפּען־רויזען בונט רויטענדיג זיך אין קלאָרען ווייסען שניי.

די אַלע טעג, וואָס זי האָט דאָרט פאַרבראַכט, האָבען גע־וועקט אין איהר אַזוי פיל איינוויגענדיגעס, אַזוי פיל רוהיגעס, אַז דאָס האָט זי געמאַכט פאַרגעסען די ניט־גליקליכע היירעט איהרע. וואָסיל, דער מאַן איהרער, האָט זיך איהר אויסגעדוכט צו

זיין אַ קרבן פון פינסטערע שנאה און ווילדען כעס, וואָס ער האָט געטראָגען צו איהר פאָלק, און זי האָט איהם באַדויערט, ווי זי האָט באַדויערט זיך אַליין און אויך געוויינט אויפ׳ן מזל פון איהר קינד, דאָס אינגעלע, וואָס זי האָט איצט געלאָזט ביים פאָטער.

עטליכע מאָל האָט זי געשריבען צום מאַן, אַז ער זאָל כאָטש אויף איין טאָג קומען צו איהר אין די בערג. דאָרט איז געווען אַזוי פיל זון, אַזוי פיל שיינענד־גאָלדען ליכט, אַזוי פיל פאַרביגקייט, און די בוימער, און די צווייגען אויף זיי האָבען זיך געבויגען אונטער דער שווערער משא פון פרוכטען, און די מענשען, אַר־בייטענדיג אין די פעלדער, זיינען געווען זאָרגלאָז און פרעהליך.

עס האָט זיך געדוכט, ווען ער וואָלט נאָר קומען, וואָלטען זיי זיך עפּעס אַנדערש פאַרשטאַנען איינער דעם אַנדערען און דאָס לעבען זייערס וואָלט געוואָרען ווידער שטיל און גוט, ווי אין דער מאָרגענרויט פון זייער ליבע.

נאָר וואָסילי האָט אפילו ניט געענטפערט: זי האָט דערפאַר צוריק געאיילט אין שטאָדט און איצט האָט מיט אַ נייער קראַפט אויפגעפלאַקערט אַן אומעט און אַן אומרוהיגקייט אין איהר נשמה.

די פּרוי האָט זיך פאַרלאָרען און זיך דערפיהלט געפאַלען.

דער טראַמוואַי איז אָנגעקומען. ווערא האָט זיך אוועקגע־שטעלט אויף דער פּלאַטפאָרמע, געפיהלט ווי עס שטיקט זי, און געזוכט, אַז דער הערבסט־ווינט זאָל מיט זיין קאַלטקייט איהר אָטע־מען אין פנים. דער טאָג איז געווען אַ טריבער, און עס האָט אָנ־געהויבען צורוקען זיך דער פאַרנאַכט. ווען דער טראַמוואַי איז צופעליג לענגער שטעהן געבליבען ערגעץ אויף די סטאַנציעס איז זי געוואָרען אויסער־זיך, איהר האָט זיך וואָס גיכער שוין געוואָלט זיין אין דער היים, אום צו זעהן יענעם אומעט, וואָס האָט אויף איהר געוואַרט, זיך באַהאַלטענדיג אין די פינסטערע ווינקלעך פון איהרע צימערען.

ווען זי איז צוגעגאַנגען צו איהר הויז, האָט זי אָנגעטראָפען עפּעס אַ מענשען, אַ פּאַרזעהעניש, מיט אַ הויקער. זי האָט אַ ציטער געטאָן:

— אַ שלעכטער סימן.

און זיך געלאָזט גיך אין הויז אריין.

די טיר האָט איהר אויפגעעפענט דער פאָטער איהרער. ארומ־

נעהמענדיג איהם, האָט זיך איהר אויסגעדרוקט, אז ער האָט א העשע געטאָן און זיינע הענט ציטערען. דערנאָך האָט זי לאַנג געצערטעלט איהר אינגעלע, וואָס האָט זיך איהר אויפ׳ן האלז אָנגעהאנגען.

— וואסילי איז דאָ געווען? — האָט זי געפרעגט ביים פּאָטער, און גענומען ארומקוקען זיך אין דער שטוב, ווי זי וואָלט איצט דאָס ערשטע מאָל דאָ געווען.

— איך האָב איהם ניט געזעהן זינט דיין אָפּפאָהר, — האָט דערשלאָגען געענטפערט דער פּאָטער.

ווערא איז בלאָס געוואָרען און שטיל געזאָגט:

— איך האָב דאָס געוואוסט, איך האָב דאָס געוואוסט.

זי איז נאָכדעם מיט איהר אינגעלע אריין אין איהר צימער און דערפיהלט מיט אמאָל א פיזישע דערשלאָגענקייט. זיך צו־געזעצט ביים פענסטער, הינטער וועלכען עס האָט זיך געשווארצט א הערבסטיגע טויטע נאכט.

— מאמע, וואס ביזטו אזוי אומעטיג? — האָט דער אינגעל געפרעגט און זיך אראָפּגעלאָזט צו איהרע פיס, קוקענדיג אויף איהר מיט שרעק אין זיינע גרויסע, שווארצע אויגען.

און זי, ווערא מאַיסעיעוונא, איז געזעסען, ווי א צום טויט פאר׳משפּט׳ע מיט א בלאַסקייט אויף איהר שעהנעם פּנים, און כסדר געביסען זיך די ליפּען אויפציטערענדיג צייטענווייז מיט איהר שלאַנקען קערפּער ווי אין א פיבער.

דער פּאָטער איז צו איהר אריין.

וועלענדיג איהם ווייזען, אז זי איז רוהיג, האָט זי גענומען איהם דערצעהלען ווי גוט זי האָט פארבראכט די צייט אין די בערג.

דער אלטער האָט גאָרנישט געענטפערט און איז ווידער ארויס.

ווערא האָט ווידער זיך פארטראכט וועגען וואסילי׳ן. דערמאָנט די ערשטע יאָהרען פון איהר צוזאמענלעבען מיט איהם. וויפיל גוטסקייט איז געווען אין איהם. ער איז שטענדיג געווען פול מיט ליבע צו די אונטערדריקטע, אלעמען גערופען צום קאמף געגען דאָס שלעכטס. מיט זיינע רעדעס אויף די אימיגראנטישע פארזאמלונגען פלעגט ער אָנצינדען די צוהערער. געווען איז ער דאָן א וויכטיגער מיטגליד פון דער רעוואָלוציאָנערער גרופּע. ווי ליב האָט זי איהם דאַן געהאט, נאָר דאָס גליק האָט זיך לאַנג ניט

נעהאַלטען. אונטער דעם איינפלוס פון שלעכטע חברים האָט ער זיך שאַרף געענדערט, און דאָס לעבען מיט איהם איז געוואָרען אונ־ערטרעגליך. ער איז געוואָרען האַרט און קאַלט צו איהר, און גאַנץ אָפט אין אַ קריג האָט ער זי געזידעלט, אָנרופענדיג זי „זשידאָווקאַ".

זי האָט אונאויסשפּרעכליך געליטען און איהם אַלץ דאָך יעדעס מאָל מוחל געווען. אזוי האָט דאָס געדויערט ביז'ן לעצטען קריג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבען דורך אַ נאַרישקייט: וואַסילי מיט איהר פאָטער האָבען געשפּילט אין קאָרטען. זי האָט זיך גראָד געפונען אין צווייטען צימער ביים בעט פון'ם שלאָפענדיגען אינ־גלע. מיט אַמאָל האָט זי דערהערט אַ שאַרפען אויסגעשריי פון איהר מאַן. זי איז אריין צו זיי, די קאָרטען זיינען געווען צע־וואָרפען איבער דעם דיל און וואַסילי, מיט אַן אויסגעקרימטען פּנים, האָט געשריען אויפ'ן אַלטען, וועלכער האָט פאַר אויפרעגונג נישט געקאָנט קיין וואָרט ארויסרעדען.

— מיר קענען אייערע קונצען. אין אַלץ מוזט איהר דרע־הען — שאַכער־מאַכער. פאַרוואָס האָט איהר אריינגעקוקט אין מיינע קאָרטען?

— נו, נו, וואַסילי. דו ביזט ווי פון זינען אראָפּ, — האָט איהם וועראַ געפּרובט באַרוהיגען. — וואָס איז מיט דיר, עס איז דאָך אזוי ווי צווישען קינדער.

נאָר ער האָט זיך נעקאָכט, באַוואָרפען מיט אומזיסטע באַ־שולדיגונגען דעם אַלטען און צום סוף, אַ זאָג טוענדיג אַז ער וועט שוין מעהר אין דעם הויז זיך נישט אומקעהרען, האָט ער אַ האַק געטאָן מיט דער טיר און איז אוועק.

אויף מאָרגען איז וועראַ, אַ פאַרמאַטערטע, אוועקגעפאָהרען צו איהר פריינדין אין די בערג, און איצט, שוין לאַנג איהם מוחל זייענדיג, האָט זי באַשלאָסען געהן איהם רופען צוריק אהיים.

זי האָט געלעגט דאָס אינגעל שלאָפען און פאַרפאַלגט פון אַ זינלאָזער אונרוהע איז זי אוועק איהם זוכען. די נאַסע שווארצע נאַכט האָט זיך איינגעזויגען אין איהר און געמאַכט איהר פיהלען נאָך וועהטאָגדיגער די עלענדקייט.

אריבערגעהענדיג די אייזערנע בריק, האָט זי זיך אָפּגעשטעלט ביי די פאַרענטשעס און זיך פאַרקוקט, ווי עס לויפען אין דער

ווייטקייט אריין מוטנע רוישיגע כוואליעס. מיט אונאויסשפרעכ־ליכע כחות האט איהר א ציה געטאן אונטען אראפ. נאר זי האט זיך פון וואס א רים געטאן און אוועק ווייטער.

זי איז געוועזן ביי איינִיגע פון זיינע חברים און צום סוף געפונען איהם אין קאפע, וואו געוועהנליך די פאליטישע אימיגראנ־טען און סטודענטען שפילען אין קארטען.

דערזעהענדיג זי, זיינען זיינע אויגען בייז געווארען. און איינהאלטענדיג האט ער געפרעגט:

— פארוואס ביזטו געקומען אהער?

— וואסילי, — האט ווערא אנגעהויבען, שלינגענדיג די טרער־רען, — קום אהיים, כ'בין נאר וואס געקומען פון דארף און עס האט זיך אזוי געוואלט דיר זעהן. פארוואס ביזטו נישט געקומען ווען איך האב דיר גערופען אין די בערג? ווי גוט דארט איז געווען. נו, קום, ליבער אהיים, קום, איך בין אזוי אויסגעמאטערט, ביי מיר זיינען באלד די עקזאמענס, און דו ווייסט דאך, אז איך דארף זיך רוהיג לערנען, אנדערש וועלען מיר זיך קיינמאל ניט ארויסרייסען פון אונזער נויט.

— געהערט, געהערט שוין, — האט איהר איבערגעשלאגען וואסילי — ווייס איינמאל פאר אלע מאל, אז איך האב קיינע עסקים נישט מיט דיינע באשעפטיגונגען און לאז מיך צורוה.

ער איז צוריק געגאנגען צום קארטען־טישעל.

א פאר מינוט איז ווערא געבליבען א פארשטיינערטע אויף איהר ארט, קוקענדיג מיט גרויסע אפענע אויגען ארום. דערנאך איז זי ווי א שאטען שטיל ארוים פון קאפע.

אויפ'ן גאס, אונטער'ן גלעזערנעם דאך פון קאפע, האט זי זיך צוגעזעצט צו א טישעל און שטארק צוגעדריקט מיט די הענט די שלייפען, וואס האבען איהר ביז וועהטאג געקלאפט אין קאפ. דער קעלנער איז צוגעקומען פרעגען וואס זי וויל.

זי האט זיך מעכאניש אויפגעשטעלט און אוועק מיט דער גאס. דער ווינט האט זיך א יאג געטאן נאך איהר, ווארפענדיג אויף איהר די געלע טויטע בלעטער און דורכדרינגענדיג מיט קעלט איהר דאר־רינקען קערפער.

ווען זי איז אהיים געקומען, איז דער פאטער שוין געשלאפען. זי איז שטיל געזעסען ביים בעט פון איהר אינגעלע און לייכט

צוגעריהרט זיך מיט די ליפּען צו זיין קעפּעל, ער זאָל ניט אויפ־וואַכען און דערנאָך האָט זי זיך געזעצט שרייבען א בריף צו וואַסילי׳ן. אין דעם בריף האָט זי איהם דערצעהלט נאָך אַלץ וועגען איהר ליבע צו איהם, וועגען רחמנות, וואָס מענשען דאַרפען פיהלען איינער צום אַנדערען און וועגען דעם, אַז זי איז אַ גרויסע זינ־דיגערין מיט דעם שרעקליכען שריט, וואָס זי האָט איצט אונ־טערגענומען טאָן.

שפּעט ביינאַכט האָט זי אָנגעהויבען פּלוצלונג וועקען איהר קליינעם אינגעלע. זי האָט איהם אָנגעטאָן. ארויסגעפיהרט איהם אין קאָרידאָר און גענומען מיט איהם ארויפגעהן מיט די שטיגען צום העכסטען שטאָק. דאָס אינגעלע איז פּלוצלונג שטעהן געבלי־בען ,ארומגעכאפּט די מוטער און זיך צוואוויינט.

---

אַ טויבער קלאַפּ פון אַ פאַלענדער שווערער משא האָט ערגעץ אין דער נאַכט אַ פאַל געטאָן און גלייכצייטיג האָט זיך דערהערט אַ שאַרפער אויסגעשריי פון אַ קינד. און אַז די שכנים זיינען ארויס אין גאַס, האָבען זיי געפונען וועראַ׳ן אַ טויטע אויף דער ערד און דאָס אינגעלע אַ פאַרטשעפּעטען אויפ׳ן בוים וויינענדיג.

די זעלבסמערדערין איז אריינגעטראָגען געוואָרען אין הויז.

ווען וואַסיל איז געקומען און דערזעהן די ליכט, וואָס האָבען געברענט ביי וועראַ׳ס קאָפּ, האָט ער גענומען אויף זיך רייסען די קליידער, יאָמערענדיג :

— אָ ! וואָס האָב איך אָפּגעטאָן ! וואָס האָב איך אָפּגעטאָן ! אָפּגעטאָן !

# די שכינה

(א שטימונג)

און דאָס אינגעלע שמואל איז געווען א יתום און האָט געלעבט ביים זיידען. דער זיידע איז געווען א גרויער, שוין איינגעבויגענער איד, שטענדיג אין א יארמעלקע, און אין א לאנגער שווארצער זשופיצע. אין זיין פיגור און אין זיינע באנעהמונגען איז געווען עפּעס שטרענגעס. ער איז געווען זעהר פרום און איז געווען גליקליך מיט דעם, וואָס ער באלאנגט צו דעם פון גאָט־אויסדערוועהלטען פאָלק. אויף די אידישע צרות און באליידיגונגען האָט ער געקוקט ווי אויף א זאך וואָס עס מוז פאָרקומען, ווי אויף עפּעס, וואָס איז אין הימעל אָנגעצייכענט געוואָרען, און אויף די באליידיגונגען פון די הויכע און שטאַרקע פלעגט ער קוקען ווי אַן אַלטער אריסטאָ־קראַט קוקט אויף די מעשים פון א קנעכט, וועלכער איז עולה לגדולה געוואָרען. און דאָס אינגעלע שמואל האָט ליב געהאט דעם זיידען, און פלעגט גערן געהן מיט איהם אין בית המדרש, וועלכער איז געווען פאר איהם פול מיט וואונדערליכע סודות. אין דער היים און צווישען קינדער פלעגט איהם זיין אומעטיג... אלע שפּילערייען און פארוויילונגען פלעגען איהם שנעל דערעסען. דער אלטער פלעגט אָפטמאָל קוקען אויף זיינע פארטראכטע טרויעריגע אויגען, וואָס האָבען געהאט אין זיך דעם סומנעם פחד פון די קומענדיגע ליידען, און מיט א באהאלטענער פרייד פלעגט ער טראכטען: —

דער טרויער פון דער שכינה איז אין זיינע אויגען! ער וועט זיין א גדול בישראל.

עס איז געווען א ווינטער־טאָג. אין דער פריה איז אויס־געפאלען א שניי, וואָס האָט איינגעהילט דאָס שטעטעל. די קינ־

דער פון צוויי חדרים האָבען פאַרפיהרט צווישען זיך א מלחמה, פאַרוואַרפענדיג איינע די צווייטע מיט שניי־קוילען; זיי האָבען היציג געקעמפט צווישען זיך און הילכיג געשריען פון פאַרגעניגען. שמואל׳ן האָט דאָס מיט אמאָל דערעסען און ער איז א מידער, אָן אומעטיגער אוועק צום זיידען. דער אַלטער האָט איהם אוועק־געזעצט נעבען זיך, געעפענט דעם תנך און האָט מיט איהם אָנגע־הויבען צו לערנען יענע וואונדערליכע געשיכטע, וועגען חנה׳ן דעם נביא׳ס מוטער און דעם אַלטען כהן אלי. דאָס אינגעל האָט געלערענט מיט גרויס חשק און געשמאַק, זינגענדיג פסוק נאָך פסוק.

אזוי ליב און צערטליך האָט איהם אויסגעזעהן דער יונגער נביא אין דעם לאַנגען אויבער־מאַנטעל, וואָס די מוטער פלעגט איהם ברענגען פון יאָהר צו יאָהר...

און אין אָוועט זיינען דער זיידע מיט׳ן אייניקעל אוועק אין בית המדרש. און אין גאַט׳ס הויז האָט זיך שוין דער עולם צו־נויפגעקליבען, שטעהענדיג אין רעדלאך ארום דעם וואַרימען אוי־ווען, שמועסענדיג וועגען די אומרוהיגע טעג, ווען די יונגע האָבען אויפגעהערט צו אכטען די אַלטע, און זיינען אויפגעשטאַנען געגען גאָט.

אין די גרויסע קיילעכדיגע פענסטער האָט זיך געצונדען דער רויטער, שטאָל־קאַלטער זון־אונטערגאַנג. דער אַלט־פרענקישער קופערנער הענג־לייכטער איבער׳ן בימה האָט געברענט אין דעם גאָלד פון אונטערגאַנג; און אין ווינקעל, אין דער הויך איבער׳ן אויווען, זיינען די דינע שפין־וועבס באַפאַרבט געוואָרען אין פור־פור, ווי זיידענע געפּאָלירטע פעדים.

דאָס אינגעל פאַרקלייבט זיך אין ווינקעל ביים ארון קודש. דאָרטען הערשט שטענדיג א געהיימניספולע טונקעלקייט און ווען מען פאַרמאַכט די אויגען, פיהלט זיך א פאָכען פון אַטלאַסענעם ווייסען פליגעל פון א צויבערליכען, אומזיכטבאַרען פויגעל און א הייליגקייט דרינגט אריין אין נשמה און דאַן איז ניט אזוי אימה׳דיג דער חושך פון די נעכט, ווען די זאַווערוכע יאָמערט.

נאָך מעריב געהט דאָס אינגעל אריין אין חדר שני, וואו

עס שלאָפֿען די ישיבה־בחורים. דאָרטען איז היים. דאָס קליין טונקעל פֿענסטערעל איז פֿארשטעקט מיט א ברודיגען קישען. ביי די זייטען שטעהען לאַנגע דעמבענע בענק, א ברייטער צוקריצ־טער טיש, וועלכער איז פֿארקאַפּעט מיט וואקס פֿון די אָנגעברענטע ליכט, און אויף איהם ליגט אן אלטע צושויבערטע גמרא. דאָס אלץ איז אזוי ליב און טייער דעם אינגעל. דאָ, אין יענעם ווינקעל, וואו עס זיצט איצט א יונגער בחור און ווארעמט זיך ביים אויוון, האָט ער אָפֿטמאָל געהערט וואונדערליכע מעשיות. דאָ האָט זיך אין זיין קינדיש הארץ אָנגעצונדען דער פֿייער פֿון גלויבען, וועלכער האָט איינגעהילט זיין נשמה אין מיסטישע און קרענק־ליכע איבערלעבונגען. דאָס אינגעל האָט זיך שטילערהייט אוועק־געשטעלט אהינטער דעם בחור, קוקענדיג אויפֿ'ן פֿייער. אין די פֿלאַמען האָט זיך איהם געדוכט, שפּרינגען אום קארליקעס, קליי־נינקע, מיט איינגעשרומפּענע פּנים'לאך און רויטע בערד. האל־טענדיג זיך פֿאר די הענט, דרעהען זיי זיך אין א קאראהאד און לאכען מיט א רויטען געלעכטער, געשיקט הויבענדיג די פֿיסלאך.

נאָר אָט זיינע זיך אלע צוגאנגען, בלויז דער זיידע איז נאָך געבליבען. ער נעהמט ארויס א ספר, צינדט אָן א ליכט און זעצט זיך אוועק ביים טיש. ער קוקט אריין אין ספר שוויינענדיגער־הייט, נאָר פֿון צייט צו צייט הערען זיך זיינע שווערע זיפֿצען, און זיין גרויער קאָפּ לאָזט זיך אלץ נידעריגער אראָפּ איבער'ן אלטען ספר.

שמואל'ן ווערט אומעטיג און ער פֿארקלייבט זיך אין ווינקעל צום ארון קודש. איהם ווילט זיך פֿיהלען דאָס פֿאָכען פֿון די אטלעסנע ווייסע פֿליגעל פֿון דעם אומבאוואוסטען פֿויגעל, און פֿיה־לען אין זיך דעם רוח הקודש. באלד דערפֿיהלט ער דאָס, און אזא טיפֿע פֿרייד נעהמט איהם דורך. דאָס איז גאָט, — טראכט דאָס אינגעל. ער שוועבט איבער מיר, און איך וועל ווערען זיין אויס־דערוועלטער. מען דארף לאַנג, לאַנג תפֿלה טאָן... פּלוצלונג ווייזט זיך איהם אויס, אז עמיצער רופֿט איהם: שמואל, שמואל! ער עפֿענט אויף די אויגען און קוקט זיך ארום. עס איז שטיל, בלויז דער אלטער גיט א זיפֿץ, און די ליכט קנאַקט.

— זיידע, האָסט מיך גערופֿען? — פֿרעגט דאָס אינגעל.

דער אלטער הויבט לאנגזאם אויף דעם קאפ.

— ניין, מיין קינד.

און דאס אינגעל בלייבט ווייטער האלב פאר׳חלום׳ט.

נעהענדיג צוריק אהיים, קוקט אויף זיי די לבנה פון ריינעם הימעל, און אזוי שטיל און ווייס איז אלץ ארום. פון די הייזלאך ציהען זיך אויפ׳ן וועג ברייטע רוהיגע שאטענס...

# אויפ׳ן וועג נאָך ווענעציע

אין איינער פון די אלטע איטאליענישע שטעט, ניט ווייט פון ווענעציע, בין איך פּלוצלונג קראנק געוואָרען אויף זומפּען־פיבער, וואָס בושעוועט שטארק אין יענע מקומות. כמעט צוויי שטונדען גאָכאנאנד בין איך אָפּגעלעגען אויפ׳ן דיל אין עפּעס אן אלטען פארלאָזענעם טראמוויי־וואגאָן, און איך האָב זיך געדרעהט פון ווייטאָג איבער׳ן גאנצען לייב, גערעט פון היץ, ארומגעכאפּט פון א בלוט־רויטען קאָשמאר.

נאָכדעם בין איך אויפגעשטאנען און זיך אוועקגעשלעפּט אי־בער דער אונענדליך־לאַנגער און שטיקענדער ארבייטער־גאס, אָנגע־פּיקעוועט מיט בעטלער, קראנקע גאסען־מיידלאך, וואָס האָבען געהאלטען אין איין אָפּשטעלען די פארבייגעהער.

מיר איז געווען טרויעריג: די פיס האָבען מיר וועה־געטאָן, דער קאָפּ האָט זיך מיר געדרעהט, איך האָב גע׳חלש׳ט א טרונק און אלץ געקלעהרט מיט פּארדרוס, וואוהין און נאָך וואָס געה איך אין א פרעמד לאנד אָהן א גראָשען אין קעשענע.

און אזוי טראכטענדיג בין איך ענדליך דורכגעגאנגען די לאנגע שטיקענדע גאס און ארויס אויפ׳ן גרויסען מארק־פּלאַץ. אין סאמע מיטען איז געשטאנען א גרויסע, גרויע, שטיינערנע געביידע, מיט גראָבע גראטעס אויף די פענסטער, מיט פינסטערע טורעמס, פּונקט ווי א מיטעל־אלטערליכער שלאָס פון א ריטער.

איך בין דורכגעגאנגען דורך דער רוישענדער, פּיל־קאָלירענדער מאסע פון די שווארץ־אויגיגע פארקויפערינס פון אלערליי גרינסען, פרוכטען און בלומען און זיך אָפּגעשטעלט ניט ווייט פון דעם טויער פון דער געביידע.

דאָס איז געווען אן אלטע טורמע. זי איז געשטאנען, ווי אויף א קליינינקען אינזעל, ארומגערינגעלט מיט א טיפען קאנאל פון

שטעהענדיגען מוטנעם וואסער, ארום וועלכען עס האָט זיך אויפגע־הויבען א גלאַטע, הויכע, שטיינערנע וואנט.

איך האָב לאַנג געטראַכט, וואָס צו טאָן. ווייטער געהן האָב איך קיין כח ניט געהאַט, און איך האָב באַשלאָסען אריינצוגעהן אין טורמע און בעטען, מען זאָל מיך ארעסטירען און אָפּשיקען מיט'ן עטאַפּ צוריק צום גרעניץ.

איך האָב אָנגעקלאַפּט אין טויער. דער וועכטער האָט אויפ־געעפענט דאָס אויג־פענסטערעל, מיך ארומגעקוקט פון קאָפּ ביז די פיס, א שמייכעל געטאָן און געפרעגט, וואָס איך וויל.

איך האָב איהם ערקלעהרט. ער האָט זיך צולאַכט און גע־בעטען אביסעל צוואַרטען. אין עטליכע מינוט ארום האָט זיך דער טויער געעפענט און מען האָט מיך אריינגעפיהרט אין א פינ־סטערען קאָרידאָר. ער האָט ווידער באַטראַכט מיין אָרימען הילוך מיט'ן שווייצארישען זעקעל אויף די פּלייצעס און איז ארויס.

איך האָב זיך אויסגעצויגען אויף א באַנק און פארמאַכט די אויגען, און גלייך איז פון א ווינקעל פונ'ם פינסטערען קאָרידאָר צו מיר צוגעקראָכען א בלוטיג־רויטע אומגעלומפּערטע בריה, זיך ארויפגעדראַפּעט אויף דער ברוסט מיט איהרע קלעפּעדיגע שווערע לאַפּעס מיט די שפּיציג־שאַרפע נעגעל.

פּלוצלונג האָט מיך דער וועכטער אויפגעוועקט און אריינ־געפיהרט אין קאַנטאָר. דאָרט האָט א באַאמטער לאַנג באַטראַכט מיין פּאַספּאָרט, געפרעגט, צוליב וואָס וואַנדער איך ארום איבער איטאַליע, און נאָכדעם געהייסען דעם וועכטער מיך פּשוט ארויס־וואַרפען צו אַלדי שוואַרץ יאָהר...

עס איז שוין געווען שפּעט נאָכמיטאַג. דאָס וועטער איז גע־ווען כמאַרנע. עס האָט געבלאָזט א ווינט, און אין הימעל האָבען זיך געזאַמעלט מחנות וואָלקענס.

א יונגע, שעהנע הענדלערין האָט מיר געגעבען עטליכע אָראַנדזשען און א שטיק „פּאַלענטאַ". א צווייטע פרוי, א בלומען־הענדלערין, מיט גרויסע זילבערנע אוירינגלאַך אין די קלייניקע אויערלאַך, האָט מיר געשענקט א בינטעלע „פאַרגעס מיך ניט", און איך, א דערפרעהטער, בין אוועק ווייטער און ארויס אויפ'ן וועג, וואָס האָט געפיהרט קיין ווענעציע.

ביז פאַרנאַכט האָט דער ווינט געהאַלטען אין איין פאַנאַנדער־

יאָגען די כמארעס, געוויגט די זאנגען אין די פעלדער, און אויפ־געהויבען וואָלקענס שטויב איבער דעם וועג. און ווען עס איז טונקעל געוואָרען, האָט מיט אמאָל א גאָס געטאָן א שלאגס־רעגען.

שפעט אין אָוועגט בין איך, איינגאנצען א דורכגענעצטער, אָנגעקומען אין א קליין שטעטעל, און גענומען אָנקלאפען אין די פענסטער פון די הייזער, אז מען זאָל אריינלאָזען א וואנדערער, וועמען דער רעגען האָט פארכאפט אין וועג.

אָבער קיינער האָט ניט געענטפערט. נאָר ביי איין הויז האָט פון א פענסטער זיך ארויסגערוקט דער קאָפ פון אן אלטער, בייזער פרוי, און אָנגעשריען:

— אוועק, אוועק, דו שלעפער! קיין רוה האָט מען ניט פון זיי, פארשאָלטענע!

איך בין אוועק ווייטער. ענדליך בין איך צוגעקומען צו א שענקעל, פון וואנען עס האָבען זיך געטראָגען פרעהליכע קולות און טענער פון גיטארען און מאנדאלינען.

איך בין אריין.

אין א גרויסען צימער מיט פאררויכערטע ווענט און א היל־צערנער סטעלי זיינען ארום א לאנגען טיש געזעסען סטודענטען מיט א יונגען דאָקטאָר און געטרונקען וויין. הינטער'ן צאָהלטישעל איז געשטאנען א הויך־געוואוקסיגע, פעטע שענקערין, מיט א זשאד־נעם רויטען מויל, און שמייכלענדיג געזשמורעט די אויגען, פאר־צויגענע מיט תאוה.

דער זעהן דעם פרעמדען וואנדערע, האָט די קאָמפאניע פרעה־ליך אויסגעשריען און א קלאָפ געטאָן איבער די סטרונעס פון די גיטארען און מאנדאלינען, ווי זיי וואָלטען באגעגענט אן אלטען גוטען ברודער. און ווען זיי האָבענזיך דערוואוסט, אז איך בין פון רוסלאנד, האָבען זיי גענומען מיך אָנטרינקען מיט וויין איי־נער פאר דעם אנדערען און זינגען פאר מיר זיסע היימישע איטאַ־ליענישע לידער.

ווען מיר זיינען ארוים פון שענקעל, איז שוין געווען נאָך האלבער נאכט. דער הימעל האָט זיך געהאט אויסגעלייטערט און עס האָט געשיינט די לבנה. די קאָמפאניע איז זיך פאנאנדער־געגאנגען אין אלע זייטען. מיך האָט דער דאָקטאָר געפיהרט צו זיך אויף נאכט־לעגער. דאָס איז געווען א שלאנקער, ברייט־ביי־

נערדיגער מאַן מיט אַן ענערגישען, שעהנעם פּנים פון אַן אמאָליגען העלענער.

מיר זיינען צוגעקומען צו זיין שטיבעל, וואָס איז געשטאַנען אין עק שטעטעל, אינגאַנצען ארומגעפלאָכטען מיט קריכעדיגע פלאַנצונגען און רויזען. אין איינעם פון די באַלקאָן־פענסטער איז געווען ליכטיג. דער דאָקטאָר האָט א שפּיל געטאָן אויף דער מאַנ־דאָלינע און אָנגעפאַנגען זינגען עפּעס א סערענאדע, איינגעהילט אין דעם פאָספאָר־שיין פון דער לבנה.

איך בין געשטאַנען לעבען איהם מיט׳ן זעקעל אויף די פּליי־צעס און מיט׳ן שטעקען אין האַנט און, ניט ווילענדיג, צוגעשמיי־כעלט פון אָט־דער ריטערליכער אידיליע.

אויפ׳ן באַלקאָן האָט זיך באַוויזען א מיידעל אין א ווייסען קלייד און, אריבערבויגענדיג זיך איבער׳ן פּאַרענטש, געזאָגט:

— קום אריין, ליבער! וואָס אזוי שפּעט און ווער איז דאָס מיט דיר?

— דאָס פיהר איך דיר א וואַנדערער, — האָט דער דאָקטאָר געענטפערט, און ווייטער באַזינגענדיג דעם צויבער פון זיין גע־ליבטער, האָט ער מיך אריינגעפיהרט אין הויז.

איך בין איבעררעאשט געוואָרען, ווען א אידיש פּאַלעסטינער מיידעל, מיינע א גוטע באַקאַנטע, האָט אונז געעפענט די טיר. דאָס איז געווען די טאָכטער פון א יאפער בעל־אכסניה, צו וועמען איך פלעג אָפט אריינקומען, בעת איך בין געווען אין יהודה.

זי האָט מיך אויך גלייך דערקענט. זי איז אינגאַנצען רויט געוואָרען פון דער אומערוואַרטעטער באַגעגעניש, און אפשר פון גאוה און גליק, וואָס איך זעה זי אין איטאַליע, אין דעם הויז פון איהר געליבטען. דער דאָקטאָר האָט זיך דערפרעהט, ווען ער האָט זיך דערוואוסט, אז מיר זיינען באַקאַנט. מיר האָבען פאַרבראַכט ארום א שעה צוזאמען און ער איז אריין צו זיך אין צימער און אונז איבערגעלאָזט אויפ׳ן באַלקאָן.

און אָט וואָס זי האָט מיר דערצעהלט:

מיט א יאָהר צוריק האָט זי געוואוינט אין ירושלים און גע־ארבייט אין אַן ענגלישען מיסיאָנערישען שפּיטאָל, גרייטענדיג זיך צו ווערען א באַרמהערציגע שוועסטער. אמאָל, אין א פריהמאָרגען, האָט זיך דאָרט באַוויזען א נייער דאָקטאָר, א יונגער איטאַליענער,

און ער איז געווען זעהר גוט צו איהר און האָט אלץ געשמייכעלט, צוקוקענדיג ווי זי, אין א ווייסען לאנגען פארטוך, שלייכט שטיל איבער דעם שפּיטאָל און באדינט די קראנקע.

איינמאָל, ווען זיי זיינען געבליבען אליין אין קאָרידאָר, האָט ער איהר שטארק א דריק געטאָן די האנט און געזאָגט:

— איהר געפעלט מיר א סך בעסער, ווי די מיידלאך פון מיין אייגענעם לאנד, און ווי די שלאנקע פעלאשקעס, וועלכע מען רופט טעכטער פון גאָט...

זי האָט אויפגעציטערט. קיין איין בחור האָט נאָך מיט איהר אזוי ניט גערעדט. זי האָט גאָרניט געענטפערט, נאָר איז געשטאנען פאר איהם, שיינענדיג פון גליק.

אָט־אזוי האָט זיך עס אָנגעפאנגען.

און אויף מאָרגען זיינען זיי אין אָווענט צוזאמען ארויס פון שפּיטאָל און לאנג ארומגעגאנגען איבער די שמאָלע, פינסטערע געסלאך פון אלט־שטאָט, וואו די אראבער פארקויפען אלערליי בשמים, געווירצען און שמעקעדיגע בלעטער. ער האָט געזאָגט, אז איהם געפעלען זעהר די מזרח־לענדער, און אז שוין לאנג האָט איהם אהער געצויגען, אין אָט דעם לאנד פון די גרויסע נביאים.

ווען עס איז טונקעל געוואָרען, זיינען זיי ארויס צו מגדל־דוד און ער האָט שטיל פאָרגעלעגט אריינצוגעהען מיט איהם אין זיין הויז. זי האָט זיך אויף א רגע אָפּגעשטעלט און פארקלעהרט, און ער האָט זי אָנגענומען פאר א האנט און אוועקגעפיהרט ווייטער. זי האָט זיך פּלוצלונג דערפיהלט מיד און איז איהם נאָכגע־גאנגען, ווי אין א נעבעל. נאָכדעם איז אלץ געווען ווי אין חלום. אין קליינינקען צימער, שעהן צוגעקליבען איג'ם מזרח־סטיל, האָבען געברענט רויטינקע אויל־לעמפּלאך, פארגיסענדיג אלץ מיט א שטי־לען צויבערליכט. זי איז האלב ליגענדיג געזעסען אויף א ווייכער סאָפע, און ער איז פאר איהר געשטאנען אויף די קני, געקושט איהרע הענט און אלץ גערעדט, גערעדט... ארומגעוועבט זי מיט א נעץ פון הארציגע ווערטער. און אזוי האָט זיך דאָס יעדען אָווענט ווידערהאָלט. נאָכדעם האָבען זיך דערפון דערוואוסט אלע קרובים און באקאנטע און האָבען זי אָנגעפאנגען צו פארפאָלגען, ווייל זי איז זיך צוזאמענגעקומען מיט א מאן פון א פרעמדען פאָלק. זי איז קראנק געוואָרען און איז אוועקגעפאָהרען אין א קאָלאָניע.

און אין יענער צייט האָבען זיך די וויינטרויבען צובליהט אויף די זאמדיגע בערגלאך און די וועכטער האָבען אויפגעשלאָגען זייערע ראָגאָזשע־ביידלאך. זי האָט געוואוינט אליין. ער פלעגט צו איהר קומען עטליכע מאָל אין וואָך, רייטענדיג אויף א יונגען אראבישען פערד אין קליידער פון א בעדואין. זי פלעגט אלע מאָל איהם ארויסגעהן אנטקעגען און איהם אָפּווארטען הינטער דער קאָלאָניע. די נאכט פלעגען זיי פארברענגען צוזאמען אויפ׳ן בית־עולם, הינטער די וויינגערטנער. און דאָס פערד, צוגעבונדען צו א בוים, איז געשטאנען און געווארט. און פארטאָג פלעגט ער צוריק אוועקפאָהרען. נאָר פון טאָג צו טאָג איז איהר לעבען שווערער געוואָרען צוליב די רכילות פון די ארומיגע און זי האָט זיך אָנגעפאנגען בעטען ביי איהם, אז ער זאָל זי פון דאנען אוועקפיהרען. און אָט איז זי דאָ.

ווען זי איז פון מיר אוועק, האָט שוין די שטילע זומער־נאכט גענומען אויסגעהן. איך האָב א קוש געטאָן איהר האנט. דערנאָך האָב איך זיך געלעגט אויפ׳ן באלקאָן, פאר׳שכור׳ט פון דעם רויזענאראָמאט, און לאנג געטראכט וועגען דער אָרימער איידישער מיידעל.

# טאַמאַראַ

איינמאָל אין אָנהויב זומער, האָט מיך אַ ציה געטאָן צו וואנדערען, און איך בין אוועק צופוס איבער איטאַליע.

איך בין פארבייגעגאנגען דעם וואונדערבארען ברעג פונ׳ם בלויען זשענעוועער „אַזורא". איך בין דורך דעם בליהענדען רהיין־טאַל, וועלכער איז צוזאַמענגעדריקט אַרום און פון הויכע בערג. איך בין אריבער דעם סימפּלאָן־באַרג. און ענדליך האָב איך זיך דערזעהן אין לאַנד פון ליבע, חלומות און שווערע מענשליכע ליידען.

טעג און נעכט בין איך געגאַנגען איבער ברייטע וועגען. פון ביידע זייטען האָבען זיך געצויגען גאָלדענע רייז־פעלדער, און דאָ און דאָרט האָבען זיך געזעהן אָרימע דערפלאַך.

דאָרטען זיינען די מענשען געווען גוט. זיי האָבען מיר געגעבען ברויט און וויין. און אַזוי ווי אַ נאָהענטען דערצעהלט דעם וואנדערער פון זייערע זאָרגען און צרות. און אָפט, מיט׳ן מאָרגענשטערען אוועקגעהענדיג ווייטער, פלעג איך דורכלאָזען אין פעלד־קאָמפּאַניעס פויערטעס אָנגעטאָן אין לייווענטענע פארביגע קליידלאַך, יונגע, געזונטע און באָרוויסע. לאַכענדיג האָבען זיי געפּאָכעט צו מיר מיט די קורצע שניט־מעסער און פארלירענדיג זיך אין פארטאָגיגען מילכיגען נעבעל זיינען זיי אַלץ ווייטער אוועקגעגאַנגען אַקעגען דעם אָנקומענדיגען טאָג.

און אַזוי בין איך געגאַנגען, איינזאַפּענדיג אין זיך דעם ריח פון שמעקענדיגע בלומען, זאנגען און זאַנפטיגע גראָזען. און אָפּ־געברענטער פון די הייסע זון־שטראַלען און אַ געלאַסטשעטער פון די פרייע ווינטען.

און אָט האָב איך זיך דערזעהן אין דער ערשטער גרויסער שטאָט, וועלכע ליגט ביים ברעג פון ים.

איך האָב געוואָלט אָנקוקען די קונסט־גאַלערעען, די אַלטע מוזעאומס און באַשלאָסען זיך אָפּצושטעלען דאָרטען אויף עטליכע

טעג. קיין געלט האָב איך ניט געהאַט, און אויפ'ן צווייטען טאָג איז געקומען דער שווערער אומרוהיגער הונגער. די ערשטע נאַכט בין איך איבערגעשלאָפען אין א קליינעם גאָרטען, אויף א באַנק, לעבען דער סטאַטוע פון גאַריבאַלדי. אין דער פריה בין איך אוועק זוכען ברויט און צוגעקומען צו אן אלטען איטאַליענישען מאָנאַסטיר, וואו די מאָנאַכען פלעגען אויסטיילען זופּ צו די אָרימע.

דאָס איז געווען א גרויסע, כמורנע געביידע, מיט קליינע פענסטערלאַך מיט גראַטעס, וואָס האָבען דערמאָנט אָן אן אלטען שלאָס. ביי דעם אָפענעם אייזערנעם טויער, האָבען זיך געשטופּט אָרימעלייט, קאַליקעס, מיאוס'ע, קרעציגע, אלטען פרויען. צווישען זיי איז געשטאַנען א יונגער מאָנאַך מיט פאַנאַטישע אויגען, אָנגע־טאָן אין א לאַנגען, טונקעל־ברוינעם מאַנטעל, ארומגעגאַרטעלט מיט א שטריק און מיט סאַנדאַלען אויף די באָרוויסע פיס. ער האָט עפּעס דערצעהלט צו די אָרימעלייט וועגען די לעצטע מינו־טען פון געקרייציגטען גאָט, און זיי האָבען אלע ווילע געוואָרפען זשעדנע, הונגעריגע בליקען אויף דער אָפענער טיר פון מאָנאַסטיר, פון וואַנען עס האָבען זיך געזעהן די מיט זופּ־געגרייטע טישען.

איך האָב זיך אריינגעקוקט צווישען די אָרימעלייט, און ווי אין א תפילה אראָפּגעבויגען דעם קאָפּ, הערענדיג דעם מאָנאַכ'ס רעדע. אין א פּאָר מינוט שפּעטער, אז איך האָב אויפגעהויבען דעם קאָפּ, האָב איך דערזעהן לעבען מיר א יונגען בחור. ער איז געווען זעהר דאַר, בלאַס, און אויף זיין אומעטיגען פּנים האָט געשוועבט א שטילער שמייכעל. ער האָט באַמערקט מיין בליק, און אָנגעהויבען מיך צו באַטראַכטען.

א ביסעל שפּעטער, ווען דער מאָנאַך האָט געענדיגט זיין דרשה, האָבען מיר זיך א לאָז געטאָן אין מאָנאַסטיר.

ביים טיש האָב איך זיך מיט איהם צורעדט און ער האָט זיך דערוואוסט, אז איך קום פון רוסלאַנד, האָט ער זיך זעהר דערפרעהט און גענומען פעסט דריקען מיין האַנד איבער'חזר'נדיג:

מאַדראַנא, מאַדראַנא.

דאָס איז געווען א נאָרוועגישער דיכטער, וועלכער האָט שוין עטליכע יאָהר געלעבט אין איטאַליע.

מיר זיינען ארויס פון מאָנאַסטיר. ער האָט געפרעגט:

— וואוהין געהט איהר?

— נאָך װענעציע.

און אזוי ווי א קינד האָט ער מיך גענומען בעטען, איך זאָל איהם נעמען מיט זיך. איהם איז אלץ איינס וואוהין צו געהן. ער איז גרייט צו וואנדערען דאָס גאנצע לעבען.

איך האָב פארשטאַנען, אז דער יונגער דיכטער טראָגט אין הארצען א גרויסען טרויער, און איך האָב גערן איינגעוויליגט איהם מיטצונעמען.

מיר זיינען אזוי געפּעלען געוואָרען זיינע בלויע אויגען, שטילע און פארטראכטע, ווי צוויי קליינע שלאָפענדע טייכעלאך אין די בערג.

ביי איהם האָט זיך געפונען א פּעקעל מיט גוטע קליידער. ער האָט זיי פארזעצט, און מיר האָבען פארבראכט א גאנצען טאָג און ביינאכט אין די שיינקען, וואו די טעכטער פון איטאַליע האָבען געזונגען זיסע לידער, און עס האָבען געקלונגען די ציטער־דיגע טענער פון מאנדאָלינען. און אויף מאָרגען האָבען מיר פאר־לאָזען די שטאָט, און ארוים אויף דעם וועג, וואָס האָט געפיהרט קיין ווענעציע.

מיין באגלייטער האָט געשוויגען און איז געווען אומעטיג. איך האָב ניט גערעדט צו איהם, און מיר זיינען פּאַמעלאך געגאנגען אָנהאלטענדיג די שפּיצען פון א שטעקען, מיר זאָלען ניט אָפּ־שטעהען איינער פון צווייטען.

ווי נאָר די זון האָט זיך ארונטערגעלאָזט אין מערב זייט, און אויף די פעלדער האָבען זיך אוועקגעלעגט די פארנאכטיגע שאָטענס, האָב איך באמערקט, אז מיין באגלייטער ווערט זעהר אומרוהיג. מיר האָבען זיך אוועקגעלעגט אָפּרוהען אונטער א ברייטען בוים, וואו עס קרייציגען זיך צוויי וועגען. אקעגען אונז אין א שטיינערנעם ווענטעל איז געווען ארייגעשטעלט אן אלטע איקאָנע, פאר וועלכע די פארבייגעהער פלעגען זיך אָפּשטעלען און שעפּטשען א תפילה.

מיר זיינען לאנג געלעגען שווייגענדיג. מיט אמאָל האָט ער מיך געפרעגט:

— זאָגט, מיר, זיינען אלע פרויען אין אייער לאַנד אזעלכע געהיימניספולע, ווי מיין געליבטע איז געווען?

און ער האָט מיר אָנגעהויבען דערצעהלען זיין אומעטיגע געשיכטע.

איינמאָל האָט איהם זיינער א חבר, אן איטאַליענישער זשורנאַליסט, איינגעלאַדען אויף א באַל, צוזאָגענדיג איהם צו באַקענען מיט א רוסישער מיידעל טאַמאַרא, וועגען וועלכער מען האָט גערעדט, אַז איבער איר האָט זיך שוין ניט איינער געשאָסען.

— נאָר זעה זיי פאָרזיכטיג, — האָט איהם לאַכענדיג געזאָגט דער חבר.

זיי זיינען אריין אין א גרויסען, העל־באַלויכטענעם זאַל, עס האָט געשפּילט א וואונדערבאַרער אָרקעסטער. די ריחות פון פּאַר'שיכור'טע, צאַרטע פּאַרפיומען, האָבען זיך כוואַליעסווייז גע־טראָגען אין דער לופט, אָנפילענדיג דאָס האַרץ מיט סמוטנע, זיסע האָפנונגען. שעהנע, שוואַרץ־חנ'עווידיגע איטאַליענישע פרויען מיט אנטבלויזטע אַקסלען, האָבען זיך געדרעהט אין טאַנץ.

— וואו איז זי? — האָט ער געפרעגט זיין פריינד.

דער זשורנאַליסט האָט איהם גענומען ביי דער האַנט און אוועקגעפיהרט אין א ווייטען ווינקעל פון זאַל. דאָרט, איינגע־טונקט אין רויזען, ליליען, נאַרציסען, און געאָרגינען, איז זי געזעסען. זיין פריינד האָט איהם פאָרגעשטעלט. ער האָט גענו־מען א בלומעל און האָט איהר דערלאַנגט א גאָלדענע מטבע. זי האָט פאַרקויפט די בלומען פאַר אָרימע. זי האָט א שמייכעל געטאָן, און איהם א גלעט געטאָן מיט א ליבען בליק. דערנאָך געזאָגט:

— ביי אונז אין רוסלאַנד האָט מען זעהר ליב די נאָרוועגישע דיכטער. איהר וועט מיר געבען אייערע לידער.

ער האָט זיך פאַרנייגט און איז אוועק.

זי איז איהם ניט געפעלען געוואָרען.

— קיין אויסערגעוועהנליכעס איז אין איהר ניטאָ — האָט ער געזאָגט זיין פריינד, און האָט איינגעלאַדען צום טאַנצען א מיידעל מיט א קערפּער פון ווענערען און מיט א פּנים באַוועהט מיט טרויער און שעהנהייט.

נאָך א ביסעל שפּעטער איז ער ווידער געשטאַנען ביים טישעל מיט די בלומען און טאַמאַרא האָט געפרעגט דעם דיכטער וועגען זיין פאָטערלאַנד. דערנאָך האָט זי איהם גענומען פאַר'ן האַנט

אין זיינע בלויע אויגען האָבען זיך אָנגעצונדען פייערלאַך און ער האָט שוין ניט געקאָנט אוועקגעהן פון איהר. ער האָט געבעטען ביי איהר, זי זאָל איהם ערלויבען אָפּצופיהרען זי אהיים. אין אויטאָמאָביל איז זי געזעסען א שווייגענדע, און פון איהר שלאַנקער פיגור האָט געוועהט א פאר'כשופ'טע תאוה. אויף מאָרגען האָט ער איהר געבראַכט זיינע לידער. זי איז געווען גוט צו איהם, און איהם ערלויבט צו קושען די שפיצען פון איהרע ווייסע פינגער. ער האָט אָנגעהויבען קומען צו איהר אַלע טאָג. אין זיינע בלויע אויגען האָבען זאַך אָנגעצונדען פייערלאַך פון ליידענשאַפט. און די ליפּען פון דיכטער האָבען געשעפּטשעט ליבעס־ווערטער, און זיי האָבען געבעטען צערטליכקייט. און איינ־מאָל האָט זיך איהר הארץ געעפענט פאר איהם, און זי האָט איהם אוועקגעפיהרט אין א צווייטער שטאָט, וואו זיי האָבען זיך באַ־זעצט, ווייט פון מענשען ביים ברעג ים, און די אַלע טעג זיינען געווען ווי ליכטיגע חלומות פון קינדער־יאָהרען.

דערנאָך איז געקומען דער הערבסט. טאמארא האָט זיך מיט אמאָל פארבענקט, און אַלע טאָג האָט זי גענומען אוועקגעהן פון הויז. ער האָט ניט געוואוסט וואוהין. די ערשטע צייט האָט ער ניט געפרעגט, נאָר שפּעטער האָט ער איהר אָנגעהויבען נאָכ־געהן ווי א שאָטען. און ער פלעגט זעהן, אז זי געהט אוועק אין די ענגע, שמאָלע געסלאַך פון דעם אָרימען אידישען קווארטאל. דאָרטען פלעגט זי שטיל ארומגעהן, ארייננקוקען אין די פענסטער פון די אָרימע הייזער. און אין די אָוועגטען פלעגט זי זיצען ביים פענסטער זינגען לאַנגע, מאָנאָטאָנע לידער און קוקען אין דער פינסטערניש פון דער נאַכט. און ער האָט ניט געוואוסט, מיט וואָס צו פארטרייבען איהר בענקשאַפט. ער פלעגט זיך זעצען ביי איהרע פיס, דערצעהלען איהר מעשה'לאַך פון זיין פאָטערלאַנד, געזונגען ווענען מאטראָסען, וואָס בלאָנדזשען ארום איבער די רוישענדע כוואַליעס. ווענען קאַלטע, בייזע ווינטען, וואָס בלאָזען אויף די ימים. זי פלעגט איהם לאַסטשען. נאָר גאָר ניט ווענען זיך און איהר טרויער. ער האָט געקראָגען א סך געלד, און זיי האָבען זיך אוועקגעלאָזט רייזען איבער דער וועלט. זיי זיינען דורכגעפאָהרען א סך שעהנע לענדער. זיי האָבען זיך אויפגע־הויבען אויף די הויכע פארשנייטע בערג, וואו די זון בלישטשעט

מיט רובינען אויף גרויסע שטיקער אייז. זיי האָבען זיך ארונ־טערגעלאָזט אין שטילע, בליהענדע טאָלען, וואו עס וואוינען פיל פארביגע שמעטערלינגען, און די ביהנען זשומען אויף די בלומען. זיי האָבען באזוכט די גרעסטע מוזעאומס, געזעהן קונסט־ווערק פון באריהמטע קינסטלער, געהערט וואונדערבארע זינגער, געזעהן טענצערינס, וועלכע זיינען געווען גרינגער פון ווינט, און אלץ נאָר, וואָס איהר הארץ האָט געגלוסט, האָט ער איהר געגעבען.

דערנאָך האָבען זיי זיך אומגעקערט אהיים. טאמארא האָט זיך ווידער פארבענקט און גענומען געהן אין יענע קווארטאלען, וואו עס האָבען געוואוינט די אָרימע אידען. און איינמאָל איז זי אוועק און מעהר האָט זי זיך שוין ניט אומגעקעהרט.

פילע טעג האָט ער זי געזוכט אין די גאסען, און אָט איז שוין דריי מאָנאטען, און זי איז נאָך אלץ ניטאָ. און ער ווייס ניט, וואוהין עס איז אוועק די מאָדנע, געהיימניספולע פרוי.

* * *

ביינאכט אויפבאענדיג זיך, האָב איך מיט אמאָל דערהערט, ווי מיין באגלייטער ווייִנט פון שלאָף.

מיר זיינען ניט לאַנג געגאַנגען צוזאמען. די פיס האָבען איהם גענומען וועהט טאָן. און אויף די פיאטעס האָבען זיך אָנגע־בלאָזען מאזאָלעס. ער האָט געמוזט נעמען די באהן און אומקעהן־רען זיך אין שטאָט.

מיר האָבען זיך פריינדליך געזעגענט און איך בין אוועק ווייטער מיט'ן וועג, וואָס האָט געפיהרט נאָך ווענעציע, איינזאַ־פענדיג אין זיך דעם ריח פון שמעקענדיגע בלומען, זאנגען, און זאנפטיגע גראָזען. אן אָפגעברענטער פון די הייסע זון־שטראה־לען און א געלאסטשעטער פון די פרייע ווינטען.

# דער אַלטער פישער

איך האָב גענעכטיגט אין אַ שייער אויף אָנגעוואָרפענעם היי ביין אַן אָרימען איטאַליענישען פויער. פאַרטאָג האָט מיט אַמאָל מיך אימיצער גענומען וועקען. איך האָב אויפגעמאַכט די אויגען און אין קוים אָנקומענדען ווייכען ליכט פון פריה־מאָרגען, האָב איך דערזען זעהר אַן אַלטע פרוי, וועלכע האָט זיך איבער מיר אַריבערגעבויגען, זיך אָנשפאַרענדיג אָן אַ שטעקען. אַ מאָמענט האָט זיך מיר אויסגעוויזען, אַז דאָס איז אַ געשטאַלט פון די נאַכט־חלומות און האָב ווידער צוגעמאַכט די אויגען. נאָר די אַלטע האָט וואָס אַזוינס אַ זאָג געטאָן, אַרויסגענומען פון איהרע שמאַטעס עטליכע גרויסע שוואַרצע פלוימען און זיי מיר דערלאַנגט מיט איהר ציטערדיגע האַנט:

— נאַ, דאָ האָסטו, גאָט'ס וואַנדערער.

און איידער איך בין געקומען צו זיך און געוואָלט איהר אָפּ־דאַנקען, איז זי אַרוים פון שייער און זיך באַהאַלטען אין אַ נידע־ריגען אָרימען הייזעל פון פויער, וואָס האָט מיך צוגענומען צו זיך אויף אָט דער נאַכט.

אַ ליכטיגע פרייד האָט אַרומגעכאַפּט מיין נשמה און איך האָב אַ קלער געטאָן, אַז דער טאָג האָט זיך אָנגעהויבען פאַר מיר זעהר גוט.

אַ ביסעל שפּעטער מיט'ן זונן־אויפגאַנג האָב איך פאַרלאָזט דאָס דערפעל און באַגלייט מיט גוטע וואונשען פון דער אַלטער און פון פויער בין איך אַרוים אויפ'ן ברייטען וועג, וואָס האָט גע־פיהרט נאָך ווענעציע.

און אָט דורך דעם גאַנצען טאָג זיינען אַלע געווען אַזוי גוט צו מיר. ביי אַ פענסטער פון אַ הייזעל, האָט אַ שעהנע יונגע מוטער, מיט אַ קינד אויפ'ן האַנט, מיר דערלאַנגט אַ גרויס שטיק ברויט און גליקליך אַ שמייכעל געטאָן, עפּענענדיג צוויי חן־גריבע־

לעך אויף איהרע פולע, אָפּגעברענטע באַקען. אויך דאָס קינד האָט געלאַכט, געפּאַכט מיט'ן הענטעל און געריסען זיך צו מיר. דערנאָך האָט אַ שיכור'ער אַרבייטער, וואָס איז געגאַנגען איבער'ן וועג און דערצעהלט זיך אַליין, אַז זיין פאָטער איז געווען אַ העלדישער גאַרילבאַדיעץ, מיך אָוועקגעשלעפּט אין אַ שענק און מכבד געווען מיט ווין. און ווען איך בין פון דאָרט אַרויס, איז אַ גרויסער האָריגער הונט לאַנג געגאַנגען נאָך מיר, געלעקט מיינע הענט און געהאַווקעט און געשפּרונגען פאַר פרייד.

אין יענעם טאָג בין איך געגאַנגען באַזונדערס גרינג און גע־מאַכט פיל מייל. מיט'ן אָנקום פון בין־השמשות האָב איך באַ־מערקט, אַז כ'בין שוין לאַנג אַראָפּ פון וועג און פאַרקראָכען אין אַ גאַנץ מיר אומבאַקאַנטע בערגיגע געגענד. איך האָב זיך אַרומ־געקוקט און דערזעהן פון ווייטען אַ גרויס שטיינערנע הויז, וואָס איז איינזאַם געשטאַנען אויף אַ הויכען בערגעל, אַרומגענומען אַזוי ווי אַ תפיסה, מיט אַ גרויסער, שטיינערנער וואַנט און זיך אויס־געטיילט געגען דעם ליכטיג־פּורפּורנעם הינטערגרונד פון זונ־אונ־טערגאַנג.

— דאָרטען מוז אודאי וואוינען אַ רייכער גוטבאַזיצער — האָב איך געקלערט, זיך לאָזענדיג מיט'ן פעלד צו דער געביידע. ווער ניט איז פון די וועכטער אָדער פון די אַרבייטער וועט מיך אויפנעמען אויף נאַכט־לעגער און באַגינען וועל איך אָפּזוכען דעם וועג און זיך לאָזען געהן ווייטער.

און די גרויסע בלוט־רויטע זון האָט זיך אַראָפּגעלאָזען אַלץ נידעריגער הינטער די ווייטע בערגלעך, וואָס האָבען זיך געצויגען ווי אַ גאָלדענע קייט... און די פאַרנאַכט־שטילקייט האָט סאַמעט־ווייך אַרומגעוויקעלט די ערד.

איך בין צום גרויסען הויז צוגעגאַנגען, און מיר איז געוואָרען אומעדיג. די טויערען זיינען געווען פאַרמאַכט. די לאָדענס פון די פענסטער פאַרקלאַפּט. אַרום קיין לעבעדיג נפש ניט און ס'האָט זיך אויסגעדוכט, אַז הינטער די ווענט, אין די גרויסע פינסטערע צימערען, ליגען מתים אויפ'ן פאָל, ליכט ברענען ביי זייער צו־קאָפּענס און שאָטענס שטיל באַוויינען זיי.

איך האָב מיט אַ שטעקען אָנגעקלאַפּט אין טויער נאָר קיינער האָט ניט געענטפערט. אָפּשטעהענדיג אַ ביסעל פאַרטראַכט, בין

איך דערנאָך אוועק ווייטער און אַלץ האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז אין פּוסטען הויז באַוויינען די שאָטענס מתים און ליכט ברענען ביי זייער צוקאָפּענס.

ענדליך האָב איך דערזעהן אַ נידעריג הייזעלע און הינטער איהר האָט זיך געשפּרייט אַ טייך און אַ מענש איז געשטאַנען ביים ברעג. איך האָב זיך אַ לאָז געטאָן צו איהם. דאָס איז געווען אַן אַלטער פישער, אַ שפּאַניער מיט אַ באָרד, און אינגאַנצען בראָנז פון דער זון.

— פון וואַנען קומסטו ? — האָט ער מיך געפרעגט.

און ווען ער האָט זיך דערוואוסט, אַז איך קום פון ווייטען רוסלאַנד, איז ער געוואָרען צוגעטאָן צו מיר, געבעטען מיך נעכ־טיגען און אָננעמענדיג מיך פאַר'ן האַנט, צוגעפיהרט צו זיין הייזעל.

דאָרט זיינען געלעגען שיצען, און ביי אַ פאַרלעגטען פייער, וואו אויף אַ דריי־פוס פון שטיינער האָט זיך געקאָכט אַ קעסעל מיט פיש־זופּ, זיינען געזעסען אויף אַ צובראָכענעם שיפעל אַן אַלטע פרוי און אַ מיידעל און געשיילט קאַרטאָפעל.

דערזעהענדיג דעם וואַנדערער, האָט די אַלטע אַ מורמעל גע־טאָן. נאָר די יונגע שפּאַניערין האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ און אַ וואָרף געטאָן אויף מיר אַ נייגעריג און עטוואָס דערשראָקענעם קוק מיט איהרע גרויסע שוואַרצע אויגען, וועלכע האָט מיך אַ ציה געטאָן צו איהר.

איך בין געשטאַנען אַ פאַרוואונדערטער. אַנטקעגען מיר איז געווען אַ שלאַנקע, שוואַרץ־חנ'עוודיגע פישערין, מיט אַן אמתן שענעם פּנים. זי האָט געטראָגען אַ רויט קליידעל און אַ גראָב, ליי־ווענטען העמד מיט קורצע אַרבעל, און אַן אָפענע ברוסט. איהרע שוואַרצע בליסטשענדע האָר זיינען געווען פאַרפלאָכטען אין אַ לאַנגען דיקען צאָפּ און אין די אויערען האָט זי געטראָגען גרויסע, זילבערנע אויררינגלעך.

— גוטען אָוונט, סינאָרינא — האָב איך זי באַגריסט.

זי האָט שווייגענדיג לייכט אַ שמייכעל געטאָן.

— ווי רופט מען דיך ? — האָב איך אַ פרעג געטאָן צו הערען איהר קול.

— סילוואַ — האָט געזאָגט דער אַלטער. — דאָס איז מיין איינִיקעל. דער פאָטער איהרער איז דערטרונקען געוואָרען צוּ־

זאַמען מיט אַנדערע פישער אין אַ שטורם אויפ'ן ים. די מוטער איז געשטאָרבען אין אַ גרויסע שטאָדט און איצט וואוינט דאָס מיידעל ביי אונז.

איך האָב זיך צוגעזעצט ביי דער טיר פון הייזעלע און ניט גע־קענט אָפּרייסען די אויגען פון סילווא.

די זון האָט זיך שוין געזעצט. דער טייך האָט זיך אָנגעפינס־טערט און די אָווענט־קאַלטקייט האָט גענומען באַאונרוהיגען די שטילקייט פון וואַסער.

אַ ביסעל שפּעטער, נאָכ'ן עסען, זיינען מיר געזעסען ביים פייער, איך, דער אַלטער, זיין פרוי און סילווא. דאָס מיידעל האָט אַלע ווילע אונטערגעוואָרפען אין פייער טרוקענע צווייגען, די פלאַם האָט אויפגעפלאַקערט און אַ באַגאַסענע מיט רויטען שיין האָט זי אויסגעזעהן פאַנטאַסטיש און באַזונדערס רייצענד און מיך האָט שטאַרק געצויגען צו איהר. איצט האָט זי ווייך געקוקט אויף מיר און אין איהרע אויגען האָט געשיינט אַ בענקשאַפט. איך האָב דערפיהלט אַז עס איז איהר אומעדיג אויף דעם וויסטען ברעג, זי האָט גערען דעם וואַנדערער.

מיר זיינען געזעסען שווייגענדיג. דער אָוונט איז געוועזען סאַמעטען־שוואַרץ און אין דער פינסטערניש און דער שטילקייט האָט זיך געהערט, ווי דער טייך אָטעמט מיט קעלט און קלייבט צוזאַמען די כוואַלעכלאַך צום זאַמדיגען ברעג.

דער אַלטער פישער האָט פאַררויכערט זיין לולקע און גענומען פאַמעלעך רעדען.

— יאָ, יאָ, איצט זיינען שלעכטע צייטען. פיש כאַפּען זיך קליינינקע, אָרום און אָרום איז וויסט. און אַמאָל פריהער, ווען דער פריץ האָט געלעבט דאָרט אויפ'ן בערגעל, איז געווען גאָר אַנדערש. הונדערטער מענשען האָבען געאַרבייט אויף די פעלדער און אין די וויינגערטנער און פרייד איז געווען אָרום. און איצט שטעהט דאָס הויז אַ פוסטע און די געגענד איז פאַרוויסט. וואָס העלפט דאָס רעדען? אַ גרויסע שטראָף האָט גאָט געשיקט אויף דער הויז. אַ רייכער פריץ האָט דאָרט געלעבט, ביי איהם איז אַ פרוי געווען אַ יונגע און אַ שעהנע, פון אַ ווייטען לאַנד, וואו, מען זאָגט דער שניי ליגט אייביג אויף די בערג. אויך קינדער האָט ער געהאַט און אַ סך ערד און בהמות גאָלד און דימענטען, שטיינער אַרויסגע־

גומען פון די טיפקייטען פון ים. יאָ, אַזוי האָט ער געלעבט און עס פלעגט ניט אַנטשווינגען ווערע די פרייד אין זיין הויז. יעדען אָוונט פלעגען קומען צו איהם אָנגעזעהענע געסט און פרויען אָנ־געטאָן אין זייד און אין סאַמעט. די טענער פון מוזיק פלעגען דערגעהן צו מיין שטיבעלע דאָ אויפ׳ן טייך. און איינמאָל אין אַ נאַכט איז צו זיין הויז צוגעפאָהרען אַ שווארצער רייטער אויף אַ שווארצען פערד און דריי מאָל אָנגעקלאַפט אין טויער, דערנאָך אויסגעדרעהט דאָס פערד און איז אַוועק, און ווען דער וועכטער איז ארויס עפענען, האָט ער קיינעם ניט געזעהן, ער האָט זיך פאַר־וואונדערט.

— דאָס איז געוועזן דער טויט — האָט געזאָגט סילוואַ.

— יאָ, דער טויט, — האָט פאָרטגעזעצט פאַמעלעך דער פי־שער. — אַזוי האָט דער שווארצער רייטער דריי נעכט נאָכאַנאַנד געקלאַפט אין טויער און אויפ׳ן פערטען טאָג איז געקומען אַ שווערע קראַנקהייט, און אַלע מענשען אין הויז זיינען אויסגע־שטאָרבען, קיין איינער איז פון זיי ניט געבליבען, און פון יעמאָלט אָן שטעהט דאָס הויז פארוויסט און קיינער וואוינט ניט אין איהם.

איך האָב זיך צוגעהערט צום פישער מיט האַלב פארמאַכטע אויגען, און ווען איך האָב מאָמענטענווייז זיי אויפגעמאַכט, פלעג איך זיך טרעפען מיט׳ן העלען באַלויכטענדען בליק פון סילוואַ, וועלכע האָט ניט אויפגעהערט צו קוקען אויף מיר מיט איהרע פאַר־בענקטע שווארצע אויגען.

מיר זיינען ווידער געזעסען שווייגענדיג.

סילוואַ איז אויפגעשטאַנען און אַוועק צום הייזעל און פון דער פינסטערניש האָט זיך דערהערט איהר שטימע. זי האָט גענומען זינגען הויך און קלינגענדיג און אין דער שווארצער סאַמע־טענער שטילקייט אַרום און אַרום האָבען פונקט אַזוי ווי צוגאָ־סען זיך דינע זילבערנע גלעקלאַך, און מיט אַמאָל איז זי אַנטשוויי־גען געוואָרען און ווידער איז געוואָרען אומעדיג און וויסט אַרום.

ס׳האָט זיך דערמאָנט דאָס פארלאָזענע הויז אויפ׳ן בערגעל מיט די טויטע צווישען די שווייגענדע ווענט, וואָס ווערען דאָרטען שטיל פון די שאָטענס באַוויינט.

סילוואַ האָט זיך אומגעקערט צום פייער. זי האָט זיך צוגע־לענט פארוואָרפענדיג די הענט הינטער׳ן קאָפּ, די אויגען פאַר־

מאכט און שטיל געאטעמט. מיך האט ארומגעכאפט א מאָדנער זיס־פיינליך געפיהל. די מידקייט האט מיך גענייגט צום שלאָפען, נאָר דער שלאָף איז ניט געקומען. איך האָב ניט געקענט אָפרייסען מיין בליק פון דער מיידעל. די געדאנקען האָבען זיך געפלאָנטערט אין מיין קאָפּ און ס'האָבען זיך אויפגעכאפּט פאנטאסטישע חלומות.

סילווא וועט מיך ליב האָבען, איך וועל בלייבען א פישער אויף מיין גאנץ לעבען. פארטאָג וועלען מירביידע פארוואָרפען די נעצען אויפ'ן טייך. די זון וועט אונז שיינען אין פּנים, און אין א שטילען אווענט וועלען מיר פרידליך זיצען ביים פייער און דעמאָלט וועט מיט'ן שטילען ברעג קומען צו אונז א נביא, יענער באשיידענער נביא, נאָך וועלכען עס זיינען אוועק די אָרימע פישער פון ים כנרת, פרעדיגען ליבע צום געדריקטען און אומגליקליכען.

און דער אלטער פישער האט ווידער אָנגעפילט די לולקע און דערצעהלט פּאמעלעך:

— לאנג צוריק איז דאָס געווען. גאָט האט גענומען רחמנות האָבען אויף די מענשען, ווי זיי הרג'ענען און מאטערען איינער דעם צווייטען. און ער האט געזאָגט צו זיינע מלאָכים: אומעטיג איז מיר צו קוקען אויף דער ערד. אָט וועל איך ווידער צום לעצ־טען מאָל שיקען צו זיי א נביא, און ער וועט זיי עפענען די אויגען און זיי וועלען זעהן א וואונדערבארען שיין, און זייערע הערצער וועלען איבערפולט ווערען מיט אונענדליכער ליבע. האָבען די מלאָכים זיך א נייג געטאָן, זיי האָבען פאנאנדערגעשפּרייט די פליגלען און גענומען שעפטשען וועגען דער גרויסער בארמהער־ציגקייט פון גאָט.

און אין יענער צייט אויפ'ן ברעג פון ים אין א קליינעם פי־שער־דערפעל איז געווען א מיידעל, וואָס האט דערלעבט דעם זי־בענצענטען פריהלינג איהרען. און א יונגער פישער פון נאָהענ־טען דערפעל האט זי ליב געהאט און טאָג איין טאָג אוים פלעגען זיי זיך טרעפען ביים ים, ווייט פון מענשען און נאָר די כוואַליעס וואָלטען געקאָנט דערצעהלען וועגען וואָס עס האָבען געשעפטשעט זייערע ליפען, און וואָס פאר א לידער עס האָבען געזונגען זייערע נשמות. און יעדעס מאָל ווען דער פישער פלעגט אוועקגעהן אין ים, איז דאָס מיידעל אויפ'ן ברעג געשטאַנען און לאנג באגלייט

דעם ליבען און געבעטען צו גאָט, אַז די כוואַליעס זאָלען איהם צו־ריק בשלום ברענגען צו איהר. און די אַלטע פרויען פון יענעם דערפעל פלעגען קוקען אויף דער מיידעל, שאָקלען מיט זייערע גרויע קעפּ און שעפּטשען איינע דער צווייטער, אַז זי טראָגט אַ קינד פון פישער אונטער איהר האַרצען. און געשעהן איז איינ־מאָל, ווען דער פישער איז געווען אויפ'ן ים, האָט זיך פּאַנאַנדער־געשפּילט אַ שטורם און דער יונגער בחור איז פאַרלוירען געגאַנגען. דריי טאָג האָט דאָס מיידעל איהם אָפּגעוואַרט ביים ברעג און אויפ'ן פערטען טאָג האָט איהם דער ים אַרויסגעוואָרפען אַ טויטען אויפ'ן ברעג, און מיט עטליכע טעג שפּעטער, פאַרלירענדיג פון צרות דאָס באַוואוסטזיין, האָט זי דערפילט מיט אַ מאָל אַ גע־בורטס־וועהטאָג, און דאַמאָלט האָט זי די אַלטע מוטער פאַרשפּאַרט אין הויז, און ווען דאָס קינד איז ביינאַכט געבאָרען געוואָרען, האָט זי עס צוגענומען פון דער מיידעל און דערשטיקט, איינגעוויקעלט עס אין שמאַטעס און איז דערמיט אַרויס אין דרויסען. לאַנג איז זי געלאָפען מיט'ן ברעג פון ים צום גרויסען וואַלד, וואָס איז גע־שטאַנען פון ווייטענס, און אונטער'ן ערשטען בוים פאַרגראָבען דאָס קינד. דערנאָך איז זי געלאָפען צוריק און זיך ווידער באַ־האַלטען אין הייזעל. און דאַמאָלט האָט זיך אויפגעהויבען אַ ווינט אויפ'ן ים און זיך צוגעטראָגען צו די בוימער און דער ווינט האָט געפרעגט: וואו איז דער בוים, אונטער וועלכען עס איז באַגראָבען דאָס קינד — דער נביא, וועלכען גאָט האָט געשיקט צו דעם מענשען דורך דער אָרימער פישערין? די בוימער האָבען ביט געוואוסט און גענומען וויגען מיט די שפּיצען און פרעגען איינער ביים צווייטען, אונטער וועלכען פון זיי עס איז באַגראָבען דער נביא און עס איז געוואָרען אַ גרויסע מהומה אין וואַלד, און אַז דער ווינד איז געוואָר געוואָרען אונטער וועלכען בוים, האָט ער זיך ווילד גענומען דרעהען אַרום זיין שטאַם, וואָיענדיג און קרעכצענדיג און זיך אַ וואָרף געטאָן מיט אַ ווילדער קראַפט, און דער בוים איז געפאַלען און מיט די וואָרצלען אַרויסגעוואָרפען דאָס קליינע קערפּעריל פונ'ם דערשטיקטען נביא. און איצט וועט שוין אויף אייביג איין מענש דעם צווייטען הרג'ענען און מאַטערען, ווייל אין האַרץ פון גאָט איז אויסגעטריקענט געוואָרען די רחמנות צו מענשען.

און נאָך פיל שעהנע לעגענדעס האָט מיר דערצעהלט דער אַל־טער פישער אין יענעם שווארצען סאַמעטענעם אָווענט, און סילוואַ האָט געפּייניגט מיין קערפּער מיט זיס־פּייניליכע פאַרלאַנגען.

און פאַרטאָג, ביים זון־אויפגאַנג, ווען איך בין אוועק ווייטער, איז סילוואַ געשטאַנען אויפ'ן ברעג און געהאָלפען דעם אַלטען ארויסשלעפען אַ נעץ. איהר פּנים האָט געשמייכעלט. דאָס קורצע קליידעל איז געווען פאַרשטעקט אין דעם גאַרטעל און העכער פון די קני האָבען זיך געזעהן איהרע שלאַנקע, שטאַרקע פיס מיט קליינע טריטלעך.

# אין א משוגעים־הויז

די גרויסע כמורנע געביידע איז געשטאנען אויף א בארג, ווייט פון דער שטאָדט, און האָט אויסגעזעהן, ווי אַן אַלטער שלאָס מיט צוויי הויכע טורעמס. די קליינע פענסטערלאך זיינען געווען מיט אייזערנע גראטעס איבערגעצויגען.

אינוועניג, אין קליינע ארומגעצאמטע גערטענדלאך, האָבען זיך ווי דערשראָקענע שאָטענס ארומגעבלאָנקעט איינזאמע קראנקע מענשען, וועלכע זיינען געווען פארטיפט אין זייערע אייגענע פאנטאסטישע וועלטען.

און אין די קאַלטע אָסעניע נעכט, ווען דער ווינד צווישעט זיך שטארק, פלעגט זיך דוכטען, אז אין משוגעים־הויז הערט זיך א מיש־מאש פון קולות און עפּעס אזעלכע פארשטיקטע טענער פון אור־אלטע מוזיקאלישע אינסטרומענטען, גלייך ווי די ריטער וואָלטען מיט זייערע דאמען ווילד געהוליעט ערגעץ אין א שלאָס, פראוועגדיג די שמחה פון העלדישע מלחמות און לוסטיגע ירנענד.

* * *

דער עלטסטער וועכטער האָט מיר אָנגעטאָן א ווייסען פארטוך, מיר געגעבען א בינטעל מיט שליסלען, און דורך א לאנגען קאָרידאָר מיך אריינגעפיהרט אין א גאָרטען.

— ניט דאָ אכטונג אויף זיי! — האָט ער מיר געזאָגט. — זיי זיינען גאנץ שטילע מענשען. איינער איז דאָ אייערער א מענש, א רוסישער, — האָט ער א זאָג געטאָן, אָנווייזענדיג מיט דער האנט אין ווייטען ווינקעל פון גאָרטען.

דער עלטסטער איז אוועק, און איך בין געבליבען אליין מיט די קראנקע. און נאָך איידער איך האָב זיך ארומגעקוקט, איז צו מיר צוגעקומען א דיקער, עטוואָס איינגעבויגענער יונגערמאן מיט

אַ גלאַט געשאָרענעם קאָפּ, און מיט ברייט פאַנאַנדערגעעפענטע צושראָקענע אויגען. פון זיין איינגעבויגענעם קערפּער און אָנגע־כמורעטען פּנים האָט אויף מיר אַ בלאָז געטאָן די שרעק פון אומ־געהויערער בענקעניש.

— איך האָבע די עהרע, — האָט ער אַ זאָג געטאָן מיט עפּעס אַזאַ מאָדנעם קוויטשיגען, כמעט ווייבערשען קול־כעל, וואָס האָט זיך גאָר נישט געפּאַסט צו זיין פיגור. — איך בין אַן אינדישער פּרינץ... און איהר ווייסט, אַז אין קרישטאָלענעם פּאַלאַץ וואַרט אויף מיר אַ וואונדערבאַר שעהנע פּרינצעסין... איצט בין איך אין פּלען. ווייס־הויטיגע גזלנים האָבען מיך געפאַנגען...

מיט אַמאָל האָט ער זיך פאַנאַנדערגעלאַכט און זיך אָפּגע־רוקט אָן אַ זייט.

נאָך איידער דער "פּרינץ" איז אוועק, איז צו מיר צוגעלאָ־פען אַ הויכער, איינגעדאַרטער בלאָנדער יונגערמאַן, מיט אַ שטאַרק פאַרזאָרגטען פּנים מיט צוויי בלויע, קינדיש־נאַאיווע אויגען.

— זאָגט מיר, איך בעט אייך, ווי שפּעט איז איצט? — האָט ער מיך גאַנץ העפליך געפרעגט. — איך אייל זיך זעהר. צוויי אַזיי־גער מוז איך זיין ביים וואָקזאַל. מיין געליבטע פאָהרט אוועק אין די בערג, ווייל זי איז קראַנק.

איך האָב אַ שמייכעל געטאָן.

— איז נאָך, הייסט עס, פריה און דער זייגער האַלט נאָך נישט ביי צוויי? פאַרשטעהט איהר מיך, — האָט ער ווידער גערעדט, קוקענדיג אויף מיר, אַ פאַרזאָרגטער מיט די צוויי קינדערשע אויגען, — צוויי יאָהר נאָכאַנאַנד האָב איך קיין שטעלע נישט געקאָנט קריגען און קיין גראָשען געלט ניט פאַרדינט, און מיין געליבטע האָט געהוסט מיט בלוט. זיץ איך מיר אַזוי איינ־מאָל אין אַ קאפע און שרייב מיר אַ בריף צו עפּעס אַ געזעלשאַפט, אַז מען זאָל מיר געבען אַ שטעלע... הייסט עס, אַז דער זייגער האַלט נאָך ניט ביי צוויי? צוויי אַזייגער, פאַרשטעהט איהר מיך, מוז איך זיין ביים וואָקזאַל... קיין פאַריז בין איך אויך געפאָה־רען, אָבער דאָרטען האָב איך אויך קיין שטעלע נישט געקראָגען; און מיין געליבטע איז אַלץ געווען קראַנק... האָב איך געבעטען איהר שוועסטער, אַז זי זאָל מיר לייהען אביסעל געלט, האָט זי נים געוואָלט, בין איך געוואָרען אין כעס און האָב זי אויסגע־

פאטשט. דערנאָך בין איך ארויסגעגאַלפּען אין גאַס, געכאַפּט א גרויסען שטיין און איהם אוועקגעלעגט אויף די רעלסען פונ׳ם טראַמוואַי... ענטשולדיגט מיר, איך אייל זיך זעהר.

מיט אמאָל האָט ער זיך געגעבען א כאַפּ ביים קאָפּ און גע־נומען לויפען אין איילעניש איבער׳ן גאָרטען. און ביי יעדען איי־נעם האָט ער געפרעגט, ווי דער זייגער האַלט.

נאָכדעם איז צו מיר צוגעשטאַנען א דריטער. ער איז געווען א קלייניקער, א שווארצער, מיט צוויי אויגען, וואָס רוהען ניט א מינוט, און מיט א שאַרפער נאָז ווי ביי פויגעל. יעדען איינעם האָט ער געצוואונגען אָנצוטאַפּען די „פּיקע" אין זיין גאָרגעל. און דער־ביי האָט ער זיך געשוואָרען אז דאָרטען, אין דער „פּיקע", ליגען ביי איהם צוויי גילדענע מטבעות.

— נו, אָנגעטאַפּט, האַ? — האָט ער מיט שמחה געזאָגט אויסציהענדיג דעם גאָרגעל. — חאַ־חאַ, צוויי גילדענע מטבעות!

— אָבער עס איז דאָך דאָרטען גאָר נישטאָ! — האָט א זאָג געטאָן א בלאַסער, זעכצעהן יאָהריגער אינגעל מיט א קלייענדיג פּנים. — דיר דוכט זיך בלויז, אז אין דער „פּיקע" ליגען גילדענע מטבעות.

— דו ביזט שוין דאָ לאַנג? — האָב איך א פרעג געטאָן דאָס אינגעל.

— שוין באַלד דריי חדשים, — האָט ער געענטפערט. — איך בין נישט קיין משוגע׳נער... דאָס האָט מען מיך פאַר א גנבה דאָ פאַרשפּאַרט... איך בין געווען א משרת׳ל אין א קלייט, האָב איך ביים בעל הבית גע׳גנב׳עט געלט פונ׳ם שיפלאָד..

— פאַרוואָס האָסטו גע׳גנב׳עט?

— דערפאַר וואָס איך האָב ליב מיידלאך... פאַר זיי האָב איך דאָס ביים בעל הבית געלט גע׳גנב׳עט, — האָט ער שטיל גע־ענטפערט.

איך בין אוועק אין א ווינקעל פון גאָרטען. דאָרטען איז גע־שטאַנען א לאַנגער טיש, און ביים טיש האָבען צוויי חולי־נופל׳דיגע איטאַליענער געשפּילט אין שאַשקעס. ניט ווייט פון זיי איז צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט געשטאַנען א דיקער מאַן, אן אידיאָט, מיט א גרויסער גוליע אויפ׳ן האַלז. אין דער רעכטער האַנט האָט ער געהאַלטען א דיניקען שטעקעל, מיט וועלכען ער האָט אין דער־

לופּט אָנגעוואָרפן אַזעלכע צייכענס, וואָס קיינער האָט ניט פאַר־שטאַנען און ער אליין אויך ניט. און טוענדיג דאָס האָט ער גע־קוקט, ווי זיין אייגענער שאָטען מאַכט איהם נאָך. און ביי דער זייט איז געזעסען אַ בחור פון אַ יאָהר עטליכע און צוואַנציג, מיט אַן אויסגעבלייכטען, כאַראַקטעריסטיש־אידישען פּנים. איך האָב גלייך פאַרשטאַנען, אַז דאָס מוז זיין דער "רוס", וועגען וועמען דער דינער האָט מיר דערצעהלט. האָב איך איהם גלייך די האַנט דערלאַנגט און אָנגעהויבען ריידען רוסיש.

ער האָט זיך שטאַרק דערפרעהט און מיר גלייך געשטעלט די פראַגע, ווי איך קום אַהער. און דערנאָך האָט ער גענומען ריי־דען וועגען זיך און אַלץ געבעטען, אַז איך זאָל האָבען געדולד און איהם אויסהערען ביז'ן סוף, כאָטש איך האָב איהם מיט קיין סימן ניט געוויזען, אַז איך האָב קיין געדולד ניט איהם צו הערען.

— איך בין ניט קיין משוגע'נער, איך בין בלויז מיד, אויס־געמאַטערט, — האָט ער געזאָגט, אָנכאַפּענדיג מיך אַלע מאָל ביי דער האַנט, — און זיי האָבען מיך דאָ פאַרשפּאַרט... איהר ווייסט דאָך, אַז אונזער לעבען, דאָס לעבען פון די פּאָליטישע אימיגראַנ־טען, איז זעהר צרה'דיג, אָהן אַ ברעקעל פרייד. מען וואוינט אין אַן אָרים חדר'ל, ביינאַכט קאָן מען נישט שלאָפען, און פון די פינ־סטערע ווינקלען קוקען אויף דיר די געשטאַלטען פון דיינע חברים, וועלכע מען האָט אין די טורמעס פאַרמוטשעט און וועלכע מען האָט אויף די תליות אויפגעהאַנגען. פּאַמעליך רוקען זיי זיך אַזוי אַרויס פון דער פינסטערניס און קוקען אויף דיר מיט די ברייט פאַנאַנדערגעעפענטע, אויסגעשטאַרטע אויגען, וואָס זיינען פון שרעק פאַרגליווערט געוואָרען. מען הערט זייערע שטימען, אַזעל־כע אַנגענעהמע, יונגע שטימען. זיי קלאָגען זיך דאַרויף, וואָס די תליונים האָבען זיי יונגערהייט פון דער וועלט אומגעבראַכט. פאַר־קלעמט דאָס מיך שטאַרק ביים האַרצען און איך הויב אָן וויינען צוזאַמען מיט זיי. עס ווערט מיר שרעקליך שווער, גלייך ווי אַ־מיצער וואָלט מיר דאָס האַרץ מיט אייזערנע צוואַנגען צונויפגע־דריקט.

צו אונז איז צוגעגאַנגען דער געהילפס־דירעקטאָר, דר. ווי־מערמאַן, אַ הויכער, פעסטגעבויטער בלאָנדער מאַן, מיט אַ טיפען

שניט אויף דער לינקער באַק. דער קראַנקער האָט זיך פאר איהם אויפגעשטעלט.

— נו, וואָס הערט זיך עפּעס, דוד? — האָט דער דאָקטאָר איהם געפרעגט. — זייט איהר צופרידען פון אונזער נייעם דינער? איצט וועט איהר האָבען מיט וועמען צו ריידען אויף אייער אייגענער שפּראַך.

— לאָזט מיך ארויס פון דאַנען! — האָט דער קראַנקער זיך אָנגעהויבען בעטען. — איהר, דאָקטאָר, ווייסט דאָך, אז איך בין געזונד, און אז מען האָט מיך אהער פּשוט פארשפּארט.

— בארוהיגט זיך, — האָט דר. וויטערמאַן געזאָגט, סוקענדיג פארטראַכט דוד'ן אין די גרויסע אויגען.

דער דאָקטאָר איז אוועק און מיר זיינען ביידע ווידער געבליבען אליין.

— וואָס פאר שלעכטע מענשען זיי זיינען! — האָט דוד ווידער אָנגעהויבען רעדען. — אַלע מענשען זיינען שלעכטע... אפילו ז י, רחל, איז אויך א שלעכטע... און איהר האָב איך אזוי געגלויבט! אָבער איהר איז דאָס נישט אָנגעשטאַנען, וואָס איך בין אַן ארבייטער... נאָך איצט קען איך נ̣יט פארגעסען יענעם אויף־דער־נאַכט, ווען איך האָב זיך מיט איהר באַקאַנט! א ווינטער־נאַכט איז דאָס געווען. אין דרויסען אין געגאַנגען א שניי, פּונקט ווי אין יענע ווינטער־נאַכט אין דער היים... עס איז געווען א וועטשערינקע פון פּאָליטישע אימיגראַנטען. אַלע זיינען געווען פרעהליך, אַלע האָבען געזונגען, נאָר איך איינער בין אין א ווינקעל געשטאַנען און אליין ניט געוואוסט פאר וואָס דאָס הארץ וויינט אין מיר... און דערנאָך, ווען אַלע האָבען אָנגעהויבען טאַנצען, האָט רחל מיך אויך ארייננעשלעפּט אין קאָן... אָנגעטאָן איז זי דאַן געווען אין א שווארצען קלייד און אויף דער ברוסט האָט זי א רויטע בלום געטראָגען... מיר האָבען לאַנג געטאַנצט, און מיט אמאָל האָט זיך מיר פארדרעהט דער קאָפּ און איך בין אומגעפאַלען... פאר די אויגען האָבען זיך מיר עפּעס אזעלכע משונה'דיגע פייערלאַך געגומען דרעהען... רחל איז גאָר פּלוצלונג געוואָרען שרעקליך הויך און די רויטע בלום אוי ף איהר ברוסט האָט זיך אָנגעצונדען... פון יענעם אויף־דער־נאַכט אָן זיינען מיר געוואָרען באָהענטע פריינד. אָבער ניט אויף לאַנג. זי האָט זיך אָנגעהוי־

בען קלאָגען דערויף, וואָס זי גיט מיר אוועק צופיל צייט; מיר אַלע אויפגעוואָרפען, אַז איבער מיר האָט זי דאָס לערנען פאַר־נאַכלעסיגט... און איינמאָל, ווען איך האָב מיט איהר אין גאַס געשפּאַצירט, איז מיר מיט אַמאָל ווידער געוואָרען שלעכט אויפ׳ן הארצען, דער קאָפּ האָט זיך מיר פאַרדרעהט און איך בין אומ־געפאַלען... מענשען זיינען זיך צונויפגעלאָפען, און אַלע האָבען געזעהן, ווי איך ליג אויף דער ערד, ווי איך וואַרף זיך און ווי איך רייס די שטיינער מיט די נעגעל... און איהר איז דאָס ניט אָנגעשטאַנען... און איצט איז שוין באַלד דריי חדשים, זינט איך מוטשע זיך אָט דאָ, אין דעם הויז...

אין מיטען דערינען הער איך ווי אימיצער שטיקט זיך פון געלעכטער הינטער מיינע פּלייצעס. איך האָב זיך אומגעקוקט און האָב דערזעהן אַ קליינינקען, אומגעלומפּערטען מענשעל מיט דינע פיסלאַך, מיט אַ גרויסען, קיילעכדיגען, גלאַט אָפּגעראַזירטען קאָפּ.

דאָס איז געווען אַ משוגע׳נער, וועלכער ליידעט פון אַזאַ אָנ־פאַל, אַז עס שטיקט איהם פון געלעכטער.

ווי שרעקליך זיין געלעכטער איז געווען! איינבויגענדיג די קני האָט ער געבי־ביקעט מיט זיין גאַנצען צוקנייטשטען פּנים. און עס האָט זיך געדוכט, אַז יעדער קנייטש אויף זיין פּנים לאַכט אַנדערש. דערנאָך האָט ער זיך צולעגט אויף דער ערד, זיין גע־לעכטער איז געוואָרען הילכיג, נאָכדעם — נאָך הילכיגער, דרעהענ־דיג זיך פּיינליך מיט דעם גאַנצען אונגעלומפּערטען קערפּער זיי־נעם. דער געלעכטער זיינער האָט זיך ווי אַ כוואַליע צוגאָסען און האָט אָנגעשטעקט אַלעמען. די אַלע משוגעים, וואָס זיינען לעבען איהם געשטאַנען, האָבען זיך אויך פאַנאַנדערגעלאַכט. עס האָט זיך אויסגעוויזען, אַז די שויבען פון די פענסטער טרייסלען זיך און דער גאָרטען, וואָס איז מיט זונען־שטראַהלען באַגאָסען, צאַפּעלט זיך אין די צוואַנגען פון דעם משוגע׳נעם׳ס געלעכטער.

2.

עס זיינען אַוועק עטליכע וואָכען, ביז איך האָב זיך צוגע־וואוינט צו זיין רוהיג, אַכטונג געבענדיג אויף די משוגעים. די ערשטע צייט האָב איך דאָס ניט געקענט, און אַלע מאָל, ווען עס

איז מיר אויסגעקומען צו הערען זייערע געשפּרעכען, זייערע געשרייען און קרעכצען, פלעגט זיך מיר אויסדוכטען, אז איך ווער אליין אויך משוגע. באזונדערס שווער איז מיר געווען ביינאכט. בלוטיג־רויטע קאָשמארען האָבען מיך אלץ געשטיקט און געדוכט האָט זיך מיר, אז די גאנצע וועלט איז א גרויסע מדבר, איבער וועלכער עס שלעפּען זיך ארום משוגעים מיט פּנים׳ער, וואָס זיינען אויסגעקרימט געוואָרען פון צרות און מיט אויגען, וואָס ברענען פון בענקשאפט.

איך האָב ניט געקענט זעהן, ווי די דינער שלאָגען די קראנקע פאר יעדער קלייניגקייט, ווי זיי לאכען פון זיי; און ווען איך האָב געזאָגט דר. וויטערמאן, אז עס איז אויף די קראנקע א גרויסער רחמנות, האָט ער א ציה געטאָן מיט די אקסלען און געענטפערט:

— שלאָגען די קראנקע טאָר מען טאקע ניט, אָבער די דינער טוען דאָס. ווארט, עס וועט אוועק א שטיקעל צייט וועט איהר אויך דאָס זעלבע טאָן...

כמעט אלע קראנקע, מיט וועלכע מען האָט געקענט ריידען מיט א טאָלק, האָבען געגלויבט, אז זיי זיינען פאָלקאָמען געזונדע מענשען און אז אהער אין משוגעים־הויז, האָט מען זיי פארנארט. אָפטמאָל פלעג איך אָפּשטעלען איינעם און איהם פרעגען:

— דו ביזט שוין לאנג קראנק ?

— ווער, איך ? — האָט זיך דער משוגענער געוואונדערט, — איך בין א געזונטער מענש.

— טאָ וואָס־זשע טוסטו דאָ ?

— איך ווייס ניט... מען האָט מיך אהער פארנארט...

פון אן אנדער פּאלאטע האָט מען צו מיר אריינגעבראכט נאָך צוויי אידען. איינער איז שוין געווען א זקן, א געבאָרענער אין דער שווייץ, און געהייסען האָט ער מאיר. אליין איז ער געווען א קלייניגקער, א דיקער, מיט צוויי אויגען, וואָס רוהען ניט א מינוט, און מיט א גרויען שיטער בערדעל. שוין יאָהרען זינט ער איז דאָ אין משוגעים־הויז פאר עפּעס א פארברעכען; די ערשטע צייט ווען מען האָט איהם אהער געבראכט, איז ער געווען ווילד און אייניגע מאָל האָט ער געמאכט א פארזוך צו באגעהן זעלבסטמאָרד, אָבער די קאלטע לייעבער, אין וועלכע די דינער האָבען איהם צוגעפּגעדרעהט, זיינען איהם סוף כל סוף דערעסען גע־

וואָרען, און ער איז געוואָרען רוהיגער. איצט חעלפט ער ארויס די דינער אין דער ארבייט און האָט מעהר פרייהייט פאר אנדערע. נאָך מיטאָג, ווען ער דרעהט זיך ארום איבער דער פּאַלאַטע הין און צוריק, דערמאָנט ער גאַנץ אָפט, אין דער הויך אויפ'ן קול, זיין פאַמיליע, וועלכע האָט זיך פון איהם אינגנאַצען דערווייטערט. וועגען זיין עלטסטען זוהן איז איהם גאָר קיינמאָל ניט נמאס געוואָרען צו ריידען. אין די טעג ווען קרובים און פריינד קומען די משוגעים באַזוכען, פלעגט זיך דער אלטער מאיר ערגעץ באַהאַלטען. עס האָט איהם געריהרט ביז טרעהרען ווען ער האָט געהערט ווי זיי, די קרובים און פריינד, ריידען אזוי צערטליך מיט די וואהנזיניגע. אין די פאַרנאַכטען, ווען די זון האַלט זיך אין זעצען, האָט ער ליב געהאט צו שטעהן ביים פענסטער, קלאַפען שטיל מיט די פינגער אויף די שויבען און קוקען ווי דאָרטען, ווייט־ווייט אין שטאָדט, צינדען זיך אָן פייערלאַך אין די הייזער. און טועענדיג דאָס אַלץ האָט זיך פון זיין הארצען אַלע מאָל א טיפער זיפץ ארויסגעריסען און ער האָט שטיל פאר זיך געשעפּטשעט:

— פאַרפאַלען!... פאַרפאַלען!...

דער צווייטער האָט געהייסען מענדיל קאָלין, א געוועזענער סטודענט. דאָס איז געווען א הויכער, דאַרער יונגערמאַן מיט צוויי גרויסע באַלעבאַטע אויגען, וואָס קוקען שטענדיג עקשנות'דיג אַנגעשטרענגט פון הינטער די צוויי געדיכטע טונקעלע ברעמען. וועגען איהם האָט מען מיר דערצעהלט, אַז ער איז ארונטער פון זינען פלוצלונג; אין דער שווייץ איז ער געקומען מיט זיין כלה מאַרוסיא, און איינמאָל, ווען ער האָט מיט איהר געשפּאַצירט אין גאַס, וואו עס געהען א סך מענשען, האָט ער זיך גאָר פלוצלונג דערשראָקען, און טוליענדיג זיך צו איהר ווי א קינד גענומען ציטערען מיט'ן גאַנצען קערפּער: "מאַרוסיא שפּיאָנען געהען מיר נאָך אויף שריט און טריט... מאַרוסיא, איך האָב מורא... לאָמיר שוין אנטלויפען פון דאַנען, מאַרוסיא"...

אַרומדרעהענדיג זיך הין און צוריק אין גאָרטען, האָט ער זיך געהאַלטען פון דער ווייטענס, און איהם האָט זיך אַלץ אויסגעוויזען, אַז אַלע זיינען דאָ שפּיאָנען. דעם דר. וויטערמאַן האָט ער עטליכע מאָל ארויסגערופען אויף א דועל, אָנרופענדיג איהם „שפּיאָן" און „טרוס". ער האָט חושד געווען, אַז דער דאָקטאָר

שיקט ניט אוועק די בריף וואָס ער שרייבט מארוסיא׳ן, בעטענדיג, זי זאָל זעהן, אז ער זאָל וואָס גיכער קענען אנטלויפען פון דער טורמע, וואוהין די שפּיאָנען האָבען איהם ארייננעוואָרפען.

עס זיינען אָבער אויך געווען מאָמענטען, ווען דער פּאַר־שטאנד האָט זיך צו איהם אומגעקעהרט, און אין אזעלכע מאָ־מאָנטען פלעגט זיין זעהר אנגענעהם מיט איהם צו ריידען; ער האָט געקענט דערצעהלען זאכען זעהר אינטערעסאנט, און אזוי ווי ער האָט געהאט וואָס צו דערצעהלען, ווייל ער איז געווען א מענש אן ערפאהרענער, און האָט איבער א סך לענדער געפייזט, פלעגען מיר, די דינער, איהם שטענדיג אויסהערען זעהר גערן. אָבער אין מיטען דערצעהלען פלעגט ער פארגעסען וועגען וואָס ער רעדט, און זיך ווידער אָנהויבען דרעהען הין און צוריק איבער׳ן גאָרטען.

עס איז געווען א כמארנער פריהמאָרגען. דער רעגען איז אי־בער׳ן קאָפּ געהאנגען. די קראנקע פון דער פערטער פּאלאטע, וואו איך פלעג אָפּט זיין אויף דער וואך, האָט מען אין דרויסען ניט ארויסגעלאָזט. דער עלטסטער דינער האָט מיר אָנגעזאָגט, אז איך זאָל מיט זיי בלייבען אויף דער ווראנדע.

איך האָב אָפּגעראמט פונ׳ם טיש און געוואַרט עס זאָל זיך אין דרויסען אויסלייטערען, כדי איך זאָל די קראנקע קענען ארויס־פיהרען אין גאָרטען. די צוויי חולי־נופל׳דיגע איטאליענער האָבען זיך אוועקגעזעצט שפּילען אין שאשקעס, דער „אינדישער פּרינץ״ האָט זיך בהרחבה׳דיג אוועקגעזעצט אויף א שטול און אויף זיין שטייגער גענומען טשמאָקען מיט די ליפּען. אמאָל צעהן האָט ער זיך פאר מיר אין דעם פריהמאָרגען וואזשנע פאָרגעשטעלט און מיר דערצעהלט מעשיות וועגען זיין שעהנער בת מלכה און וועגען דעם וואונדערבארען פּאלאץ, אין וועלכען זי וואוינט. דער אידיאָט האָט זיך באהאלטען אין א ווינקעל און אויף זיין צוקנייטשטען אומגעלומפּערטען פּנים האָבען שוין געשפּרונגען די פונקען פון זיין שרעקליכען געלעכטער. עפּעס א טיפער מרה־שחורה׳ניק האָט זיך צוגערוקט צו דער וואנט און אָנגעשטעלט די אויגען אויף דער ערד. זיין מאגערער איינגעבויגענער קערפּער און זיין פּנים מיט׳ן שווארצען בערדעל האָבען אויסגעדריקט א וועלט מיט ליידען. א שטילער, באשיידענער אינגעל, וועלכער האָט זיין אייגענע מוטער

פאַרגוואַלטיגט, איז געשטאַנען לעבען איהם און שטיל גערעדט וועגען אויסגעלאַסענע הייזער, וואו ער האָט כלומרשט יענע נאַכט פאַרבראַכט.

און דוד האָט נערוועז אַרומגעשפּאַנט איבער דער וועראַנדע הין און צוריק, און מען האָט גלייך געקענט זעהן, אַז עפּעס איז מיט איהם ניט גלאַט.

פריהער האָב איך אויף איהם קייאָמנל ניט באַמערקט קיין באַזונדערע סימנים פון משוגעת. ער איז נאָר געווען שטענדיג אומעטיג, אויף זיין פּנים האָט מען קיינמאָל קיין שמייכעל ניט געזעהן, און עס איז ניט אַוועק קיין איין טאָג, ער זאָל מיט מיר ניט ריידען וועגען זיך און וועגען רחל׳ען; די באַגעגעניש מיט איהר האָט ער ניט געקענט פאַרגעסען און אַ פאַרדרוס האָט אין זיין האַרצען געברענט.

דוד איז אַריין אין דע מהאַלב טונקעלען דורכגאַנג, וואָס צוטיילט די פּאַלאַטע פון דער וועראַנדע. איך בין איהם נאָכגעגאַנגען, אָבער ער האָט מיך געבעטען, אַז איך זאָל איהם לאָזען צורוה, און דאָ איז אין מיטען דערינגען איינער פון די חולי־נופל׳דיגע איטאַליענער אומגעפאַלען אויף דער ערד, האָב איך דוד׳ן געלאָזט אַליין און בין צוגעלאָפען צום איטאַליענער.

מיט אַ פּאָר מינוטען שפּעטער, ווען איך בין אַריין אין דעם האַלב טונקעלען דורכגאַנג, האָב איך דערזעהן ווי דוד זיצט אויף דער ערד. דאָס גאַרטעלע וואָס ער האָט אויף דעם רוסישען העמדעל געטראָגען, האָט ער אָנגעטאָן אויפ׳ן האַלז, און אָנשפּאַרענדיג די פיס אָן דער טיר, האָט ער דעם קאָפּ פאַרוואָרפען אַהינטער. ער האָט זיך געוואָלט אויפהענגען.

אַ דערשראָקענער בין איך צו איהם צוגעלאָפען. ווען ער האָט מיך דערזעהן, האָט ער זיך היסטעריש פאַנאַנדערגעוויינט.

* * *

מיט עטליכע טעג שפּעטער בין איך ביינאַכט געווען אויף דער וואַך אין דער פערטער פּאַלאַטע, וואו מען האָט דוד׳ן אַוועקגעלעגט אויף אַ מאָנאַט אין בעט.

אויף דעם קליינינקען טישעלע האָט אַ קליין נאַכט־לעמפּעל

געבּרענט. אַלע מאָל האָב איך געדאַרפט צוגעהן צו אַן אַנדער קראַנקען, וואָס האָט זיך גענומען וואַרפען. פון איין בעטעל האָט מען געהערט ווי איינער שעפּטשעט אין דער שטיל אָהן אויפהער: „האַקט מיר אָפּ דעם קאָפּ! דעם קאָפּ האַקט מיר אָפּ!" דאָס האָט געשעפּטשעט דער אַלטער, איינגאַדאַרטער עמיל, אַ געוועזענער דאָרפס־לעהרער, וועמען עס האָט זיך שטענדיג געדוכט, אַז דער קאָפּ איז ביי איהם פול מיט קאַלטען בליי און שלעפּט איהם אינ־גאַנצען אַראָפּ צו דער ערד.

לעבען עמיל'ן איז געלעגען אַן אַנדערער, אויך אַן אַלטער, אַ קראַנקער סיפיליטיקער. איהם האָט זיך אַלץ אויסגעוויזען, אַז אויף זיין לייב קריכען אַרום קליינע, מיאוס'ע באַשעפענישען: ער וואַרפט זיי אַראָפּ פון זיך, אָבער זיי קריכען אַרויס ווי פון הינטער דער הויט און מען קאָן זיך גאָר אינגאַנצען ניט אויסבאַ־האַלטען פון זיי. אַלע מאָל איז ער אויפגעשטאַנען, צוגעגאַנגען צו מיר, געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער שאַרט דאָס פון מיינע קליידער אויך אַרונטער קליינע, מיאוס'ע באַשעפענישען, און דערביי האָט ער זיך ניט אויפגעהערט קלאָגען: "וואו נעהמען זיי זיך אַזוי פיל?!"

און נאָך אַ קראַנקער האָט מיך ניט געלאָזט צורוה. דאָס איז געוועזען אַ פראַנצויז, אַ קעלנער פון אַ רעסטאָראַן. אַלע מאָל איז ער צוגעלאָפען צו מיר און מעשה קעלנער געפרעגט:

— וואָס ווינשט דער הער? צוויי ליטער רויטען ווייַן? איין סיגאַר? גלייך קריגט איהר דאָס...

פּלוצלונג האָט דוד מיך צוגערופען. איך בין צוגעגאַנגען צו זיין בעטעל.

— פאַרוואָס שלאָפט איהר ניט? — האָב איך איהם גע־פרעגט.

— עס שלאָפט זיך ניט, — האָט ער געענטפערט.

און באַלד האָט ער ווידער גענומען רעדען וועגען רחל'ען: ווי ער פלעגט מיט איהר אין אַזעלכע נעכט שפּאַצירען און ווי ער פלעגט מיט איהר רעדען וועגען דעם ווי גוט עס איז צו לעבען ווען מען איז פאַרליבט.

מיט אַמאָל האָט ער זיך פאַרקוקט אין אַ ווינקעל.

— גאָט מיינער! — האָט ער מיט ווייטאָג אַרויסגעזאָגט, —

זיי זיינען שוין ווידער דאָ! איהר זעהט, אַט איז וואניא! ער טראָגט אַ לאנגע, ווייסע העמד, ווי אַ קיטעל און די אויגען זיינע בלישטשען. פייער שפריצט פון זיי... וואניא, טייערער וואניא!
— האָט ער מיט אמאָל אָנגעהויבען שרייען.

איך בין צוגעגאנגען צום טישעל, זיך אוועקגעזעצט, און זיך פארטראכט וועגען דוד'ן, וועמען איך האָב פאר דער קורצער צייט ווירקליך ליב געקראָגען.

— האקט מיר אָפּ דעם קאָפּ! — האָט מען אַ גאנצע נאכט געהערטראָס בעטענדע שעפּטשען פון דעם אלטען עמיל.

3.

איינמאָל, ווען די בוימער האָבען זיך שטארק צובייזערט אין גאָרטען, און אויף די דינע שטאנגען האָבען שטיל גע'חלש'ט קראנקע בלומען, האָט זיך צוריסען פון געלעכטער דאָס הארץ פון אידיאָט. דענסטמאָל האָט זיין אָנפאל אָנגעהאלטען זעהר לאנג. איך בין שלאָפענדיג געזעסען ביים וואַך טישעל און ס'האָט מיר געדוכט, אז אין משוגעים הויז האָבען זיך אריינגעריסען מאָדנע, ווייסע באשעפענישען. זיי לאכען, און זייער געלעכטער מיט זילבערנע, דינע לענטעס שלענגלען ארום זייערע נאקעטע, בויגיגע לייבער, פלעכטען זיך צוזאמען און דרעהען זיך אין אַ ווילדען קאראהאָד, און ארום, אויף באפליגעלטע ווילדע פערד, שפרינגען שווארצע פרינצען און כאפּען זיי.

ווען איך האָב זיך אויפגעכאפּט און בין צוגעגאנגען צום בעט פון אידיאָט, איז ער שוין געווען טויט און אויף זיין וואקסיג־צוקנייטשטען פּנים איז פארגליווערט געוואָרען אַ ליידענדער גע־לעכטער.

עס זיינען געקומען צוויי דינער און האָבען ארויסגעטראָגען זיין קערפּער.

אַ פּאָר טעג נאָך דעם, האָט מען דעם אידיאָט אינגאנצען פארגעסען און דאָס לעבען אין דער פערטער פּאלאטע האָט זיך געצויגען ווי פריהער. אמאָל נאָכ'ן עסען פלעגט קומען דאָקטאָר וויטירמאַן. אין יענע שטונדען איז ער געווען זעהר אויפגעלעגט און האָט ליב געהאט צו פארברענגען אביסעל מיט די קראנקע.

צוערשט פלעגט ער צוגעהן צו דוד'ס בעט און ס'האָט זיך תמיד אָנגעהויבן דער זעלבער געשפּרעך פון דער רוסישער רע־וואָלוציע און פון די געהיימע טעראָריסטען, וועלכע קומען אָפּ אין סיביר און זינגען אונטער די קלאַנגען פון קייטען האַרציגע אײנ־טאָניגע לידער.

— זינגט מיר אַזאַ ליד, — פלעגט בעטען דער דאָקטאָר. דוד האָט געזונגען, וואָס עס איז איהם נאָר געקומען אין זכרון. און אַרום די פון די טיפע בעטלאַך האָבען אויף זײַ שרעקענדיג גע־קוקט די פּנים'ער פון משוגעים. דערנאָך פלעגט ער צוגעהן צו עמיל'ן. דערקאָנענדיג דעם דאָקטאָר, פלעגט ער נאָך רחמנות'־דיגער שעפּטשען:

— "האַקט מיר אָפּ דעם קאָפּ! דעם קאָפּ האַקט מיר אָפּ!"

— באַלד, מײַן פרײַנד, — האָט געענטפערט וויטערמאַן.

דער קלײנינקער, אויסגעדאַרטער עמיל איז אַרויסגעקראָכען פון בעט, אַ דערשראָקענער זיך אַרומגעקוקט און געשעפּטשעט אונפאַרשטענדליכע ווערטער מיט זײַנע בלויע, טרוקענע ליפּען. איך האָב איהם אַוועקגעשטעלט ביים וואַנט און דער דאָקטאָר אָפּמעסטענדיג אַ פּאָר שפּאַן, האָט זיך געצילעוועט אין איהם מיט די הענט, אויסשרײַענדיג פּוּף־פּאַף! פאַרטיג.

עמיל האָט אויפגעציטערט, האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן ביים קאָפּ און פּיהלענדיג, אַז עס פרעסט נאָך איהם אַלץ, האָט ער נאָך אַמאָל אָנגעהויבען צו בעטען: — „האַקט מיר אָפּ דעם קאָפּ! דעם קאָפּ האַקט מיר אָפּ!"

דער סיפיליטיקער, באַמערקענדיג דעם דאָקטאָר, איז צוגע־לאָפען אַראָפּשאַרען די מיאוס'ע באַשעפּענישען פון זײַנע קליידער. ער האָט זײַ פאַרזיכטיג אַראָפּגענומען און אַוועקגעשלײדערט.

פאַרלאָזענדיג די פּאַלאַטע האָט וויטירמאַן ליב געהאַט אַ רײַיץ טאָן דעם קעלנער פאַרלאַנגענדיג שאַמפּאַניער.

— באַלד, מײַן הערר, — פלעגט אויסשרײַען דער פראַנצויז, אַ שפּרונג טוענדיג פון בעט.

גאַנץ אָפט, פלעגט דער עלטערער דינער, וועלכער האָט גע־קראָגען אַ פראַנק פון יעדען קאָפּ פאַר אַרויסנעהמען די געהירען, אַרומשפּאַצירען איבער דער פּאַלאַטאַ און צעהלען וויפיל ער וועט מאַכען די וואָך.

זונטאג און דאנערשטאג פלעגען קרובים און נאָהענטע באַ־זוכען די קראנקע. מאיר פלעגט זיך דאן באהאלטען. פריהער פון אלע פלעגט קומען אין דער פערטער פאלאטא עמיל׳ס מאמע. זי איז געווען אן אלטע מיט גוטע פארטרעהרטע אויגען. פלעגט תמיד ברענגען אין א ווייסען זעקעל פרוכטען פאר איהר זוהן און אויך פאר די איבעריגע,, וועלכע זי האָט באדויערט ווי א מאמע. זי פלעגט זיך אוועקזעצען לעבען איהר זוהן, זיך איינגעהערט אין זיין רחמנות׳דיגען שעפטשען און האָט שטיל געוויינט. דערנאָך געגאנגען פון בעט צו בעט און צוטיילט די פרוכטען צו די קראנקע.

דער סיפיליטיקער האָט באזוכט א ראשינע, פארפוצטע דאמע, באגלייט פון אן אלטיטשקען מיט רויטע געקאָרטשעטע באקען אין א געפאסטען פראק. דער משוגע׳נער האָט באלד אָנגעהויבען אראָפּצושארען די מיאוס׳ע באשעפענישען פון זיי. דער אלטיטשקער האָט מיט עקעל אָפּגעקעהרט זיין קאָפּ און זיך פארקרימט ווי פון א שלעכטען גערוך און די דאמע האָט געבעטען:

— הער אויף. עס דאכט זיך דיר אויס. אך, מיין גאָט!

שטיל און פארטראכט, ווי א פריהלינגס־אָווענט, פלעגט קומען א שעהנע, יונגע פרוי צו א שלאָסער, וועלכער איז משוגע געוואָרען פון א שטארקען קלאַפּ. א טיפער טרויער איז געלעגען אין איהר יעדע באוועגונג און אין יעדען פאלד פון איהר שווארצען קלייד. שווייגענדיג, זעצט זי זיך אוועק לעבען זיין בעט, נעהמט זיינע הענט אין איהרע, קושט איהם און גראָבט איין איהרע אויגען אין זיין מעלאנכאָלישען פּנים.

צום קעלנער פלעגט זיך ווייזען א ווייטע קרובה, א מאָגערע אויסגעבויגענע פויערטע מיט א גוליע אויפ׳ן האלז. זי פלעגט אימער אויסגיסען איהר ביטער הארץ פאר׳ן משוגע׳נעם, אז איהר מאן שיכור׳ט, איז פויל, שלאָגט איהר און דאָס פעלד איז נישט באארבייט. דער קעלנער, אויסשטעלענדיג זיינע גרויסע, שטארע אויגען, האָט עפּעס געשעפּטשעט. שאָקלענדיג מיט׳ן קאָפּ. דער עלטערער דינער פלעגט לאכען קוקענדיג אויף זיי און די פויערטע האָט אלץ באקלאָגט איהר ביטער מזל פאר׳ן משוגע׳נעם.

כמעט יעדען פריהמאָרגען פלעגט מיך דוד צורופען און דער־צעהלען פון די רויט־פארביגע בילדער, וואָס ער זעהט ביינאכט. ער בלאָנדזשעט איבער א טאָל פארזעעט מיט צו׳הרג׳טע קערפּערס פון

זיינע חברים. איבער זיי דרעהען זיך מחנות שווארצע וואָראָנעס. דער הימעל איז טונקעל רויט און צופליקטע וואָלקענס הענגען נידע־ריג צו דער ערד. ער איינער בלאָנדזשעט אין טאָל, וויינט און קושט די פּנים׳ער פון די טויטע און ווישט אָפּ דאָס בלוט פון זייערע געעפענטע וואונדען. איינמאָל האָט ער מיר דערצעהלט, אז רחל איז צו איהם געקומען, האָט ליבלאך גערעדט צו איהם ווי פריהער, צוזאָגענדיג אוועקצופיהרען איהם פון דעם הויז.

אויף מאָרגען איז געקומען צו איהם א חבר און איהם דער־צעהלט, אז רחל האָט פארלאָזען די שטאָט. דוד האָט גאָרניט גע־ענטפערט, נאָר אביסעל שפּעטער האָט ער געקראָגען א ווילדען אָנפאל. ער האָט געוויינט, געשריען און געריסען פון זיך די העמד. מיט א ווילדער קראַפט זי דגעראנגעלט מיט די דינער, וועלכע האָבען איהם צונויפגעדרעהט אין א ווייסען קאַלטען ליי־לאך.

נאָכדעם האָט מען דוד׳ן איבערגעפיהרט אין אן אנדער קליי־נער פּאַלאַטע, וואו עס האָט זיך געפונען בלויז דריי בעטען. דאָרט איז געלעגען מענדעל קאָלען, וואָס האָט ניט לאנג דערלאנגט דעם דאָקטאָר א פּאַטש.

דער צווייטער — א טויב־שטומער איטאַליענער. גאַנצע טעג האָט ער געשריען ווי א פארוואונדעטע חיה, זיך געדראַפּעט אויף די ווענט און א סלונע האָט זיך געגאָסען פון זיין מויל.

ווען הויך־געוויקסיגע דינערס האָבען דוד׳ן אוועקגעלעגט אויפ׳ן דרישען בעט און איהם געבונדען די הענט, האָט ער נאָך אלץ געוויינט און געשריגען מען זאָל צולאָזען צו איהם רחל׳ען.

* * *

אין די גערטנער און אויף די קברים זיינען שוין לאנג די בלומען פארוויאנעט געוואָרען. איך פארלאָז דאָס משוגעים הויז. איך בין צוגעגאנגען צו דוד׳ן. א פארמאַטערטער, אן אויסגעמור־טשעטר איז ער געלעגען און געשעפּטשעט: — „איך בין מיד, פארמוטשעט, איך בין נישט משוגע, נישט משוגע!״

איך בין שנעל ארויס פון דעם שרעקענדיגען הויז, זיך אראָפּ־

געלאָזט פון בארג און ווידער האָט זיך מיר אויסגעדוכט, אַז פון דאָרט הערט זיך אַ מיש־מאַש פון קולות און עפּעס אַזעלכע פאַרשטיקטע טענער פון אור־אַלטע מוזיקאַלישע אינסטרומענטען, גלייך ווי ריי־טער וואָלטען מיט זייערע ראַמען ווילד געהוליעט ערגעץ אין אַ שלאַכט, פראַוועננדיג די שמחה פון העלדישע מלחמות און לוסטיגער יוגענט.